משה דלוזשנאוווסקי

# טירן און פענצטער

(דערציילונגען)




ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס

1966

# אינהאַלט

# די גנאָס

1

דאָס זשאַווערנדיקע אײַזערנע טירל אין דעם ציגלנעם אַלטן הויז, וואָס פירט צו דער קעלער־דירה האָט זיך האַסטיק געעפנט מיט אַ גרילצנדיקן סקריפּ. ברוך לעש, דער אײַגנטימער פון הויז איז אַרויסגעקומען אַ צעיאַכמעטער, אַ צעשראָקענער. אויף זײַן דינעם לײַב האָט געהאָנגען אַ וואָלענער סוועטער מיט דריוולענדיקע צויטן און דאָס קאָמעץ־בערל האָט איצטער, אין דעם גרויען פרימאָרגן־ליכט אויסגעזען ווי עס איז צוגעקלעפּט צו זײַן גאָמבע און אָט־אָט טאַנצט עס אַראָפּ פון דעם בלייכן, בײַנערדיק אויסגעצויגענעם פּנים. ער האָט געמאַכט עטלעכע שפּרייז אין דעם שטיקל הויף אַרײַן — די מחיצה פון דער קעלער־דירה מיט דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטער און דעם — טראָטואַר, וואָס איז צו ביסלעך צעקאַליעטשעט און פאַרכאַפּט אַ שטיק גאַס. ער איז געבליבן שטיין אין אַ קאַלוזשע וואַסער נישט אַהין און נישט אַהער, מחמת אַ גאַנצע נאַכט האָט געכליאַפּעט אַ רעגן און דאָס אײַזערנע זיפּל, אײַנגעשמידט טיפלעך־משופּעדיק אינעם צעמענטענעם ברוק, דורך וועלכן עס לויפן אָפּ רעגן־וואַסערן, שנייען, אומרייניקייטן צו דער קאַנאַליזאַציע — רערן־נעץ, איז איצטער געוואָרן פאַרשטאָפּט מיט וואַטע פון אַ צעריסענעם מאַטראַץ, וואָס עמעץ פון די אײַנוווינער האָט נאָך נעכטן אָוונט דאָ אַראָפּגעוואָרפן, עלעהיי אין אַ מיסט־קאַסטן אַרײַן און פּטור.

ברוך לעש האָט אַ פאַרצווייפלטן מאַך געטאָן מיט די הענט אין דער לופט, שווער אָפּגעזיפצט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו איינעם פון די פענצטער פון וואַנען עס האָט זיך איצטער געהערט שפּאַנישע טאַנץ־מוזיק פון אַ כריפּענדיקער פּלאַטע אויף אַ גראַמאָפאָן קוויטשיקע, דינע פייגל און טאַמבורינטענער. די מוזיק איז אים געווען גוט באַקאַנט, דאָס שפּילן אַזוי די אײַנוווינער זײַנע, די פּאָרטאָ־ריקאַנער גאַנצע טעג און נעכט. עס לעכערט אים דער קאָפּ

פון דעם זעצעניש, צ׳עניש, קלאַפּעניש, אַ שפּילעניש פון אַלערליי קלעזמער־כּלים. די טענער איבערחזרן אָן אַ סוף. דאָס פענצטער איז געווען אָפן און ברוך לעש האָט מיט אַ פאַרשטיקט קול, מיט אַנגסטן, אַ זייטיקער זאָל נישט הערן און מיט האַנט־תּנועות אַרויפגערעדט:

— אַ ביסל שטילער, קאַרלאָס, אַ טראָפּעלע שטילער, איינגעהאַלטענער, עס איז דאָך פאַרטאָגס! די שכנים ווילן נאָך שלאָפן. די גאַס שלאָפט. עס איז דאָך ניו־יאָרק...

אין אָפענעם פענצטער האָט זיך באַוויזן אַ דריבנער מאַן מיט אַ קאָפּ צע־שויבערטע, שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן, אַ קליין וואָנסעלע איבער די ליפּן פון פּנים. איבערן האַלדז האָט ביי אים געהאָנגען אַ קליינטשיק צלמל אויף אַ דין גאָלדן קייטעלע. דער האַלב נאַקעטער קערפּער פון דעם מאַן האָט זיך אַרויסגעבויגן אין דער פענצטער־ראָם און דאָס מויל זיינס האָט געגומען וואַרפן ווערטער אין אַ געבראָכענעם ענגליש און זינגעוודיקן שפּאַניש:

— קאַרלאָס באַצאָלט רענט, מיסטער לענדלאָרד... קאַרלאָס מעג שפּילן ווען ער וויל און וואָס ער וויל. לענדלאָרד קען גאָרנישט טאָן! קאַרלאָס אַמע־ריקאַנער בירגער...

— מען טאָר נישט אַזוי פרי באַראַבאַנעווען אין יענעמס קאָפּ — האָט ברוך לעש גערעדט מיט געבעט און הכנעה — געגוג אַז דו גרילצסט אַ גאַנצן טאָג די מוזיק אויפן גראַמאָפאָן. דיין ווייב און קינדער דאַרפן דאָך אויך שלאָפן. האַלטסט נאָך אָפן דאָס פענצטער אויפצוּוועקן די גאַנצע גאַס!

דער פּאָרטאָ־ריקאַנער האָט די הענט דורכן פענצטער געשטרעקט צו דער גאַס, צו דעם פּייכטן דרויסן און זיך שוין צעשריגן אויפן קול:

— עס איז הייס... דריי קינדער, אַ ווייב. דאָס צימער איז ענג און פול מיט מייז, ווערים, געסראַכעס. אַז אַ מויז וועט אַ ביס טאָן מיין קינד, לענדלאָרד וועט גיין אין פּריזאָן. אין אַלע שטובן פון הויז דאָ מייז!

ברוך לעש האָט מיט די הענט אַזוי זשעסטיקולירט, אַז ער זאָל וואָס ווי־ניקער דאַרפן ריידן צו קאַרלאָסן, מחמת אָט, אָט פּראַלן זיך אויף די פענצ־טער, פון די הייזער אַרום, אַפילו פון יענער זייט גאָס עפענען זיך פענצטער און טירן. שוין האָט ווער פון יענער זייט גאָס אַ געשריי געטאָן צו אים אַ שאַרפן „שאַראַפּ" און געוואָרפן אַ ליידיק קענדל פון ביר. ער האָט אָבער נאָך אַלץ גע־פּרוּווט איינגעמען קאַרלאָסן מיט גוטן און מיט געבעט:

— קאַרלאָס, דו ביסט אַ גוטער אַמעריקאַנער. דו ביסט דער בעסטער איינוווינער ביי מיר!... אַלע אין גאַס ווייסן עס. די שכנים פון הויז ווילן דאָך שלאָפן! זיי זיינען מיד, דאַרפן אויפשטיין צו אַ טאָג אַרבעט. דער אַלטער מיס־טער גראַנעק איז שווער קראַנק, אַ האַרץ־אַטאַקע געהאַט, ער לעבט קוים. די

מיס קימעל אויפן פערטן פלאָר איז האַלב געליימט. דו ווייסט דאָך, קאַרלאָס, אַז אַפילו גאָט וויל נישט, אַז זאָלסט לאָזן לויפן דעם גראַמאַפאָן אין די נעכט ווען מענטשן דאַרפן אַ ביסל רו. דו ביסט דאָך פרום, גייסט אין קירכע.

— כעזוס האָט ליב די מוזיק, לענדלאָרד! — האָט קאַרלאָס צו להכעיס זיך העכער צעשריקן, טאַקע די גאַנצע גאַס זאָל הערן — אויב לענדלאָרד וויל נישט, זאָל ער פאַרברענען דאָס הויז. אַלע הייזער סלאַמס... ווערעם, מייז. איך אַמעריקאַנער. בעסער ווי דו לענדלאָרד! אַמעריקע נישט גוט צו קאַרלאָסן.

דער פאָרטאָ־ריקאַנער האָט ווי עפּעס אַ שפּיי געטאָן, אַ בייזער פאַר־שווונדן פון פענצטער און דאָרט איגעוויניק אין זיין שטוב אויסגעלאָשן דאָס שפּיל־קעסטל. אין די אַנדערע פענצטער פון דעם אַלטן אָפּגעשוואונדענעם הויז האָבן זיך באַוויזן פּנימער און אַראָפּגעקוקט אויף דעם בייזן ווונדער ווי אַזוי דער באַלעבאָס, דער אַלטער מיסטער לעש, טענהט זיך אויס אין באַגינען מיט זיינע איינוווינער און ווי ער זעט אויס נעבעכדיק און אָפּגעלאָזן. עס איז אים הפּנים, אויך נישט גוט הגם ער פאַרמאָגט אַ הויז אין ניו־יאָרק. ער איז איינער אַליין, לעבט בלויז מיט צוויי קעץ, זיינע ספרים, דעם בעזעם און דעם פּיצל קעלער־דירהלע. טייל פּנימער האָבן איצטער אין די פענצטער געגע־נעצט, הענט האָבן געקראַצט פויל איבער קעפּ און נאַקנס. אַנדערע האָבן גע־קוקט מיט טעמפּע בליקן. פּנימער פון אַלטע לייט, קרענקלעכע, קנייטשנדיקע, בייזע, מידע, נישט־דערשלאָפענע, אונטערטעניקע.

קעגנאיבער אין דער גאַס, וואָס האָט זיך שוין אין דעם שפּעטן, זומער־פּרי־מאָרגן געוועקט מיט רוגזה, פוילקייט, טעמפּע אַפּאַטיע, נאָך אַ שטיקנדיק־רעגנדיקער זומער־נאַכט, נאָך געשלעגן, געשרייען, קליינע פאַרברעכנס פון סעקס־אויסברוכן, אַ פינקל פון אַ מעסער — זיינען שוין איצט אויף די „סטופּס" פון די הייזער זיך צונויפגעקומען דאָס יונגוואַרג און דאָס אַלטוואַרג: פּאָרטאָ־ריקאַנער און נעגערס. מען האָט שוין געהאַלטן אָפענע, קאַלטע קענדלעך ביר אין די הענט, אַ זופּ געטאָן מיטן מויל, געגרויכערט, געכאַכאָטשעט. מען האָט גערעדט הויך שפּאַניש און ענגליש, איין לשון האָט נאָכגעיאָגט, איבערגעיאָגט, אַריינגעפלאָכטן און אַריינגעקנעטן זיך אינעם אַנדערן. מענער האָבן זיך אויס־געזעצט אויף די טרעפּ און באַלד זיינען טעוועלעך, פאַרפּעצטע, פאַרברו־דיקטע קאָרטן געפלויגן פון האַנט צו האַנט. די מענער האָבן געטראָגן שטיק־לעך אונטער־העמדלעך, וואָס האָבן פאַרדעקט בלויז עפּעס פון די באַהאָרטע שוואַרצלעך־ברוינע לייבער. ביי דעם האָט אַ פּאַסעק אויפגעהאַלטן אַ פּאָר אָפּ־געכוילעמטע הויזן און ביי דעם עפּעס בלויז אַ שטיקל אונטערוועש. איינער האָט אַפילו פאַרצויגן אַ מויל־האַרמאָניקע, אַ צווייטער האָט דערציילט וויצן. און יעדע פּאָר רגעס האָט אַ הילכיק געלעכטער אויפגעריסן דעם אַרום.

עס זיינען אויך פון די הייזער אַרויסגעקומען פרויען, יונג און אַלט. טייל האָבן געטראָגן שטיקלעך בלוזקעס, אַנדערע סוועטערלעך אָן אַרבל, צעשויבערטע האָר איבער די קעפּ, די פּנימער — נישט געוואַשן. בלויז באַשמירט מיט שמינקעס און קרעמען. איינע האָט אַרויסגעכאַפּט ביי אַ יונג אַ ברענענדיק סיגאַרעטל, אַ צווייטע האָט ביי אַ מאַן אַרויסגעכאַפּט דאָס קענדל ביר און געטאָן עטלעכע שלוק. אַ פּאַרטאַ־ריקאַנער יונגע פרוי מיט אַ פאַרשפּיצטן בויך, האָט אויפן קול גענומען ווערמען זידלען, אָדער זיך גלאַט אַזוי אויסגעטענהט מיט גוטן און בייזן מיט דער גאַס. דערביי האָט זי געשריגן צו עפּעס אַ פענצטער, ווו קינדער־קעפּלעך האָבן זיך געקלעפּט און געטוליעט איינס צום אַנדערן אינעווייניק. דאָס שפּאַנישע לשון האָט זיך אַ וויג געטאָן אין דער גאַס — וואַסער־פאַל, פּלייט און טשעלאָ־געוויין.

ברוך לעש האָט זיך איצטער פּלייסיק אַ נעם געטאָן אָפּצורייניקן דאָס שטיקל אָרט אַרום אים. ער האָט געשלעפּט דעם צעריסענעם מאַטראַץ צו אַ ווינקל צו, דער מאַטראַץ איז געווען אָנגעזאַפּט מיט וואַסער און שווער ווי אייזן. די פאַרזשאַווערטע שפּרינג־פּעדערן האָבן זיך געריסן צו זיין פּנים, ווי צעקרעמפּטע, ביינערדיקע הענט פון אַ משוגענעם און געוואָלט אויסדראַפּען די אויגן פון פּנים, אָדער אָפּשונדן דאָס קאָמעץ־בערדעלע פון דער גאָמבע. אַוועקגעוואָרפן דעם מאַטראַץ, האָט דער ייד איצטער מיט די הוילע הענט צונויפגעקליבן די שטיקלעך מיסט־אָפּפאַל פון וואַסער אַרויס. פון ערגעץ האָט ער דערטאַפּט אַ בעזעם, גענומען קערן דאָס וואַסער מיטן מיסט צוזאַמען און געמאַכט קופּקעלעך. אין מיטן האָט ער זיך גאָר שטאַרק פאַרהוסט, נישט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט די הענט אָנגעלענט אויפן שטעקן פון בעזעם און אַרויסגעקרעכצט רייד צו דער גאַס, צו די פענצטער, צו זיך אַליין און צו קיינעם נישט:

— איי, רבונו־של־עולם, נישטאָ קיין כוחות צו זיי, נישטאָ קיין כוח צו לעבן...

דער מוח איז ביי אים געווען פול מיט פינצטערע געדאַנקען:

דאָס הויז רייסט פון אים אַרויס יעדן פונק חיות. ער קען שוין מער נישט אויסהאַלטן פון די איינוווינער זיינע, נישט פון דער גאַס און נישט פון דעם גאַנצן בידנעם דאַ־זיין. ווער האָט אים געבעטן צו זיין אַ לענדלאָרד? דאָס הויז און די גאַס טרייבן אים אין קבר אַריין.

דער הוסט האָט אים געדישעט, אַ שוויס האָט אַרויסגעזעצט אויפן שטערן. ד׳ער בעזעם איז געפאַלן קרומלעך ביים אייזערנעם טירל. ער האָט זיך קוים ד׳ערשלעפּט צו דער טיר פון זיין דירהלע, מיט די פינגער אַ רייב געטאָן

איבער דער מזוזה און אַ קאַץ האָט פון דער טונקלקייט אים אַקעגנגעמיאַו־קעט.

די גאַס — איינע פון די אַכציקסטע אויף דער מערב־זייט פון ניו־יאָרק, וואָס איז געקרויגנט געוואָרן מיטן נאָמען „דער דזשאָנגל״, מיט אירע רייען אַלטע ציגלנע הייזער, קרומלעכע אָפּגעשונדענע ווי אין אַ מויל אַלטע ציין — אַרויף און אַראָפּ, אָדער ווי מצבות אויף אַן אַלטן בית־עולם און זיכער נישט ווי אַ דזשאָנגל — איז שוין איצטער געווען אין גאַנצן וואַך. דער געבורט פון אַ נייעם טאָג איז דאָ געוואָרן אויפגענומען פון יונג און אַלט מיט שווייג און טעמפּער גלייכגילטיקייט: דער נייער טאָג וועט זיין ווי נעכטן, ווי אייער־נעכטן, ווי שטענדיק: זון, אָדער רעגן, אַ געשלעג, אַן אַמבולאַנס, אַ פייער־סירענע; אַ פּאָליציי־וואָגן, קינדער וועלן געבוירן ווערן, קראַנקייטן און בייזע שטיק וועלן אָנשפּאַרן. אויך אַ ביסל פרייד וועט זיך אַריינרייסן, אַ מאָל וועט דער טויט אָנקלאַפּן אין עטלעכע טירן...

2

ברוך לעש האָט בשכנות פון דער „דזשאָנגל״־גאַס אָפּגעלעבט אַ שפּאָר ביסל יאָרן. געהאַט האָט ער אַ געוועלבל פון רייניקן מלבושים אויף דער אַמ־סטערדאַם עוועניו אין סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק, צווישן אַ ווייבער און מענער פאָלק פון איטאַליענער, יידן, שפּאַניער, איירישע. זיין געוועלבל איז געווען אַריינגעפּאַקט צווישן אַלטע הייזער, ווו אין יעדן פון זיי געפינען זיך אַלערליי קרעמלעך: שפּייז און אַנטיקן, מעבל און טעפּיכער, בעקערייען פון אַלערליי ברויטן און אייזן; סטאָליאַרעס, וועשערייען, פאַרבן, אַפּטייקלעך, יאַטקעס פון כשר און נישט־כשר פלייש, פיש־געוועלבלעך, שמאַטשאַרניעס. ברוך לעש האָט פון דער סטאַרקע אַרויסגעצויגן פרנסה פאַר זיין הויזגעזינד. ער האָט כל־ימיו שווער געפּראַצעוועט אויף זיין אויסקומעניש, צוזאַמען מיט זיין ווייב. פון די פּאַרטאַגנס אָן געווען צוגעבונדן צו די פיר איילן פון זיין „קלינינג־סטאָרקע״, צום אַלטוואַרג, ברודיקע מלבושים, פרעס־מאַשין, נאָדל און פאָדעם. דאָס גע־רודער און דער שטענדיקער טומל אין דער עוועניו איז געווען פאַר אים געזאַנג און מוזיק. ער האָט געהאַט גוטע קונים סיי יידן, סיי איטאַליענער, שפּאַניער, נעגער. ער און זיין ווייב חנה האָבן געשלעפּט פּעקלעך, אָפּגעטראָגן אין די שטיבער אַריין די אויסגעפּרעסטע און אויסגערייניקטע מלבושים. די אַמסטער־דאַם־עוועניו אין ניו־יאָרק איז געווען די שויס, וואָס האָט אים פאַרזיגט מיט גוטע רייד, פרנסה און פריינטלעכן שמייכל.

ער האָט דערצויגן אַ זון, חיים, וואָס איז געווען צו גאָט און צו לייט, אַ

פאַרחלומטער, שטענדיק איבער ביכער, ער האָט זיך נאָר געריסן צו העלפן טאַטע־מאַמע אין זייער שווערער אַרבעט. אָבער ער, ברוך לעש, האָט נישט געלאָזט זיין זון איבער דער שוועל פון זיין געוועלבל. זאָלן זיינע הענט נישט באַרירן דעם ברוד און שטויב, זאָלן זיי בלייבן איידל — האָט ער געטענהט — ער איז באַשאַפן צו איידלקייט. ער האָט אים געשיקט אין אוניווערסיטעט און פון דער שווערער פראַצע זיינער אַרויסגעקראָגן, וואָס עס דאַרף אָפּקאָסטן אויפ־ציִען אַ זון און מאַכן אים פאַר אַ דאָקטאָר. דאָס וואָס אַלע טאַטע חלומען און טייל דערגרייכן. דער זון איז געוואָרן אַ דאָקטאָר און אין די ערשטע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געוואָרן אַוועקגעריסן פון דער היים און שוין מער נישט צוריקגעקומען. אַ טעלעגראַמע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר געקו־מען פון דער מלוכה, אַז ער איז געפאַלן פאַרן כבוד... מיט דער ויסטער בשורה און מיט די געווייִנטלעכע טרייסט־ווערטער און אויך די פאַרזיכערונג, וואָס די רעגירונג גיט און עפּעס אַ ווייטערדיק צאָלעכץ. ברוך לעש איז אין עטלעכע וואָרן געוואָרן גרוי, געבויגן, צעבראָכן. די הענט האָבן ביי אים גענומען ציטערן און מער נישט געקענט באַדינען די פּרעס־מאַשין, נישט געקענט איינ־פעדעמען מער קיין נאָדל. ברוך לעש איז געוואָרן אויס מענטש.

דאָס ווייב איז פאַר גרויס צרות געשטאָרבן. ער האָט שוין אין קיין זאַך נישט געפונען קיין טרייסט. ער האָט פאַרקויפט דאָס געוועלבל און אַזוי גע־בליבן איינער אַליין, עלעהיי אַ שטיין אין פעלד, אין גאַס. מען האָט אים איין מאָל עפּעס פון דער רעגירונג געלאָזט וויסן דורך אַ בריוו, אַז מען קען דעם קערפּער פון זון דאָ אַהערברענגען און קובר זיין. דער פאָטער האָט זיך אָפּ־געזאָגט. די ערד איז אין דער גאַנצער וועלט הייליק און דער רבונו־של־עולם וועט די נשמה פון חיימען בעמען צו זיך, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, אַזוי האָט ער אָפּגעענטפערט דער מלוכה, און דער צער פון אים איז נאָך גרעסער געוואָרן.

אַ ביסל געלט האָט ברוך לעש געהאַט פון אָפּשפּאָרעניש אַ גאַנצן לעבן. ער האָט עס נישט געדאַרפט. וואָס משטיינס געזאָגט האָט ער יאָ געדאַרפט? איין דאָלאַר אַ טאָג וואָלט גענוג געווען פאַר זיין אויסקומעניש, ווען דער צער און די אַליינקייט וואָלט נאָר וואָס ווייניקער געפּייניקט און וואָס ווייניקער געריסן שטיקער לייב און לעבן. דער מענטש קען דאָך אָבער פאָרט נישט זיין ווי דער שטיין אין פעלד. עס טרייבט, יאָגט, צעגלידערט, צעפליקט דאָס ביסל חיות און דערצו אין אַזאַ כרך ווי ניו־יאָרק. אַלע מאָל געווען באַשעפטיקט, אַלע מאָל פאַרטאָן. אין די פאַרטאָגנס שוין געגרייט די הענט פאַר אַ גאַנצן טאָג אַרבעט. יעדע מינוט פון טאָג אויסגעפילט ביים פּרעסן, ביים נייען, ביים ריי‏ניקן מאַנטלען, הויזן, רעקלעך. היינט ווי אַזוי נעמט מען די הענט און דאָס

געמיט און מען הייסט זיי פשוט פאַרשטומט ווערן? נישטאָ מער קיין הענט, קיין געמיט — אויס. האָבן גוטע פריינד געעצהט אַזוי און אַזוי: אפשר אַריינלייגן די פּאָר דאָלאַר אין אַ „רומינג"־הויז? אַלע טוען דאָך אַזוי, סיי דער „ריטייערטער" שניידער פון ברוקלין; סיי דער וואָס האָט אַ גאַנצן לעבן געהאַלטן אַ צוקער־וואַרג־געוועבל אין די בראָנקס און אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט; סיי דער געוועזענער פּרעסער, סיי אַלמנות, סיי געוועזענע אַגענטן, געוועזענע סוחרים — אַלערליי געוועזענע. עס איז אַ שטיקל תכלית, די צייט, דער טאָג, די וואָך קריגן אַ שטיקל זין.

ברוך לעש האָט פון דעם נישט געוואָלט הערן. איי וואָס וועט ער פאַרט טאָן מיט אַזוי פיל צייט? אַ חוץ די דריי, פיר שעה שלאָפן ביי נאַכט איז דער טאָג אַזוי גרויס און די שעהען קריכן אויפן זייגער פּאַמעלעך. איז פאַראַן ברוך־השם אַ תהילים, ספרים, מען קען זיך אָפּגעבן מיט קלייבן צדקה פאַר נויטבאַדערפטיקע. אַזוי פיל גוטע זאַכן זיינען געגעבן דעם מענטשן. דער יצר־הרע איז אָבער געווען שטאַרקער: תהילים קען מען אין ניו־יאָרק נישט זאָגן אַ גאַנצן טאָג, אַריינקוקן כסדר אין ספרים קען מען אויך נישט, די אויגן דינען נישט, זיצן אין שול, אין אַ קאָנגרעגיישאָן איז דאָך אויך נישט מעגלעך אַ גאַנצן טאָג, די פוסטקייט, עצבות, טרייבן אַרויס אַפילו פון גאָטס הויז.

דער יצר־הרע האָט מנצח געווען און די עצות פון גוטע פריינד האָבן צוגעהאָלפן. ברוך לעש איז אַוועק צו אַ ריעל־עסטעיט מעקלער אויף דער צוויי און זיבעציקסטער גאַס. דער מעקלער האָט אים באַוואָרפן מיט שאלות: וויפל מזומן ער האָט, וואָס פאַר אַ הויז ער וויל, איז ער איז הענדי? דאָס הייסט צי ער קען אומגיין מיט אַ „באָילער" (קעסל), פאַרריכטן אַ „סינק" (וואַסער־קראַן) און וויפל ער וויל אַריינלייגן מזומן און צי ער וויל אַ צווייטן מאָרגעדזש, אַ דריטן? און דער עיקר וואָס פאַר אַ הויז ער זאָל נישט קויפן וועט ער נתעשר ווערן, בפירוש גיין אין גאָלד. און אָט, אָט האָט ער טאָקע עפּעס פאַר אים, שוין די מינוט...

ברוך לעש האָט זיך דערשראָקן פאַר די רייד, וואָס דער הייזער־מעקלער וואַרפט אַרויס מיט אַזאַ לייכטקייט פון מויל: נתעשר ווערן, גיין אין גאָלד, ער וואַרפט זיי אַרויס די ווערטער איבערן טיש ווי אַ דזשאָנגלער פּילקעס אין דער לופט אַרויף און אַראָפּ, בליציק, שנעל און אַזוי זיכער איז ער מיט די רייד: אָט, אָט עשירות, גאָלד, מיליאָנען.

— אָט קוקט, מיסטער לעש, אָט האָט איר אַלץ שוואַרץ אויף וויים, אַלע ציפערן! — דער מעקלער האָט פון טיש אַ כאַפּ געטאָן אַ פּאַפּיר מיט אָנגע־וואָרפענע שורות ציפערן און אַוועקגעלייגט ברייטלעך פאַר ברוכס אויגן — רעכנט אַראָפּ די „עקספּענסעס (הוצאות) פון דעם רענט (דירה־געלט)

איינקונפט און עס בלייבט אייך אַ שיינע סומע יעדן חודש. איר דאַרפט גאָרנישט טאָן בלויז „קאָלעקטן" און איר וועט מאַכן אַ שיין לעבן. איר זיינט אַ גליקלעכער מענטש, מיסטער לעש, איר האָט געטראָפן אין אַ גוטער שעה, אַ מזלדיקער שעה, און אַ גוטן מעקלער געטראָפן.

ברוך לעש האָט געקויפט דאָס הויז אויף איינער פון די אַכציקסטע גאַסן. די גאַס איז טאַקע אַ טומלדיקע, אָנגעוואָרפן מיט שמוץ און ברוכוואַרג; די הייזער זיינען אָפּגעשונדענע, די טראָטוארן באַשמירטע מיט קרייד, צעלעכערטע שטיינער פון ברוק; די טירן פון די הייזער — צעעפנטע, צעריסענע. די מענטשן פון דער גאַס — פּאָרטאָ־ריקאַנער, נעגער, איטאַליענער, שפּאַניער, יידן, מענטשן פאַרהאָרעוועטע און ליידיקגייערס, קאָרטן־שפּילערס און שיכורים, גאַסן־מיידן און שלעגערס, נאַרקאָטיקער און מאַניאַקעס. אָבער עס איז געווען בשכנות פון דער אַמסטערדאַמער עוועניו, ווו ער האָט געהאַט די קראָם און ער קען אַ גרויסן טייל פון די מענטשן, פּאָרט אייגענע, וועט ער שוין נישט פאַרפרעמדט ווערן.

דאָס הויז אַ קליינס האָט געהאַט אַ צען איינוווינער אין קליינע צימערלעך. עס איז נישט געווען ווי דער מעקלער האָט אים איינגערעדט, אַז ער וועט גיין אין גאָלד. ברוך לעש האָט נישט געוואָלט קיין געלט און נישט קיין גאָלד. ער האָט נאָר געוואָלט האָבן עפּעס, וואָס זאָל צונעמען זיין צייט. נאָר דאָ איז אַלץ געווען צעבראָכן, צעפּליקט. די רערן האָבן גערינען, די ווענט האָבן זיך געשיילט, דער דאַך איז געווען געלעכערט, דער ברען־אויוון — אַ קאַלעקע, יעדע מינוט האָט געקענט אויסברעכן אַ שריפה. אַזאַ הויז האָט אַ נאָמען: פייער־פּאַסטקע. די טרעפּ זיינען געווען צעקאַליעטשעטע און אויסגעשטעלט אָנצוטאָן אַלערליי צרות. די איינוווינער האָבן זיך כסדר געקלאָגט און באַקלאָגט אויף ווערים, מייז, אָפּפאַל, ער האָט איצטער געהאַט צו טאָן מיט פּלאָמערס, פאַרבערס, סטאָליאַרעס. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו זאָגן דעם יום תהילים, אַריינצוקוקן אין אַ ספר. דאָס ערגסטע — די מייז. גיבן זיי אַ ביס אַ קינד זאָל גאָט נאָר שומר ומציל זיין וואָס פון דעם קען אַרויסקומען.

דאָס ערגסטע איז געווען די גאַס. מיט יעדער וואָך איז געוואָרן ערגער. עס האָט אויסגעזען ווי די גאַס וואָלט יעדן טאָג אָנגעטאָן אויף איר פּנים אַ נייע מאַסקע. לאַנגע יאָרן, זינט ער, ברוך לעש געדענקט, האָבן די מענטשן פון דאַנען זיך געריסן צו דערגרייכן די רייכערע געגנטן, וואָס ליגן נאָר מיט אַ פינגער צו דערגרייכן: וועסט־ענד עוועניו, די פינפטע עוועניו. פוןביידע זייטן ליגן די רייכע עוועניוס און האַלטן די גאַסן אין זייערע אויסשניטן, ווי אָדערן אויף אַ האַנט, ווי אַ גביר האַלט אַן אָנגעוואָרפענעם אורח ביים ברעג

פון זיין רחבותדיקן טיש. אַלץ איז דאָך מעגלעך אין דעם גרויסן ניו־יאָרק. עס איז דאָך אַ פֿאַרכּישופטער ראָד מיט מזלות, ציפֿערן, שיקזאַלן, אַרויף און אַראָפּ. מען דערגייט גאָר הויך און מען פֿאַלט אויך גאָר נידעריק. זייַנען די מענטשן פֿון נעכטן אַוועק, אַנטלאָפֿן פֿון דאַנען טאַקע דאָרט אַהין, דאָרט ווו דאָס מזל רופֿט אַרויס דעם מענטשן אויף אַ געוועט מיט דעם אייגענעם איך, און זייערע ערטער פֿאַרנעמען היינט פּאָרטאָ־ריקאַנער איינוווינער, וואָס באַגנוגענען זיך מיט אַ קאָלירט העמדל אויפֿן לייב, אַ האַרמאָניקע, אַ גראַמאַפֿאָן, עטלעכע ליכטלעך צו צינדן אין די ווינקלען פֿון די ענגע צימערלעך — פֿאַר די הייליקע זייערע. טייל זייַנען באַשעפֿטיקט אין שעפּער, אין פֿאַבריקן און ביי זיי אין די ענגע ווינונגען איז אַ ביסל פֿריילעכער, דאָס מזל־ברכה שיינט אַראָפּ פֿון טיש, די קינדער גייען אין שולן און אַמעריקאַניזירן זיך. אַנדערע לעבן אויפֿן חשבון פֿון דער „וועלפֿעיר" (שטאָט־צדקה, קהל). מען דאַרף קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבון. צייט רינט ניט אויס, מען איז פֿאַרזאָרגט, ווי ס'איז מאַכט מען זיך פֿריילעך, מען איז דאָך ביי זיך אין דער היים, אָנקעל סעם איז אַן אייגענער, אַ היימישער. און נעגערס ווינען דאָ אַ ביסל צעכראַסטעטע, אַ ביסל געשטעלטע און טעמפּע, אַרבעטסלאָזע. די קינדער וויסן אין אַ סך הייזער נישט ווער די טאַטעס זייַנען.

יעדע נאַכט ווערט ברוך לעש אויפֿגעריסן פֿון שלאָף: דאָ אַן אויסגעשריי נאָך הילף; דאָ אַ פֿאַרצווייפֿלטער רוף פֿון איינעם וואָס גייט אָפּ אין בלוט; דאָ אַ ווילסט געשלעג צווישן מאַן און ווייב; דאָ אַ געריישעריי פֿון אַ נעגער־איינוווינער מיט אַ פּאָרטאָ־ריקאַנער צוליב אַ מיידל, מען ציט אַרויס מעסערס, עס פֿאַלן פֿויסטן און קלעפּ... עס קומט אָן פּאָליצייַ און עס קומען אַמבולאַנס־וועגענער, סירענעס ריטשען און וואָיען, רויטע ליכטער בלענדן מיט גיהנום־פֿייערן. פֿאַלן איבער גאַס, הייזער, פֿענצטער. אין מייַנסטע פֿאַלן ווערן די פּאָליצייַ לייט באַגעגנט מיט ליידיקע פֿלעשער, קענדלעך פֿון ביר, שטיינער וואָס פֿליִען איבער זייערע קעפּ פֿון די דעכער און פֿענצטער.

אַ פּנים פֿון אַ מענטש ווערט אַלט, צעקאַרבט, פֿאַרוויאַנעט. מיט אַ פּרצוף פֿון אַ גאַס איז אויך אַזוי און נאָך ערגער. די גאַס וויאַנעט, ווערט אָפּגעשוונדן, טייל מאָל קאָלירלאָז, טייל מאָל גאָר פֿאַרביק, רעשיק, נערוועיִש. די „דזשאָנגל"־גאַס בייט אירע קאָלירן אין טאָג, אין נעכט. עס איז פֿיבער און פֿייער, עס איז נויט און — סכּנה, געבעט, נאַרקאָטיק, געשלעג...

עטלעכע פֿון ברוך לעשס איינוווינער, האָבן זיך אַרויסגעצויגן פֿון דאַנען אין די זעקס יאָר צייט וואָס ער האָט דאָס הויז. אַנדערע קענען אַפֿילו דאָס נישט. דער אַלטער מיסטער גראַנעק, אַ מאָלער, וואָס פֿאַרקויפֿט זייַנע בילדלעך — דער גאַס און וואָס האָט אין דער גאַס אָפּגעבידעוועט אַנדערטהאַלבן

צענדליק יאָר, האָט מיט אַ צייט צוריק געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע, געווען אין שפּיטאָל, בעסער געוואָרן, מען האָט אים אַהיים געשיקט. זיינע טעג אָדער וואָכן זיינען געציילטע. די מיס קימעל, וואָס האָט געאַרבעט אין די נעכט אין אַ ניו־יאָרקער טעלעפאָן־אָפּטיילונג, האָט צעבראָכן אַ פוס, אָפּערירט געוואָרן, האָט ניט קיינעם וואָס זאָל זי באַדינען. די זינגערן פון דריטן גאָרן, האָט מיט אַ שטיקל צייט צוריק פּלוצלינג אין אַ שיינעם טאָג גענומען ריידן מאָדנע רייד וועגן גאָט, וועגן אירע געליבטע, וועגן וויין, פרילינג. אַן אַלטע מויד געווען, אויסגעגאַנגען אין איינזאַמקייט. דער סוף איז געווען מען האָט זי אַרויסגעכאַפּט פון הויז און אַוועקגעפירט ערגעץ אין אַן אַנשטאַלט פאַר משוגעים, ווער ווייסט וווּ?

ברוך לעש באַדינט דעם מאַלער גראַנעק, אַ ייד אַ בן־תורה, נאָר האָט זיין נשמה אָפּגעגעבן פאַר נאַרישקייטן און שפּילערייען, בלומען, מענטשעלעך, קאָלירן, זאַכן אָן אַ האָפּט. און אויך די מיס קימעל באַדינט ער.ביידע ווינען טיר ביי טיר, זיינען שוין אין די זיבעציקער, וויאַנענדיקע האַרבסט־בלעטער אין ניו־יאָרק.

דער פּאָרטאָ־ריקאַנער קאַרלאָס ריוועראַ, וווינט ערשט אין ברוכס הויז דריי חדשים און ער איז פול מיט זיין גראַמאָפאָן, קאָרטן־שפּילן, געשרייען, געשלעגן מיטן ווייב און קריגערייען מיט זיין שכן, כאָסע איבאַנעז. דער שכן האָט ביי קאַרלאָסן צוגענומען דאָס ווייב און קאַרלאָס האָט אָפּגעצאָלט אַן אויג פאַר אַן אויג. די קינדער וויסן נישט פון די טאַטעס און נישט פון די אַוואַנטורעס. גייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, הונגעריק און אַפילו די גאַס האַלט שוין נישט קיין אויג אויף זיי. עס קומט אַ טשעקל פון דער „וועלפעיר". ביי טאָג שפּילן די קינדער אין באַלעם אין מיטן גאַס, איבער קעפּ פליט דער באַלעם אין די פענצטער אַריין. מען שרייבט מיט קרייד אויף די מויערן, אויף די „סטופּס", מען טרינקט ביר, וויסקי. עס רויכערן סיגאַרעטלעך סיי די יינגלעך, סיי די מיידלעך...

אין דער גאַס גייען די פּאָרטאָ־ריקאַנער פרויען מיט שטאָלץ און פאַר־ביסנקייט. די וואָס שוואַנגערן — און כמעט אַלע זיינען אין מעוברתדיקן צו־שטאַנד — זיינען שטאָלץ: דער מאַן און באַשיצער איז ערגעץ פאַראַן, אַנ־דערע זיינען בייז. אויף זייערע העלדזער באַמבלען זיך גאָלדענע צלמלעך, אָנ־געהאָנגענע אויף דינינקע קייטעלעך. זיי טראָגן קאָלירטע בלוזקעס פון אויפ־רייסנדיקע פאַרבן. אין דעם ענגן צימערל, סיי אין ברוך לעשס הויז, סיי ביי אַנדערע — שטייען אין די ווינקלען אַלערליי פיגורלעך פון קריסטלעכע הייליקע. די פיגורלעך — פון ביליקן פאָרצעלאַן און באַשמירטן ליים, אָדער גיפּס זיינען סגולות און באַוואָרענישן קעגן אַלע קראַנקייטן, אָנשיקענישן און פּלאָג. די ווייבער צינדן ליכטלעך צו די הייליקע און פאַרגייען אין געבעט,

געוויין און אויך געלעכטער. ברוך לעש איז זיכער, אַז עס וועט אויסברעכן אַ שריפה, די ליכטלעך ברענען אין די שפּעטע אָוונטן, טאַטע־מאַמע זיינען אין הויז נישטאָ בלויז די קינדער. ער לויפט אַרויף די טרעפּ, גייט אַריין אין אַזאַ שטוב. עס איז דאָ אַן אָנגעוואָרף פון ברודיקע וועש, קליידער, שמאַטעס און אַ ריח פון אוילן, געפּרעגלעכצן און שאַרפע געווירצן. די קינדער וויינען, פאַרגייען אין שרעק. ברוך לעש באַרויִקט די קינדער, דעם גיט ער אַ ציקערל, דעם עפּעס אַ צאַצקעלע, דעם אַ שטיקל ברויט. ער וויגט זיי אײַן מיט אַ ניגון, אַן אַלטן חסידישן ניגון, וואָס צינדט זיך אָן ביי אים אין געמיט פלאַקערט אויף פון אַזאַ ווייטער, ווייט אַרויס, וואָס איז איצטער נאָ־ענט בלויז מיט די הענט צו דערלאַנגען. ער וואָלט פאַרלאָשן די ברענענדיקע ליכטלעך, די סכנה קוקט אַרויס פונעם טאַנצענדיקן פייער, האָט ער אָבער מורא, די ווייבער וועלן אים דורסן, בלייבט ער דעריבער אַזוי לאַנג אין קאַרלאָסעס דירהלע ביז די פלעמלעך פאַר די הייליקע הייבן אָן צאַנקען, לעשן זיך אויס און בלויז דאָס געלע עלעקטרישע לעמפּל אויפן צעריסענעם סופיט פאַרשפּרייט אַ קרענקלעך ליכט. ברוך זאָגט דערווייל אײַן קאַפּיטל תהילים נאָכן אַנדערן, האַלט פאַרמאַכט די אויגן, זיינע בליקן זאָלן נישט פאַלן אויף די פאַרצעלייענע פיגורלעך, חלילה־וחס, די קינדער זיינען שוין פאַרזונקען אין אַ מילדן שלאָף און גוטע חלומות.

ברוך לעש גייט אַרויס פון דער אָנגעהיצטער שטוב און לאָזט זיך שנעל אין זיין קעלער־וווינונג. קאָכט אָפּ טיי, וואַרעמט אויף אַ טעפּעלע זופּ, וואָס ער האָט נאָך ביי טאָג אָפּגעקאָכט, נעמט עטלעכע שטיקלעך ברויט און גייט צוריק אַרויף צו דעם מאַלער גראַנעק און דער טעלעפאָניסטין, מיט קימעל. ער מוז זיי ביידן שפּייזן, ווייל ווער דען וועט עס טאָן? צוויי עלנטע לייט און אויף וועמענס באַראָט? אַפילו דער רבונו־של־עולם האָט זיי אַ פּנים איבערגע־לאָזט אויף הפקר. זיי עסן זופּ, פאַרטרינקען די טיי און ברוך לעש האָט נאָך פאַר זיי אַ גוטן צוגאָב: טרייסט־ווערטער, אַ רפואה־שלימה, גיט אויך איבער ווי דאָס וועטער איז אין דרויסן און ווי עס וועט זיין מאָרגן דער דרויסן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער מצווה פון ביקור־חולים גייט ער פּאַמעלעך אַראָפּ די טרעפּ צו זיך אין שטוב. די כוחות דיגען שוין נישט אין דער אָוונט־שעה, ער פילט אַ שוואַכקייט ביי דער לינקער זייט, די פּיס ציִען, די קני ברעכן, ער מוז נאָך היינט שפּייזן זיינע צוויי קעץ. גאָטס באַשעפעניש, ווער וועט זיך אויף זיי אומקוקן? אַראָפּגייענדיק טראַכט ער, אַז ער האָט היינט גע־פּטרט אַ מעת־לעת פּשוט מיט גאָרנישט, קוים עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים געזאָגט, קוים דורכגעלאָפן עטלעכע שורות פון „שבט מוסר“, אַפילו דאָס שטיקל גאַס ביי דעם הויז און ז׳עם „סטופּ“ נישט פאַרקערט. ער וועט שוין האָבן מאָרגן

צרות פון די פּאָליצייאישע אויפזעער. און וויפל מעת־לעתן האָט ער דאָס איינ־געאַנצן? אַ גאַנץ לעבן פאַרטאַכלעוועט דאָ ביים רייניקן אַלטע מלבושים, ביים פאַרניצעוועו שמאַטעס און צו וואָס דערגאַנגען? ער נעמט איצט איין צוויי שלאָף־פּילן, וואָס גיבן אים עטלעכע שעה פון אומרויִקן שלאָף. די „דזשאָנגל״־גאַס לאָזט נישט שלאָפן אין די נעכט. באַלד וועט אַ געשריי אויפרייסן די נאַכט, אַ פּאָליציי־סירענע, אָדער אַ פייער־לעשער סירענע וועט זיך צעוואָיען מיט אַזאַ בהלה, אַז די גאַנצע גאַס וועט זיך אַ וואַקל טאָן פון שרעק; אַ פאַרלאָזן ווייב וועט זיך צעיאָמערן ערגעץ אונטער אַ פענצטער און קיינער וועט איר יאָמער נישט הערן, אַ גראַמאָפאָן וועט אויסקרעכצן טאַנץ־מוזיק. אַזוי וועט זיין מאָרגן, איבערמאָרגן...

ברוך לעש שעפּטשעט: בידך אפקיד רוחי. אין קאָפּ — אַ טעמפּע שטילקייט פון די צוויי שלאָף־פּילן.

אַ טייל פון ברוך לעשס איינוווינער צאָלן נישט קיין דירהגעלט, קוים צאָלן יאָ עטלעכע, מוז ער דאָס געלט אַריינפּאַקן אין די צעבראָכענע „פּאַיפּס״, וואָס מאַכן אָן אַ וויסטן חורבן אין די ווענט, ער מוז פאַרריכטן די „סינקס״, אויך דער „באָילער״ אין קעלער האָט שוין אויסגעדינט און טוט אָן צרות יעדן טאָג. דעם דאַך קען מען נאָך פאַרטראָגן אין זומער, קומען די האַרבסטן צעווייקט דער רעגן די סופיטן מיט ריזיקע פלעקן. ער וואָלט אַפילו אַוועקגעגעבן וועמען דאָס הויז מיט הכל בכל, מיט די היפּאָטעקן, די פאַרזיכערונגען, פאַר זיין אייגן ביסל אויסקומעניש וועט ער ווי עס איז אַרויסקריגן. אַ ביסל פון דעם סאָציאַל־פאַרזיכערונגס־טשעקל. די רעגירונג צאָלט אַ געהאַלט פאַר זיין זון, חיימס לעבן, נאָר ווי אַזוי קען ער איבערלאָזן אויף הפקר דעם אַלטן מיסטער גראַנעק. אַן עלנטער מענטש אין ניו־יאָרק. מען קען אים אַפילו צו אַ שטיין נישט פאַרגלייכן. די אַלטע טעלעפאָניסטין, די עטלעכע קינדער? עס וועט דאָך זיין ריינע רציחה, בלייבט ער דעריבער מיט דעם אַלטן הויז ווי לאַנג דאָס ביסל כוחות מיטן חיות טליען אינעם שוואַכן גוף.

3

פון איין איינוווינער האָט ער גאָר קאָלט און וואָרעמס. דאָס איז מייקל רייס. אַלע אין גאָס קענען אים, דעם מייקל רייס. ער איז פון נידעריקן וווקס. דאָס פנים — ברייט־ביייניק, פיר־עקיק און צוויי טיפע לײדנשאַפטלעך־צעצויגענע קנייטשן שניידן זיך איין ביי זיינע מויל־ווינקלען. די הויט פון פנים איז ברוינלעך. די אויגן — שוואַרצע, ברענענדיקע מיט אַן אומהיימלעכער טיפקייט. אַ הויכער שוואַרצער קאַפּעלוש ליגט אים פאַררוקט אויפן שטערן,

פון וואַנען עס רייסן זיך אַרויס שוואַרצלעך־זילבער האָר און פאַלן אין לאָקן־קרייזן. ער איז רירעוודיק, פלינק ווי קוועקזילבער. צווישן זיינע פולע, פליישיקע ליפּן שטעקט אַלע מאָל אַ דיקער ציגאַר. און ווערט געוואָרפן צווישן די ליפּן מיט אַ קרענקלעכער געשיקטקייט. אַלע גלידער פון זיין פּנים באַוועגן זיך האַסטיק, דינאַמיש.

מיט אַלע פון דער גאַס איז ער אויסגעקאָכט און ווייסט מיט וואָס יעדער באַשעפטיקט זיך און וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין טאָפּ. ער איז אַ מיטגליד פון עטלעכע קלובן אין ניו־יאָרק: „לייכט־געוויכטיקע״, קלוב פון „קליינע מענער״, „ברידזש קלוב״. די גאַס — אַלע, יונג און אַלט, נעגער, פּאָרטאָריקאַנער, ווייסע — האָבן אים גערן און אַלע קריגן זיך מיט אים. ער לויפט אַדורך די גאַס צו זיין דירהלע מיט שנעלע טריט, אַרויפגערוקטן קאַפּעלוש, דעם לאַנגן ציגאַר אין מויל און שאָקלט צו יעדן מיטן קאָפּ, גיט אַ באַגריסונג און כאַפּט אַריין אַ באַגריסונג. די מיידלעך רופט ער: „דאַהל״ (ליאַלקע), די יונגען: „וואַיז־גאַי״ (וועלט־חכם). קומט פאָר אַ געשלעג אין גאַס צי אין אַ קלוב איז ער דער אויסגלייכער; ביי אַ קריגעריי צווישן נעגער און פּאָרטאָריקאַנער קומט ער אונטער און וואַרפט אַריין אַ וואָרט צום גוטן. וואָס מען וויל עס גאָרנישט פון אים, זאָל ער זיך פאַרנעמען מיט די אייגענע געשעפטן. נישט איין מאָל איז ער אויסגעשטעלט, אַז דער שפּיץ פונעם מעסער צוזאַמען מיטן פייערדיקן גלי פון דעם יונגס אויגן זאָלן אים טרעפן, נישט איין מאָל האָט ער שוין אויסגעמיטן אַ רעוואָלווער־קויל. ער איז גוטמוטיק, געוואַגט און אַפילו די פּאָליציי נעמט אים אַלע מאָל פאַר דעם ערשטן עדות, וואָס פאַלט אויס לטובת דער גאַס.

ער וווינט שוין אַ סך יאָרן אין ברוך לעשס הויז. ער האָט אַ ווייב און זיי האָבן נישט קיין קינדער. מען ווייסט וועגן אים זייער ווייניק, מען ווייסט אַפילו נישט זיין אָפּשטאַם, צי ער איז אַ ייִד, אַ שפּאַניער, אַן איטאַליענער, אַ גריך? ביי דעם פאָרפאָלק אין דער וווינונג איז אַלע מאָל שטיל, מען הערט נישט קיין געלעכטער, נישט קיין הויכע רייד, נישט קיין — געוויין. די לאָמפּן אין די צוויי צימערלעך זיינען פאַרשטעלט מיט אַבאַזשורן, די פענצטער פאַרצויגן מיט גאַרדינען, אויף די געזימסן פון די פענצטער אין דרויסן שטייען קעסטלעך מיט בלומען, פלאַנצן. זיי ציטערן אין ווינט און וואַקסן אונטער דער זון. יעדן טאָג עפענען זיך די פענצטער, אַ פרויען־האַנט באַגיסט די בלומען מיט וואַסער. זיי זיינען פאַר דער גאַס קאָליר און פאַרן אויג — מיניענדיקער ניואַנס. דאָס איז דער איינציקער קאָליר אַ חוץ גרוי און ברודיק שוואַרץ. וואָס ברוך לעשס הויז פאַרמאָגט און נישט בלויז זיינס, עס זיינען די בלומען אין דער שיינקייט פון רויט, גריך, גאָלד אין דער גאַס פון שטויב און זשאַווער. דאָס טוט

די אַלטע מיסעס רייס פלעגן בלומען אין טעפּעלעך, קריגעלעך, וואַזעלעך, קעסטלעך, עס זאָל איר זיין היימלעכער. זי זאָל זען אַ צעבליט צוויג, אַ גרין שטענגל און די קאָלירן פון בלומען.

קיינער ווייסט נישט וואָס מייקל רייס טוט, וואָס איז זיין באַשעפטיקונג? טייל זאָגן, אַז ער איז אַן אַקטיאָר, אַ מוזיקער, אַן אינזשיניער; אַנדערע זאָגן, אַז ער איז אַ וואָל־סטריט בראָוקער, אַ בוכהאַלטער; גאָר אַנדערע זאָגן, אַז ער איז אַ קלאָון אין אַ צירק, אַ טענצער, אַ חיות־דרעסירער, אַ שפּרינגער דורך רייפן, מחמת זיין געשטאַלט, פּנים, דאָס פּיצעלע געוויקס קען די אַלע פּראָפעסיעס אויסטראָגן בריווח.

ער האָט טאַקע געחלומט וועגן די אַלע פּראָפעסיעס, אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ער איז אַ טויער־היטער ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער וועשעריי אין ברוקלין, וווּ ער היט אָפּ דעם טויער זיינע טעג, וואָכן און יאָרן.

אין די זונטיקן איז מייקל רייס פריי פון זיין באַשעפטיקונג. די קלובן זיינען געשלאָסן, די גאַס איז נאָך שטיל, באַלד וועט אויפרייסן דער טומל איבערן גאַנצן בלאָק מיט אַלערליי רייד: מיאוסע, צאַרנדיקע, שטילע, קללה־דיקע, תפילהדיקע — דערווייל איז זי שטום. דאָס געמיט ביי מייקלען איז פאַר־ביטערט, טרויער און עפּעס אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט שפּאַרן אָן אין לייב, פּייניקן, ציִען. די בלומען אויף די פענצטער זיינען שוין געוואָרן באַגאָסן, די זונטיק „טאַימס" וואַלגערט זיך אַן אויפגעעפנטע מיט פעטע שריפט, בילדער, רע־קלאַמעס איבערן דיל. דער טעלעפאָן אין שטוב שטומט, קיינער רופט נישט, קיינער פרעגט נישט, — רייסט זיך דער קליינער מאַן אויף פון זיין געזעס און זיין קול אַ דינס, כריפּענדיק, אויסגעגענעצט צעטראָגט זיך איבער דער שטוב:

— עדנאַ, טו אָן עפּעס אַ קלייד, מ׳וועט אַרויסגיין שפּאַצירן. נישטאָ וואָס צו טאָן אין שטוב!

— אין זונטיק דאָ אין דער גאַנצער וואָך, קען ער אויך נישט אייַנזיצן אין שטוב! — אַזוי שרייט אַריין דאָס ווייב צו אים פון דעם צווייטן צימערל.

ער פירט אויס: אין אַ ווילע שפּעטער זעט די גאַס שפּאַצירן מייקל רייס און זיין ווייב.

זי איז אַ שפּאַר ביסל העכער פון אים: אַ דיקע, אַ פולע, מיט ברייטע היפטן, וויגט זי זיך גייענדיק. איר פּנים איז צעפלאָסן, ברייט און רונדיק. עס איז דאָרט אָנגעוואָרפן: אַ דיקלעכע נאָז, צוויי גרויע אויגן, קאַלטע און נאַרישע, אַ ברייט מויל מיט פליישיקע ליפּן און לויזע באַקן. מייקל שפּאַ־צירט מיט אַ צעקנעפּלטן ראָק, אַ ציגאַר אין מויל, דער שוואַרצער קאַפּעלוש פאַררוקט אַרויפצו. ער קוקט פאַר זיך גלייך, די אויגן זעען יאָ און זעען נישט,

כדי וואָס וויניקער צו באַגעגענען פּרעמדע און זייטיקע בליקן. מילא די גאַס ווייסט זיין בראָך: דאָס ווייב איז אַ שטיק מיאוסקייט, פאַרפאַלן... יעדן פאַלט אויס וואָס דער גורל טיילט צו — אַזוי איז זיין פילאָזאָפיע, אָבער פאַר פרעמדע, פאַר זייערע אויגן און מיילער, ציטערט ער אימת־המוות. די פריינט זיינע אין די קלובן ווייסן נישט, אַז ער האָט אַ ווייב, אַז ביי אים אין הויז לאַכט מען קיין מאָל נישט, אַז דאָרט הערט מען קוים די טריט אין ווייכע שטעקשיך, אַז דאָרט גייט מען אויס אין טרויער.

פון אַלעם איז אים געבליבן אַ בענקשאַפט צו ווערן אַן עפּעס, אַן עמעץ, מען זאָל אים אָנזען, מען זאָל דערמאָנען זיין נאָמען אין די קלובן אין וועלכע ער איז אַ מיטגליד צווישן חשובע מענטשן. צווישן דיסטינגירטע לייט: מעקלערס, לאָיערס, דאָקטוירים, ביזנעס־לייט, פּאָליטישענס, אַלץ אַזעלכע וואָס זיינען אַרויפגעלאָפן שטאַפּלען העכער אויפן לייטער פון קאַריערע און חשיבות. ער, מייקל רייס, ליגט טאַקע אויפן אונטערשטן שטאַפּל גאָר אונטן, אָבער אַ שטיק פון זיין לעבן וואָלט ער אָפּגעגעבן, אַז זיין נאָמען זאָל זיין געדרוקט אין אַ צייטונג. דאָרטן ווו די נעמען פון די דיסטינגירטע לייט טאַנצן אַזוי בכבודיק אין אַלע פּובליקאַציעס. דער גליקלעכסטער טאָג זיינער איז געווען אַנומלט ווען דער קלוב פון די לייכט־געוויכטיקע אין ניו־יאָרק האָט אים געמאַכט אַ שטיקל באַנקעט. ער איז אַלט געווארן פופציק יאָר. אַ קיילעכדיקער שפּרונג פון אַ פאַרלאָזן קינד, אויפגעצויגן אין אַן אַנשטאַלט, נאָך דעם אין דער שויס פון ניו־יאָרקער דזשאָנגל־גאַסן, ביז, ביז אָט — און עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מענטשן פון פאַרשיידענע היימען, פאַרשיידענע פּאָזיציעס, פאַרשיידענע גאַסן און עוועניוס, פאַרשיידענע נעמען און אַלע פרייען זיך, אַלעמענס פּנימער זיינען פייערלעך, מען טרינקט פאַר זיין געזונט, פאַר זיין דערפאָלג, פאַר דעם נאָמען מייקל רייס, טאַקע פאַר בלויז אַ נאָמען, ווייל ווער איז ער? אַפילו נישט קיין שטויבעלע, וואָס מען באַמערקט אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס און קען פאַרקערט ווערן אין מיסט... צי קען אַ מענטש זיך ווינטשן אַ גרעסער גליק? מען האָט אים באַגריסט, מען האָט געהאַלטן רעדעס, אַז ער איז אַ געטרייער קלוב־מיטגליד, קיין איין פאַרזאַמלונג ביז היינט נישט דורכגעלאָזט. זיין נאָמען איז אין דעם זעלבן טאָג געווען דערמאָנט אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג פון אַ ניו־יאָרקער צייטונג. עס איז אַפילו געווען אַ באַצאָלטער אַנאָנס, נאָר וועמען אַרט עס? זיין נאָמען האָט פייערלעך אַרויסגעקוקט פון צווישן הונדערטער דריבנינקע נעמען.

פון יענעם טאָג זיינען ווידער אַפּגעלאָפן יאָרן. די בלומען אין די קעסטלעך אויף די פענצטער זוימען אין מייקלס וווינונג האָבן געציטערט פון ווינט, פאַרשפּרייט ריחות און קאָלירן. מייקל רייס איז אַלץ געבליבן דער טויער־היטער אין דער דעמפּיקער וועשעריי אין ברוקלין. די גאַס און דאָס הויז האָבן

אַלץ נישט געוווסט ווער ער איז, אַן אַקטיאָר, אַן אינזשיניער, אַ קלאָון אין ציִרק, אַ וואָל־סטריט בראָוקער? אַ דרעסירער פון חיות? ווער איז ער?

ברוך לעש האָט אַ צייט לאַנג נישט געוווסט ווער דער מייקל רייס איז! נישט ער גייט אין שול און נישט, להבדיל, אין קלויסטער, נישט ער רעדט אַ וואָרט וועגן זיך, נישט מען זאָל דאָס ויסן וואָס אַ מענטש טוט. קיין גרויסער נגיד, דאָס זעט מען בפירוש, איז ער נישט, היינט פאַר וואָס האָסטו מפקיר גע־וועזן דיין מויל און נשמה פאַר מיאוסע רייד, טאַקע פאַר הפקר־שטיק? פּאַסט דאָס דען פאַר אַ מענטש פון דיין שטייגער, אַ מענטש מיט אַ פּאָזיציע אין ניו־יאָרק, קריגט בריוו פון אַלערליי קלובן? און פון וואַנען נישט? ווי קען מען מיט די גאַסן־יונגען און גאַסן־מוידן זיין אַ גאַנצער פּאַן־בראַט, לאַכן מיט זיי אויפן „סטוף”, טרינקען פון זעלבן פלעשל, טשעפּען די מיידן פּאַרשייט און אויפרייסעריש און נאָך זיין דערצו זייערער אַ גאַנצער מליץ־יושר? אַן עדות לטובת געשלעגן און מחלוקת צווישן מענטש און מענטש?

מאַכט זיך אַז אין ברוכס הויז איז געשטאָרבן דוד פלאַם, אַן אָפּגעהיטע־נער ייִד געווען, אַ געוועזענער פּאַרזיכערונגס־אַגענט, יאָרן אָפּגעווווינט דאָ, אויף דער עלטער געווען עלנט און צעבראָכן, געהאַט ערגעץ קינדער אין פּאַרשיידענע שטעט איבערן לאַנד און זיי האָבן פון אים זוייניק געוואָלט וויסן. ער האָט זיי נישט געוואָלט מצער זיין און נישט אָנקומען צו זיי און גיט לידי מתנת בשר־ודם. בלויז טשעקל פון סאָציאַלער הילף, און וואָס דאַרף אַן עלנטער מענטש מער אין אַזאַ כרך? ברוך לעש האָט אַפילו נישט געוווסט זייערע אַדרעסן און דאָ איז נישטאָ ווער עס זאָל זיצן שבעה, זאָגן דעם ערשטן קדיש, האָט ברוך אויף זיך גענומען צו זאָגן קדיש און יעדן פאַר נאַכט אין די שבעה־טעג צוזאַמענגעקלאַפּט אַ מנין, וואָס עס איז אים אָנגעקומען טאַקע מיט גרינגע ווערעם. מען האָט אַפילו דעם מאַלער גראַנעק אַראָפּגעפירט אונטער די הענט און אַריינגעזעצט אין אַ שטול. דער ייִד האָט זיך באַגאַסן מיט טרערן. מען האָט נישט געוווסט צי וויינט ער פון יסורים, וואָס פּייניקן אים, צי פון זיין גאַנצן מצב און אפשר גאָר פון דעם, וואָס אין זיין גאַנצן לעבן ווייסט ער נישט צי ער איז אַ ייִד, אָדער נישט קיין ייִד. יאָ, וואָס איז ער טאַקע? אַ קיינער נישט: מאַכט בלומען, מענטשעלעך פאַר פּעניס. צו קיין גאָט נישט געדינט און אָט פּאַלן איבער אים איצטער ווערטער — פרעמדע און נאָענטע. ער דער־מאָפּט זיי מיט דער האַנט די תפילות, נענטער ווי זיינע מאַלערייען, וואָס ער האָט ערשט נעכטן אויסגעפּיבערט אין מוח. איין פאַר נאַכט איז עס גע־ווען: אין דרויסן האָט געמבולט מיט צעבערס און דאָ קען מען נישט קריגן קיין צענטן ייִד. די דזשאַנגל־גאַס קען קיין צענטן צו אַ מנין נישט צושטעלן, און דאָ ווערט שפּעט, כאָטש נעם און צערייס זיך, ווי אַזוי וועט ער, ברוך לעש,

זיך פאַרענטפערן פאַר דער נשמה פון דוד פלאַם, וואָס וועט אָנקלאַפּן אין פענצטער? אַ מנין מיט אַ קדיש דורכגעלאָזט, וועט די נשמה מוסרן. די יסורים ביי ברוכן זיינען געוועזן אין לשער. האָט זיך ביי ברוכן אין מוח עפּעס אָנגעשפּיצט: אפשר דער?... דער שטיק הפקר... מען קען נישט וויסן, אפשר אַ מענטש אַ באַהאַלטענער? ער איז אַריין צו מייקל רייס אין שטוב, געטראָפן יענעם זיצן אין די שטעקשיך ביי אַ געגרייטן טיש צו עסן וועטשערע. ברוך לעש האָט זיך נישט פאַרלוירן, פאַרט שליחי מצווה... ער האָט גענומען ריידן מיט אָנצוהערעניש:

— אפשר?... אַ ייד? איך מיין, עס פעלט צו אַ מנין, איר האָט דאָך געקענט דעם מיסטער פלאַם, אַן ערלעכער מאַן געוועזן. זייט מוחל, מיסטער רייס... איך וויים נישט, איר, אַ שכן, אַז טאָמער... עס איז מיר בלויז איינגעפאַלן, נישטאָ קיין מזוזה, איר ווייסט דאָך, וואָס איך מיין, ביי אייך אויף דער טיר, אָבער דאָך... נאָך אַ טויטן דאַוונט מען ביי יידן און מען מוז האָבן צען... מען זאָגט קדיש.

מייקל רייס האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון טיש ווי ער איז געזעסן, שוין צו האַסטיק. זיין פּנים איז בלייך געוואָרן, מיט די פינגער געפּויקט איבערן טיש, נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טאָן און גענומען ריידן שנעל מיט אַ ציטערדיקער שטימע, הייזעריקלעך:

שור, שור! אַ מנין? יאָ .איך אַ ייד. איך בין גוט צו „מיניען".

ער האָט שנעל אָנגעטאָן די שיך, פאַרקנעפּלט דאָס העמד, געכאַפּט אַ רעקל און איז מיט ברוכן אַריין צום דאַוונען, אַוועקגעשטעלט זיך אין אַ ווינקל און זיך גאַנץ פיין געשאָקלט ביי שמונה עשרה. נאָכן דאַוונען געקוקט אויף די מתפּללים פאַרשעמט און צו מאָרגנס ווידער געקומען שוין אומגעבעטנערהייט. ברוכן האָבן די וווּנדער געפרעסן: וואָס הייסט אַ מענטש ווינט שוין דאָ אַזאַ צייט און מען זאָל דאָס וויסן ווער דו ביסט. ביסטו יאָ אַ ייד, היינט פאַר וואָס אַזאַ אויפפירעכץ? ווי פּאַסט דאָס פאַר אַ ייד אַפילו אַז מען ווינט אין אַזאַ גאַס? ברוך האָט עפּעס יאָ געוואָלט פאַרקנופּן אַ שטיקל שמועס מיט אַ היתכן, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן. אפשר איז יענער אַ בעל־תשובה? אפשר אַ ייד אין האַרצן, דינט גאָט אין שטילקייט, אַ למד־וואָווניק? ברוך לעש האָט ווי געהערט צי געלייענט, אַז עס זיינען פאַראַן מענטשן מיט צעריסענע נשמות, געשפּאָלטענע נשמות באַהאַלטענע אין זיך. קען דאָך מייקל רייס זיין איינער פון זיי. בעסער איז וועגן אַזעלכע זאַכן וואָס וויניקער צו ריידן. מייקל רייס איז טאַקע פאַר אים געוואָרן אַ רעטעניש, נאָר עס האָט אים פאַרט נישט געלאָזט רוען: וואָס באַהאַלט זיך אַ ייד מיט זיין יידישקייט? ער דאַרף ערשט וואַרטן ביז עס וועט ערשט אויספעלן אַ צענטער צום מנין? מען דאַרף

אים ערשט דערמאָנען, אַז ער איז אַ ייִד? מיט כּבֿוד דאַרף מען אים ערשט אויפרופן?

דער פּאָרטאָ־ריקאַנער קאַרלאָס ריוועראַ איז אויך אַזאַ איינער. קענסט נישט וויסן וואָס ער וויל, וואָס ער איז, ווער ער איז. אַזוי דאַכט זיך אויס איז ער אַ מענטש — אַ שטיק הפקר, קריגט זיך מיט אַלעמען, קוקט זיך אויף זיינע קינדער נישט אום; ביי אים טוישן אַ ווייב איז פון די קליינע טעגלעכע געשעענישן, שלאָגן זיך מיט פויסטן און מיט אַ שטיק אייזן אין גאַס, אין סאַמע העלן טאָג מיט אַ נעגער, צי מיט זיינס אַ לאַנדסמאַן איז אויך קיי און שפּיי. ער קען דיר אָפּזיצן אַזוי ביים גראַמאָפאָן טעג און נעכט, זיך צוהערן צו דער אויפרייסערישער שפּאַנישער טאַנץ־מוזיק, אָדער פּאַר־בענקטע, וויגנדיקע מוזיק, אָדער גאָר שפּילן אויף אַ מויל־האַרמאָניקע און עס צעלויפן זיך טענער און קלאַנגען יאָמערנדיקן און פריילעכע, אויף די טרעפּ צום הויז־איינגאַנג שפּילט ער, ביים אָפענעם פענצטער שפּילט ער. ברוך לעש ווייסט נישט צי יענער וויינט, קלאָגט אויף זיין בידנעם מצבֿ, צי עס איז אים פריילעך און ער חוזקט פון אַלץ און אַלעמען אַרום אים. שלאָגט די קינדער, פוילט זיך זוכן אַרבעט, טרינקט, שיכּורט.

טייל מאָל קומט קאַרלאָס אַראָפּ אומגעריכט אין דער קעלער־שטוב צו ברוכן. אַ שעמעוודיקער קומט ער, קוקט זיך אַרום צי קיינער איז נישטאָ, גלעט די קעץ איבער דער פעל. ברוך זעט, אַז דער קאַרלאָס ליידט, וויל זיך אַראָפּריידן פון האַרצן און פלוצלינג ברעכט ער טאַקע אויס אין אַ געוויין, דערשטיקט און מיט אַ כליפּען. ברוכן ווערט איבער דער טבֿע, וואָס דער געזונטער, שיין געבויטער מאַנספּאַרשוין וויינט ביי אים אין שטוב. אפשר נייטיקט ער זיך אין געלט, אפשר האָט ער נישט פאַר דעם חודש דאָס דירה־געלט צו באַצאָלן? ברוך איז גרייט אים צו שענקען דאָס דירה־געלט און אים נאָך לייען עטלעכע דאָלאַר, ער איז דאָך אַ נצרך, אַ ווייב, קינדער, אָבער פון דעם פּאָרטאָ־ריקאַנערס רייד אינעם געוויין הערט זיך גאָר אַ שטיק ווידוי: יענער וויל גאָר ווערן אַ טענצער, דאָס לעבן דאָ איז אים נמאס, צו גאָרנישט דערגאַנגען, ער בענקט און גאַרט צו עפּעס אַנדערש, ווי אָט דאָס: ער האָט ליב מוזיק — זאָגט ער — ער וואָלט געקענט טאַנצן אויף גרויסע בינעס פאַר טויזנטער מענטשן, וואָס וואָלטן אים באַוווּנדערט, מיט בלומען באַוואָרפן, מיט די היט זייערע באַוואָרפן...

די רייד זיינען אין שפּאַניש, אין ענגליש און ברוך לעש כאַפּט אויף קאַרלאָס ריווועראַס שטיק ווידוי, וואָס דערציילט, אַז אויך ער איז אַ צערי־סענער מענטש, זייער ענלעך צו מייקל רייס צעריסנקייט, ביידע מאַסקע־מענטשן און גיי ווייס, זיי אַ חכם, אַז אין דעם הויז זיינען מענטשן באַזונדערע

וועלטן, פון יסורים, פיין, צעפליקטקייט, צעבענקטע, רייסן זיך עפּעס צו אַ פּייער אין דער הויך און קענען נישט צוקומען.

די צוויי פּאַרטאָ־ריקאַנער פרויען לעבן נישט בשלום צווישן זיך. די האַלטן אין איין קינדלען, דאָס שפּאַנישע לשון קומט אַרויס פון זייערע מיי־לער אין פלינקן לויף, מיט אַ געזאַנגל. זיי טראָגן גאָלדענע צלמלעך אויף די העלדזער און זיי רייסן זיך ביי די האָר איינס דאָס אַנדערע. דאָס הויז איז פול מיט קינדערשע שטימעלעך: דינע ווי געוויינען פון פידלען. מייקל רייס האָט גערן די געשרייען, געלעכטערס און געוויינען פון די קינדער. ער הערט זיך צו מיט אַ שניידיקער בענקשאַפט צו די קינדער מיט די בראָנדז־קעפּלעך, שוואַרצע, פריילעכע אויגן. ביי אים אין האַלדז שפּאַרט אָן אַ געוויין פון די קולות, אַ ספּאַזם דערגייט צום האַלדז און שטיקט. איין געדאַנק לויפט איבערן אַנדערן: וואָס האָסטו דערגרייכט, מייקל רייס, ווער ביסטו אַליין, אַפילו נישט דערגאַנגען צו הערן אין דיין אייגענער שטוב אַ געלעכטערל פון אַ קינד? האָסט זיך אַליין פּאַרלייקנט, מייקל רייס, שטייסט ביי אַ טויער ערגעץ און ציילסט פּעק ברודיקע וועש, אָט ווער דו ביסט, אַ גרויער, נישטיקער שטוי־בעלע אינעם גרויסן ניו־יאָרק, אַ שטויבעלע אין דער דזשאַנגל־גאַס, דאָס איז דער סך־הכל, די תשובה אויף אַלע דיינע מוח־קשיות.

4

דער הייזער־דעפּאַרטאַמענט פון ניו־יאָרק האָט געלאָזט וויסן, אַז מען וועט איינלייגן אַלע געביידעס פון דער גאַס און בויען נייע, לופטיקע הייזער. ברוך לעשן האָט אַרומגעכאַפּט אַ שמחה מיט אַ ביטער רחמנות צוזאַמען: וואָס וועט זיין מיט דעם אַלטן קראַנקן מיסטער גראַנעק, מיט דער מיס קימעל, מיט קאַרלאָסן, זיינע קינדער? זיי ווען זיך וואַלגערן ערגעץ אין דער גרויסער שטאָט. ווער וועט זיך אויף זיי אומקוקן? ווו וועלן זיי קריגן דירות?

דערוויל זיינען אָפּגעלאָפן חדשים, אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, די הייזער זיי־נען געוואָרן עלטער, די גאַס — צעיושעטער, די מענטשן גרויער און זשאַ־ווערדיקער. מען האָט די הייזער נישט איינגעוואָרפן. שטאָט האָט נישט קיין פאָנדן, אַזוי האָט מען געטענהט.

יענעם ווינטער אָוונט האָט אַ בייזע קעלט געשניטן די לופט אין שטאָט. אַ ווינט האָט געוואָיעט מיט אַ ווילדן געפּייף און געטראָגן אייזיקן פראָסט. ברוך לעש האָט אַפילו נישט געקענט צוגיין אינעם נאָענטסטן שילעכל אויף דער אַמסטערדאַמער עוועניו דאַווענען מנחה־מעריב בציבור. די רערן אין הויז האָבן געפרוירן און געווען אין סכנה צו פּלאַצן. דער וואַסער־קעסל אין קעלער איז

קאַליע געוואָרן, מען האָט נישט געקענט באַהייצן דאָס הויז, קיין אויל האָט מען נישט געקריגן. עס איז נישט געווען קיין הייס וואַסער. ער האָט מיט גרויסע צרות קוים אָפּגעקאָכט אַ טעפּל זופּ און ביז ער האָט דאָס געבראַכט צו דעם אַלטן גראַנעק און צו דער מיס קימעל אין די שטובן איז עס געוואָרן קאַלט.
די קראַנקע לייט האָבן זיך דערקוויקט מיטן מאכל און ברוכן אָנגעוווּנטשן דאָס אייביקע לעבן. ער האָט זיי נאָך איינגעדעקט מיט קאָלדרעס, צוזאַמענגעשלעפּט פון דאָ און דאָרט. ער איז נאָך דעם אַראָפּגעקראָכן אין קעלער, גענומען מייסטערווען ביים אויל-ברענער און נאָך מער קאַליע געמאַכט. ער האָט גערופן אין טעלעפאָן דעם שלאָסער און יענעם, אָבער עס איז געווען אַ קול קורא במדבר. ווי קען מען אין אַזאַ קרירה קריגן אַ שלאָסער, אַ ברענער-פּאַרריכטער? אַלע זיינען מוראדיק פאַרנומען, ביי יעדן אין הויז אַן אָנשיקעניש מיט אויל-ברענערס, וואַסער-קעסלען...

די קעלט האָט געשטאָכן מיט פייערדיקע נאָדלען. ביי קאַרלאָסן אין דער ענגער שטוב האָבן געברענט חלבנע ליכטלעך פאַר די הייליקע זייערע, וואָס זאָלן באַשיצן און באַשירעמען פון אַלעם שלעכטן. די קינדער האָבן געפרוירן אין בעטל צוגעדעקט מיט אַ באַרג שמאַטעס. קאַרלאָס איז יענעם אָוונט אין הויז נישט געווען, ער איז נאָך פאַרנאַכט אַוועק צו גוטע ברידער שפּילן אויף דער מויל-האַרמאָניקע און טאַנצן. די מאַמע איז אַוועק צו אַ שכנטע כאַפּן אַ רכילותל, וואָס איז אַ שטיק דערקוויקעניש פאַר איר לעבן.

מייקל רייס איז פון דער אַרבעט אַהיים געקומען אַ געפרוירענער, מיט היץ אין די שלייפן, אַ ברעכעניש און שטעכעניש אין די געלענקען פון לייב. דאָס ווייב האָט אים אַריינגעלייגט אין בעט, אויסגעריבן אים די פּלייצעס מיט אַלקאָהאָל, געגעבן אים הייסע טיי. ער איז שנעל איינגעשלאָפן. אין קאָפּ האָבן זיך אים געפּלאָנטערט ווילדע מעשים, אַ בייזער חלום, שפּינען האָבן געהאַפּסלט איבער אים, ער האָט זיך געזען אין אַ שפּיגל קליין ווי אַ מאַלפּע און באַלד זיך צעוואַקסן אין אַ העלפאַנט-געשטאַלט, און ער, די מאַלפּע, האָט זיך געכאַפּט שלאָגן דעם העלפאַנט.

ברוך לעש האָט איינגעטוליעט די צוויי קעץ זיינע, גענומען די געוויינטלעכע פּאָרציע פון צוויי שלאָף-פּילן, געלייענט קריעת-שמע און אַ געפרוירענער אַריינגעפאַלן אין בעט אונטער אַ קופּע קאָלדרעס. דער שלאָף האָט אים באַלד גענומען.

מייקל רייס האָט אין שלאָף געפילט אַ שטיקעניש. ער האָט אַרויסגעוואָרפן די הענט פון הינטער דער קאָלדרע; דער אָטעם איז אים געווען שווער און אָפּגעהאַקט. ער איז געווען באַגאָסן מיט אַנגסטן. ער האָט קוים אויפגעריסן

די אויגן. אַ רויך האָט אים געשטיקט און געפּרעסן אין די נאָזלעכער. ער איז אַראָפּ פון בעט און זיך צעשריגן:

— אַ פייער! עס ברענט!

דער אימפּעט האָט אים אַ ריס געטאָן צו דער טיר, אַרויס אין פּאָרהויז. דער רויך איז געקומען פון דער צווייטער דירה. דאָרט זיינען דאָ דריי קליינע קינדער: גאַרסיאַ, אַלפאָנסאָ, מאַרגאַריטאַ. די קליינע גאַרסיאַ האָט אַזעלכע שיינע אויגן, זינגט און לאַכט. פון דער טיר האָט אַ שפּאַר געטאָן אַ צונג פייער, ווי זי וואָלט זיך געסטאַרעט צו באַלעקן דאָס האָלץ און אַ שוואַרצער רויך האָט זיך געקנוילט אינעם צונג־פלאַם. ער האָט אויפגעכאַפּט די געוויינען פון די קינדער. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ברענענדיקער טיר, אַ פלאַמיקע צונג האָט אים אַקעגן געטאַנצט אינעם פּנים, געלאָקט און קאָקעטירט. גאַרסיאַ וויינט — האָט אים געהאַמערט אין מוח — ערשט נעכטן האָט ער איר געגעבן שאָקאָלאַדע. זי האָט אים געלעקט איבערן פּנים און גערופן: אָנקל מייקל. אַלע קינדער רופן אים דאָ אָנקל, טאָקע צוליב דעם וויינט ער דאָ. זייערע געוויי־נען — כליפּענדיקע פידלען. צונגען פייער טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד קנאַקענדיק און פריילעך.

אַ פלאַם האָט אים אַ ברען געטאָן איבער אַ באַק און אויער. ער האָט זיך צוגעקראָגן צום ברענענדיקן טיש, פון דאָרט צום בעט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דריי וואַרעמע קינדערשע לייבער...

## 5

אַ קאַץ האָט געדראַפּעט ברוכס פּנים און אים אַרויסגעשלעפּט פון מידן שלאָף. דער אַלטער לעש האָט אין דער פינצטערניש געזען אַן אָפּשיין פון אַ רויטלעך ליכט אין גאַס, וואָס פאַלט אַרויס פון די פענצטער אויבן אין הויז און דערשנאַפּט אַ רויך, וואָס קיצלט שאַרף אין די נאָזלעכער. ער איז אַראָפּ פון בעט געכאַפּט שפּענצער און הויזן און געלאָפן אַרויף די טרעפּ. ער האָט געזען מייקל רייס קלאַמערט צוויי קינדער אין די אָרעמס און איינס הענגט אים אויף די פּלייצעס, ער איז באָרוועס און לויפט אין דרויסן. אַ שטיק פון זיינע פּי־דזשאַמעס ברענט און דאָס פייער יאָגט אים אַראָפּ, אַראָפּ, הלוואי זאָל ער דער־לויפן מיט די דריי קינדער.

דער אַלטער ברוך האָט זיך אַריינגעריסן צו דער האַלב־געליימטער רחל קימעל. זי האָט אַ באַנומענע אינעם נאַכט־העמד, אין שרעק־משוגעת געשטרעקט די הענט ווי פליגל. ער האָט זי אַראָפּגעשלעפּט פון בעט אינעם קאָרידאָר אַריין. זי האָט געקוויטשעט און זיך אַראָפּגעקייקלט פון די שטיגן. מיט דעם

ביסל חיות אין גוף איז ער אַריין צום קראַנקן נאָרמאַן גראַנעק. דער קראַנ־קער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס ווי צוואַנגען געקלעמט. פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזאַ כוח? ערשט אַ שווערע האַרץ־אַטאַקע געהאַט — האָט ברוכן געזעצט אין מוח — ביידע האָבן זיך דערשלעפּט צו די טרעפּ און געפאַלן. גראַנעק האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון די אָרעמס און געבליבן ליגן איבער די טרעפּ משופּעהדיק אַראָפּ.

פייער־סירענעס האָבן געוואָיעט אין גאַס. דורך טירן און פענצטער פון הויז האָבן זיך אַריינגעריסן פייערלעשער מיט האַק און פּאַק. קנוילן שוואַר־צער רויך און פייער־צונגען האָבן געדישעט די ווענט, מעבל, בעבעכעס. העגט האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָ אַ שטיק לעבעדיקן קערפּער און דאָרט אַ שטיק צאַפּל־דיק לעבן פון קינדער.

מייקל רייס איז צו דער שוועל פון הויז נישט דערגאַנגען. די קינדער ווינען אַראָפּגעשפּרונגען פון אים און אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַנדערע הענט.

די צייטונגען האָבן אויף צו מאָרגנס געלויבט איינעם אַ מייקל רייס, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט דריי קינדער, אַליין אָפּגעגעבן זיין לעבן און אומגעקו־מען פון שווערע בראַנדוואונדן. מיט גרויסער שריפט איז דער נאָמען דער־מאָנט געוואָרן. די קלובן, צו וועלכע ער האָט געהערט, האָבן דעם נאָמען נאָך דעם אַריינגעשריבן אין דער רשימה פון זייערע בכבודיקסטע מיטגלידער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט העלדישקייטן און מיט סתם גרויסע אויפטועכצן.

אַ חורבה איז געבליבן פון דעם פּאַרברענטן הויז. אין דעם קליינעם שי־לעכל אויף אַמסטערדאַם עוועניו, האָט ברוך לעש געזאָגט קדיש נאָך זיין איינ־ווינער מייקל רייס און די „דזשאַנגל"־גאַס פון דער מערב־זייט אין ניו־יאָרק האָט איר העלד און גוטן ברודער באַווײנט און נאָך אים געטרויערט, לאַנג געטרויערט.

# דער פּסק־דין

דאָס בלינדע געסל אין דער מעלאָה פון קאַסאַבלאַנקאַ איז קרומלעך אויס־געבויגן. די הייזער זעען אויס ווי אויסגעבראָכענע ציין אין אַ חרובדיקן מויל. אין הויז איז אַריינגערוקט צום הויף, דאָס צווייטע — צום גאַסן־טומל. אין הויז שטייט זייטיק, דאָס צווייטע — האַלט ביים איינפאַלן אַ ליאַדע מינוט און נאָר עפּעס אַ נס האַלט עס אויף שוין לאַנגע יאָרן און אפשר דורות גאַנצע.

אינעם געסל איז נישטאָ קיין איינגאַנג און קיין אויסגאַנג. דורך שפּאַלטן, לעכער, הפקרדיקע הייף שטראָמען דאָ אַריין יונג און אַלט, מאַן, ווייב, קינד און קייט. די מענטשן זיינען דאַרע, קרומלעכע, הויקערדיקע, בלינדע, קראַנקע, ווי קראַנקעביימער אין אַ שיטער וועלדל אויסגעשטעלט צו שטורעם־ווינטן. אינעם געסל שפּאַרט אויך אַריין דאָס אייזל, דאָס קעמל, דאָס פערד מיט זייערע אָנטרייבער. דאָס עקשנות פון די חיות, צוזאַמען מיטן טומל פון מענטש דערלאָזט נישט, אַז איינס זאָל דעם אַנדערן אָפּטרעטן אַ פריי שטיקל אָרט אין דער שטויביקער ענגשאַפט. די הייזער — הילצערנע, שטיינערנע, זיינען אַלט, אָפּגעשונדן, גרוי און מיד. זיי זיינען גרייט יעדע מינוט פון מעת־לעת איינצו־פאַלן צוזאַמען מיט די סלופּעס וואָס שפּאַרן זיי אונטער און צודעקן די צענד־ליקער הויז־געזינדן.

אין איינעם פון די הייזער אינעם בלינדן געסל געפינט זיך די בית־דין שטוב פון דער מעלאָה, וווהין יידן קומען באַלייגן זייערע טענות און מענות, זייערע פּרעטענזיעס, און אויך אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ אַלערליי צרות, יסו־רים, פּיין, וואָס ליגן אויף זיי ווי דער שאַרף פונעם חלף ליגט אויפן האַלדז פונעם קרבן. דאָ קומט זיך משפּטן די יידישע אָרעמקייט, די שרייענדיקע נויט, דער גרויסער עלנט און פאַרלאַנגען גערעכטיקייט. אין דרויסן, אינעם שאָטן, וואַל־גערן זיך קינדער אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. זיי פּילדערן און לאַכן מיט קלינגענדיקע קולכלעך און קלינגען איבער איינס ס'אַנדערע ביים אַראָפּשלעפּן אַ פּרי פון אַ קויבער פּרוכטן אין דער שויס פון אַן אַראַבישן גאַסן־הענדלער. זיי

שלעפּן אויף אַוועק אַ פּאָר גיסלעך דורך אַ לאָך אין אַ צעריסן זעקל ביי אַ ייִדישן שפּייז־קרעמער, וואָס זיין קראָם איז אין אַן אויסבראָך פון דער מויער. אַן אַראַבישער סופר מיט אַ סריס־פּנים זיצט מיט אונטערגעלייגטע פיס אינעם זאַמד איבער אַן אָפענעם קאָראַן, זינגט אַ פאַרבענקטן ניגון, טרייבט פון זיך חמרים פליגן, אָדער שרייבט מיט אַ געגנדזענער פען אַדרעסן אויף פאַרברו־דיקטע קאָנווערטן, פאַר פאַרזאָרגטע ווייבער, וואָס שטייען אַרום אים פאַר־הילטע, פאַרבאַבלטע, טומלדיקע. מען זעט בלויז אַרויס פון זייערע פנימער די שוואַרצע, ברענגענדיקע אויגן, וואָס מאָנען, רופן, בעטן. דער סופר כתיבהט אויס דעם אַדרעס צו אַ זון, וואָס וואַלגערט זיך ערגעץ אין דער וועלט, האַנדלט מיט ביליקע טעפּיכער, מיט קרעלן, געווירצן, אָדער ער איז גאָר ערגעץ אינעם פרעמדן־לעגיאָן, שלאָגט זיך אין די הייסע מדבר־זאַמדן און ווייסט אַפילו נישט פאַר וואָס און פאַר ווען.

ביי דעם הויז, ווו אינעווייניק אויף קרום־געדרייטע טרעפּ דערגייט מען צו דער בית־דין־שטוב, זיצט אַ בלינדער ייִד און מורמלט מיט אַ וויינענ־דיקן ניגון שטיקער תהילים. זיין דאַרע האַנט אין אַ ברייטן שוואַרצן אַרבל, זעט אויס ווי אַן אָפּגעפּליקטער פליגל פון אַן עוף. די האַנט איז אויסגע־שטרעקט אין דער לופט און מאָנט אַ נדבה. די בלייכקייט און די ביינערדיקע פאַרשפּיצטקייט וועקט נישט קיינעם. אַ סך אַזעלכע הענט זיינען אויסגע־שטרעקט אין דעם בלינדן געסל און מען זעט זיי אַפילו נישט.

**
*

די בית־דין־שטוב איז אַ גרויסער חלל אַרומגענומען מיט פיר אויסגע־קאַלעכטע ווענט. דער סופיט — אַ הילצערנער, מיט ברוינע בעלקעס דורכ־געפרעסענע פון ווערעם, שטויב און צייט — איז פול מיט נעסטן פון שפּינען, וואָס וועבן און פאַרוועבן אומגעשטערט די ווינקלען און דאָס געהילץ אַרום. דער דיל איז אַ שטיינערנער. אין מיטן שטוב שטייט אַ לאַנגער הילצערנער טיש מיט בענקלעך אַרום און עטלעכע בענק זיינען צעוואָרפן איבערן חלל.

אין דעם וואָכנטאָג פון ט״ז תמוז איז די שטוב געווען פאַרפולט מיט מע־נער, ווייבער און קינדער. אַ מיטוואָך ווי אַלע מיטוואָכס פון אַ גאַנץ יאָר גע־ווען, אַלע האָבן געשריגן מיט ווילדע קולות: הייזעריקע, שפּיציקע, גראָבע, געליאַרעמט מיט הענט, בערד, פּאַטשיילעס, פויסטן און היציקע תנועות. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס דער סופר פון בית־דין אין קאַסאַבלאַנקאַ, אַ הויך־קערדיקער ייִד, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ שוואַרצע האָר, שוואַרץ־פייערדיקע אויגן, האָט מיט נאָך העכערע געשרייען געפּרוווט איינשטילן דעם עולם. אין

אין האַנט צווישן די דאַרע פינגער האָט ער געהאַלטן אַ ווייסע געגדזשנע פענע, אין דער צווייטער — אַ ספר מיט אָפּגעריסענע רוקנס. די בײדע הענט האָבן זיך געוואָרפן אין די ברייטע אַרבל פון זײַן אַבאַיע, געהויבן זיך אַרויף און אַראָפּ. עלעהיי צוויי וואָגשאָלן. ער האָט מיטן ספר געפּאַכעט אין די לופטן און געשריגן:

— דאָס בית־דין גייט! די כאַכאַמס טרעטן שוין איבער די שוועל! זאָל זײַן שטיל!

עס איז ערשט אַ ביסל שטילער געוואָרן, ווען דאָס בית־דין, דריי חכמים זײַנען אויף אַן אמת אַריבער די הילצערנע שוועל, אַרײַנגעקומען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, צוגעגאַנגען צום טיש און זיך אַרײַנגעזעצט אין די קרעכצנדיקע בענקלעך. די קעפּ פון די דריי רבנים זײַנען געווען געהילט אין בלוי־דינע טיכער, אַרומגענומען דעם אונטערשטיין טייל ביז צו דער באָרד. זייערע פּאַרמעט־פּנימער — לענגלעכע, צעקנייטשטע, מידע, האָבן זיך געשטרעקט צו דער פאַרזאַמלטער מאַסע און אַלעמען באַטראַכט מיט טרויעריקע אויגן. דער עלטסטער פון די דריי חכמים האָט עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן צו דער זײַט פונעם סופר און אים געהייסן אויסרופן צוערשט די נעמען פון די בעלי־טענות, וואָס זײַנען אַהער געקומען פונעם שטעטל אַסני זיך לאָדן פאַרן בית־דין פון קאַסאַבלאַנקאַ. דער סופר האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, גלייך געמאַכט אויף זיך דעם צעפּלויגענעם קאָלנער פון דער אַבאַיע, אַראָפּגערוקט טיפער דאָס קליינע שוואַרצע היטעלע איבער די צעשויבערטע האָר, פון אַ יאַרמולקע אַרויסגענומען עטלעכע צעקנייטשטע פּאַפּירלעך, זיך אויפגעשטעלט אין דער הויקער־דיקר הויך און אויסגערופן:

— עובדיה בענזאַקאַר (בן־זכר) פון אַסני מיט זײַן טאָכטער לאה! אפרים דער שניידער פון אַסני! דער עדות רחמים דער דאָרפגייער!

דער סופר האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דאָס אויסרופן די נעמען, ווי עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשריי און האַלדז־רייסעניש פון צענדליקער מיילער מיט אַמאָל . אַ מעוברתע ייִדענע מיט אַ קאָליריק פראַנדזן־טיכל אויפן קאָפּ, און מיט צוויי פּיצלעך קינדער ביי די זייטן, האָט זיך געריסן צום בית־דין־טיש. זי האָט אירע דאַרע הענט געהויבן צום הימל, ווי זי וואָלט אויך פון דאָרטן דערוואַרט מען זאָל איר העלפן. זי האָט געשריגן, אַז מען זאָל זי אויסהערן צוערשט. זי קען נישט וואַרטן ביז מען וועט אויסהערן אַנדערע. זי האָט בלוטיקע טענות און מענות צו באַלייגן פאַר די כאַכאַמס: די שוועגערן אירע לאָזט איר נישט באַנוצן די דייזשע צו קנעטן ברויט, די קינדער האָבן שוין דעם צווייטן טאָג נישט געהאַט קיין קריש ברויט אין די מיילער. אויך דעם פייער־טאָפּ האָט מען ביי איר צוגענומען, ווייל זי האָט נישט באַצאָלט קיין

דירה־געלט. עס קומט איר אויס נאָר אין וואַסער אַריין זיך צו וואַרפן מיט די פּיצלעך קינדער. קיין אַנדערע עצה האָט זי נישט און קיינעם אַרט נישט איר וויי־געשריי. איז מיט אַ צעקאָכטן פּנים צוגעשפּרונגען אַ צווייטע ייִדענע, געפּאַכעט מיט די הענט אין דער לופט און געשריגן, אַז אַלץ וואָס יענע זאָגט איז הוילע ליגנס. עס איז פּונקט פאַרקערט: יענע האָט גאָר ביי איר צוערשט צוגענומען די דייזשע צו קנעטן ברויט, אויך עטלעכע בינטלעך קנאָבל און ווייטע פעפערס האָט יענע ביי איר צוגענומען.

אין מיטן דער מחלוקה צווישן די צוויי ווייבער, האָט זיך צום בית־דין טיש אַ ריס געטאָן אַ לאַנגער, דאַרער ייִד מיט אַ פּנים פון אַ נזיר, מיט אַ צעשויבערטער באָרד. זיינע שוואַרצע, שאַרפע, הונגעריקע אויגן האָבן גע־ברענט ווי ביי אַ וואָלף און זיינע דאַרע הענט האָבן זיך געוואָרפן ווי ביי אַ דזשאָנגלער. ער האָט געוואָלדעוועט:

— ניסים דער שווייגנדיקער האָט מיר אויסגעדונגען אַן אייזל, וואָס איך האָב געוואָלט קויפן ביים אַראַבער מוסטאַפאַ, דער ביינער־קלייבער. איך מוז זיצן אין שטוב מיט פאַרלייגטע פיס און צוזען ווי מיין הויז־געזינד הונגערט! איך קען נישט גיין האַנדלען, איך קען נישט שלעפּן קיין ליים און ציגל! ווו איז צדק? ווו איז גערעכטיקייט?

עס האָט זיך געהערט אַ ברומענדיק קול פון ניסים דעם שווייגנדיקן, וועל־כער האָט מיט כעס האַסטיק געזעצט מיט איין האַנט אין דער אַנדערער:

— ער זאָגט ליגנט! שקר ליגט אויף זיינע ליפּן! מוסטאַפאַ, דער ביינער־קלייבער, האָט מיר געוואָלט פאַרקויפן אַ בלינדן אייזל, האָב איך זיך נישט געלאָזט גענאַרן, איך האָב געוואָלט אַ זעעוודיקן. דעריבער מיינט ער, אַז איך האָב געוואָלט זיין אייזל אויסדינגען. וויל איך, אַז דער בית־דין, וואָס רעדט מיטן קול פון גאָט, זאָל אַרויסטראָגן אַ משפּט!

אַ קולכל ווי פון אַ פלייט געצויגן, דין, קלינגעוודיק האָט אַ שפּאַר געטאָן פון אַ ווינקל און געוואָרן געוויין:

— ער האָט מיך איבערגעלאָזט מיט צוויי פּיצעלעך און אַנטלאָפן קיין מאַראָקעש צו דער רויטער מזלה!

דאָס האָט אַ קליין, דריבנע ווייבל אין אַן עלטער פון זעכצן יאָר מיט אַ בלאַס פּנימל זיך געריסן פון ווינקל דורך דעם פאַרזאַמלטן עולם און גע־וואָלט צו צום טיש. איינער פון די דריי חכמים האָט זיך האַסטיק אויפגע־שטעלט און מיט אַ צאַרנדיק קול אויסגערופן:

— שטיל זאָל ווערן! דאָס בית־דין וואָס האָט זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט, כדי אויסצוגלייכן סכסוכים צווישן די ייִדן פון קאַסאַבלאַנקאַ, וועט היינט ביז זונען־אונטערגאַנג באַטראַכטן די טענות פון אַלע געקריוודעטע, פונעם

רייכסטן ביז דעם אָרעמסטן, פון דעם נידעריקסטן ביז דעם העכסטן מיוחס! צוערשט אָבער מוזן מיר אויסהערן די טענות און מענות, וואָס זיינען פון גרויס אחריות, וואָס ליגט אויף די וואָג־שאָלן פון משפט, רחמים און דין און וואַרטן אויף אַ תיקון. שטיל זאָל ווערן! קיין איין וואָרט זאָל זיך נישט אַרויס־רייסן פון וועמענס מויל!

דער עולם האָט זיך באַרויִקט. די ווייבער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, מיט די פינגער אונטערגעשפּאַרט די גאָמבעס און די מענער האָבן פּאַר־שעמטע זיך געררוקט הינטערוויילעכץ צו די ווענט. צום בית־דין־טיש איז מיט פּאַמעלעכע טריט צוגעקומען עובדיה בענזאַקאַר, אַ נידעריקער ייִד, אַ געזעצטער מיט אַ קליינער שוואַרצער באָרד, וואָס דער שוואַרץ איז געווען אַזוי טיף ווי דער טונקלסטער בלוי. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קליין, שוואַרץ היטעלע. ער האָט זיינע שווערע הענט אָנגעשפּאַרט אויפן טיש און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. נאָך אים איז צוגעקומען זיין טאָכטער לאהה, אַ יונג מיידל מיט פּאַרוויינטע אויגן. זי האָט מיט אַן אַפּאַטישן בליק באַטראַכט די דריי רבנים. די האָר זיינען ביי איר געווען צעלאָזן און געפּאַלן אין לאָקן איבער אַ פּאַרברוינטן נאַקן. די ליפּן זיינען ביי איר געווען געשלאָסענע. די אויגן־ווייִעס, טרערנדיקע, זיינען געווען האַלב פּאַרמאַכט. אַן ענג, אָפּגענוצט קליידל האָט געהילט איר פולן קערפּער. זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט די הענט, נישט געוווסט וואָס צו טאָן אין גאַנצן מיט זיך אַליין. נאָך דעם איז צום בית־דין־טיש צוגעגאַנגען אפרים דער שניידער פון אַסני. אַ הויכער יונג מיט אַ טשופּרינע שוואַרצע האָר, אומרויִקע טיפע אויגן, און לאַנגע הענט, וואָס ער האָט נישט געוווסט וואָס מיט זיי צו טאָן. דאָס פּנים זיינס האָט געפלאַמט פון בושה. ער האָט מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן אויף וועמען. עס האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ מיאוסער עבירה און מען גייט אים שלאָגן מלקות. נאָך אים האָט זיך געשאַרט דער עדות רחמים דער דאָרפס־גייער.

— וואָס זיינען דיינע טענות עובדיה פון אַסני? — האָט דער עלטסטער פון די דריי רבנים געפרעגט — און פאַר וואָס האָט דיך דער וועג געפירט פון אַסני דווקא קיין קאַסאַבלאַנקאַ? עס איז דאָך אַ ווייטער מהלך.

— גערעכטיקייט און רחמים זיינען מיר געקומען זוכן, חשובער בית־דין, מיר האָבן פון אונדזער וועג אָפּגענויגט און אָנגעשפּאַרט דאָ אַהער. גע־שלאָגענע ווי הינט זיינען מיר. פאַרשעמט און באַשפּיגן זיינען מיר געוואָרן. דעריבער האָבן מיר געוואָלט, אַז דאָס בית־דין, וועמען עס איז שוין באַקאַנט וועגן וואָס מיר זיינען דאָ אַהערגעקומען, פון דעם וואָס מיר האָבן נעכטן דעם סופר איבערגעגעבן אַ טייל פון אונדזערע טענות, באַשריבן אויף וויסן

פּאַפּיר — דאָס בית־דין זאָל פאַרנעמען אונדזערע רייד און אַרויסגעבן אַ פּסק־דין...

ווידער האָט דער עלטסטער פון די דריי חכמים געלאָזט הערן זיין קול:

— רעד, עובדיה און זאָל דיין האַרץ דערלייכטערט ווערן. מיר וועלן מיט דעם רצון פון דעם רבונו־של־עולם אויסהערן די רייד פון ביידע צדדים.

עובדיה פון שטעטל אַסני האָט גענומען דערציילן וועגן וואָס ער איז געקומען אַ דין־תורה האַלטן. ער האָט גערעדט שנעל, געהיצט זיך, גע־האַלטן די הענט אין פלאַכן און מיט זיי געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ווי צוויי וואָג־שאָלן. ער האָט געוואָלט אַלץ אַרויסזאָגן מיט איין מאָל, דעם גאַנצן פּיין און צער פון האַרצן אַראָפּווייִנען. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם מיידל, זיין טאָכטער און זייִנע פלייצעס האָבן געצוקט פון העשען. אויף די קליינע פּאַרשטויבטע שויבן פון די פענצטער האָבן געזשומעט פליגן, געריסן זיך צום פאַרשטויבטן דרויסן. זיי האָבן פלי‌ענדיק געטענצלט אַרויף און אַראָפּ, פול געמאַכט די שויב מיט טומל. פון עובדיהס רייד האָט דער בית־דין אַרויס־געדרונגען, אַז לאהה איז שוין צוויי יאָר פאַרקנסט צו אפרים דעם שניידער פון שטעטל אַסני, און זי איז היינט אינעם עלטער פון זעכצן יאָר. די קינדער האָבן זיך זייער גערן געהאַט, סיי פון דעם חתנס צד, סיי דער כלהס צד. האָבן שוין געהאַט אָפּגעשמועסט דעם זמן החתונה. לאה האָט שוין אַפילו אָפּגע־קליבן אַ שיינעם געוואַנט אויף אַ שבתדיקער אַבאַיע פאַר אפרימען, וואָס זי שטיקט אויס מיט זייד, עס זאָל אויסזען איידל און נגידיש. אויך ער, אפרים, האָט פאַר דער כלה זיינער שוין באַשטעלט אַ פינגערל ביי לוי דעם גאָלד־שמיד, פאַר כלה־מתנות באַשטעלט.

די דריי חכמים האָבן זייערע מידע פּנימער געשטרעקט צו דעם אָנגע־היצטן חלל. דער טרויער פון זייערע אויגן האָט זיך איבערגעגאָסן, ווי דער טרויער פון אַ קינד אין דער בענקשאַפט צו דער מוטער. עובדיה האָט זיך געשאָקלט אין דער אייגענער עקזאַלטירטקייט. זיין מויל האָט געשוימט מיט רייד:

— האָט זיך דער רבונו־של־עולם דערצאָרנט אויף זייִנע קנעכט, אויס־געגאָסן אויף זיי אַ ביטער אומגליק. אַ וויסטע שטראָף! אַרויסגעקומען איז עס צוליב איבראַיהם דעם בלינדנס אַ שעפּס און מסעוד דעם קרעמערס אַ זעקל מאַנדלען. איבראַהימס שעפּס איז געווען אָנגעברייט פאַר אַ סעודה, אויפגעגעסן צו ווערן נאָך זונען אונטערגאַנג אין די תעניתים־טעג פונעם אַראַבישן יום־טוב ראַמאַדאַן. אַ פעטער שעפּס, אָבער שטענדיק הונגעריק. אַלץ וואָס ער האָט געפונען אין וועג האָט ער פאַרצערט. איין מאָל האָט ער זיך געלאָזט גיין צום מסעודס קראָם און זיך צוגעכאַפּט צו אַ זעקל מאַנדלען,

וואָס איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון דער קראָם און אויפגעגעסן אַ שפּאַר ביסל.

אויף די מידע, צעקנייטשטע פּנימער פון די דריי רבנים האָט זיך אַ לייכטער שמייכל אַ גליטש געטאָן. דער סופר האָט מיט זיין געגנדזענער פּען פאַרשריבן אויף דעם ווייסן פּאַפּיר וואָרט ביי וואָרט.

— נו, נו, עובדיה — האָט איינער פון די חכמים געברומט — אַ שעפּס איז אַלע מאָל הונגעריק, אַ שטום באַשעפעניש, זוכט עס זיך שפּייז אין אַלע ווינקעלעך...

— מסעוד איז געווען פאַרטיפט אין אַ קבלה־ספר און זיין מוח אין די הויכע וועלטן, אַז ער האָט דערזען וואָס פון זיין זעקל מאַנדלען איז געוואָרן, האָט ער לכתחילה געמיינט, אַז דער שעפּס איז אַ גלגול פון אַ הונגעריקן צדיק, וואָס איז געקומען צו אים אין קראָם זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ. באַלד האָט ער אָבער איינגעזען, אַז אַ צדיק עסט נישט מיט אַזאַ געוואַלדיקער תאווה און אַפּעטיט, האָט ער דעריבער אויפגעוואַכט מיט אַ גרויס געשריי, געכאַפּט אַ שטעקן, גענומען טרייבן און שלאָגן דעם בלינדן איבראַהימס שעפּס. עטלעכע אַראַבישע יינגלעך האָבן דאָס דערזען, זיינען זיי געלאָפן צו איבראַהימען מיט אַ געוואַלד, אַז ער זאָל ראַטעווען זיין האָב־און־גוטס פון דעם ייִדנס הענט. איבראַהים, וואָס איז באַקאַנט אין אַסך פּאַר אַ הייליקן, אַ בעל־מידות, אַן עצה־געבער און אויסגלייכער צווישן דערשלאָגענע און תקיפים, האָט זיך אָנגעגורט מיט אַ שטעקן, אַ שטיק אייזן, אַ שטריק און געלאָפן צו מסעודס קראָם. נאָך אים זיינען נאָכגעלאָפן מחנות אַראַבער, וואָס זיינען גראָד געזעסן אין גראָבן איזמאַילס קאַפע־הויז, געטרונקען גרינע טיי, געשפּיגן און זיך דערציילט מעשיות וועגן שדים און כישוף־מאַכער. אַלע זיינען געלאָפן צו מסעודס קראָם. עס איז באַלד אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג צווישן ייִדן און אַראַבער. ייִדן האָבן זיך נישט געלאָזט שלאָגן, אויך אפרים איז געווען צווישן זיי...

אפרים האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. לאה איז געשטאַנען אַ פאַרשטאַרטע. אויף איר שיין פּנים האָט געשפּילט רויט און בלייך. דער עולם אין זאַל, מענער און ווייבער, האָט זיך געוויגט אין שטילקייט. עובדיה האָט ווידער געהויבן די הענט אין פלאַכן, ווי וואָג־שאַלן און זיין קול האָט געפּלייצט איבער דער בית־דין־שטוב:

— דאָס געשלעג האָט זיך צעטראָגן איבער די געסלעך ווי אַ שטורעם־ווינט, נישט איינצוהאַלטן. אַ שטורעם־ווינט וואָס רייסט אַראָפּ דעכער און הייזער, רייסט אויס ביימער מיט די וואָרצלען. אין דער גזר־שעה האָט מיין טאָכטער לאה, מיין קרוין און דאָס אויג פון מיין קאָפּ, געוואַשן וועש ביים

טייך, וואָס ציט זיך אַרום דעם שטעטל אַסני. אין דער וויסטער מהומה איז זי פאַרשלעפּט געוואָרן פון אַ צעהיצטן אַראַבישן יונג, פאַראומרייניקט געוואָרן, באַשפּיגן געוואָרן און יענער איז געווען אָנגעגורט מיט געוואַלד און כוח, מיט אַ פויסט און מעסער. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס זי האָט אַכמעדן געשלאָגן מיט אַ נאָס שטיק וועש איבערן פּרצוף זיינעם. די תאווה איז געווען שטאַרקער. אַ היציקער יונג, דער בעסטער פערד־רייטער אין די בערג...

אין דער פולגעפּאַקטער בית־דין־שטוב, האָט זיך איצטער געהערט אַ ברומען, אַ זיפצן, אַ העשען, ווי אַ וואָיעדיקער ווינט וואָלט זיך דורכגעטראָגן. עובדיה האָט זיינע הענט געשטרעקט צו די אויגן פון די דריי כאַכאַמס מיט געבעט און אונטערטעניקייט צו זיין ביטערן גורל:

— פאַר וואָס האָט דער רבונו־של־עולם אַזוי געשלאָגן זיין טרייען קנעכט עובדיה? פאַר וואָס פּרוווט ער מיך אויס מיט פּיין און שלעק? ווער בין איך דאָס אין גאַנצן?

— איז וואָס ווילסטו, עובדיה? — האָט איינער פון די רבנים אויפגעהויבן די הענט צום הימל און זיין בלייך פאַרמעט־פּנים האָט זיך צוזאַמענגעקאַרטשעט ווי פאַר אַ געוויין־אויסברוך — אַ דין־תורה מיט דעם רבונו־של־עולם?

— חלילה וחס! — האָט עובדיה זיך אַ צאַפּל געטאָן — איך וויל בלויז, אַז... אַז אפרים, לאהס חתן, זאָל זיין האַרץ אומקערן צו איר, נישט פאַרשעמען אַ כלה־מיידל, נישט טרייבן זי יונגערהייט פון דער וועלט.

— דהיינו?

— זינט יענעם פינצטערן טאָג, ווען דאָס אומגליק האָט געטראָפן און דער היציקער אַראַבישער יונג האָט זי באַשפּיגן, אויסגעשטעלט זי פאַרן הימל, פאַר די אויגן פון די ייִדן פון אַסני צו ביטערן בזיון, האָט זיך אפרים איר חתן אין גאַנצן אָפּגעקערט פון איר. ער מיידט זי אויס, אַנטלויפט מיט הירשן־טריט פון איר. אַפילו נאָך דעם ווי דאָס געשלעג איז איינגעשטילט געוואָרן ווי עס שטילט זיך איין אַ פייער, איז ער נישט איבערגעטראָטן די שוועל פון מיין הויז און נישט נאָכגעפרעגט וועגן איר. דאָס מיידל גייט אויס ווי אַ ליכט. איך בעט רחמנות פאַר איר, איך וויין פאַר גאָט, איך לויף צו מענטשן. איך...

עובדיהס ברייטע פּלייצעס האָבן גענומען צוקן. ער איז פאַרגאַנגען אין אַ געוויין. ער האָט מער נישט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט פון מויל. אויף די קליינע פענצטער האָבן געזשומעט די פליגן. דער סופר האָט געשריבן שפּיציק, קריצנדיק מיט דער פענע איבערן פּאַפּיר. אין די ווינקלען פון באַלקן האָבן פעט־בייכיקע שפּינען געוועבט אַ געוועבעכץ.

— אפרים פון אַסני! — האָט איינער פון די דריי רבנים זיך געווענדט צום יונג, וואָס איז געשטאַנען אַן אומרויִקער, אַ צעשראָקענער אונטער די בליקן פון די רבנים — פאַר וואָס פאַרשאַפסטו אַזוי פיל צער די טאַטע־מאַמע פון אַ ייִדיש קינד?

— הייליקער בית־דין — האָט אפרים גענומען שטאַמלען און זיין פּנים איז געוואָרן בלייך ווי קאַלך — זי... זי איז פאַראומרייניקט געוואָרן, אַכמעד האָט זי געשלעפּט פון וואַסער צום פעלדז, וואָס האָט אַן אויסהויל צו אַ טיפער הייל. זי איז דאָרט געווען עטלעכע שעה צייט, אַכמעד האָט זיין הייס בלוט געשטילט...

דער גאַנצער עולם אין דער ענגשאַפט האָט זיך אַ וויג געטאָן. אומרו און שרעק האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. די ווייבער האָבן זייערע קאָליריקע פראַנדזן־טיכער צורעכט געמאַכט אויף די קעפּ, די מענער האָבן אונטער־געקרעכצט און די רבנים, צוזאַמען מיטן הויקערדיקן סופר, ביי וועמען עס איז אַרויסגעפאַלן די גענדזענע פעדער פון האַנט, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אַ ווײַלע איז אַלץ געווען צווישן שרעק, אַנגסט, מורא. דער עלטסטער כאַכאַם האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הייך. דאָס דינע טיכל, וואָס האָט פאַרבונדן זיין קאָפּ ביז אונטער דער באָרד, האָט זיך אַראָפּגערוקט, ער האָט עס שנעל צורעכט געמאַכט אויפן קאָפּ. זיין דאַרער קערפּער האָט זיך גע־בויגן הין און צוריק. ער האָט אַ געשריי געטאָן פול מיט גרימצאָרן און כעס:

— שווייג! פאַרשעם נישט אַ ייִדישע טאָכטער. מיט געוואַלד איז עס געשען! אַ צרה אויף ייִדן, אַ שעה פון בייזקייט איז עס געווען! אַ געשלעג מיט אונדזערע שכנים. אַ הפקר־יונג האָט זיך צעווילדעוועט. אַ שטראָף וועט פאַלן אויף דיין קאָפּ, אפרים פון אַסני, אויב דו וועסט זיך אָפּקערן פון דיין כלה.

— זי איז נישט מער מיין כלה. אַן אַנדער מאַנספאַרשוין האָט זי שוין באַזעסן — האָט אפרים געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול — זי איז נישט ראוי לחופּה.

דער צווייטער כאַכאַם האָט זיך אויפגעשטעלט. זיינע אויגן זיינען געווען איבערגעלאָפן מיט טרויער. זיין קול איז געווען ווייך:

— דו ווייסט זייער גוט, מיין זון, אַז אומווירדיקע הענט האָבן פאַר־שוועכט איר לייב. צערייס נישט דעם בונד צווישן איר און דיר. עס איז אַ גרויסע זינד.

— מען לאַכט פון מיר, זי איז אַ באַפלעקטע.

דער יונג איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער קאָפּ האָט אים שיִעור געפּלאַצט.

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. אַלץ אין זיין לייב האָט געברענט פאַר יסורים. ער איז געווען אינעם זעלבן עלטער וואָס לאה. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיינע חברים, געשראָקן זיך פאַר זיינע עלטערן, וואָס וועלן נישט דער־לאָזן, אַז זייער זון זאָל נעמען אַ באַפלעקטע מיידל פאַר אַ ווייב. ער האָט אַלע זיינע יאָרן געחלומט, אַז זיין כלה זאָל קומען צו אים אין דער חופּה־נאַכט אַן אומבאַרירטע, און לאה איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון אַכמעדן צום פעלדז און דער פעלדז האָט אַן אויסהיילונג, וואָס פירט צו אַ טיפער הייל, און דאָרט אינעם הייל זיינען דאָ שדים, רוחות אַלערליי, לילית טאַנצט דאָרט אַ נאַקעטע מיט אַ גאַנצע כאַפּטע מיידלעך. די אַראַבישע יונגען ברענגען דאָרט אַהין זייערע געליבטע. דער וואָס ברענגט אינעם הייל אַריין אַ ייִדיש מיידל, ווערט געזאַלבט פאַר אַ פּרינץ און דאָס מיידל מוז אים זיין אונטער־טעניק דאָס גאַנצע לעבן, אין חלום און אין וואָר, אין טעג, אין די פרי־מאָרגנס און אין די טיפע נעכט...

— וואָס זאָגסטו, אפרים? ווו איז דיין תשובה צום בית־דין? דיין גו־טער ווילן?

— די הייל איז פאַרשאָלטן.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד, אפרים פון אַסני? וואָס איז דיין תשובה?

— איך האָב נישט קיין תשובה, הייליקער בית־דין.

— אויף דיין קאָפּ וועט עס פאַלן...

האָט איינער פון בית־דין זיך אַ קער געטאָן צום סופר און אין אויער אַריין געשעפּטשעט. דער סופר האָט אויפגעהויבן זיין צעשויבערטן קאָפּ, גע־זוכט מיט די אויגן און געזאָגט:

— זאָל דער עדות רחמים, דער דאָרפס־גייער פון אַסני, גענענען.

רחמים דער דאָרפס־גייער האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— וואָס איז דיין עדות זאָגן, רחמים? — האָט דער עלטסטער פון בית־דין געפרעגט.

— יענעם טאָג האָב איך גערייניקט מיינע זעק ביים טייך, ווייל איך פּיל זיי אָן מיט טייטלען, און גיי מיט זיי איבער די דערפער. פּלוצלינג האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע מהומה. עס זיינען אָנגעלאָפן אַראַבישע יונגען מיט שטעקנס און מיט געשרייען, מיט אייזנס אין די הענט און מיט געלעכטער. זיי האָבן אַלעמען געשלאָגן. מיינע זעק האָבן זיי געוואָרפן אין טייך אַריין. מיך האָבן זיי באַוואָרפן מיט שטיינער. די ייִדישע ווייבער און מיידלעך האָבן זיי געשלאָגן, און איינער פון זיי, אַ הויכער יונג מיט וואָנצעס איז צוגעפאַלן צו לאהן, עובדיהס טאָכטער. זי האָט זיך געוועהרט, אים געשלאָגן מיט די

נאָסע שטיקער וועש איבערן פּנים. זי האָט געבעטן הילף, געווײנט. ער האָט זי אַ ריס געטאָן פון אָרט און ביי די הענט געשלעפט צום פעלדז.

דער סופר ביים טיש האָט געשריבן מיט זיין געגנדזענער פען שנעל און שפּיציק. די דריי חכמים האָבן געשעפּטשעט רייד אײנער צום אַנדערן. פון צווישן עולם האָט זיך געהערט אַ כליפּען, אַ קרעכצן. די ווייבער האָבן דער־שראָקענע געקוקט אויף די מענער און די מענער האָבן פאַרשעמט אַראָפּגע־לאָזט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן אויף אַן אמת געווען די שולדיקע.

האָט דער עלטסטער פון בית־דין זיינע מידע אויגן אָנגעשטעלט אויף דעם מיידל.

— וואָס זאָגסטו, מיין טאָכטער? רעד, דיינע רייד וועלן זיין די וואָגיקסטע.

דאָס מיידל האָט גאָרנישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אַ פּאַרגלי־ווערטע, נישט געעפנט די ליפּן, נישט צו קיין רייד, נישט צו קיין געבעט אָדער געוויין.

די דריי חכמים האָבן אונטערגעשפּאַרט די הענט ביי די אויערן, כדי בעסער צו הערן די שטילע רייד, וואָס אײנער האָט דעם אַנדערן געהאָט צו זאָגן ביים אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין.

ווידער האָט דער עלטסטער פון בית־דין געלאָזט הערן זיין קויל:

— מיר, דער בית־דין פון דער שטאָט קאַסאַבלאַנקאַ, ביים ים אוקיינוס, האָבן אויסגעהערט די טענות פון ביידע צדדים און אויך דאָס עדות זאָגן פון רחמים דעם דאָרפס־גייער פון אַסני. פון זיינע רייד דרינגען מיר אַרויס, אַז לאה, די טאָכטער פון עובדיהן פון אַסני, איז מיט גוואַלט פאַרשלעפּט געוואָרן פון דעם אַראַבישן יונג צום פעלדז, וואָס פירט צו אַ טיפער הייל אין די בערג אַרום דעם שטעטל אַסני. מיר פאַרלאַנגען, אַז אפרים זאָל זי נישט מבייש זיין בפני כל עם ועדה, נאָר זאָל זיך מיט איר איבערבעטן און ווי חתן כלה זאָלן זיי זיך גרייטן צו דעם טאָג, ווען זיי וועלן שטעלן אַ חופּה.

— איך וועל נישט שטעלן אַ חופּה! — האָט אפרים אַ רעווע געטאָן.

— דער בית־דין פון דער שטאָט קאַסאַבלאַנקאַ, ביים ים אוקיינוס, איז אויף דיר גוזר, אַז זאָלסט אויספאָלגן דעם פּסק־דין. עס זיינען שווערע צייטן. די שכנים אונדזערע רודפן אונדז, פּלאָגן און פּייניקן, ווען נאָר אַ גינסטיקע שעה שפּילט זיי צו. אין אַזעלכע צייטן טאָרן ייִדן זיך נישט קריגן אײנער מיטן אַנדערן, נישט צאַפּן דאָס בלוט אײנער ביים אַנדערן. עס זיינען בי־טערע צייטן פון דין! מיר אַליין מוזן ברענגען רחמים און גאָט וועט אונדז צוהעלפן. דעריבער, דעריבער זיינען מיר אויף דיר גוזר, אפרים!

דער כאַכאַם האָט זיינע מידע הענט אָנגעשפּאַרט אינעם טיש ביי וועלכן

ער איז געשטאַנען. אַ שרעק האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. קיינער האָט נישט געוואָגט הויך צו אָטעמען אויס מורא.

אפרים האָט זיך געביסן די ליפּן. אין זיין לייב איז אָנגעגאַנגען אַ ביטער־ער קאַמף. דער מוח האָט זיך געשלאָגן מיטן האַרצן. איין געדאַנק האָט זיך איינגעפלאָכטן אינעם אַנדערן, אָנגעשפּיצט זיך, געפּייניקט און געפּייניקט. לאה האָט נישט געוואָגט דעם קאָפּ אויפצוהייבן. דאָס פּנים אירס האָט געביטן די קאָלירן, בלייך און רויט. די פּיס זיינען ביי איר געווען אונטערגעהאַקטע, זי האָט נישט געפילט, אַז זי עקסיסטירט, אַז מען מיינט זי. אין האַלדז האָט איר געשטיקט. זי איז נישט געווען בייז אויף אפרימען. זי האָט אים ליב געהאַט, געבענקט נאָך אים און נישט געקענט תופס זיין, ווי אַזוי זי וועט ווייטער לעבן. ווי אַזוי וועט זי זיין אין אַסני, העלפן דעם טאַטן שינדן די פעלן. וואַשן וועש ביים טייך. ביי נאַכט וועט לאַכן דער אייזל, דער קעמל וועט וויינען צום הימל, די הענער וועלן קרייען. דער אַראַבישער מעאודזין וועט אין די פאַרטאָגס זיך ווענדן צו אַלע פיר ווינקלען פון דער וועלט און רופן אַלע גלייביקע אָפּצוגעבן אַללאַהן זיין פרימאָרגן־געבעט, אויך צו אַכמעדן דעם אייזל־טרייבער וועט ער זיך ווענדן, ער זאָל לויבן אַללאַהן און בעטן צו אים. דאָרט אין דער הייל האָט ער, אַכמעד, אַזוי געלאַכט. זי הערט נאָך היינט זיין נאַכאָטשען, וואָס האָט אָפּגעקלונגען מיט אַזוי פיל פיין, אַלע שדים פון דער הייל האָבן אים צוריקגעענטפערט. זיין לייב איז געווען אַזוי שווער און אַזוי לייכט, זיינע ציינער, וואָס האָבן זיך איינגעביסן אין איר לייב און געמאַכט ווונדן, האָבן אַזוי ווי געטאָן, ווען זי קען איצט שרייען, שרייען...

— ענטפער אפרים!

אַזאַ מוראדיקע שטילקייט. מען האָט געהערט דאָס זשומען פון די פליגן און דאָס געוויין פון אַ פלייט פון דער גאַס.

צווישן דעם עולם האָט זיך אַ ריר געטאָן:

אַ בכבודיקער יִיד מיט אַ הדרת־פּנים און זילבער־גרויער באָרד, האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגעשטופּט פון דער מאַסע. זיין פולער, הויכער קערפּער, גלייך ווי אַ בוים, איז געווען געהילט אין אַן אַבאַיע פון גרויען געוואַנט, געשטיקט מיט זייד. עס האָט זיך פון אים געטראָגן מיט חשיבות, מיט נגידישער ברייט־קייט. אויפן קאָפּ איז אים געלעגן אַ זיידן היטל און זיינע פיס האָבן געשטעקט אין ווייכע געשטעפּטע סאַנדאַלן. זיין קול האָט זיך פלוצלינג אַ גאָס געטאָן, ווי אַ זילבערנער וואַסערפאַל, וואָס באַווייזט זיך פלוצלינג אין אַ פעלדז.

— אויב אפרים, דער שניידער פון אַסני, וויל צערייסן די תנאים מיט עובדיהס טאָכטער לאה, בין איך אליהו, דער תבואה־סוחר פון מאַזאַגאַן, וואָס בין היינט אַראָפּגעקומען האָבן אַ דין־תורה מיט מיין שותף שמעון — גרייט

צו נעמען לאהן און שטעלן מיט איר אַ חופּה כדת משה וישראל, ווערן איר באַשיצער און מאַן!

צווישן דער מאַסע איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער גערודער, ווי אַ דאַמבע וואָלט פּלוצלינג זיך אָפּגעריסן און ריזיקע שטראָמען וואַסער רייסן אויף די לופט. אַלע פּנימער האָבן זיך געשטרעקט צום בכבודיקן ייִד. אַלע פּנימער. בלויז דאָס מיידל לאה איז געשטאַנען אַ פאַרשטאַרטע, ווי נישט זי מיינט מען דאָס. מיילער האָבן גערעדט הויך און שטיל:

— אליהו דער תבואה־סוחר פון מאַגאַזאַן! ער איז נאָך שטאַרקער ווי אַ בוים. ער האָט גאָלד און זילבער, היגער און קעלבער. ער וועט טאָן אַ גרויסע מצווה, און אַליין זיך איינשאַפן אַ יונג ווייב. ער איז ערשט נישט לאַנג צו־ריק געוואָרן אַן אלמן נאָך דער פערטער ווייב...

אויף די מידע פּנימער פון די דריי רבנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. ווידער האָט דער עלטסטער פון זיי זיך אויפגעשטעלט און אַזוי געזאָגט:

— ר׳ אליהו, אונדזערע אויערן האָבן געהערט און פאַרנומען אייערע קלאָרע רייד, אַז איר באַוויליקט צו נעמען פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון עובדיה דעם שטריק־פלעכטער פון דער שטאָט אַסני, וואָס ביי די אַטלאַס־בערג. מיר ווילן דעריבער פרעגן דעם פאָטער פון דער מיידל לאה און איר אַליין וועט מען פרעגן. וואָס זאָגסטו, עובדיה?

עובדיה האָט אַ צעשפּרייט געטאָן די הענט צו אַלעמען. זיין קול איז גע־ווען געבראָכן און אויך עפּעס חשיבותדיק:

— איך... וואָס קען איך זאָגן, אַ געשלאָגענער בין איך, און נעם אָן אַלץ, וואָס עס איז גאָטס רצון, אַלץ וואָס דער הימל וויל. איך באַשטיי מיין טאָכ־טער צו פירן צו דער חופּה מיט ר׳ אליהון פון מאַזאַגאַן.

דער סופר האָט געשריבן מיט זיין געגנדזענער פען שפּיציק און קלאָר איבער די ווייסע טאָוולען. דאָס קליינע היטעלע אויף זיין צעשויבערטן קאָפּ האָט זיך אַראָפּגערוקט אויף הינטן, דאָס הויקערדיק געשטאַלט זיינס האָט זיך געשאָקלט הין און צוריק.

— און דו, לאה, ווילסטו ווערן דאָס ווייב פון אליהון? — האָט דער עלטסטער פון בית־דין ווייטער געפרעגט — ער וועט ווערן דיין באַשיצער און שפּייזער.

דאָס מיידל האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט די גאַנצע צייט פון די גערעדעכצן אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אויף דעם, וואָס וויל זי אַרויס־שלעפּן פון דעם טרויער, אין וועלכן זי זינקט און וויל זי דערהייבן. זי האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו דער געשטאַלט פון עלטסטן חכם, אַז זי איז מסכים.

ווידער זיינען געווען רגעס פון אַ טיפער שווייגעניש.

פּלוצלינג האָט אפרים זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג וואָלט אים געביסן. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געהאַריש געשריי, וואָס מען האָט נישט געקענט אָפּשאַצן צי איז עס פאַרצווייפלונג, געוויין, פרייד, חרטה, אָדער ער איז מצדיק אויף זיך דעם דין:

— אויב זי איז גוט פאַר אליהו דעם תבואה־סוחר פון מאַזאַגאַן פאַר אַ ווייב, איז זי אויך גוט פאַר מיר. איך!...

דער יונג האָט אויסגעשטרעקט זיין פּנים צו דער מיידל. ער איז געווען פאַרחידושט פון דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אים און מיט אים. ער האָט געגאַפט פון דער אייגענער געוואַגטקייט, אָדער פון דעם וואָס ער איז געוואָרן אָפּגענאַרט, אָדער אַליין זיך גענאַרט, אַליין זיך אַרויסגעשטעקט אַ צונג פון חוזק.

ווידער האָט אין חלל פון בית־דין שטוב געהערשט אַ טויטע שטילקייט. נישט בלויז האָט אפרים געגאַפט פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען, נאָר אַלע מענטשן זיינען געווען ווי באַנומענע. זיי האָבן איבערגעלעבט אַ גרויסן וווּנדער.

די אויגן פון די דריי חכמים האָבן אויפגעלויכטן און דער עלטסטער פון די דריי האָט זיך געווענדט צו אליהון, דעם תבואה־סוחר פון דער שטאָט מאַזאַגאַן:

— ר׳ אליהו פון מאַזאַגאַן, איר האָט אַ ייִדישע נשמה דערהויבן פון אַ טיפן אָפּגרונט אַרויס דערהויבן! זאָל אייך גאָט געבן אַריכת ימים!

די בעלי־טענות פון אַסני, וואָס זיינען זיך געקומען קלאָגן צום בית־דין פון דער מעללאַה אין קאַסאַבלאַנקאַ, האָבן שווייגנדיק פאַרלאָזן די בית־דין שטוב. צוערשט איז אַרויסגעגאַנגען עובדיה דער פעל־שינדער, נאָך אים — זיין טאָכטער לאה, נאָך זיי ביידן איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געגאַנגען דער יונג אפרים, דער שניידער פון אַסני. ער האָט געקוקט אויף אַלע זייטן, זיינע אויגן האָבן געגליט ווי ביי אַ וואָלף. נאָך די דריי איז געגאַנגען אַ פריידיקער דער עדות רחמים דער דאַרפסגייער.

אין בית־דין שטוב האָט דער סופר געשריבן מיט זיין געגנדזענער פּען שנעל און שפּיציק, פאַרשריבן לדור דורות דעם פּסק־דין און ר׳ אליהוס גרויס־מוטיקייט.

די דריי חכמים האָבן באַטראַכט דעם עולם אין דער געפּאַקטער ענגשאַפט, וואָס איז איצטער פאַמעלעך געקומען צו זיך. יעדער באַזונדער פון דער צוזאַ־מענגעקנוילטער מאַסע האָט זיך אָפּגעטיילט און געאיילט מיט געשריי און גע־פילדער צום טיש, ווו עס איז געזעסן דאָס בית־דין. יעדער פון די פאַרזאַמלטע

האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס צו די דריי חכמים און אין גרויס געאייל גענומען אויסדערציילן, וואָס עס האָט געדריקט אויפן האַרצן, געפייניקט דאָס געמיט. דעם ביטערן עול אויסדערציילט און די פולע קרוג מיט צרות אויס־געגאָסן.

אין דעם בלינדן געסל, ביי דעם אָפּגעשוונדענעם הויז, ווו דאָס בית־דין געפינט זיך, האָט דער בלינדער ייִד מיט זיינע פאַרדאַרטע ליפּן געברומט שטיקער תהילים פאַר דעם שטויביק, זוניקן דרויסן. די ווערטער געמאָלן אין תפילה, געוויין. קיינער האָט זיי נישט געהערט, אַפילו דער זייגער אַליין האָט זיי נישט געהערט.

# נאָלדשטיקלעך

א.

ביי דער שוועל פון זיין פיר אויף פיר איילן קרעמל איז געזעסן דער ווייַן־ און שפּייז־סוחר חיים גאַמאַל. זיין מאָגער לייב איז געווען געהילט אין אַן אָפּגענוצטער צעפּלאַטערטער אַבאַיע; אויפן קאָפּ איז דאָס רונדיקע, שוואַרצע היטל אים געלעגן זייטיק איבער אַ קנויל־זילבער־מאַטע האָר און די באָרוועסע פיס זיינע האָבן געשטעקט אין אויסגעריבענע סאַנדאַלן. אויף די קני איז אים געלעגן אַן אָפן ספרל מיט פאַרגעלבטע בלעטער און די דריבנע אותיות האָט מען קוים געקענט דערכאַפּן מיט אַן אויג. ער איז געווען פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט פון די שלעכטע בשורות, וואָס קומען אָן פון אַלע זייטן, אָז ער האָט קיין וואָרט נישט אויפגעכאַפּט פונעם ספרל אַרויס, הגם פון געוווינהייט וועגן האָט ער יעדע שורה געקענט פון אויסנווייניק און ער וואָלט קיין מאָל נישט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם וועלדל פון קבלה, רמזים, צירופים, וואָס ליגן צעוואָרפן איבער די מאָגערע, צעקניטשטע בלעטלעך.

אָט זאָגט מען, אַז די וועלט האַלט ביים אונטערגיין, דאָס שלעכטס שטאַרקט זיך איבער דעם ביסל גוטס, וואָס טליִעט נאָך אינעם מענטשן, ווי אַ פלאַמיקער פונק אין אַ באַרג אַש. דער משחית און די מלאכי־חבלה האָבן די אויבערמאַכט איבערן מענטשלעכן לעבן און די מלחמה, וואָס פאַרלענדט די וועלט, וועט זיך אַזוי ציִען איביק, מעגלעך עד סוף כל הדורות. זאָל עס טאַקע האַלטן אַזוי ווייט? — האָט דער שפּייז־קרעמער זיך געפרעגט אין געדאַנק — היינט וואָס דאַרף ער, חיים גאַמאַל האַלטן אָפן אַ קראָם, וואַרטן אויף אַ קונה וואָס זאָל קויפן אַ נאָדל, אַ פלעשל אייל, אַ פאָר סאַנדאַלן און אין אַ פרייטיק אַ מאָל אַ פלעשל ווייַן לכבוד שבת? אפשר איז עס טאַקע משיחס צייטן, די וועלט איז דאָך כולו חייב, מען זעט עס באַשיימפּערלעך, און אויב כולו חייב מוז דאָך משיח קומען...

פאַרביי אים — אין דעם ענגן, קרומלעכן געסל מיט אָפּגעשונדענע ווענט פון צעקאַליעטשעטע מויערן איז אַנגעגאַנגען אַ טומל אויף אַלע קולות: עס האָט געווימלט, געשווירבלט מיט ייִדן און אַראַבער. מענער, ווייבער, קינדער, אייזל און קעמל. אָרעמע, פאַרחושכטע ווייבער, געהילטע אין פאַרקוויטשטע פלאַכטעס. אויף די פּלייצעס אַ געפלעכט פון שטרוי, ווו עס זיינען געלעגן, געזעסן אַ צוויי, דריי פּיצלעך קינדער, וואָס האָבן מיט צעשראָקענע אויגן געקוקט אַרום זיך. אַן אָפּגעשליסענער אַראַבער האָט זיך געקריגט אויף ווילדע האַלדז-טענער מיט אַ ייִדישן פּירות-סוחר ביים פאַרהאַנדלען אַ בערגעלע פּרוכטן איבער וועלכע עס האָבן געראַיעט מחנות פליגן.

פונעם עק געסל איז אָנגעקומען אַ קעמל-טרייבער, פאַרויס האָט געמאָסטן די טריט אַ פאַרבלאָטיקטער קעמל, מיט אַ באַרג לאָדונג צווישן די הארבן, איז אַקעגן אים פון יענער זייט אָנגעקומען אַן אייזל-טרייבער מיט אַ דריי אייזלען. די חיות האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן דעם וועג איינע דער אַנדערער און די צוויי חיה-טרייבערס האָבן זיך געפוילט צו מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג. אַ מאַמע איז געלאָפן מיט צעשראָקענע אויגן צווישן דעם געזעמל און גערעדט צו זיך און צו דער גאַס: אַ קינד איז איר פאַרשלאָפט, זי האָט נישט קיין רפואה-קרייטעכצער אויפצוקאָכן, האָט נישט קיין ברענקוילן פאַרן פייערטאָפּ, האָט נישט קיין געלט אויף ריצינאייל און האָט שוין נישט קיין כוח מער צו קלאָגן.

קליינע ייִנגלעך, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, האָבן אויף די מאָגערע פּלייצעס געשלעפּט לאָגלען פון קעמל-פעלן אָנגעפילטע מיט רעגן-וואַסער און מיט דינע קולות האָבן זיי געשפּאָלטן די לופט:

— וואַסער! וואַסער! צוויי טעפּלעך פאַר אַ קליינע פּרוטה!

אַ בשמים-סוחר, וואָס וואַנדערט איבער די בערג און טאָלן מיט אַ קעסטל קרייטעכצער, אײלן, סגולות, זאַלבן, ריצינאייל, פאַרפומען, קמיעות, נעגעלעך, האָט געוואַלדעוועט:

— ווייבער! איר ווילט אייערע לייבער זאָלן זיין קלאָר און גלאַטיק, אייערע מענער זאָלן נישט גלוסטן צו פרעמדע, זאָלן זייערע אויגן נישט ווענדן צו פרעמדע? קויפט אײלן און שמירעכצן, נעגעלעך און פאַרפומען! איר וועט זיין אייביק יונג און די שיינקייט וועט אַראָפּשיינען פון אייערע פּנימער!

אַ נידעריקער אַראַבער מיט אַ קוליע, האָט געשלונגען פייערדיקע צונגען, אַ צווייטער מיט אַ בעלמע אויפן אויג, האָט געוויקלט אַרום זיך אַ שלאַנג און אויף אַ פאַסטוך-פייפל אַרויסגעבראַכט כישופדיקע טענער. די שלאַנג האָט געהויבן דעם קאָפּ אין ריטמישע באַוועגונגען. דריי אַראַבער מיט גאָלע קעפּ, רויטע פלאַכטעס פאַרוואָרפן איבער זייערע גופים און באָרוועסע פיס, אַ חברה,

וואָס איז באַקאַנט אין דער געטאָ פון קאַסאַבלאַנקאַ פאַר הויף־קלעזמאָרים, האָבן געגרימפּלט אויף אינסטרומענטלעך. איינער האָט געפּייקלט, דער צווייטער האָט געבלאָזן אין אַ טראָמפּייטל, דער דריטער האָט אויף די סטרונעס פון אַ מאַנדאָלינע געצויגן מאָנאָטאָנע טענער. אַ בלינדער ייִד האָט מיט אַ שטעקן אין האַנט זיך געמאַכט אַ וועג פאָרויס און געשריגן מיט הייזעריקע האַלדז־טענער:

— לאָזט דורכגיין אַ בלינדן צו די קברים פון די צדיקים! אַ ישועה דאַרף איך! די ליכט פון דער וועלט וויל איך זען! מיין ווייב גייט שוין די צווייטע נאַכט צום קינד און מען זעט נישט קיין הילף, נישט קיין טרייסט!

צו חיים גאַמאַלס קראָם איז צוגעקומען זיין שכן, מרדכי בן־גבר, דער שטריק־הענדלער. ביי ביידע ייִדן איז געווען גוט אָנגעזאַלצן אויפן האַרצן, זיי האָבן נאָך היינט נישט אַרויסגעשלעפּט פונעם טאָג אויף עפּעס חיונה. זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס וועגן דער אָרעמקייט, אַז אין שטוב איז נישטאָ פאַר די קינדער אַ קרישקעלע ברויט, דער פּייערטאָפּ שטייט אָן אויסגעלאָשענער, דאָס ווייב איז קראַנק און קיין הילף קומט נישט פון ערגעץ. אויך דער פּדיון איז אַ מאָגערער, קיינער קויפט נישט אַ פלעשל וויין אַפילו לכבוד שבת און קיינער קויפט נישט קיין שטריק צו שפּאַנען דעם אייזל, נישט צו טריקענען וועש. הענגט זיך ווער אויף, רחמנה ליצלן, אויף אַ שטריק, וועט ער דאָך נישט גיין אויסגעבן די לעצטע פּרוטה פון טאַש, אַז אַלטע שטריק איז אויך גוט.

און טאַקע אין די היינטיקע צייטן ווערן מענטשן רייך — האָט דער שטריק־הענדלער גערעדט מיט היץ און געוואָרפן ביידע הענט ווי ער וואָלט געווען אַ דזשאָנגלער און געכאַפּט פליקעס — עס איז מלחמה־צייט אויף דער וועלט, מענטשן גייען אָפּ אין בלוט, זייערע לעבנס ווערן אויסגעלאָשן און אַנדערע מענטשן זאַמלען גאָלד און זילבער, איידל־שטיינער און קופּער. דער האַנדל איז גרויס און דאָס מזל פון מענטשן גייט ווי אויף אַ וואָגשאָל אַרויף און אַראָפּ, ביי אַנדערע בלויז אַרויף.

חיים גאַמאַל האָט זיך פאַרטראַכט פון די רייד, וואָס זיין שכן וואַרפט אַרויס פון מויל אַזוי גלאַטיק און לייכט: גאָלד און זילבער, איידל־שטיינער, זאָגט ער. אָט האַנדלט ער, חיים, מיט וויין און שפּייז שוין איבער דרייסיק יאָר, די קינדער האָבן קיין מאָל נישט אָפּגעגעסן צו דער זעט. אַכט קינדער אין הויז און נישטאָ קיין העמדל פאַרן לייב. יעדער זייטיקע פּרוטה האָט ער אָוועקגעלייגט, אָפּגעשפּאָרט, די קינדער קיין ברויט נישט געגעבן און דאָ ויעדט יצחק וועגן גאָלדשטיקלעך, איידל־שטיינער. ער האָט דאָך דאָס קיין מאָל פאַר די אויגן נישט אָנגעזען.

— גאָלד און זילבער, זאָגסטו יצחק, ווי אַזוי? איך טראַכט דאָך גאָר, אַז משיח דאַרף קומען, ווייל די וועלט איז כולו־חייב, נישטאָ קיין גרענעץ צו דעם שלעכטס, וואָס עס טוט זיך אָפּ. אָט הערט מען, אַז אין יענע לענדער פייניקט מען ייִדן, מען ברענט און מען בראָט זיי. ביי אונדז האָט די מאַכט און דאָס געזעץ פאַרשלאָסן די טויערן צו האַנדלען מיט גאָלד, אויף זיבן ריגלען פאַרשלאָסן. דו ווייסט דאָך אַז מען לאָזט אונדז קוים לעבן, און האַנד־לען לאָזט מען דען? מען לאָזט דאָך קוים אַ פּלעשל בוימל, אַ גאָדל פאַר־האַנדלען און דאָס אויך מיט ענויים־קשים.

מרדכי בן־גבר האָט מיט ביידע האַנטפלאַכן געקלאַפּט איינע אין דער אַנדערער און אָנגעגאַנגען אויף דעם דערשראָקענעם ווייך־ און שפּייז־סוחר מיט רייד, וואָס די אויערן קענען גאָר נישט לייכט פאַרנעמען:

— הונדערטער פּליטים זיינען מיט שיפן אָנגעקומען צו אונדזערע ברעגן, אַנטלאָפענע פון דעם רשע עמלק, דאָרט ווו דער משחית מיט דעם גיהנום צוזאַמען געפינען זיך. עס איז דער עמלק וואָס פאַרטיליקט די ייִדן מיט אַלע מיתות־משונות. עטלעכע הונדערט ייִדישע משפּחות האָבן זיך געראַטעוועט. די רייכע! יאָ, ווער ראַטעוועט זיך דער ערשטער ביי אַ שריפה? דער וואָס קען זיך מאַכן אַ וועג, דער וואָס גרייט אַ פאַנצער פאַרן פייער, די דאָזיקע — האָבן מיינע אויערן געהערט — זיי האָבן מיט זיך געבראַכט גאָלד און זילבער, איידל־שטיינער לויטער ווי די זון. זיי האָבן, ווייזט אויס, אַ ביסעלע אָפּגעראַ־טעוועט פון זייער אַמאָליקן עשירות; זיי, יענע ייִדן, אונדזערע ברידער, האָבן צווישן זיך געהאַט אַדירים, עשירים! שטעט האָבן זיי געבויט, איינגייער אין די פּאַלאַצן פון מלכות זיינען זיי געווען. מיטן מזל פון מענטש איז דאָך אַזוי, ווי וואַסער איז דער מדבר פאַרן דורשטיקן, אויב עס קומט נאָר אין צייט...

חיים גאַמאַל האָט זיך ווידער פאַרטראַכט: די רייד פון זיין שכן, דעם שטריק־פלעכטער, זיינען אַזוי צוגעפּאַסט צו זיינע אייגענע געדאַנקען פון כולו־חייב. ווי אַ גוטער ריח צו אַ גוטן שם, אָבער ווי מעג אַ ייִד אַזוי רעדן? עס איז דאָך געגליכן צו די רייד פון דעם נחש. וואָס הייסט רייכע האָבן זיך גע־ראַטעוועט? דאָס פייער איז דאָך פאַר אַלעמען גלייך. דער יצחק האָט אַלע מאָל בלויז ביטערניש אויף זיין צונג און אין האַרצן שטיקער שנאה, וואָס ער קען נישט אַרויסרייסן. עס איז נישט קיין וווּנדער, זיין ווייב, ציפּורה איז געשלאָגן מיט בלינדקייט, דריי ייִנגלעך זיינע זיינען געשלאָגן מיט קראַנקע לונגען, אַ מיידל איז ביי אים דאָ, איז איר לייב אויסגעקרומט, גאָט שלאָגט אים מיט אַלע שלעק, אָבער זיין צונג דאַרף זיין אָפּגעהיטן. חיים גאַמאַל האָט דעריבער גענומען ווידערשפּעניקן מיט רייד:

— מרדכי, דיין מויל און דיין צונג גייען פריִער ווי דיינע געדאַנקען פון מוח. החיים והמות ביד הלשון. מען טאָר דאָך נישט!...

— מען מעג, חיים! אַנדערע צייטן הייַנט, אַריבערגעקליגט אונדז. מיר זיצן דאָ אין גיהנום און זעען נישט די שטורעם־ווינטן אין דרויסן.

— דיין צונג רעדט שלעכטס, מרדכי. איך ווייס פון די פּליטים, וואָס זיינען אָנגעקומען צו די ברעגן פון אונדזער לאַנד, אַז זיי זיינען אָרעמע און נאַקעטע, אויסגעליידיקטע פון יעדער פּרוטה אין טאַש. זיי דאַרפן הילף, אַ דאַך איבערן קאָפּ, באַשיצונג, ברויט. מיר דאַרפן אונדזער האָב און גוטס זיי אַוועקגעבן. פון אונדזער אָרעמקייט אַרויסרייסן וואָס מען קען און זיי העלפן.

דער שטריק־פלעכטער האָט זיך געאיילט צו זיין טאָג־אַרבעט, און דער טאָג האָט אַ טבע צו לויפן שנעלער ווי דער ווינט. ער האָט דעריבער געלאָזט שטיין חיים גאָמאַלן אַ צעדולטן מיט אַ פולן קאָפּ געדאַנקען שפּיציקע, שאַרפע, ברענענדיקע, אַ פולער קאָפּ ווי קערנער אין אַ ווינטמיל.

די געדאַנקען האָבן געדרייט און געמאָלן אין חיימס קאָפּ די ווערטער, וואָס מרדכי האָט דאָ אָנגעוואָרפן מיט אַ לייכטקייט פון אויפהייבן אַ פעדער. אפשר איז ער גערעכט? עס האָבן זיך אפשר טאַקע געראַטעוועט נאָר די רייכע און אין זייערע טאַשן געבראַכט גאָלד און איידל־שטיינער. עס קען דאָך אַנדערש נישט זיין ווי כולו־חייב. ער, חיים, מוז גערעכט געבן דעם שטריק־פלעכטער, אַז די וועלט איז פאַלש, אין מיטן דער שריפה ווערן אַנדערע גאָר רייך. איבער אַנדערע לעבנס גייט זיך גרינג. עס איז אמת, אַז די וועלט איז פול מיט בייז, שלעכטס און געמיינקייט. הייַנט אויב עס איז יאָ אַזוי, פאַר וואָס נישט גיין טאַקע מיטן נחש? פאַר וואָס נישט צוהעלפן צום בייזן, וועט דאָך משיח באַלד קומען און דעמאָלט וועט מען לעבן אין אַ וועלט פול מיט גוטסקייט און לויטערקייט. עס וועט זיין שפּייז פאַרן פייערטאָפּ, מרדכיס ווייב וועט ווערן זעעוודיק, די יינגלעך וועלן האָבן געזונטע לונגען און אויך אים, חיימען, וועט ווערן בעסער, אויך זיינע קינדער וועלן ווערן געזונט. אַ ביסל געלט איז פאַראַן אין הויז, איינגעמויערט אין וואַנט. אפשר טאַקע? איין מאָל אין לעבן זען גאָלד, איידער משיח קומט צו די ברעגן פון צפון־אַפריקע, צו די גרענעצן פון מאַראָקאָ, און גאָלד איז דאָך דאָס אויבערשטע פון מענטשלעכן מזל. אפשר טאַקע אַ פּרווו טאָן. מרדכיס רייד שטעלן אים פאַר אַ נסיון, ער וועט אים נישט קענעןביישטיין און אַזוי אַרום וועט ער צו־יאָגן צום קומען פון משיחן, צום אייביקן לויטערקייט.

ב.

אין דער שטאָט קאַסאַבלאַנקאַ זיינען אין יענע טעג אָנגעקומען פרעמדע מענטשן. ביי אַלע זיינען די אויגן געווען צעשראָקענע, זוכנדיקע. אַזוי זעען אויס געשטאַלטן, וואָס אַנטרינען פון אומגליק און ווייסן נישט צי זיי זיינען שוין געראַטעוועט. דאָס זיינען געווען יידן פון ווייטע לענדער, וואָס זיינען גע־שטאַנען אין פלאַמען און דער דייטש האָט דאָרט געשאַלטעוועט. די יידן האָבן זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון צפון־אַפריקע, אָנגעקומען אין דעם פּאָרט פון דער גרויסער פילפאַרביקער שטאָט קאַסאַבלאַנקאַ און דאָ זיך צעשפּרייט אין די רייכע אויסגעצירטע, לופטיקע גאַסן פון דער שטאָט און אין די ענגע, קרומע בלינדע געסלעך פון מעללאַה. יעדער פון זיי האָט איבערגעלאָזט אין די ווייטע היימען — עשירות, יחוס, פּאַרנעם און דאָ האָבן זיי אַלע באַקומען איין פּנים. קיינער האָט נישט געוווּסט ווער דער אַנדערער איז, קיינער האָט נישט געוואָלט הערן יענעמס אַמאָל, ווייל זיין אייגענער אַמאָל האָט שוין מער נישט עקזיסטירט. אַלץ איז דאָך צעריבן געוואָרן אין די רעדער פון אַכזריות.

אין חיים גאַמאַלס קרעמל זיינען אַריינגעקומען עטלעכע פון די אָנגעלאָ־פענע מענטשן איינקויפן אַ ביסל שפּייז. דער מאַראָקאַנער שפּייז־קרעמער האָט אויף זיי געקוקט מיט גרויס רחמנות. ער איז געווען גרייט אָוועקצוגעבן דאָס העמד פון לייב אַבי צו שטילן זייער פּיין. ער האָט פאַרקויפט זיין סחורה פאַר ביליקע פּרייזן. אַפילו דאָס קרן זיך נישט אַרויסגעשלאָגן. ער האָט פּאַר זיי אָנגעבאָטן זיין אָרעמע דירה, מיט די צוויי טאַפּטשאַנעס און דעם טיש מיט דעם פּייערטאָפּ. ער און זיין הויזגעזינד — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל און די פרייד האָט געזאָטן אין האַרצן פון דעם וואָס גאָט האָט אים אויסגע־קליבן צווישן די וואָס קענען מיט עפּעס לינדערן יענעמס יסורים — קען שלאָפן אין דרויסן, אויף דער גאַס, ביי דער שוועל צום הויז.

עס איז טאַקע אמת — האָבן די געדאַנקען זיך געשלאָגן אין זיין מוח — אַז די וועלט איז פול מיט שלעכטס, איין מענטש שלינגט איין דעם אַנדערן, אָבער דערוויל טאָר מען נישט צולייגן אַ האַנט נאָך מער צו פאַרשפּרייטן שלעכטס. פאַרקערט, דער מענטש דאַרף אויסשטרעקן אַ האַנט מיט הילף פאַר דעם געשלאָגענעם און געפּייניקטן. ער האָט שוין אַפילו חרטה געהאַט פאַר די שלעכטע געדאַנקען און כוונות פון בייזס אַבי צויאָגן דאָס קומען פון משיחן. ער קען נאָך וואַרטן, משיח, אַבי מען זאָל לינדערן דאָס בייזס און שלעכטס פון מענטש.

און חיים גאַמאַל האָט פון זיין אָרעמקייט, פון זיין מאָגערן קרעמל מיט ביסעלעך סחורות אויף די פּאָליצעס געטיילט מיט אַ ברייטער האַנט די אָנ־

קומענדיקע ייִדן פון ווייטע לענדער. זיין האָב און גוטס געטיילט, פאַר אַן אָרעמאַן זיך געמאַכט און דערביי אַרויסגעוויזן אַ פריילעך פנים, די פרייד פון איינעם, וואָס איז דערגאַנגען צו דעם צו וואָס ער גאַרט אַלע מאָל.

צווישן די וואָס זיינען געקומען איינקויפן אַ ביסל שפייז אין חיים גאַמאַלס קרעמל, איז געווען דאָס מיידל פריידל גיפס. לויפנדיק איבער לענדער און שטעט פון אַנטווערפן קיין פראַנקרייך, פון דאָרט דורך שפאַניע, פאָרטוגאַל, גיבראַלטאַר, האָט זי פאַרלוירן טאַטע און מאַמע; געלאָפן מיט טויזנטער ייִדן און נישט־ייִדן דורך אַלע גיהנום־טויערן און דורך אַלערליי סכנות זיך דערשלאָגן צו דעם פאָרט פון קאַסאַבלאַנקאַ אין מאַראָקאָ. זי איז געווען אַ שיינע, פעסט געבויט, דאָס פנים — אָוואַל און די הויט פון אַ ברוינלעכער קאָליר. די צרות און פיין וואָס זי איז אויסגעשטאַנען, האָבן אויף אַ האָר נישט געמינערט איר גוטן אויסזען, נישט אויסגעלאָשן אין איר די פרייד פון יונגקייט. זי האָט איצטער געוווינט אין אַ פיצל צימערל ביי אַ ייִדישער משפחה אין איינעם פון די ענגע פינצטערע געסלעך אין דער מעללאַה און האָט גאַנצע טעג אַרומגעפלאַטערט אין די רייכע לופטיקע גאַסן פון דער שטאָט, אין דעם קאַפעהויז, ווּו די אַלע אָנגעלאָפענע, ווילד־פרעמדע מענטשן איינער דעם אַנדערן, זיינען זיך צונויפגעקומען און געהאַט אַן אייגענע „בערזע״ פון נייעסן, וואָס האָבן צו זיי דערגרייכט דורך אַלערליי קאַנאַלן און וועגן.

אין חיים גאַמאַלס קרעמל איז זי אַריינגעקומען קויפן שפייז און אַלע מאָל מיט אַ שמייכל אויפן פנים. דער מאַראָקאַנער ייִד האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי נעמט זיך צו דער פאַרוואָגלטער, געשלאָגענער מיידל אַ שמייכל. זי האָט דאָך פאַרלוירן טאַטע און מאַמע, ווער ווייסט אויב זיי זיינען שוין נישט אויפן עולם־האמת? זי איז איינע אַליין און ווייסט נישט וואָס מאָרגן וועט מיט איר זיין, מען קען זי דאָך פאַרשיקן ערגעץ אין די ברענענדיקע זאַמדן פון דער סאַהאַראַ, צוזאַמען מיט אַלע אָנגעקומענע און אָנגעלאָפענע ייִדן. היינט ווי אַזוי קען איר פנים באַווייזן אַ שמייכל?

ער האָט איר נישט געוואָלט פרעגן און אַליין פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס זי איז יונג. עס שרייט פון איר אַרויס דאָס קוואַלענדיקייט פון האַרץ, דער יום־טוב פון דער נשמה און אין יעדן מענטשן איז דאָך פאַראַן פרייד, אַזוי גוט ווי טרויער, און אַז זי האָט זיכער אַ לויטערע נשמה, ווייל גאָט באַשאַפט דעם מענטשן אין פרייד, נישט אין געוויין. זאָל זי, חלילה, אַריינפאַלן אין עצבות, איז עס דאָך סם־המות, זי וועט אונטערגיין. די רפואה איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דער מכה. און די וואָס גייען אַדורך די שבעה־מדורי גיהנום מוזן זיך שטאַרקן און נישט דערגיין צו יאוש, ווייל זיי וועלן דאָך פאַלן אין מיטן וועג.

זיין עלטערער זון שמעון איז מיט אַ צייט צוריק געפאלן אין אַ געשלעג מיט די אַראַבישע שכנים, ווען ער האָט זיך אָנגענומען דעם כבוד פון אַ יידיש מיידל, וואָס די צעווילדעוועטע אַראַבישע יונגען האָבן געוואָלט פאַרשלעפּן אין די בערג און פאַרשווערכן איר מיידלשאַפט. ער איז געווען יונג, דער זון זיינער, שטאַרק און נישט געוואָלט וויסן פון קיין מורא. ווען ער וואָלט היינט געלעבט, וואָלט עס אפשר געווען אַ זיווג: דאָס פרעמדע יידישע מיידל און זיין זון, שמעון. זיווגים קומען דאָך אַלע מאָל אומגעריכט, טייל אין צייט, טייל פאַרשפּעטיקטע, טייל אין אַ גוטער שעה, אנדערע אין אַ בייזער שעה.

חיים גאַמאַל האָט איר אָקעגנגעטראָגן פון שענסטן און בעסטן, וואָס ער האָט געהאַט אין קרעמל. אויב עס איז צו שפּעט — האָט ער געטראַכט — דער זון איז איז אויפן עולם־האמת, קען זי דאָך פאַרגליכן ווערן צו אַ טאָכטער זיינע...

פריידל גיפּס האָט אין צווישן דעם געאייל און לויפעניש איבער שיפן און לענדער זיך באַקענט מיט אַ מאַן פון ערגעץ אַ לאַנד. זי האָט נישט גע־פרעגט ווער ער איז, נישט געוואָלט וויסן פון קיין נאָמען. אָט גייט דאָך די וועלט סיי ווי סיי אונטער. ער האָט גערעדט צו איר רייד פון ליבע, געקושט מיט צאַרטקייט און אויסגעוועבט פאַר איר אַ וועלט מיט האָפענונגען.

זי האָט זיך מיט אים געטראָפן יעדן טאָג אין קאַסאַבלאַנקאַ, אין דעם געווימל פון פרעמדע. זיי האָבן ביידע געמעגט דאָ בלייבן בלויז אויף אַ דער־ווייל. קוים וועט ווער פאַרשפּעטיקן מיטן אָפּפאָרן פון דאַנען, נישט קענען באַווייזן עפּעס אַ פּאַפּירל פון אַ קרובֿ, אַ גואל, אַ מעגלעכקייט אָנצוקומען אין אַ ניי לאַנד, וועט ער פון דאַנען אויס פאַרשיקט ווערן אין דער סאַהאַראַ ביים העלפן לייגן אַ באַנליניע. פון דאָרטן קומט מען שוין מער נישט צוריק. מענטשן האָבן געזוכט מיטלען, ווי אַ טרינקענדיקער אָנצוכאַפּן זיך אין אַ שטרוי, מיט טונקעלע און ערלעכע פּלענער געגישטערט און געזוכט אַ רעטונג, געלט, אַ טובה, אַן אויסגאַנג.

זי האָט געוווּסט ער לויפט פון דער ברענענדיקער וועלט, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע. ער איז קלוג, יונג, רעדט שיין, געהאָלפן איר דעם גאַנצן וועג סיי מיט געפינען אַ שטיקל ברויט, אַ שלוק וואַסער, אַ געלעגערל ערגעץ אויפן דעק פון אַ שיף, באַשיצט זי פון בייזע און גוטע הענט. דאָ אין קאַסאַ־בלאַנקאַ, אויף דער שוועל פון אַ נייער וועלט, האָט ער געמאַכט פּלענער פאַר איר און פאַר זיך: ביידע וועלן אַנטלויפן פון דאַנען איידער עס ווערט שפּעט, ער האָט שוין עפּעס פּאַפּירן, פּעסער און חתימות אויף די פּעסער און וויזעס. עס פעלט אים נאָר געלט. זי קען אים העלפן, זי מוז אים העלפן. ער האָט ביי זיך עפּעס אַ ביסל גאָלד און מיט דעם גאָלד, קען ער מאַכן נאָך און נאָך...

משה דלוזשנאָווסקי

ג.

איין מאָל איז פריידל אַריינגעקומען אין חיים גאַמאַלס קרעמל אַ פריי־לעכע. געווען איז דאָס עטלעכע טעג נאָך דעם ווי יצחק דער שטריק־פלעכ־טער האָט מיט זיין צונג געלאָזט פאַלן רייד וועגן גאָלד און עשירות.

זי האָט זיך מיט אים באַגריסט:

— פרידן אויף אייך, חיים גאַמאַל. איך האָב פאַר אייך אַ גוטע בשורה. איר קענט פאַרדינען אַ ביסל מזומן און טאָן אַ מצווה!

דער שפּייז־און ווייַן־סוחר האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:

— מזומן וויל איך נישט פאַרדינען. דאָס וואָס גאָט גיט מיר פון מיין מסחר נעם איך פאַר ליב. נאָר אַ מצווה, פון דעם וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן!

פריידל האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן פון קרעמל און געזאָגט גאָר שטיל:

— איך ווייס, אַז איר זיינט אַן ערלעכער מאַן, ווילן מיר אייך אָנטרויען גאָלד.

חיים גאַמאַל איז אונטערגעשפּרונגען פון שרעק פאַר דעם וואָס ער הערט און זעט. אָט קומען דאָך איצטער, מרדכי דעם שטריק־פלעכטערס רייד אַריין צו אים אין קראָם לעבעדיקע. ער הערט זי פון ידישן מיידל. עס איז עפּעס אַזוינס ווי אַ בייזער, אָדער גוטער חלום. זי באָט אים אָן גאָלד. ווער ווייסט אויב זי איז נישט לילית? אין אַלע געשטאַלטונגען, אָנגעגורט מיט זינד, תאווה און אַפילו מיט אַ רחמנות־פּנימל, שמייכל און צניעות קומט זי. יאָ, זי קען די מלאכה. זי איז אַ יפת־תואר, אַ פרעמדע. ער קען זי שוין טאַקע עט־לעכע וואָכן צייט. אירע רייד זיינען אַלע מאָל מיט פרומקייט, האָבן אין זיך ווייטיק, טענות צו גאָט פאַר דעם שלעכטס, וואָס ער באַוויליגט און געפינט באַלד פאַרגעבונג און טרייסט פאַר די אייגענע צרות, באַווייַנט דאָ אין קראָם איר פאָטער און מוטער און ציט באַלד אַרויף אויפן פּנים אַ שמייכל פון פאַרגעסונג. ער האָט זיך נישט געקענט אויסטשוכען פון אירע שטילע רייד און באַלד האָט איר קול אַ קלונג געטאָן אין זיינע אויערן נאָך העכער:

— מיינער אַ באַקאַנטער, ער איז שוין יאָ מיין חתן און איז נישט. מיר וואַרטן אויף פּאַפּירן צו פאָרן פון דאַנען אין אַ ווייטן לאַנד אַריין און דאָרטן וועלן מיר שטעלן אַ חופּה. ער הייסט נחמן שטיין...

— זאָל דיר זיין מיט מזל, טאָכטער מיינע! דו האָסט דאָך אָבער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, וואָס איז ווי פייער פאַר מיינע אויערן. האָסט געזאָגט גאָלד.

— יאָ, וועגן דעם בין איך היינט געקומען. מיין באַקאַנטער וויל איינלייגן ביי אייך אַלס משכון צוואַנציק גאָלד־שטיקלעך, און ער וויל איר זאָלט אים

אויף דעם באַרגן אַ סומע געלט אויף בלויז אַ קורצער צייט וויל ער דאָס באַרגן און ער וועט אייך פאַרגיטיקן מיט מזומן און אויך די מצווה פון גמילת־חסדים, וועט איר איינהאַנדלען.

— וואָס דאַרף ער געלט, דיין חתן? וואָס קען ער מיט דעם דאָ אויפטאָן?

— ער זאָגט מיר, אַז עס איז פאַר עפּעס אַ מסחר, אַ גוטער מסחר.

חיים גאַמאַל האָט זיך פאַרטראַכט: אָט שטייט ער דאָ פאַר אַ גרויסן נסיון. ווער ווייסט אויב עס שטעקט נישט דאָ דער יצר־הרע? מען וויל אים, חיים גאַמאַלן אויך אויספּרווון. די גאַנצע וועלט איז פול מיט שלעכטס, וויל מען זען צי חיים דער שפּייז־קרעמער וועט ביישטיין אַ ביסעלע זינד. זי איז אַ שיינע די פריידל, אירע אויגן גלי'ען און שמייכלען, זי איז געקומען פון אַ וווייטן לאַנד, די האָר ביי איר זייַנען געדיכטע און פייערדיקע, קענען אַריינ־נעמען די פינגער פון אַ מאַנספּאַרשוין און דאָרט זיי פאַרברענען מיט זינד, און זיין ווייב איז קראַנק, דאַר, הויקערדיק, קען קוים דעם פייער־טאָפּ אויפ־בלאָזן, די אָדערן פון די הענט זייַנען בלויע און רייסן זיך אַרויס פון דער הויט, דאָס לייב אירס איז בלויז ביינער און הויט, אַ סקעלעט און אַ שאַרבן...

— בלויז אויף אַ קורצער צייט. איר דאַרפט זיך נישט שרעקן. אָט האָב איך ביי מיר די צוואַנציק קליינע גאָלד־שטיקלעך. איר קענט מיר געבן דאָס געלט היינט פאַר נאַכט, אָדער מאָרגן פרי!

איר קול האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן מיט בשורה, פליטן־געשאַל, זילבערנע גלעקלעך, אַ וואַסערפאַל אין די בערג, וואָס איז אַ קוויקעניש פאַר דעם דורשטיקן.

די געדאַנקען אין מוח האָבן געהאַמערט: זי וויל איינלייגן ביי אים אַ משכון צוואַנציק גאָלד־שטיקלעך. זי זאָגט אים טאַקע פון וואַנען זי האָט דאָס. ער דאַרף אויף דעם באַרגן געלט, פונקט אַזוי פיל וויפל ער האָט מיט גרויס מי און מאַטער אָנגעזאַמלט דאָס גאַנצע לעבן, אויסבאַהאַלטן עס פון יעדן מענטשלעכן אויג, אַפילו ער אַליין, חיים, פאַרגינט זיך נישט אַ קוק צו טאָן אויף דעם, אין אַ וואַנט אין שטוב האָט ער עס איינגעמויערט. איצטער האָט דאָס מזל אַ שמייכל געטאָן צו אים, יענער אָפּשפּאַר קען ברענגען מער, פאַר וואָס וואַרטן? איי עס איז אַ נסיון? וואָס קען ער זיין אַ יוצא מן הכלל? די גאַנצע וועלט איז איינגעטונקען אין שלעכטס. אָט האָט מרדכי, דער שטריק־פלעכטער געזאָגט: דאָס מזל איז אַזוי ווי אַ קוואַל אין דער מדבר פאַרן דורשטיקן. ווי אַ צירונג־ברעט, אַ פילקע געוואָרפן אין דער לופט.

— עס איז אַ סכנה צו הערן אַזעלכע רייד — האָט חיים געזאָגט צו איר

— איך טאָר אַפילו וועגן דעם נישט טראַכטן. ווי מעג איך האַלטן גאָלד אין האַנט? ווי האָב איך געלט אַפילו פאַר צוואַנציק קליינע גאָלד־שטיקלעך?

— בלויז אויף עטלעכע טעג. אייער געלט וועט פֿאַרגרעסערט ווערן און די גאָלד־שטיקלעך וועלן זעטיקן אייערע אויגן.

— איך וויל נישט נעמען פּראָצענט ביי אָרעמע פּליטים. אויב דיין חתן, קען דערביי פֿאַרדינען וועט עס זיין אַ פֿאַרגיטיקונג פֿאַר מיין געמיט. איך וועל אויסבאָרגן וויפֿל איך פֿאַרמאָג און די מצווה וועט מיר אויך פֿאַרגיטיקן און אויב דו, פֿרעמדע מיידל, ביסט זיכער, אַז דיין חתן קען ביי דעם עסק גאָר גוט פֿאַרדינען, קענסטו לויט דיין אָפּשאַצונג מיר געבן עפּעס מער ווי איך וועל דיר אויסבאָרגן. דו ווייסט דאָך, אַז דער יצר־הרע שטעלט מיך פֿאַר אַ נסיון. איך טראַכט וועגן אַ מצווה פֿון גמילת־חסד און האָב אין זינען צו זען דיין גאָלד און האַלטן עס אין מיינע הענט, וואַרעמען עס אין מיינע אָרעמע הענט.

— איר זיינט אַן ערלעכער מאַן, חיים גאַמאַל! איר שטייט נישט פֿאַר קיין נסיון, איינער דאַרף העלפֿן דעם אַנדערן. איר טוט אונדז אַ טובה, גאָט וועט אייך פֿאַר דעם באַצאָלן און איר וועט ביי דעם גאָרנישט פֿאַרלירן, מעגלעך מיין חתן וועט אייך אַריינגעמען אַלס אַ שותּף צו דעם מסחר.

— שותּפֿות? חלילה!

— פֿאַר וואָס נישט?

— איך וויל נישט. און איך ווייס נישט אויב איך קען צונאַמענשטעלן דאָס געלט וואָס דו ווילסט, מוזט מיר געבן צייט ביז מאָרגן.

— מאָרגן גאָר פֿרי!

אין דער טונקלקייט פֿון קרעמל האָט אַ בלענד געטאָן מיט גאָלד. זעלטן קומט דאָ צו די זון. דאָס געסל איז ענג און שמאָל, ביידע זייטן מויערן פֿאַרשטעלן די זון־שטראַלן. איצטער ליגן שטיקער זון אויפֿן קראָם־טיש ביי חיים גאַמאַל דעם שפּייז־ און וויין־סוחר. זיין אויג קען זיך זעטיקן וויפֿל נאָר עס גלוסט.

צוואַנציק גאָלד־שטיקלעך האָבן אירע הענט אויסגעציילט, אירע פֿינגער האָבן עס אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט. ער האָט גענומען דאָס גאָלד אין זיינע הענט, וואָס האָבן איצטער אונטערגעציטערט. ער האָט צוגעזאָגט, אַז מיטן אויפֿבראָך פֿון טאָג, וועט ער זיין אין קראָם און האָבן מיט זיך אַלץ וואָס ער פֿאַרמאָגט און וואָס ער וועט ביי אַנדערע שכנים באָרגן, כדי צו האָבן אַזוי פֿיל וויפֿל דאָס משכון איז ווערט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געוואָרפֿן אויפֿן געלעגער. ער האָט נישט געקענט אָפּשטופֿן דעם נסיון, אָפּזאָגן דעם מיידל איר בקשה? אירע אויגן זיינען שמייכלדיקע. עס איז לילית און די אויגן פֿון אַ צנועה, ביידע צוזאַמען. עס איז גאָלד, צוואַנציק שטיקלעך זון און עס איז די זוניקע ליכטיקייט פֿון

איר פּנים און דאָס קלינגענדיקע פליטן שפּיל פון איר קול. מרדכי דער שטריק־פלעכטער איז געווען דער אָנזאָגער נאָך פאַר דעם יצר־הרע און איצ־טער ליגט ער, חיים, אַ געבונדענער מיט דעם יצר־הרעס שטריק.

דאָס משכון ליגט שוין ביי אים אין טאַש, מען האָט אים אָנגעטרויט גאָלד און פאַר וואָס קען ער נישט אויספירן דאָס ווייטערדיקע? ער וועט דאָך האָבן אַ מצווה, אַ פּאַרדינסטל און זי, דאָס פרעמדע מיידל, וועט שמייכלען צו אים. אַלץ איז דאָך קלאָר, פאַר וואָס דאַרף ער נאָך צעגערן?

מיטן אויפבראָך פון טאָג, האָט ער געעפנט די קראָם נאָך דעם איז גע־קומען פריידל. ער האָט איר געגעבן דאָס געלט וואָס ער האָט צונויפגעקליבן פון יעדן ווינקעלע אין הויז, אין קראָם, נעכטן נאָך אָנגעבאָרגט ביי שכנים אַ ביסל מזומן.

ד.

חיים גאָמאָל האָט איבערגעלעבט טעג פון דערהויבונג. די רייכקייט האָט אָנגעשלאָגן ביי זיין שוועל. איז ער נאָר געווען אַליין, סײַ ביי טאָג אין קראָם, סיי ביי נאַכט ווען דאָס הויז־געזינד איז געשלאָפן, האָט ער געציילט די צוואַנציק גאָלד־שטיקלעך. עס האָט געגלאַנצט, געוואַרעמט, אָנגעוואָרפן אין אים אַ ליכטיקייט פון אַ גוטן חלום. ער האָט גריילעך געוווסט, אַז אין איין שיינעם טאָג וועט ער זיך מוזן שיידן מיט דעם. דאָס מיידל וועט קומען, אָפּגעבן דאָס געלט. זי וועט זיכער ברענגען עפּעס מער ווי ער האָט איר געגעבן. דאָס פּאַרדינסט וועט ער אַוועקשענקען פאַר די אָרעמע פליטים און פאַר די אָרע־מעלייט אין שטאָט. ער וועט נישט הנאה האָבן פון אַזאַ פּאַרדינסטל. אָסור וועט עס אים זיין. מען האָט אים טאַקע געשטעלט פאַר אַ נסיון, אָבער ער וועט דעם נסיון ביישטיין. זי וועט קומען און אָפּנעמען דעם אוצר. קיין שום אוצר אין דער וועלט ווערט נישט אָנגעטרויט דעם מענטשן אויף אייביק, אַזוי האָט ער ערגעץ געזען אין אַ ספר, נאָר בלויז אויף אַ ווייל. די נשמה פון אַ מענטשן איז דאָך דער גרעסטער אוצר, ווערט אויך אָנגעטרויט דעם בשר־ודם בלויז אויף אַ קורצינקער ווייל...

ער איז געענדערט געוואָרן דורך די עטלעכע טעג. די נשמה זיינע איז דורכגעגאַנגען וואַנדערונגען פון גוטס צו שלעכטס, פון שלעכטס צו גוטס. ער האָט שוין נישט געטראַכט פון ביאת־המשיח, וועגן וועלכן ער לערנט אין די ספרימלעך זיצנדיק גאַנצע טעג אויף דער שוועל פון זיין קראָם. ער האָט געטראַכט, אַז אפשר דאַרף ער נעמען זיין חלק פּאַרדינסט, פאַר וואָס נישט רייך ווערן? האָבן אַ שענערע דירה, אַריינגעמען נאָך אַ ווייב אין הויז אַריין,

משה דלוזשנאָווסקי

אַ יונגע, אַ שיינע, וואָס וועט אים זיין אַן אָנשפּאַר. אפשר וועט דאָס מיידל נישט צוריקקומען נאָכן גאָלד, עס וועט בלייבן ביי אים און גאָלד ווערט טייע־רער, סתם געלט ווערט ביליקער. ער וועט ווערן רייך, און רייכקייט ברענגט נאָך רייכקייט און מיט רייכקייט קומט כבוד און הרחבת־הדעת...

די געדאַנקען האָבן איצטער זיך געשלאָגן אין חיים גאַמאַלס מוח ווי קער־נער אין אַ ווינט־מיל, שפּיציק, פליִענדיק און נישט דערשלאָגן זיך צום פּונקט און נישט צום תוך.

איין מאָל אַ טאָג:

חיים גאַמאַל איז ווידער געזעסן ביי דער שוועל פון זיין קרעמל און ביי אים אויף דער קני איז געלעגן אַן אָפן ספר פון געוויינהייט וועגן איז עס היינט געווען. ער האָט מיט זיינע אויגן נישט געבלאָנדזשעט איבער די דריב־בינקע אותיותלעך, דער קאָפּ זיינער איז געווען ווייט אַוועק, אַ ביסל אין די העכערע וועלטן, געטראַכט האָט ער וועגן דעם, אַז ווען די נשמה דאַרף אַראָפּ־גיין אויפן עולם השקר און זיך באַהעפטן מיט אַ מענטשלעכן גוף, וויל זי נישט און בעט זיך רחמים ביי דער שכינה, אַז מען זאָל זי נישט אַראָפּטרייבן אין דער נידער. זי מוז אָבער אַראָפּגיין מיט גוואַלד און זיך באַהעפטן מיט דעם מענטש. מיט גוואַלד מוזסטו לעבן. דאַרף זי זיך אָבער שיידן מיט דעם גוף פון בשר־ודם יאָמערט זי מיט אַזאַ געוויין, אַז מען הערט דאָס געקלאָגעכץ פון איין עק וועלט ביז דער אַנדערער.

און עפּעס האָט ער גאָר געטראַכט פון פאַרמאַכן דאָס ספרל, אַריינגיין אין דער טיף פון קרעמל און זיך בעסער אַ שפּיל טאָן מיט די גאָלד־שטיקלעך, שטיקער זון האַלטן אין האַנט, און געטראַכט האָט ער אויך מיט גלוסטעניש, אַז ער וואָלט גערן איצטער געזען דאָס מיידל, איר פּנים האָט אויך שטיקער זון אין זיך און אירע אויגן זיינען שטיפעריש און צערייצן די געבליטן אין דיר, נאָר שוין עטלעכע טעג זעט מען זי נישט. ממה־נפשך, איז זי לילית, שטייט ער, חיים גאַמאַל, פאַר אַ נסיון, אַ שווערן נסיון און ווער ווייסט צי ער וועט קענען ביייקומען, איז זי אַ צדקית, איז דאָך דער נסיון נאָך גרעסער פאַר ביידע צדדים.

קיין פדיון איז היינט נישט געווען, דאָס גערודער אין געסל איז געווען איינגעשטילט, זיין געמיט־צושטאַנד איז געווען נישט אַהין און נישט אַהער. פון דער וועלט קומען אָן ביטערע בשורות, מער ווי אַ האַלבע וועלט ברענט, יידישע לעבנס זיינען געוואָרן הפקר, קיין הילף קומט אַפילו נישט פון הימל, די טויערן פון רחמנות זיינען פאַרשלאָסן אויף אַלע ריגלען. ווען וועט משיח אויסלייזן? עס ווערט דאָך שפּעט, בלויז דאָס ביסל יידן פון די מקומות וועט ער אויסלייזן? איז דאָס ביסל יידן ווערט אויסגעלייזט צו ווערן?

פאַרזונקען אין די געדאַנקען, די מידע הענט איבער די פאַרגעלטע בלעט־לעך פונעם ספרל, האָט ער געהערט אַ קול, וואָס האָט אַ קלונג געטאָן אין זיינע אויערן:

— פרידן אויף איך, חיים גאַמאַל, דער חשובער באַלעבאָס פון קאַסאַ־בלאַנקאַ!

ער האָט זיך אומגעקוקט און אָן אומרו האָט אים אַרומגעכאַפּט. ער האָט געזאָגט:

— דיין קומען איז אַלע מאָל אַ ברכה, פרעמדע מיידל!

זי איז אַריין די ערשטע אין קראָם. ביי אים האָבן די קני׳ען געציטערט, דאָס ספרל האָט ער געהאַלטן אין די הענט. ער האָט געזאָגט אַ שלעכטע בשורה. זי האָט מיט איר קלינגענדיקע שטימע פול געמאַכט דאָס קרעמל מיט זילבער און פלייטן־געזאַנג:

— איך וויל אייך בעטן איר זאָלט מיר איצטער צוריקגעבן בלויז פופצן גאָלד־שטיקלעך, מיין חתן האָט אַ קונה זיי צו פאַרקויפן פאַר אַ גוטן פּרייז. אין אַ שעה אַרום וועל איך צוריקקומען מיט דעם געלט וואָס איר האָט מיר גע־באָרגט און נאָך מיט אַ צולאָג פאַר אייער גוטסקייט און איר וועט מיר דעמאָלט געבן די איבעריקע פינף שטיקלעך.

אַ קעלט און אַ היץ האָבן גענומען שטראָמען אין זיין לייב. אָט דאָס איז דער מיין, האָט עס אים גענומען האַמערן אין מוח — אָן אוצר אויף דערווייל, נאָך היינט וועט ער זיך מוזן מיט דעם שיידן, פאַרפאַלן. קיין שום אוצר, קיין שום פרייד איז דאָך נישט אויף אייביק.

— אפשר וועל איך באַהאַלטן דאָס גאָלד פאַר דעם געלט, וואָס איך האָב דיר געגעבן? — האָט ער געזאָגט — עס איז דאָך געווען פונקט די ווערט. און אויב איך דאַרף נאָך עפּעס צוצאָלן, וועל איך פאַרזעצן די סחורה פון מיין קראָם און...

דאָס מיידל האָט אָנגעכאַפּט זיין אָרעם, זי האָט גערעדט שנעל און פּליסיק:

— ניין, ניין. מיר קריגן אַ גאָר הויכן פרייז. מיר טאָרן אייך נישט פאַר־קויפן קיין גאָלד. דאָס געזעץ אין לאַנד איז שאַרף קעגן דעם. זייער שאַרף!

חיים גאַמאַל האָט פון אַ באַהעלטעניש ערגעץ אַרויסבאַקומען די גאָלד־שטיקלעך, מיט זיינע פינגער געציילט פופצן שטיקלעך זון. עס האָבן אים געבריט די שפּיצן פינגער. ער האָט עס איר געגעבן און נאָך צוגעווונטשן גרויס הצלחה.

זי איז אַוועק. ער האָט באַהאַלטן די פינף שטיקלעך, געוווסט אַז די שעה וועט שנעל אַפּלויפן און זיין חלום פון גאָלד, רייכטום, אַריינגעמען זיך נאָך אַ ווייב אין הויז, אפשר טאַקע מסעוד דעם זילבער־שמידס יונגע טאָכטער,

נעמי, וואָס איז אַזוי שיין ווי די פרעמדע ייִדישע מיידל — אַלץ וועט ווערן אויסגעלאָשן. דאָס געלט, זיין גאַנצער אָפּשפּאָר פון יאָרן און יאָרן האָט דאָך נישט קיין גרויסן ווערט. ער וועט עס צוריק איינמויערן אין שטוב. דאָס פאַר־דינסט וועט ער אַוועקגעבן פאַר די אָרעמע, אָנגעלאָפענע ברידער. די מצווה וועט זיין אַ פולע און כשרה, און אויף דער וואָג־שאָל פון זכיות וועט די מצווה אפשר אַריבערשווערן.

פריידל איז נישט צוריקגעקומען נאָך דער אַנלויפנדיקער שעה. אַ וויסטע שרעק האָט זיך צעלייגט אין אים. ווער איז די מיידל? ער האָט דאָך אַפילו איר נאָמען נישט רעכט פאַרשריבן. ער האָט איר אָנגעטרויט זיין גאַנץ האָב און גוטס, נאָך אָנגעבאַרגט געלט ביי עטלעכע שכנים, דאָס ביסל סחורה פון קראָם האָט ער פאַרמשכונט. אַ גאַנץ לעבן לאַנג געזאַמלט אַ פרוטה צו אַ פרוטה, דעם קראַנקן ווייב נישט געקויפט קיין רפואה, די קינדער קיין איבע־ריקן לעפל וואַרעמס נישט געגעבן, זיך אַליין קיין נייע אַבאַיע נישט אויפ־געגייט.

חיים גאַמאַל האָט זיך אַוועקגעזעצט פאַר דער שוועל פון זיין קראָם און געוואַרט איין שעה נאָך דער אַנדערער. עס קען דאָך נישט זיין — האָבן די געדאַנקען געפּייניקט אין מוח — אַז איין מענטש זאָל אומברענגען דעם אַנדערן אויף אַזאַ שטילן אופן.

שטיקער לייב זיינען פון אים געפאַלן אין שרעק. די געדאַנקען וועגן גאָלד, עשירות, אַ יונג ווייב, פריידלס אויגן און איר גלאַטער ווייסער האַלדז — דאָס אַלץ איז געוואָרן אויסגערונען און אויסגעלאָשן. בלויז אַ געדאַנק האָט אים באַרויקט און געטרייסט: עס איז דאָך טאַקע כולו־חייב, משיח קען קומען אַ ליאַדע שעה. וויפל ער זאָל נישט וועלן מצדיק־הדין זיין, איז בלויז שלעכטס און שלעכטס.

פאַרנאַכט צו איז דאָס מיידל געקומען צו דער קראָם. ער האָט אין אירע אויגן באַלד געזען דעם גרויסן בראָך. זי האָט געהעשעט און גערעדט:

— מיין באַקאַנטער האָט גענומען די גאָלד־שטיקלעך, צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר געבן געלט פאַר אייך צוויי מאָל אַזוי פיל. איך זאָל אויף אים וואַרטן. איך האָב געוואַרט שעה נאָך שעה, מיין באַקאַנטער איז נישט צוריק־געקומען. ער איז זיכער אַוועק מיט דער שיף, וואָס האָט היינט פאַרלאָזט דעם פּאָרט פון קאַסאַבלאַנקאַ. ער איז נישט מיין חתן. איך האָב אייך אָפּגע־נאַרט. איך בין די שולדיקע. איר קענט מיך שלאָגן, איבערגעבן דער פּאָליציי, די האָר פון קאָפּ מיר רייסן. איך בין אַ זינדיקע, אַ ליגנערין!...

ער האָט נישט געהערט אירע רייד. אין קאָפּ האָט זיך אים געלייגט אַ

פאַרראַסטעטע אייזערנע רייף, וואָס וועט באַלד אויפרייסן, פאַר די אויגן — אַ נעפּל. די קניִען האָבן זיך אים געבראָכן. אָט איז די פולע שטראָף פאַר זיין גלוסטעניש נאָך גאָלד. גאָט האָט געשיקט צו אים לילית׳ן אין דער געשטאַלט פון אַ ייִדיש פאַרוואָגלט מיידל. געוואָלט האָט ער, חיים, טאָן אַ מצווה און אַנכאַפּן דעם חלום פון עשירות,ביידע צוזאַמען איז נישט מעגלעך.

אין איין נאַכט איז זיין גוף געוואָרן איינגעהויקערט. ער האָט שוין מורא געהאַט זיך צוצורירן צו די פינף גאָלד־שטיקלעך, וואָס זיינען אים געבליבן. ער האָט גריילעך געוווסט, אַז עס איז פאַרשאָלטן צוזאַמען מיט זיין מזל. ער האָט נישט געטאָרט גלוסטן צו גאָלד, פאַר אים איז גענוג בלויז — קופּער.

ה.

חיים גאַמאַל האָט אויספאַרקויפט דאָס ביסל סחורה פון קראָם צו קענען אָפּצאָלן די חובות און געוואָרט אויף משיחס קומען אויסלייזן אים פון צרות.

אין אַ צייט אַרום איז פריידל ווידער געקומען צו אים אין קראָם. איר קול איז געווען אַ געבראָכענס פול מיט חרטה:

— איך וועל אָפּצאָלן וואָס איך האָב ביי אייך צוגענומען. מען האָט מיך שווער אָפּגענאַרט און פאַרשעמט. איך וועל פון מאַראָקאָ נישט אָפּפאָרן. איך וועל שווער אַרבעטן און יעדע פּרוטה צוריק ברענגען.

חיים גאַמאַל האָט אויף איר געקוקט מיט רחמנות און געטראַכט האָט ער: זי איז דאָך נישט שולדיק. נישט די מויז איז שולדיק, וואָס גנבעט, נאָר דאָס באַהעלטעניש, ווו די מויז באַהאַלט די גנבה. ער, חיים גאַמאַל, איז דער שול־דיקער, אַפילו דער גורם און אויך די סיבה דערצו. ער, חיים גאַמאַל, האָט געגלוסט נאָך גאָלד, עשירות, אַ יונג ווייב, האָט אים דער יצר־הרע צוגע־שיקט אַ שליח און די אַלע זאַכן פאַרגעלייגט. דעם נסיון האָט ער נישט אויס־געהאַלטן, דאַרף ער דעריבער טראָגן די אַחריות און פאַרנעמען די גאַנצע שטראָף: אַ בלוטיקער אָרעמאַן געוואָרן, איצטער וועט ער שוין די קינדער קיין לעפל געקעכטס נישט קענען געבן, דעם ווייב קיין רפואה נישט קויפן, די קראַנקייט וועט זי פאַרלענדן און אַפילו קיין נייעם פייער־טאָפּ, וועט ער נישט קענען קויפן פאַרן הויז־געזינד.

— דו ביסט נישט שולדיק, פרעמדע מיידל. עס איז מיין אייגענע שולד. מיך דאַרף גאָט שטראָפן און שלאָגן איבערן קאָפּ און איבערן רוקנביין.

— ניין, ניין, ר׳ חיים גאַמאַל! איר זיינט די ערלעכקייט אַליין. איך בין זינדיק און דאָס פאַרברעכן בין איך באַגאַנגען, ביז די לעצטע פּרוטה וועל איך אָפּצאָלן.

— איך אַליין וועל אויסטראָגן דעם פּסק־דין פון באַשעפער און די גאַנצע שטראָף — האָט ער געטענהט — נאָר איך!

זי איז אַ פאַרווירטע אַרויסגעלאָפן פון דער קראָם.

יעדער פון די פּליטים האָט געהאַט ערגעץ אין אַ לאַנד אַ גואל, אַ קרוב. אויך פריידל האָט באַקומען פּאַפּירן פון אירע קרובים אין אַמעריקע, אָבער זי האָט די פּאַפּירן צוריקגעוויזן. זי האָט געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן, געווען אויסגעשטעלט יעדן טאָג אַוועקגעשיקט צו ווערן אין די ברענענדיקע זאַמדן פון דער מדבר, מיט סכנות אויסגעמיטן די פאַרשיקונג און יעדן סענט גע־בראַכט צו חיים גאַמאַל אין קראָם אויפן חוב. דער ייִד האָט זיך מיט איר געאַמפּערט נישט געוואָלט נעמען דאָס געלט, אָבער זי איז באַשטאַנען אויף דאָס איריקע.

זי האָט אָבער שוין מער נישט געקענט אויסמיידן די פאַרשיקונג אין דער טיף פון דער מדבר. אין יענעם טאָג האָט זי געבראַכט אירע עטלעכע קליידלעך צו חיימען אין קראָם.

— דאָס איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, נעמט דאָס צו. אויב איך וועל לעבן ערגעץ אין דער וועלט, וועל איך אייך שיקן פּרוטה צו פּרוטה, ביז דער גאַנצער חוב וועט זיין אָפּגעצאָלט.

חיים גאַמאַל האָט אַ דערשראָקענער, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געביסן, גענומען וואַרפן מיט די הענט און מאַכן העוויות:

— ניין, ניין! איך וויל נישט אַזאַ קרבן! עס איז צו פיל שטראָף, צו פיל! נעם די קליידער און ראַטעווע דיך! קענסט פאָרן אין אַ פריי לאַנד אַריין! דיינע פּאַפּירן...

זי האָט אים נישט געהערט און פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען פון זיין קראָם.

חיים גאַמאַל האָט איצטער בפירוש באַקומען אַ באַשייד: משיח קען נאָר קומען ווען די וועלט וועט זיין אָדער אין גאַנצן כולו־חייב, אָדער אין גאַנצן כולו־זכאי, קיין מיטלוועג איז נישט פאַראַן. ער זעט עס באַשיימפּערלעך, אַז עס איז נאָך זייער ווייט פון כולו-חייב. די וועלט איז טאַקע פול מיט זינד און שלעכטס, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער, אָבער אַלץ נאָך נישט גענוג אַז די וואָג־שאָל פון שלעכטס, זאָל אַראָפּשווערן אין דער טיף. דאָס פרעמדע ייִדישע מיידל, וואָס האָט אַוועקגעגעבן איר פרייד, אירע האָפענונגען, כדי אויסצולייזן איר אייגענע נשמה, צאָלט אָפּ דעם חוב און גייט אַוועק מיטן אייגענעם ווילן אין אַן אָרט פון פּיין און יסורים, איז דער גרעסטער באַווייז: אויף דער וואָג־שאָל פון גוטס ליגט די מצווה, וואָס זי האָט געטאָן און דעריבער קען נאָך משיח נישט קומען.

ער איז אַלץ געזעסן ביי דער שוועל פון זיין קראָם און געוואַרט עס זאָל

ווער קומען קויפן אַ ביסל ריצין־אייל, אַ נאָדל מיט אַ פאָרעם, אַ פלעשל ווײַן לכבוד שבת און פאַרשאָלטן זיך אַליין אַלס דעם זינדיקן און חייב, מחמת נישט בלויז האָט ער געזינדיקט מיט גלוסטעניש נאָך עשירות, גאָלד, ווייבער, נאָר אויך געווען דער גורם, אַז אַ ייִדישע נשמה זאָל געשטרויכלט ווערן, פאַר־פייניקט ווערן. ער האָט צו פיל נאָכגעגעבן דעם יצר־הרע און גאָט וועט אים קיין מאָל נישט געבן קיין כוח און דעם זכות אויפצוהייבן זיך צו יענער הויך, ווי דאָס פרעמדע, ייִדישע מיידל האָט זיך אויפגעהויבן.

# ב ר י ו ו

ער איז געווען דין און דער גוף איז ביי אים געווען אויסגעקרומט, געבויגן זיך צו דער ערד, גרייט יעדע מינוט אומצופאַלן, סיי גייענדיק און סיי שטייענדיק. צוליב דער אויסגעקרומטקייט האָט מען נישט געקענט קומען צום אויספיר צי טוביה איז הויך, אָדער איז מיטלוועקסיק. די הענט האָבן ביי אים אַראָפּגעהאָנגען לאַנגע, מיט אָנגעצויגענע בלויע אָדערן, וואָס זיינען געלאָפן אין קרומע, צערודערטע ליניעס ביז צו די פינגער. עס האָט אויסגעזען ווי די הענט וואַקסן אַראָפּ צו דער ערד רחמנה ליצלן און דער גוף געגליכן צו אַ בוים, ווערט געשמיסן פון שטורעם־ווינטן, קען זיך נישט האַלטן אין דער געוויקסיקער הויכקייט, די צווייגן רייסן זיך גאָר אין דער נידער אַראָפּ.

די שווערע קראַנקייט האָט טוביהן נישט געשטערט צו גיין אַ סך. גייענדיק האָט זיך איין האַנט ביי אים געוואָרפן הין און צוריק, ווי אַן אומרו פון אַ זייגער. די צווייטע האַנט האָט ער געהאַלטן אין רעקל איבערן האַרץ, האָבן מענטשן אויסגעטייטשט, אַז טוביה האָט מורא דאָס האַרץ זאָל אים נישט אַנטלויפן, אָדער גאָר זיך אָפּשטעלן אַזוי זיך אין מיטן גאַס, ווייל עס זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן, ווי אַזאַ זאַך טרעפט זיך אויך.

פאַר דעם האָט אים די נאַטור פאַרגיטיקט מיט אַ זעלטן שיין פנים, ממש אויסגעמייסטערט: אַ געשניצטע נאָז, אַ קליין מויל מיט ליפן פולע, תאווהדיקע, אַ הויכער שטערן און איבערן שטערן — אַ טשופרינע שוואַרצע האָר, ווי אַ טיף בלויע כוואַליע און אויגן — שוואַרצע, פייערדיקע מיט אַ מעלאַנכאָלישער מידקייט אין זיי. עס איז פשוט געווען שווער אויסצוהאַלטן די דורכדרינגלעכע בליקן פון טוביהס אויגן.

ער איז געווען איינער פון דער מחנה אָנגעלאָפענע מענטשן פון ווייטע לענדער, צעשטערטע היימען, וואָס האָט אין די ערשטע מלחמה יאָרן אָנגעשפאַרט אַזש קיין צפון־אַפריקע און האָט זיך איצטער געפונען אויף צוואַנגסוווינונג אין דעם קליינעם אַראַבישן שטעטל מאַזאַג. ווי אַזוי טוביה האָט אַ

קראַנקער, אַן אויסגעקרומטער, אַ געבויגענער צו דער ערד זיך דערשלאָגן פון אַנטווערפּן אַזש דאָ אַהער, געוואַנדערט און געלאָפן איבער ימים און לענ־דער, נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, אויסגעמיטן אָן אַ שיעור מאָל דעם טויט, דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן מיט פייער און מאַשין־ביקסן אויס־געמאָרדעט ציווילע מענטשן איבער וועגן און שטעגן — איז געווען דאָס גרויסע וווּנדער פון די צוזאַמענגעלאָפענע אין דעם שטעטל, די אַלע וואָס האָבן געוואַרט אויסצוּוואַנדערן פון דאַנען אין אַנדערע לענדער, אָדער זיך געשראָקן חלילה פאַרשיקט צו ווערן אין די ברענענדיקע זאַמדן פון דער סאַהאַראַ, כדי צו לייגן באַן־ליניעס, וואָס האָבן, לויט די פּלענער פון אינ־זשיניערן, געדאַרפט לויפן פון אַלזשיר ביז דער טיף פון — סענעגאַל.

יעדן טאָג האָט די גרופּע פרעמדע באַלאַגערט די קליינע פּאָסט־געביידע אין מאַזאַג, מיט אומרויִקע הערצער, פאַרביטערטע געמיטער און עפּעס אַ ווייטע לעשנדיקע האָפענונג, אַז אפשר וועט אָנקומען פון ערגעץ אין דער וועלט אַ בריוו, אַ פּאַפּירל, אַ וואָרט פון אַ קרוב, אַ גואל און מען וועט אויס־געלייזט ווערן פון יסורים, בענקשאַפטן און פאַרלוירנקייט.

טוביה איז געווען זייער אַ שטילער און איינזאַמער מאַן. אויסגעמיטן רייד און אויסגעמיטן מענטשן. קוים האָט ער זיך יאָ אַ מאָל צערעדט, צווישן נאָענטע און אייגענע, איז געווען וועגן פּרויען. די אויגן האָבן זיך ביי אים צעברענט נאָך פייערדיקער, דאָס שיין־געשניטענע מויל האָט אַרויסגעוואָרפן וווּנדערלעכע מעשיות ווי אַזוי די שענסטע מיידלעך אין זיין שטעטל ערגעץ אין פּוילן, האָבן אים באַוווּנדערט און וואָס פאַר אַ געוואַלדיקן דערפּאָלג ער האָט געהאַט אין פּאַריז, אַנטווערפּן, בריסל.

די צוהערער האָבן אים פאַרגינען די רייד און לויב־געזאַנגען אויפן איי־גענעם חשבון. מען האָט אים אויסגעהערט אין ליבע־אַוואַנטורע נאָך דער אַנדערער, וואָס עס האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן. ער האָט זיך זעלטן פאַר־פּלאָנטערט אין די רייד און ווי אַ געניטער באַרג־קלעטערער, האָט ער פריִער נישט פאַרוואָרפן די שטריק, איבער דער העכערקייט פון פעלדז, ביז ער האָט איינגעזען אַז אַלץ איז פעסט און גרייט אויפצונעמען העכער און העכער.

די קליינע פּאָסט־געביידע איז מאַזאַג איז געשטאַנען אין מיטן שטעטל, אין אַ פראָנט־גאַס און האָט פאַרמאָגט עטלעכע הילצערנע טרעפּ ביים אַריינ־גאַנג. קעגנאיבער האָט זיך אויסגעשפרייט דער קליינער שטאָט־פּאַרק ווו אויף דער הוילער ערד זיינען גאַנצענע טעג געזעסן אַראַבער, סיי די שטעטלשע תוש־בים, סיי צוגעוואַנדערטע, געהילטע אין אָפּגעשליסענע, אָדער גוט אויפגענייטע אַבאַיעס, מיט קויטיקע און ריינע ווייסע טאַרבושן אויף די קעפּ און זיך געקראַצט אין די נאַקעטע פּיאַטעס, געגרויבערט, געשפּיגן פּאַרויס, זיך דערציילט מורא־

דיקע מעשיות וועגן ווייבער, שדים, אַלערליי ניט־גוטע, אָדער גאָר זיך צוגע־הערט צו די הייזעריקע טענער פון אַן אויסגעדינטן גראַמאָפאָן, וואָס האָט אַרויסגעהילכט פון דעם איין־אויגיקן סאַלעמס טיי־הויז די מעשה מיט יוסף (יוסוף) און זיינע ברידער, און ווי אַזוי יוסף איז דאָס געוואָרן אַ שני־למלך אין מצרים.

ס'זיינען דאָ אויך געזעסן אַראַבישע ווייבער פאַרהילטע פון קאָפּ ביז צו די פיס. מען האָט בלויז אַרויסגעזען זייערע שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן און שטיקלעך נאָז. צווישן די מענער און ווייבער זיינען אָנגעגאַנגען שטילע שמו־עסן, געלעכטערן און האַלדז־טענער וואָס קוילערן אַרויס בערבעריש לשון. דער אַראַבער — ווען ווייב האָט גאַנצענע טעג געהאָרעוועט אין שטוב, אין קעלער, אין שייער, אין פעלד, אין שטאַל, האָט אינעם פּאַרקל געפירט ליבעס מיט אַ פרעמדער ווייב, וואָס איז צו ביסלעך געוואָרן „גרויס־שטאָטיש" און ווידערגעשפּעניקט איר מאַן. צווישן דעם געזעמל פון פוילע לייט, זיינען דאָ אויך אָפּגעזעסן שעהן גאַנצע די פּליטים, גערעדט אויף עטלעכע לשונות, געהאַלטן זיך פון דער ווייטנס פון די היגע איינגעבוירענע, כדי נישט אויפצו־רייסן דאָס וואַכע אויג פון דער פּאָליציי, וואָס האָט די פּליטים געהיט ווי מצורעים, וואָס האָבן מיט גוואַלד זיך אַריינגעריסן אַהער און עסן אויף דאָס ברויט, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר אייגענע, נישט בלויז עסן זיי אויף דאָס ברויט, נאָר זיינען נאָך אָנשטעקנדיק און פול מיט סכנה.

דאָס פּאַרקל איז געווען די בירזשע, דאָס בית־המדרש, דער קלוב, פאַר־איין. דאָ האָט מען געזוכט צו פאַרטרייבן דעם טרויער און די בענקשאַפט, וואָס האָט געפּייניקט און פאַרפּייניקט. אויך דאָ איז געזעסן טוביה אַן אויס־געקרומטער, מיט די לאַנגע הענט אַראָפּ און שעהן גאַנצע געשוויגן אָדער טייל מאָל זיך אויפגעכאַפּט פון שווייגן און גענומען שטורעמען מיט רייד די אַוואַנטורעס פון זיין לעבן אין דער וועלט פון ראָמאַנטיק.

אַרום עלף אַזייגער פלעגט אָנקומען די פּאָסט פון קאַסאַבלאַנקאַ דאָ קיין מאַזאַג, דעמאָלט איז געוואָרן אַ געלויף, אַ שטופּעניש, געשרייען אין אַלע לשונות. יעדער פון די פרעמדע האָט זיך געריסן צו זיין אַ רגע פריִער ביים פענצטערל, אַזוי ווי פאַרמשפּטע, וואָס ווילן אויפכאַפּן פון די געשווירענע סיי די בשורה און סיי דעם אָנזאָג פון אומגליק און פּסק־דין. אין די בריוו איז געלעגן: פּיין, אָדער פריידיקער אָנזאָג. האָט ווער באַקומען אַ בריוו האָט ער אים געוויגן צו ערשט אין האַנט צווישן די פינגער, געקוקט אויף די קאָלי־ריקע מאַרקעס, געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון דער פּאָסט־געביידע, מורא געהאַט צו עפענען. עס קען זיין — אומקום, עס קען זיין בשורה. די האַנט פון פּיין און פרייד קען אומעטום דערגרייכן.

אויף די פנימער פון מענטשן וואָס האָבן באַקומען בריוו פלעגט זיך אָפּ־שפּילן רויט און בלייך, ציקונגען און קראַמף־אָנכאַפּעניש. זיי האָבן געעפנט די קאָנווערטן, געכאַפּט אַ בליק איבער די צעפּלאָסענע, אָדער געפּרעסטע שורות און אַוועקגעלאָזט זיך אינעם פּאַרקל, כדי פּאַר זיך אין אַ ווינקל אויס־וויינען אַ תפילה, אָדער איינשטילן דאָס צעברויזטע געמיט.

כמעט אַלע פּליטים האָבן באַקומען בריוו פון ערגעץ, בלויז טוביה האָט קיין איינציקן מאָל זינט ער האָט זיך דאָ געפונען נישט באַקומען קיין גע־שריבן וואָרט. ער איז אָבער יעדן טאָג געקומען צו דער פּאָסט־געביידע. ער איז געווען פון די ערשטע זיך אַריינצושטופּן דורך דער טיר און פון די ערשטע אינעם געדאַנג ביים פענצטערל נאָכפרעגן זיך ביים אַראַבישן פּאָסט־באַאַמטן, אויב עס זיינען פּאַר אים נישטאָ קיין בריוו.

ער האָט געפּרוווט אויסגלייכן זיין אַראָפּגעבויגענעם קערפּער און נישט געקענט. ער האָט זיך אַליין צוגעגעבן קוראַזש, דאָס שיינע געשניצטע פּנים מיט די טרויעריק ברענענדיקע אויגן געשטרעקט אינעם פענצטערל:

— היינט איז זיכער דאָ אַ בריוו פּאַר מיר, טוביה וואַקס, פּאָסט־רעסטאַנט — האָט ער געזאָגט שטיל מען זאָל עפּעס יאָ הערן און עפּעס נישט.

דער אַראַבישער פּאָסט־באַאַמטער פון מאַזאַג האָט שוין אַלעמען גוט גע־קענט. חדשים לאַנג וואָס מען באַלאַגערט אים יעדן פּאַרמיטיק, מען רייסט פון די הענט. אַן אָנגעלויף געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט קיין מאַזאַג. עט־לעכע צענדליגג יאָר אַרבעט ער אין דער פּאָסט־ביוראָ, ווען האָט ער געהאַט אַזאַ אויפרייסעניש? געווען טעג, אַז עס זיינען אין גאַנצן נישט געקומען דאָ קיין בריוו, טייל מאָל פון אַ זון, אַ געליבטן ערגעץ אין פראַנקרייך אויף אַרבעט, אַ בריוו פון אַ שטעטלדיקן וואָס דינט אינעם פראַנצויזישן פרעמדן־לעגיאָן, אַ שטיקעלע ירושה, אַן אַנזאָג — געשטאָרבן, אַ חתונה. עס איז געווען שטיל און רויק, היינט קאָכט עס ווי אין אַ בינען־שטאָק. געשריי, רייד — קוויטשיקע, דינע, בייזע, שטילע, געדעמפּטע, אויפרייסערישע, אויגן, ליפּן, נעז, הענט, געבעט.

דער קרומער מאַן מיט די פייערדיקע אויגן איז אַ קראַנקער — טראַכט דער פּאָסט־באַאַמטער — אַ רחמנות אויף אים. זינט ער איז דאָ, האָט ער פּאַר אים אַפילו אַ קליין קאָנווערטל נישט דערהאַלטן. דער אַראַבער פלעגט זיך יעדעס מאָל אַ גלעט טאָן ביי די וואָנצעס, ווען טוביה האָט געבעטן, צי פאַר־לאַנגט בריוו און מכלומרשט טוביהס צער פאַרווישט מיט רייד:

— ווער וועט דיר שרייבן? אַ האַלבע וועלט ברענט, די אַנדערע העלפט וועט ברענען מאָרגן. גלייב מיר, מיין פריינט, היינט איז בעסער, אַז מען דערהאַלט נישט קיין נייס.

טוביה איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען:

— דאָך, גיט נאָר אַ זוך, אָט אָ דאָרט אין יענעם פּעקל פּאָר מעסיע וואָקס!

— די געליבטע ווען צו דיר שרייבן, פאַרגעס אין זיי!

טוביהס פּנים איז געוואָרן צונטער רויט.

— איך האָב משפּחה, פריינט אין אַמעריקע, אַרגענטינע, קאַנאַדע, מעקסיקע, אין אַ האַלבער וועלט.

— גאָרנישט דאָ פאַר דיר, מיין פריינט. די האַלבע וועלט איז פאַרשלאָסן.

טוביה האָט אָפּגעלאָזט די לאַנגע הענט, זאָלן זיי זיך וויגן. אַוועק פון פּענצטערל זייטיק, מען זאָל נישט זען אים, נישט זיין טרויער, פאַרשעמטקייט, ווי אַ מענטש איז אַזוי אָפּגעשניטן פון אַזאַ גרויסער וועלט. ער איז שנעל אַרויס. אַוועק אינעם פאַרקל, געשוויגן און עפּעס באַקומען די צורה פון אַ געשלאָגענעם הונט.

וואָכן, חדשים לאַנגע. די וועלט איז געוואָרן פאַרשלאָסענער, איין רינג האָט איינגעשלאָסן אַן אַנדערן. אין איינעם אַ טאָג איז אין מאַזאַג געשען דאָס גרויסע וווּנדער:

אין אַ פאַרנאַכט ווען דער אַראַבער גייט אָפּגעבן די אָוונט־תּפילה צו זיין גאָט, עטלעכע שטעטלשע מאַראָקאַנער ייִדן גייען פּאַמעלעך צו מנחה־מעריב, דער קעמל־טרייבער פירט אַ היים די פאַרברודיקטע קעמלען איבער די געסלעך פון מאַזאַג, זיי שטעלן געמאָסטענע טריט און די הויקערס וויגן זיך אינעם גאַנג; דער אַראַבישער סופר מיט דער גענדזענער פעדער אין דער קיטשמע האָר פון קאָפּ האָט ערשט פאַרענדיקט שרייבן בריוו פון מאַמעס צו זייערע זין אין פרעמדן־לעגיאָן. מען איז געזעסן אין פאַרקל און איבערגערעדט די צרות איין מאָל און נאָך אַ מאָל, פּלוצלינג איז פון אַ געסל אַרויסגעקומען טוביה און ביי זיין זייט אַ מאַראָקאַנער ייִדיש מיידל. ביידע זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך. זי איז מיט איר געשטאַלט אַריבערגעוואַקסן דעם געבויגענעם גוף פון טוביהן. ביי אים זיינען ביידע הענט אַראָפּגעהאַנגען, איינע האָט געיאָגט די אַנדערע אין דעם שנעלן וויגעניש, די אויגן זיינע האָבן געפלאַמט און געזוכט באַקאַנטע; זאָלן זיי זען, ווי ער, טוביה, איז אַרויף אויף אַ שטאַפּל פון גדולה. אָט איז ביי זיין זייט אַ מיידל, נישט קיין מיאוסע, ייִנגער פון אים. איר שטימע קלינגט, ווי זילבערנע גלעקלעך וואָלטן אויסגעקלונגען אַ בשורה. ביידע רעדן פראַנצויזיש.

צווישן די פּליטים אין פאַרקל איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע, אַ דונער אין מיטן אַ שיינעם טאָג: טוביה האָט נישט געזאָגט קיין ליגנט, פרויען האָבן פאַר אים די כפּרה, אָט זעט!

— מען וועט נאָך טוביהן אָפּגעבן מזל־טוב!

— עס וועט נאָך זיין אַ חתונה!

— אויף טוביהן איז אַלץ צו גלייבן. קיינער קען דאָס נישט באַווייזן, נאָר ער!

מען האָט זיי שוין געזען אין אַנדערע טעג אויך שפּאַצירן איבער די געסלעך פון מאַזאַג. זי, אַ טאָכטער פון אַ מאַראָקאַנער ייִדישן בלעכער, אַלע האָבן זי געקענט אַלס יהודית, חליפה דעם בלעכערס טאָכטער און ער — טוביה, אַ דימענטן־שלייפער פון אַנטווערפּן, אויסגעוועזן אַ האַלבע וועלט, פאַרוואָגלט געוואָרן דאָ אַהער, ווו ער טאָר גאָרנישט טאָן בלויז וואַרטן, אָדער אויסצוואַנדערן ערגעץ אין אַ לאַנד, אָדער פאַרשיקט ווערן אין דער סאַהאַראַ. אַ מענטש, אַ שטיק באַהעם, אַנגעלייענט זיך מיט ביכער, קען עטלעכע לשונות. ביידע האָבן זיי שפּאַצירט, געלאַכט, געפּלאַפּלט. טוביה האָט זיך איינגעעקשנט, ער מוז אויסגלייכן דעם גוף, אַ קליין ביסעלע כאָטש, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. נאָר ווער טראַכט אין אַזעלכע צייטן וועגן אַ געבויגענעם גוף, וואָס רייסט זיך צו דער ערד? די פריידן פון נישט זיין אַליין פאַרגיטיקט אַלץ.

טוביה איז ווידער געקומען נאָך בריוו. ער איז שוין איצט נישט געווען אַליין. אויך יהודית איז מיטגעקומען און אַפילו זיך געשטופּט ביים פּאָסט־פענצטערל צוזאַמען מיט אים און צענדליקער אַנדערע פּליטים. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס גליק וועט צו אים אָנקומען: געלט, אויספּאָדערונג־פּאַפּירן צו פאָרן אין אַן אַנדער לאַנד אַריין, סתם אַ גוטע בשורה. אָט ווייסט זי, אַז עטלעכע פּליטים זיינען שוין אַוועק צו זייערע רייכע קרובים קיין אַמעריקע, קען עס דאָך טוביהן אויך אָנקומען. ער האָט דאָך איר צוגעזאָגט, אַז ער וואַרט אויף רייכטימער, האָט אַ משפּחה אין אַ האַלבער וועלט פון סאַמע גבירים, אַדירים.

מענטשן האָבן אויסגערעדט טוביהן:

— וואָס טויגן דיר בריוו? קענסט חתונה האָבן מיט אַ שיין, ייִדיש מיידל און מען וועט דיך נישט פאַרשיקן אין די ברענענדיקע זאַמדן פון דעם סאַהאַראַ! וואָס טויג דיר די גרויסע וועלט ערגעץ מיט אַלע גליקן?

— יהודית וויל וויסן ווער איך בין — האָט טוביה געענטפערט אַ שעמעוודיקער און די אויגן זיינע האָבן געקוקט מעלאַנכאָליש אַרויפצו — קומט אַ בריוו, הייסט עס פון אַ קרוב אַ גואל, רייכע פעטערס, ברידער אין אַמעריקע. זי איז דאָך גערעכט, אָט האָב איך רייכע פעטערס, רייכער ווי קורח, דאָרטן אין אַמעריקע, קאַנאַדע, אַרגענטינע און ווו נישט? פאַר וואָס שרייבן זיי נישט, די מיוחסים?

איינער פון די פּליטים, אַ קלוגער, גוטמוטיקער יונג, אַ נאַש־בראַט איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן:

אויסגעטראַכט אַ נאָמען פון אַ פעטער אין קאַנאַדע און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו מעכלען אויף יידיש מיט אַן אָנזאָג, אַז עס וואַרטן אויף אים פּאַ־פירן קיין קאַנאַדע, געלט. זיינער אַ פעטער, טאַקע טוביהס טאַטנס ברודער, שלום, וואָס שרייבט דעם בריוו באַמיט זיך פּאַר אים, סכנות־נפשות, רייסט איין וועלטן, אַריבערצונעמען אים. טוביהן, אַפילו שוין היינט. אויפן קאָנ־ווערט איז געווען טוביהס נאָמען, שטעטל מאַזאַג, פּאָסט־רעסטאַנט. דעם בריוו האָט דער בחור מיט וועמען געשיקט קיין קאַסאַבלאַנקאַ, דאָרט האָט מען גע־קויפט קאָליריקע מאַרקעס, אינטערנאַציאָנאַלע, הייסט עס, און אַדרעסירט קיין מאַזאַג.

אין איינעם אַ טאָג איז טוביהלע וואָקס געשטאַנען ווי אַלע מאָל ביים פּאָסט־פענצטערל, ביי זיין זייט יהודית. דער אַראַבישער פּאָסט־באַאַמטער, האָט אַ קוק געטאָן אויף טוביהן און מיט זיין געוויינלעכן פּזמון אויסגעזונגען:

— נישטאָ גאָרנישט פאַר דיר, מעסיע וואָ...

ער האָט זיך אָבער אַ כאַפּ געטאָן, אַפילו דעם נאָמען וואָקס נישט פאַר־ענדיקט און געזאָגט אַ דערשטוינטער פון אייגענעם זאָג:

— וואַרט! עס איז דאָ! מעסיע וואָקס, עס איז דאָ!

ביי טוביהן האָט פאַרפעלט אָטעם. דער פּאָסט־באַאַמטער האָט פון אַ קעסטעלע אונטער דעם אות „וו" אַרויסגענומען אַ קאָנווערט מיט קאָליריקע מאַרקעס, פייערלעך דערלאַנגט טוביהן און צוגעגעבן:

— דערוואַרט זיך, מיין פריינט. אויף אַלעמען קומט אַ צייט!

טוביה האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו, אַ רגע די אויגן געשפּיגלט אין די מאַרקעס, אין דעם אַדרעס, געוויזן יהודיתן, אַרויס און געבליבן שטיין אויף די טרעפּ. ער האָט אַ טריומפירנדיקער זיך אומגעקוקט איבער אַלעמען, אויפגעהויבן דעם קאָנווערט קעגן דער זון, מיט אַ דעכעלע איבער די אויגן, פּאַמעלעך געמאַכט אַן עפענונג און אַרויסגעשלעפּט דעם בריוו. ער האָט גע־לייענט און באותו רגע פאַרטייטשט יהודיתן פון יידיש אויף פראַנצויזיש דעם תמצית. אַ רויטקייט און אַ פרייד האָבן געשפּילט איבער זיין פּנים. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אויסגערופן אויפן קול:

— דער פעטער שלום פון קאַנאַדע האָט זיך דאָך דערמאָנט. ער מאַכט טאַקע פּאַפּירן, אַבי געמיינט אַז שוין, פאַרגעסן...

פון איצטער אָן האָט טוביה געקראָגן רעגלמעסיק צוויי בריוו און טייל מאָל, דריי בריוו אַ וואָך. אויסגעטראַכטע מענטשן האָבן געשריבן, פון ניו־יאָרק, אַרגענטינע, מעקסיקע, בוענאָס־איירעס, טשילע, פון ווו נישט? עס האָבן געשריבן: דער פעטער חיים גדליה, דער אָנקל בעני פון ניו־יאָרק, דער קוזין

בערנאַרד שמואל פון מעקסיקע; די מומע דבורה שיינדל, די מומע זלאַטע חנה און ווער האָט נישט געשריבן? מען האָט געשריבן אין ייִדיש, פראַנצויזיש, אַפילו אַ בריוו אין ענגליש איז אָנגעקומען פון ערגעץ. מען האָט אָנגעזאָגט גוטע בשורות: מען וועט אַריבערנעמען אין רייכע לענדער, מ׳וועט דערווייל שיקן פעקלעך, דאָלאַרן, פעזעס, פונטן. טוביה האָט אויף אַלץ געגעבן אַ פולע הסכמה און געטענהט:

— זיי האָבן זיך דערמאָנט אין מיר. מילא, דערוואַרט זיך, אַ מענטש דערוואַרט זיך דאָך. איך האָב געוווּסט, אַז דער פעטער חיים גדליה, דער אָנקל בעני, דער קוזין בערנאַרד שמואל, די מומע זלאַטע חנה וועלן זיך אָפּרופן און מיך ראַטעווען. איך האָב געוווּסט, דער פעטער שלום איז אַלע מאָל געווען אַחריותדיק.

אַלע פרעמדע אין מאַזאַג האָבן זיך געפריידט מיט טוביהס פרייד, אַפילו דער אַראַבישער פאָסט־באַאַמטער האָט זיך געפרייט, אָט אַרויסגעשלעפּט אַ מענטשן פון אַ וויסטער איינזאַמקייט, פון אַ פאַרשעמטקייט. מיט איין מאָל געוואָרן אָפּן פאַר אים די וועלט, האָט אומעטום קרובים, וואָס ווילן אים גליקלעך מאַכן, האָט אין מאַזאַג אַ מיידל, פאַרליבט אין אים. אָט דאָס הייסט — דערהייבונג.

די פּליטים, וואָס האָבן זיך נישט געקענט אַרויסרייסן פון מאַזאַג אין אַנדערע לענדער, האָט געדראָט פאַרשיקט צו ווערן אין דער סאַהאַראַ. מען איז אַרומגעגאַנגען בייז און פאַרביסן, פאַרביטערט און די וועלט האָט זיך געעקט. דער מאַן, וואָס האָט געשריבן בריוו צו טוביהן אין עטלעכע לשונות מיט אַלע שיינקייטן און בשורות, איז פאַרשיקט געוואָרן אין די ברענענדיקע זאַמדן פון דער מדבר, פון וואַנען עס איז נישטאָ קיין צוריק. טוביה האָט אויפגעהערט קריגן בריוו. דאָס געלט אין דאָלאַרן, פונטן, פעזעס איז נישט אָנגעקומען, נישט קיין פּאַפּירן, אַפילו אין חלום אויך נישט מער. איבערגעהאַקט געוואָרן אין סאַמע מיט.

איינער אַ פאַרשווין, וואָס האָט דעם קרומען טוביהן נישט פאַרגינען דאָס אָרעמע ביסל פרייד, האָט אויף אייגענער אַחריות איבערגענומען די עובדה און אָנגעשריבן אַ בריוו אין פראַנצויזיש דאָס מאָל פון טוביהס „כלה“, וואָס איז אין פּאָרטוגאַל, אַנטלאָפן דאָרטן אַהין, דערוווּסט זיך, ווו ער, טוביה, געפינט זיך, זי איז פול מיט בענקשאַפט און וואַרט ער זאָל קומען.

ווידער געווען אַ טאָג, טוביה האָט באַקומען אַ בריוו מיט קאָלירטע מאַרקעס. אָנגעהויבן לייענען אויף די טרעפּ צום אַריינגאַנג, געווען זיכער: געלט, טרייסט, פּאַפּירן, שיפן, ווייטע לענדער. אָבער דאָס פּנים איז אים געוואָרן בלייך, די אויגן — טרויער, די בליקן פאַרטשעפעט ערגעץ איבערן פּאַפּיר.

יהודית האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו, גענומען לייענען דאָס פראַנצויזישע לשון גיך, גיך. זי האָט געקוקט אויף די אותיות און אויף אים, נישט פאַר־ענדיקט און דעם בריוו אַ שליידער געטאָן צו דער ערד און זיך צעשריגן אויף בערבעריש און אויף פראַנצויזיש:

— אָפּגענאַרט... מען טאָר נישט! מאַראָקאַנער יידישע מיידלעך טאָר מען נישט אָפּנאַרן. ביסט אַ ליגנער, מעסיע וואָקס! אַ ליגנער און גאָט באַצאָלט אַלע ליגנערס! אַלע!...

יהודית איז אַ שטאָלצע, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אַראָפּ די טרעפּ פון דער פאָסט־געביידע. זי האָט נישט אויסגעזען פאַרשעמט, נאָר פאַרקערט, אַ זיגערין. פאַרכאַפּט די ליגנס מיט דער טרייסט צוזאַמען. טוביהס לאַנגע הענט האָבן אויפגעהויבן דאָס פּאַפּירל ביי זיינע פיס און צעריסן אויף פּיק־פּיצלעך בפני עם ועדה, זאָלן אַלע זען, אַז עס אַרט אים נישט זיין אייגענע מפּלה. ער איז שוין געוווינט, הייסט עס, סיי צו גוטע בשורות, פרייד און סיי צו גרויסע מפּלות און בייזע קלעפּ. ער האָט מיט אַ פאַרביסענעם שמייכל אויפן פּנים געקוקט אויף אַלעמען און אַרויסגעברומט:

— מילא, אַלע זיינען זיי אַזוי, אין דער גאַנצער וועלט די אייגענע, נישט קיין וווּנדער, עס איז דאָך אַ קיילעכדיקע וועלט. איצט דאַרף מען בלויז וואַרטן אויף די הבטחות פון פעטער שלום, פון פעטער חיים גדליה, פון אָנקל בעני פון ניו־יאָרק, מ׳וועט וואַרטן.

# נאַכט־שכנים

שוין באַלד האַלבע נאַכט. ביי זיין אַרבעטס־טיש זיצט אַ געבויגענער בערנאַרד גריל שרייבט און מעקט, וואַרפט אַן שוואַרצע צייכנס אויף אַ בויגן מוזיק־פּאַפּיר: פּאַסיקלעך, רינגעלעך, דריי־עקלעך, געבויגענע, געבראַכענע, גלייכע וואָס זעען אויס ווי אַ מחנה שפּינען וואָלטן מיט די פיסלעך אויסגע־טאַנצט אַ טאַנץ. איבערן פּאַפּיר לויפט אַן אַ שורה נאָך אַ שורה פון די שפּי־נען־פיסלעך און די הענט, דער געבויגענער קערפּער פון דעם שרייבער, זיי־נען צונויפגעגאָסן מיטן טיש אין איין שטיק.

אָנגעשריבן דעם בויגן, מאַכט בערנאַרד גריל אַ באַוועגונג זיך אויפצו־שטעלן און צוגיין צו דער פּיאַנאָ, וואָס שטייט אַן אויפגעפּראַלטע, אַ שוואַרצע אין אַ ווינקל פון צימער, גרייט אויפצונעמען אויף אירע אַלטעביינדלעך אַ גלעט פון אַ פּאָר וואַרעמע פינגער. ער בלייבט אָבער זיצן ביים טיש. די מורא אַנצורירן די קלאַווישן אין אַזאַ שפּעטער נאַכט־שעה, האַמעוועט זיינע גלידער, מחמת ווי נאָר ער רירט אָן די אַלטע אויסגעדינטע כלי, אַזוי באַלד הערט מען אַ גאַמע קולות, קלאַנגען, וואָס מען בעט גאָר נישט ביי איר. די קלאַנגען הערן זיך דעמאָלט אָן ווי אַ געמיש פון יאָמערן און פרייד־געשרייען, טיפּע און קוויטשיקע, זיי צעלאָזן זיך איבערן צימער אין אַ ווילדן געלויף איינע איבערצויאָגן די אַנדערע. אין דער שפּעטער שעה, ווען דער געזאַנג־שרייבער בערנאַרד גריל, זאָל וועלן אויספּירן זיין ניי געשאַפן ווערק, וואָס ער האָט מיט גרויס מאַטער אָנגעוואָרפן אויפן פּאַפּיר, וועט דאָס גאַנצע הויז זיך אויפ־וועקן. די שכנים פון די מעבלירטע צימערלעך וועלן זיך צונויפלויפן, אָנ־קלאַפּן ביי אים אין טיר, אין די ווענט מיט רוגזה און געשריי:

— מיסטער גריל! צי ווייסט איר ווי שפּעט עס איז? פאַר וואָס באַרא־באַנעוועט איר איצט מיט אייער מוזיק און לאָזט נישט שלאָפן אַנדערע? הערט אויף גרילצן אויף דער פּיאַנאָ, עס איז אַ רחמנות אויף איר!... גייט שלאָפן צוזאַמען מיט אייער מוזיק!

וואַגט ער נישט איבערצורייסן דעם שלאָף און די רו פון זיינע שכנים. עס גלוסט זיך אים אָבער פאַרט הערן זיין אייגענע שאַפונג. לויפט ער מיט די אויגן איבערן פּאַפּיר און איבער די ווערטער פון דעם ליד, וואָס זיינען אָנגעוואָרפן אונטער די מוזיק־צייכנס און פייפט אויס די מעלאָדיע. די ליפּן פאַרציִען דאָס פּנים אין אַ חוזקדיקער גרימאַסע און דאָס פייפן קומט אַרויס אָפּגעריבן און טרוקן. דער ניגון אינעם פייפן קייקלט זיך איבערן צימער, זוכט זיך אויפצורייסן אין דער שטילקייט. נאָך אַ ווײַלע נעמט ער באַגלייטן די ווערטער מיט איינגעהאַלטענעם געזאַנג. דאָס קול זיינס איז כריפּענדיק און דער ניגון מיט די ווערטער פאַלן איבערן טיש געבראָכענע, אונטערגעהאַקטע, הייזעריקע און גייען אויס מיט אַ קייכנדיקן הוסט, וואָס עס האָט פּלוצלינג אָנגעכאַפּט דעם שרייבער פון די מוזיק־נאָטן. דער הוסט כריפּעט, זעגט, ציט אַרויס פון לייב דאָס גאַנצע איינגעווייד, ווי דאָס בלאָזן אין אַ רויער קישקע פון אַ בהמה.

די אויגן און די הענט זיינען ביי אים מיד, שטאַרק מיד, נאָר עס גלוסט זיך אים אַלץ נאָך נישט גיין שלאָפן. די נאַכט און די גאַס, וואָס ליגן איינגעפּרעסט אין דער נאַקעטער שויב פון זיין פענצטער זיינען שטום און שרעקן אים. הייבט ער זיך אויף פון דער שטול, גייט אַרויס פון זיין צימער. זיינע פיס טרעטן שטיל אין דער אָפּגעריבענער, אויסגעטרעטענער טעפּיך־ווייכקייט, וואָס ליגט צעשפּרייט אין דעם חלל פון הויז. ער קלאַפּט אָן קוים קוים מיט אַ פינגער, אין אַ טיר לעבן זיין צימער. דאָ וווינט זיינע אַ באַקאַנטע דאַמע, וואָס קען אויך נישט שלאָפן אין די נעכט. פון יענער זייט טיר הערט זיך אַ פאַרויען־קול, וואָס הייסט אים אַריינקומען. ער גייט אַריין און אַנטשולדיקט זיך פאַר שטערן איר רו אין אַזאַ שפּעטער שעה אין דער נאַכט. ער וויל נאָר אַ ביסל שמועסן, פּלוידערן, עס שלאָפט זיך נישט... די עלטער... דער הוסט מאַטערט... אַליין.... מען קען עפּעס נישט שלאָפן... האָט ער גענומען שרייבן אַ ליד, געמאַכט מוזיק, וויל ער בלויז איבערלייענען און הערן איר מבינות... זי פאַרשטייט דאָך מוזיק, פאַרשטייט פּאָעזיע און זי וועט אים מאַכן גליקלעך, זאָל זי אים אַנטשולדיקן.

אויף יענער זייט פענצטער פון איר צימער ליגט דער האָדסאָן־טייך, איצטער שוואַרץ און טיף בלוי אַרומגעכאַפּט מיט פלאַקערנדיקע לעמפּלעך ווי אַ שנור קרעלן און די ריזיקע בעאָן־ליכטער צאַפּלען אין דעם רעקלאַמע־געשריי איבער געביידעס און מויערן אויף דעם בערגיקן ניו־דזשוירזי ברעג. די פייערדיקע קרעלן און די רעקלאַמע־ליכטער וויגן זיך איבערן טייך, באַגלייטן די וואָגלדיקע שיפן אין ווייטע מקומות אַריין און שפּיגלען זיך אין דעם נאַכט־צודעק פון טייך. עס ליגט ניו־יאָרק אַ וואַכע און שלאָפנדיקע. פון צייט צו צייט רייסט זיך אַריין אין דעם צימער אַ גאַס־געשריי, אַ הילכיקער

קוויטש פון אַ מאָטאָר־מאַשין, אַ שטיקל אָפּגעריסן געזאַנג פון אַ שיכור, אַ בהלהדיקער גוואַלד פון פּאָליציי, אָדער פייער־לעשער סירענע, און עס ווערט ווידער שטיל.

זי איז אַן אַלמנה. איר מאַן איז געפאַלן אין צווייטן וועלט־קריג. איר פּנים איז לענגלעך און ביינערדיק, דער קאָפּ אירער הענגט איבער אַ דינעם האַלדז און דער דינער האַלדז — איבער אַ דאַר, דין לייב. די אויגן אירע זיינען גרויע, נישט איבעריק פריילעכע. אויך איר איז נישט פריילעך, זי האָט שוין גענומען איינדאַרן אין איר אַלמנהשאַפט. אַ צייט לאַנג האָט מיט איר, אין דער קליינער דירה, געוווינט אַ שוועסטער, וואָס איז פאַר אירע אויגן אויסגעגאַנגען פון אַ ביטערער קראַנקייט. איז זי געבליבן אַליין, כאָוועט זי אַ הונט און אַ פּאָפּו־גיי מיט צערטלעכקייט און ליבע, און זי האָט אַ שטעלע ערגעץ אין אַן אָפיס, וואָס צעשיקט אויף אַדרעסן „סעמפּלס" פון פאַרשיידענע פּודערס און זאַלבן פאַר פרויען איבערן לאַנד, וואָס ווילן בלייבן אייביק יונג, אייביק שיין, אַזוי זאָגן טאָקע צו די באַשריבענע צעטעלעך, וואָס ווערן בייגעלייגט אין די מוס־טערן: די פנימער בלייבן ביי דער פרוי אייביק שיין און דער קערפער אייביק יונג. אָט אין אַזאַ אָפיס אַרבעט זי...

אין דער שפּעטער נאַכט־שעה. זי האָט ערשט פאַרצערט עטלעכע טעפּע־לעך קאַווע מיט בראַנדי, דער אַש פון אירע אויסגעברענטע סיגאַרעטן ליגט אָנגעהויפט איבערן דיל, נאַכט־טישל, טעלערלעך, די גרוילעכע האָר פון איר קאָפּ זיינען פאַרפלאָכטן אין אַ צאָפּ, איר ביינערדיק געזיכט איז אויסטערליש נישט שיין. איר קערפער — געהילט אין אַ כאַלאַט מיט בלומען. דאָס קול ביי איר איז הייזעריק, מיד. אָט האָט זי אַ מינוט פריִער איידער בערנאַרד גריל האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר — איינגענומען צוויי שלאָף־פּילן. איצטער דערציילט ער איר, אַז ער האָט היינט אָוונט אָנגעשריבן אַ געזאַנג צו אַ ליד. אַ געזאַנג וועגן גליק, ליבע און נאָך אַזוי פיל וווּנדערלעך פריידיקע זאַכן. זי הערט אים אויס און טראַכט ביי זיך: אָט דערציילט אַ מענטש וועגן וווּנ־דערלעכע זאַכן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין אַזאַ שפּעטער נאַכט־שעה, אין דעם אָרעמען צימערל, און זי קען נישט שלאָפן, זי איז מיד, די שלייפן אין קאָפּ זעצן און דער הונט און דער פויגל שלאָפן און ער הוסט, כריפּעט מיטן אָטעם אין דעם אינגעווייד פון לייב, לייענט ווערטער וועגן ליבע און עס זעט גאָר אויס ווי דער טויט לויערט איבער אים...

**
*

מיט איבער דריי צענדליק יאָר צוריק איז בערנאַרד גריל געקומען קיין אַמעריקע פון אַ קליין אונגאַריש שטעטל. גלייך פון שיף אויסגעשפּיגן געוואָרן

אין ניו־יאָרק און דאָ שוין פאַרבליבן. געשעעענישן, וואָס זאָלן אויפטרייסלען זיין לעבן, האָבן קיין מאָל מיט אים נישט געטראָפן. ער האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ, געלעבט איינזאַם און געחלומט. וועגן וואָס חלומען מענטשן אין ניו־יאָרק? צו ווערן רייך, באַרימט, אָנגעזען, האָבן אַ גוט פאַמיליען־לעבן, באַקומען כבוד, מען זאָל צוטיילן כבוד, הגם מען פאַרדינט עס נישט. ער אָבער, בערנאַרד גריל, האָט געהאַט חלומות פון גאָר באַשיידענע באַגערן. שטיל, אַזוי שטיל ווי זיין גרויע עקסיסטענץ איז, האָט ער געאַרבעט איבער זיך, כדי צו ווערן אַ מוזיקער. ער האָט זיך געדונגען אַ צימערל אין איינעם פון די אַלטע הייזער אויף דער מערב־זייט אין ניו־יאָרק און דאָרט שוין געבליבן שטעקן אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן אַרויס.

דעמאָלט איז די פּיאַנאָ, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אַריינגעשטעלט אין צימער אויף זיין צוזאָג, אַז ער וועט אויסצאָלן פאַר איר — נאָך נישט געווען צעטרייסלט, צעקאַליעטשעט. מען האָט געקענט אויף איר שפּילן און די טענער זיינען געווען פיינע, לויטערע. האָט ער טאַקע אין די פרייע אָונטן, אָדער אין די פרייע טעג געשאַפן מוזיק, געשריבן סאָנאַטן, קאָנטשערטאָס, קאָמפּאָזיציעס, אָבער ווייט גיין מיט די ווערק האָט ער נישט געקענט. אין די דאָזיקע ווערק האָט ער באַזונגען די שיינקייטן פון ניו־יאָרק, איר מעכטיקן שווונג. קיינער האָט זיי נישט געוואָלט קויפן, און קיינער האָט זיי נישט געוואָלט הערן. האָט ער דעריבער אויף זיין קלאַוויר אויסגעשפּילט און אויסגעזונגען אַלץ פאַר זיך אַליין, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט און אויך טייל מאָל פאַר די שכנים פון הויז געשפּילט און געוואַרט אויף אַ גוט וואָרט.

זינט ער פאַרנעמט דאָ זיין קליינע דירה, איז שוין דאָס הויז איבערגעגאַנגען פון איין אייגנטימער צו אַ צווייטן, פון אַ צווייטן צו אַ דריטן, צו אַ פערטן. פאַר זיינע אויגן האָבן צענדליקער מענטשן פאַרלאָזן די צימערן פון הויז און צענדליקער אַנדערע האָבן פאַרנומען זייערע ערטער. די שכנים זיינען אים אַלע מאָל פרעמד, ווייל יעדער פון זיי לעבט נאָר פאַר זיך און אין זיך. דאָס זיינען איינזאַמע מענטשן, וואָס עס גייט זיי נישט אָן די דרויסנדיקע וועלט מיט אַלע אירע געשעענישן, קאָמפּליקאַציעס, געשעענישן, גרויסע דראַמעס, קליינע טראַגעדיעס און מענטשלעכע קאָמעדיעס. דער גרעסטער טייל פון זיי רוט אין די קליינע מעבלירטע צימערלעך, נאָך אַ גאַנצן טאָג גרויסשטאָט־לעבן. אין די נעכט ליגן זיי אין די בעטן, שלאָפן אָדער קענען נישט שלאָפן, חלומען, אָדער גלעטן די קאַלטע ווייכקייט פון די קישנס, הערן זיך אפשר איין צו דער טויב־שטומקייט פון צימער, אָדער גאָר צו דעם מינדסטן גערויש פון דער גאַס, וואָס זאָגט אָן אַ טאָן פון היימישקייט.

זיין קליין צימער איז אָנגעשטעלט מיט אַ ביסל אַלט און אָרעם מעבל.

דאָס הויפּט־שטיק איז די פּיאַנאָ, וואָס די צייט האָט זי אָפּגענוצט, אָפּגעריבן, אַלט, פאַרלוירן די צורה, און אירע טענער און קלאַנגען זיינען געוואָרן היי־זעריקע און אָן אָטעם, אַזוי גוט ווי די צייט האָט אים אָפּגעריבן, צעלאָמיעט, חרוב געמאַכט.

פון איבער דער פּיאַנאָ — פון אַלטע דורכגעפרעסענע רעמלעך אַרויס — קוקן אַראָפּ מיט שטרענגער חשיבות: בעטהאָווען, בראַמס און וואַגנער. די דריי פּנימער, אויסגעשניטן פון אַלטע אילוסטרירטע זשורנאַלן, זיינען אָפּגע־בליאַקעוועט, נאָר די אויגן זיינען נאָך ביי זיי פריש, און בערנאַרד גריל זעט אין זיי לעבעדיקייט און אַ וואָרענונג צו אים, מחמת עס דאַכט זיך אים אויס, אַז זייערע אויגן זיינען כסדר אָנגעשטעלט אויף אים און פרעגן: וואָס האָסטו אויפגעטאָן?

ער איז שוין היינט באַלד ביים זיבעטן צענדליק פון זיינע יאָרן. שווערע מוזיק שרייבט ער נישט מער. קיינער האָט אים סיי ווי סיי נישט געוואָלט הערן. שרייבט ער לידלעך פאַר דער גאַס. קליינע, געגראַמטע לידלעך זיינען דאָס און אויף דער כריפּענדיקער פּיאַנאָ שאַפט ער פאַר זיי מוזיק. ער רעדט אין די לידעלעך וועגן ליבע, שיינע פרויען, בענקשאַפט, און וועגן די כישופדיקע שיינקייטן פון פרויען־אויגן...

אַלע וואָס קענען אים אין הויז, וווּנדערן זיך, וואָס מיסטער גריל רעדט אין זיינע לידלעך נאָר וועגן ליבע? זיין גאַנץ לעבן איז ער דאָך אַליין, איינ־זאַמט אָפּ זיינע יאָרן אין דעם קליינעם צימערל. וואָלט ער כאָטש געווען אַ מאָל חתונה געהאַט, וואָלט מען כאָטש אין די אַלע יאָרן געזען צו אים אַרויפ־קומען אַ פרוי, אָבער אַ שטיין אין פעלד איז דאָך מער אַרומגענומען מיט היי־מישקייט ווי ער, בערנאַרד גריל.

עפּעס אַ מאָל, שוין גאַנץ לאַנג, איז ער געווען פאַרליבט אין אַ שיין מיידל, ווי אים דאַכט זיך נאָך היינט אויס, האָט זי אים אויך ליב געהאַט. עס האָט שוין אַפילו געהאַלטן זיי זאָלן חתונה האָבן. זי פלעגט אַרויפקומען צו אים אין צימערל, ער האָט זי באַקענט מיט דער פּיאַנאָ, אויף וועלכער ער שאַפט מוזיק און מיט די דריי חשובע פּנימער פון די מוזיק־גאונים, וואָס זיינען נאָך צו יענער צייט געווען אין נייע רעמלעך. ער געדענקט נאָך אַפילו היינט די שעהען, וואָס ער האָט מיט איר פאַרבראַכט, די אויגן אירע וואָס האָבן אים געצערטלט מיט דער בלויער טיפקייט...

נאָר עפּעס האָט זיך דעמאָלט אַריינגעמישט אין זיין ליבע. ער ווייסט אַלץ נאָך נישט וואָס עס איז געווען. ער געדענקט, אַז יעדעס מאָל, ווען ער האָט גענומען שפּילן זיינע מוזיק־קאָמפּאָזיציעס, איז זי געזעסן אַ שווייגנדיקע, אַן אָנגעכמורעטע, און געשפּילט האָט ער פאַר איר אַלע מאָל, ווען נאָר זי

איז אַרויפגעקומען אין זיין צימערל. ביז איין מאָל האָט זי אים געזאָגט אָפן:

— בערנאַרד, איר פאַרשטייט בעסער וועגן מוזיק, ווי אַליין צו שאַפן מוזיק...

ער ווייסט נישט וואָס מיט אים איז געווען. עפעס האָט זיך אים אָפגעריסן אין האַרצן. ער איז מיט זיינע הענט צוגעפאַלן צו איר, די פינגער זיינע איינגעדריקט אין איר האַלדז. זי האָט זיך געווערט, איר פנים איז געוואָרן בלוי. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אירע אויגן און זי האָט דעם קאָפּ אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און איז פון אים אַוועק. איר האַלדז איז געווען גלאַטיק ווי די פיאַנאָ־קלאַווישן, גלאַטיק און קיל.

פון דעמאָלט אָן, עס איז שוין אַ צייט וואָס פון אים אַליין איז געוואָרן אַ חורבה, אַ סך מענטשן פון הויז זיינען שוין געשטאָרבן, די ווענט פון הויז זיינען געוואָרן אָפּגעשוונדן. ער איז אַ לאַנגע צייט געבליבן שטום, אויפגעהערט קלאַפּן אויף דער פיאַנאָ. אין האַרצן האָט זיך אים איינגעפרעסן אַ בענקשאַפט נאָך יענער מיידל, וואָס איז פאַרביי אים, ווי אַ קלאַנג, וואָס ווערט אויפגעכאַפּט און בלייבט טיף איינגעזונגען אין האַרצן, נאָר עס איז דאָך אַזוי ווייט, ווייט, אַפילו אַ זעלטענער קלאַנג ווערט טויב און פאַרגעסן.

**
*

עס טרעפט טייל מאָל, אַז אין מיטן העלן טאָג זאָלן פּלוצלינג אָנהויבן אַרויספליען טענער און קלאַנגען פון בערנאַרד גרילס צימערל. די קלאַנגען צעלויפן זיך איבערן חלל פון הויז, שלאָגן זיך אָן אין טירן, איבער טרעפּ, גרויע, אָפּגעשיילטע ווענט פון האָל און אויך אין די אויערן פון דער הויז־משפחה. דעמאָלט ווייסן אַלע, אַז בערנאַרד גריל וויינט אויס, אָדער לאַכט אויס אַ ניי לידל וועגן ליבע. אין די אָנלויפנדיקע קלאַנגען רייסט זיך אַריין דאָס שטיקנדיקע הוסטן פון דעם שרייבער־קאָמפּאָזיטאָר. נאָך אַ ווײַלע ווערן די קלאַנגען איבערגעהאַקט, נאָר דער הוסט זיינער, האַלט נאָך אָן לאַנג: פאַרשטיקט, כאָרכלדיק, קוויטשיק, הייזעריק.

פאַר דער פרוי, די מלחמה־אַלמנה, וואָס וווינט לעבן אים טיר ביי טיר, האָט ער אָפן זיין האַרץ, זיין געמיט־צושטאַנד. ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, עס איז שוין אויך זייער אַ לאַנגע צייט. נאָר וואָס איז צייט? איר פנים איז דעמאָלט נישט געווען אַזוי ביינערדיק, די האָר פון קאָפּ נישט גרוי, נישט האַלב אויסגעקראָכן, נאָר — אַ טיפער שוואַרץ, די אויגן — שיינע, נישט אויסגעלאָשענע ווי היינט — האָט זיך אין אים דעמאָלט אַ דערפרישנדיקע וואַרעמקייט צעגאָסן. זי האָט אים דערמאָנט אין זיין מיידל פון אַמאָל, וואָס ער

האָט שטאַרק ליב געהאַט און ער האָט זי שיעור דערוואָרגן מיט זיינע פינגער, ווייל... ווייל זי האָט נישט געגלייבט, אַז די פינגער זיינע קענען אויף דער פּיאַנאָ שאַפן שיינע מוזיק. פון יענעם טאָג אָן, האָט אַלץ אין אים אויפגעלעבט. טאַקע אין יענעם טאָג האָט מען אין הויז דערהערט אומדערוואַרט פּיאַנאָ־קלאַנגען, וואָס זיינען אַנגעפלויגן אַן אויפהער: שטורמישע און ציטערנדיקע, געוויינען, יאָמערן, כוואַליעס פרייד־געשרייען, צאַרטע, דינע. ער האָט אין יענעם טאָג פאַרבעטן זיין נייע שכנטע צו כאַפּן אַ בליק אין זיין צימער. ער האָט איר דערציילט, אַז ער שרייבט מוזיק, צי עס וועט איר נישט שטערן און אַפילו זי געפרעגט, וואָס ער קען טאָן פאַר איר, אפשר אַ שליחות, אויב עס איז איר שווער אַראָפּצוגיין נאָך עפּעס איינקויפן, אפשר?

זי האָט אים געדאַנקט, באַשאָנקען מיט אַ וואַרעמען בליק און געזאָגט:

— עס איז מיר זייער אָנגענעם צו האָבן אַזאַ פיינעם שכן, אַ מוזיקער, אַ דזשענטלמען, איר דאַרפט זיך נישט שטערן, אין גאָר נישט זיך שטערן.

די צייט האָט געפרעסן איר אויסזען. יאָרן, חדשים, טעג, שלאָפלאָזע נעכט, אַלקאָהאָל, היסטעריע, שלאָף־פּילן, קאָפּ־ווייטאָגן, ווי אייזערנע רייפן אינעווייניק, וואָס וועלן אַלץ אויפרייסן. די אַליינקייט האָט צעריסן די געוועבן אין מוח.

איין מאָל, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, בערנאַרד גריל האָט נישט גע־קענט איינשלאָפן, דער הוסט האָט אים געמאַטערט, אין קאָפּ זיינען אָנגע־פלויגן ביטערע טראַכטעכצער, געפּענטעט דעם מוח מיט קאַשמאַרן־שטריק, האָט ער זיך צוגעזעצט ביים טיש, ווידער אָנגעוואָרפן מוזיק־צייכנס אויף אַ בויגן פּאַפּיר, דאָס האָט ער געוואָלט קאָמפּאָנירן מוזיק צו זיינס אַ לידל, וואָס ער האָט היינט אָנגעשריבן. די שפּינען־פּיסלעך האָבן געטענצלט איבער דעם ווייסן פּאַפּיר מיט שוואַרצע צייכנס. די שטילקייט האָט געשטומט אַרום אים. פּלוצ־לינג האָט ער אויפגעכאַפּט עפּעס אַזוינס ווי אַ קראַמפּהאַפטער, פאַרשטיקטער קרעכץ, אָדער עס האָט אים אַזוי בלויז אויסגעדאַכט.

ער האָט ווייטער געמאַכט די מוזיק־צייכנס, פאַרענדיקט עפּעס און אַרויס־געגאַנגען פון זיין צימער, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זיין שכנטע. ער האָט געוואָרט אויף איר קול, וואָס פאַרבעט אים אַריין אינעווייניק. נישט געהערט איר קול, נאָר ווידער עפּעס אַ פאַרשטיקט געיאָמער. ער האָט געעפנט איר טיר. זי איז געלעגן אויפן דיל, דער קאָפּ נאָך פאַרוואָרפן אויפן בעט. אַרום איר — אַש, נישט דערברענטע סיגאַרעטן און שלאָף־פּילן.

ער האָט געמאַכט אַ געוואַלד, מען האָט געבראַכט אַ דאָקטער. מען האָט זי דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט פון טויט. זי האָט געהאַט איינגענומען אַ גרויסע דאָזע שלאָף־פּילן און בערנאַרד גריל האָט דאָך געהערט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ.

זי איז געבליבן לעבן. אים קיין מאָל נישט מוחל געווען, וואָס ער האָט זיך אַריינגעמישט צווישן איר און דעם טויט.

זיינען פאַראַן טעג, ווען בערנאַרד גריל פאַרקויפט ערגעץ ווו זיינס אַ לידל, וואָס די גאַס וועט אפשר שפּעטער זינגען. אַ לידל וועגן ליבע, בלויע אויגן, שטילע פאַרנאַכטן, אייביקער פרילינג, פרויען־שיינקייט... ער איז דעמאָלט אַ צופרידענער, מיט אַ ביסל געלט אין טאַש,די אויגן זיינע און דאָס האַרץ זינגען אַזש ביי אים. דער הוסט זיינער מאַטערט אים נישט אַזוי שטאַרק היינט. די וועלט שטייט פאַר אים אַ ליכטיקע, גרייט אים אַריינצונעמען אין די אָרעמס.

אין אַזאַ טאָג, מיט אַ גוטער שטימונג, כאַפּט ער זיך אַריין אין אַ בלומען־געשעפט, קויפט צוויי בוקעטן און טראָגט זיי אַהיים. אין זיין צימערל שטייט אַ קליינער אַ ביסל געשפּאָלטענער פאָרצעלייענער וואַזאָניק אויף דער פּיאַנאָ, שטעלט ער איין בינטל בלומען אַריין אין דעם וואַזאָניק. דעם צווייטן בוקעט טראָגט ער אַריין זיין שכנטע.

זי איז ערשט אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט. אַ גאַנצן טאָג היינט צעשיקט הונדערטער מוסטערן פון פּודערס, קרעמען, זאַלבן צו הונדערטער פרויען איבערן לאַנד, וואָס וועלן נאָך דעם קויפן די פּראָדוקטן און זיין זיכער, אַז זיי וועלן זיין אייביק יונג ,אייביק שיין. זי איז געווען מוראַדיק מיד. אויפן גאַזאויוועלע האָט געקאָכט קאַווע, זי האָט שוין אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך בראָנפן. זי האָט אים באַדאַנקט פאַר די בלומען, אויסגעפרעגט זיך וועגן זיין מוזיק, געטיילט זיך מיט אים זיין פרייד. ער האָט זיך געריוויטלט און געענטפערט פאַרשעמט און גליקלעך.

ער זיצט דאָרט אַ שטיקל צייט. זי איז דאָך מוראַדיק מיד. די שוואַרצע קאַווע, די סיגאַרעטן, דער בראָנפן, ער מיט די בלומען און זיין מוזיק, מאַכן זי נישט מונטערער. גייט ער צוריק אַריין אין זיין צימער. אין מוח, אין די שלייפן גליט און האַמערט פון ווייטאָגן און היץ. דאָס האַרץ שטעכט און ציט מיט מידקייט און מיט שטראָמען פרייד. די פינגער נעמען טענצלען איבער די קלאַווישן. ער גיסט זיך צונויף אין גאַנצן מיט די טענער, וואָס לויפן פון דער פּיאַנאָ, פלאַטערן, רייסן אים מיט. עס וועקט זיך ווידער אויף אין אים אַ געפיל פון זיכערקייט און גלויבן, ווייל אָט, האָט אַ נאָענטער מענטש אים אַ גלעט געטאָן מיט אַ וואַרעמען שמייכל.

# אַ גילגול פון יענעם

1

יענעם טאָג האָב איך געשפּאַנט איבער ניו־יאָרקער גאַסן אָן אַ ציל. איך האָב נישט געוואָלט אָנטרעפן קיין באַקאַנטן, נישט באַמיִען קיינעם, נישט שמייכלען, נישט באַגריסן. עס איז געווען איינער פון די טעג, ווען מען ווייסט נישט ווו זיך אַהינצוטאָן, כאַטש נעם און צערייס זיך אויף שטיקער. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אין אַ בלינדן געסל, נישטאָ קיין אויסגאַנג, קיין איינגאַנג, עס עקט זיך די וועלט.

פלוצלינג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין אַריינגעקנוילט אין אַ געדראַנג פון מענטשן אויף בראָדוויי אין די פּערציקסטע גאַסן. אַרום מיר — אַ צעברויזטער ים מיט לעבנס: שטילע און בייזע, רעזיגנירטע און טומלדיקע, אימפּעטיקע און פאַרגולמטע, איין כוואַליע פון מענטשלעכע קערפּערס וויל איינשלינגען די אַנדערע: איינער יאָגט איבער דעם אַנדערן. יעדער איינער וויל זיין מיט אַ טריט פאָרויס פונעם צווייטן.

עס איז געווען אָנהייב האַרבסט. דער טאָג איז געווען אַ שיינער. די לופט האָט געשמעקט מיט טרוקענע בלעטער און גאַזאָלין. אַ קיל ווינטל האָט זיך געטראָגן פון די זייטיקע גאַסן אַרויס. די זון האָט נאָך געוואַרעמט מיט שפּעט־זומערדיקער מילדקייט. איבער אַלעם איז געווען אויסגעגאָסן אַ מעלאַנכאָלישע מידקייט, אַ דינקייט פון טרויער, אָדער אפשר האָט עס מיר זיך בלויז אויסגעדאַכט אַזוי.

ביי איינעם אַ ווינקל פון אַ גאַס, ווען די רויטע ליכט האָט איינגעהאַלטן די כוואַליע, ווי זי וואָלט איבערגעהאַקט די אַרטעריעס פון אַ צאַפּלדיקן קערפּער, האָב איך דערהערט אַ קול, וואָס איז מיר געווען זייער באַקאַנט. דאָס קול איז איצט הייזעריק, נאָר האָט נאָך אין זיך די וואַרעמקייט, וואָס פאַלט איבער מיין געהער פון עפּעס אַ ווייטן און נאָענטן אַמאָל; אַפילו דעם מעטאַלענעם

קלאַנג מיט אַן אונטערטאָן, וואָס טיילט זיך אויס פון אַנדערע קולות, הער איך איצטער. איך האָב האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען אַ מענטשן, וואָס איז מיר זייער קענטלעך, נאָר עפּעס קען איך זיך נישט כאַפּן אין די ערשטע רגעס, ווו איך האָב דעם מאַן געזען. איך קען דאָך אים. זיכער קען איך אים: אַ לענגלעך, פּיין געשניצט פּנים, אַ לענגלעכע דינע נאָז, אַ הויכער, ווייסער שטערן, אַ שיין געשניטן מויל. אינעם פּנים ליגט אַ וועלט מיט ענערגיע, אַן אָפענער שמייכל און אַ פאַרחלומטקייט, אַ מעלאַנכאָלישע מידקייט, וואָס גיט אים צו כאַראַקטער. זיין געשטאַלט: פעסט־געבויט, ברייטע אַקסלען, פעסטער טראָט, אַטלעטישער פאַרנעם...

ווער איז דער מאַן דאָ? דער זעלבער און נישט דער זעלבער, אַ גילגול פון יענעם, אַן אומוואַנדלונג. דער דאָ איז בלויז אַ חורבה פון אַ מענטש, אַ שאָטן פון יענעם און דאָך דער זעלבער. די הויט פון פּנים פון דעם מאַן איז גערונצלט, צעשאָבן פון שלעכטן ראַזירן, ביליקן זייף, די באַקן — איינגעפאַלענע, אינעם שטערן — טיפע שניטן, דאָס מויל — דעפאָרמירט, ברייט, וואולגאַר, און די אַקסלען שווערן אַראָפּ, ציִען דעם גוף צו דער ערד, צום — אונטערגאַנג. פון דעם אַטלעטישן געבוי איז געוואָרן — אַ שלאַבעריק, צעקראָכענער גוף.

אויפן קאָפּ טראָגט ער אַן אָפּגעשאָסענעם קאַפּעליוש, דאָס רעקל איז ענג, קורץ, אָפּגעשאָסן, צעקנייטשט און וועט באַלד פונאַנדערפאַלן. דאָס ווייסע העמד איז מיט ברודיקע פלעקן. דער מאַן רופט מיט זיין קלאַנגפולער וואַרעמער שטימע די פאַרבייגייער: ווער נאָר עס וויל — און יעדער מענטש איז דאָך נייגעריק — קען זען די מערקווירדיקייטן פון גרויסן ניו־יאָרק! אָט לויפט אין עטלעכע מינוט דער צוגעגרייטער אויטאָבוס — ער רעדט און ווייזט אָן מיט דער האַנט אין ווינקל פון דער גאַס אויף אַן אָמניבוס — אין כינעזישן קוואַרטאַל, און דאָרט קען מען זען אַלע וווּנדער פון כינעזישן לאַנד, מען טאָר נישט פאַרשפּעטיקן.

עס דאַכט זיך מיר, אַז זיין שטימע האָט אין זיך דעם קלאַנג און מעלאָדישקייט פון געבעט און חוזק, פון רחמנות צו זיך אַליין און אַ שפּיל פון אַ ציניקער.

דאָס איז דאָך בען רינגעל! — האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ — יאָ, עס איז ער! און אפשר מאַך איך אַ טעות? בען רינגעל איז דאָך אַ פּרינץ, אַ טרוימער, עלעגאַנט, רייך אין פיזישער שיינקייט — און דער דאָ?

דאָס רויטע סיגנאַלן־ליכט אין די גאַסן־ווינקלען איז איבערגעגאַנגען צו גרין. די צוויי האַלב־צאַפּלדיקע קערפּערס פון דעם מענטשן־קנויל, האָבן זיך צוריק צונויפגעהאָפטן. ווידער איז געוואָרן איין קנויל, איין ריזיקער קערפּער

צוזאַמענגעהאַפּטן פון הענט, פיס, אויגן, קעפּ, פאַרלאַנגען — אַ קערפּער וואָס יאָגט זיך מיט סכנות־נפשות, איבערריאַגן און מאַכן דעם טריט פּאָרויס. איך האָב זיך קוים אַרויסבאַקומען פון דעם צאַפּלדיקן אַרטעריע־קלעם און בין געבליבן שטיין אין אַן אויסהוילונג פון אַ מויער, פון דאַנען וועל איך בעסער קענען באַטראַכטן בענען. ער טאָר מיך נישט זען. איך וועל זען דעם גלגול פון יענעם.

2

ער האָט געוווינט אויף איינער פון די גאַסן אויף דער מערב־זייט פון ניו־יאָרק, אין אַ מעבלירטן צימער פון אַן אַלטן ציגלנעם הויז. דאָ וווינען איינזאַמע מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן: אַזעלכע וואָס וואַרטן, אַז דאָס אומגעריכטע גליק זאָל אַ מאָל אָנשלאָגן ביי זייערע שוועלן און אַזעלכע וואָס האָבן שוין אויפגעגעבן די האָפענונג; אַזעלכע וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אילוזיעס און זיינען זיכער, אַז אָט דערגרייכן זיי דעם חלום אין דער פולער בלויער שיינקייט און אַנדערע, וואָס האָבן די חלומות אויסגעלאָשן אין זיך, די אילוזיעס דערשטיקט ביים סאַמע געבורט.

בען רינגעלס צימער איז געווען מיט איין שטאָק העכער פון מיינעם. יעדן פרימאָרגן האָט דער בריווטרעגער געבראַכט די פּאָסט און אָוועקגעלייגט אויפן געשטעל פונעם אַלטן הויז־שפּיגל. אַלע איינוווינער פון די מעבלירטע צי־מערלעך פונעם הויז האָבן צוזאַמען נישט באַקומען אַ הונדערטסטל טייל בריוו, וואָס בען האָט באַקומען. די קאָנווערטן אַדרעסירט צו אים, האָבן געטראָגן אויף זיך די איבערשריפט פון חשובע פירמעס און בענק־הייזער פון ניו־יאָרק און פון פאַרשיידענע מעטראָפּאָליעס פון דער וועלט, אויך פון ניו־יאָרקער אָפּ־טיילונגען פון „סטאַק־עקסטשעינדזש", פון מעקלערס, פאַרמיטלערס. אויך זיי־נען צו אים געקומען בריוו אין דינע, לענגלעכע קאָנווערטן, געשריבן מיט איידעלע האַנט־שריפטן און טייל מאָל אָנגעשלאָגן אינעם טונקעלן האָל פון הויז, איבער די גרויע ווענט אַן אַראָמאַט פון שטילן פּאַרפום.

אין זיין צימער איז ער אַרומגעגאַנגען אין אַ באָרדאָ־ווייַן קאָלירוקן זיי־דענעם שלאָפראָק. אַ זיידן טיכל איבערן האַלדז צווישן צוויי שפּיצן פון אַ ווייס זיידן העמד. דאָס פּנים — אַלע מאָל גלאַט ראַזירט, די האָר — זאָרגפעלטיק פאַרקעמט. אין גאַס אַרויס איז ער אַלע מאָל אין אַ גוט־געפּרעסטן, טייערן אַנצוג, אַ פיינעם מאַנטל, אָדער אַ באַהעמישן „טרענטש־קאָוט". די עלעגאַנץ פון זיין קליידונג האָט גאַנץ איידל אָנגעזאָגט פון אַ חשובן דיסטינגווירטן מאַן.

מיט די הויז־איינוווינער האָט ער גערעדט וועגן וואָל־סטריט, ער האָט

געוווּסט פון אויסנווייניק די עטלעכע הונדערט פירמעס פון דער פינאַנץ־בירזשע, וואָס דאַרף נעמען אַן אַנדערן עטלעכע שעה בלויז איבערצולייענען; און געוווּסט האָט ער יעדנס יחוס, וויפל געווען ביים אָנהייב און וויפל עס האַלט ביים אויפשטייג און וויפל עס צאָלט „דיוויִדענדן" און צי עס וועט זיך „שפּאַלטן". ער האָט אויך געוווּסט דעם גאַנג פון די פערד־געיעגן: ציפערן, נעמען, אָפּשטאַמס, ראַסע, וועלכע פּרייזן זיי האָבן שוין באַקומען.

דער הויז־טעלעפאָן איז אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט בען רינגעל (ביי זיך אין צימער האָט ער נישט געהאַט קיין טעלעפאָן) און גערופן האָבן אים פרויען מיט אַלערליי שטימעלעך: דינע, לאַכנדיקע, פריילעכע, פאַרשייטע, זיני־געוודיקע.

ער האָט אַלע מאָל אַזוי זייטיק, שמייכלענדיק געענטפערט:

— פרענסיס, דו? שוין פאַרבענקט זיך נאָך דיר. איך מוז דיך הייגט זען. יאָ, נאָך דעם... זיי נישט בייז! איך האָב נישט געקענט נעכטן אָוונט, דו ווייסט דאָך, געהאַט קאָנפערענצן מיט מיינע „סטאָקהאָלדערס".

אָדער:

— עס איז דו, מיין טייערע ביטריס? גוט, ווי אַזוי קען איך פאַרגעסן דיינע ליפּן? ווי קען מען פאַרגעסן דיינע אויגן? זיכער האָב איך נאָר דיך ליב, דו ווייסט עס.

אָדער:

— מיין טייערע, קליינע... וועלכן פאַרפום דו ווילסט. דו דאַרפסט איבער־הויפּט נישט קיין פאַרפום, נישט נייטיק אַן אָוונט־קלייד.

דריי אָוונטן אין דער וואָך איז ער נישט געווען אין הויז. אַלע האָבן גריי־לעך געוווּסט, אַז ער וווינט אין די דריי אָוונטן ביי אַ רייכער, יונגער, זעלטן שיינער אַלמנה ערגעץ אין אַ רייכער עוועניו פון ניו־יאָרק, זי וועט אים געבן אַ נדן פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר און זי האָט אים ליב, שטאַרק ליב, נאָר ער ווייסט נאָך נישט צי ער זאָל זיך פאַרבינדן.

עס זיינען צו אים געקומען שיינע פרויען, אַריינגעשלייכט זיך זייטיק און פאַרשעמט. פון זיין צימער האָבן זיך נאָך דעם געהערט געלעכטערן, מוזיק, געזאַנג, שיכרות־טאָוסטן. שפּעט אין אָוונט זיינען זיי אַרויס, גערוויטלט זיך, געכאַפּט בגנבה אַ בליק אין דעם הויז־שפּיגל, האַרט ביי דער טיר, וואָס איז פול מיט געלבלעכע פלעקן און זיי זיינען זייטיק אַרויס צו דער גאַס.

ער האָט געבראַכט אַ סעקרעטאַרין צו זיך אין צימער. אין אַ פאַרנאַכט איז עס געווען, ווען אַלע איינוווינער זיינען שוין צוריק אין הויז פון דער טעגלעכער באַשעפטיקונג. ער האָט הויך אויפן קול דיקטירט דער סעקרע־טאַרין בריוו צו אויסלענדישע בענק, דאָרט ווו ער האָט ליגן גרויסע קאַפּי־

טאָלן. זיין דיקטירן איז געווען חשיבותדיק און טראַנזאַקציעמעסיק. עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז ער בעט די באַנק אין איינע פון די שטעט אין דער שווייץ, זי זאָל פאַר אים מאַכן פאַרשיידענע אינוועסטירונגען. און איינער אַ באַנק אין ענגלאַנד, האָט ער הויך אויפן קול פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל צו־נישט מאַכן פאַרשיידענע געשעפטן, ווו זיינע קאַפּיטאַלן ליגן און איבערגיין צו אַנדערע געשעפטן...

די הויז־איינוווינער — איינזאַמע, שטילע, אָרעמע מענטשן, האָבן געגאַפּט, וואָס אַרום זיי, טאַקע ביי זייערע טירן ווערן געוואָרפן גאָלד־שטיקלעך, רייכ־טימער וואַלגערן זיך אין די כּישוף־רייד, מיליאָנען, גאָלד און איידל־שטיינער אין אַלע קאָלירן וויגן זיך אַרויף און אַראָפּ. עס איז אַזוי ווי טשאַטעס קאָלי־ריקע פייגל פליִען פאַרביי זייערע אויגן און עס צינדן זיך גאַמעס מיט קאָ־לירן און פאַרבן רייכטימער. די באַלעבאָסטע פון הויז איז אַרומגעגאַנגען דעם איינוווינער בען רינגעל מיט שטילע טריט און רייד דורך אַ זיידן טיכל.

ער האָט אַלעמען געוויזן קאָנטראַקטן מיט טעאַטערן, מען באָט אים אָן גרויסע סומעס און גוטע ראָלן אין פאַרשיידענע מוזיקאַלישע אויפפירונגען, מחמת זיין שטימע האָט אַ רייכע מעטאַלענע שיינקייט, ער קען שאַפן וווּנדער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. זיין געליבטע, די אַלמנה, פון דער רייכער עוועניו אין ניו־יאָרק, וועט נישט לאָזן. זי וויל אים נאָר פאַר זיך, און ער באַשטייט. זי פאַרגיטיקט דאָך אים מיט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר און ווער קען זיך אָקעגנ־שטעלן? יאָ, ווער קען זיך אַקעגנשטעלן?

האָט אים ווער געפרעגט:

— ווי פּאַסט עס פאַר אייך, מיסטער רינגעל צו וווינען אין אַן אַלט ציג־לענעם הויז, מיט אַ חושכדיקן האָל, די ווענט שיילן זיך פון אַלטקייט, עס וווינען דאָ בלויז מענטשן — קרעכצנדיקע, בייזע, קרענקלעכע, פאַרשפּילטע? די טרעפּ זיינען באַצויגן מיט אַ שטויביק, צעריסענעם געוואַנט. אַפילו אַן איי־גענעם טעלעפאָן אין צימער האָט איר נישט.

אין אַזאַ מינוט איז זיין גלאַט ראַזירט, גוטמוטיק פּנים פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ רויטקייט און ער האָט זיך פאַרענטפערט מיט אַ נידעריק קול און חשיבות אין די רייד:

— איך וויל די אויגן נישט אויפרייסן ביי קיינעם מיט מיין רייכטום. דאָ אין דער שטילקייט, צווישן אָרעמע מענטשן איז ראָמאַנטישער, באַשיידענער. עס איז בעסער פאַר מיין געמיט, פאַר מיין אַרבעט. איך קען דערגרייכן אַלץ: רייכטום, כבוד, מאַכט. אַלע וואָס האָבן דערגרייכט די וועלט זיינען געקומען פון אַזעלכע הייזער. אין שטילקייט דערגייט מען צום העכסטן שטאַפּל און צו די העכסטע דערגרייכונגען.

ער האָט גערעדט ווי אַ טרוימער. ער האָט טאַקע אַלץ דערגרייכט: רייכ־טום, שיינע פּרויען, אַ גוטן אויסזען, די שטימע זיינע איז ווי סאַמעט, וואַרעם, שטאַרק. צעזינגט ער זיך אַ מאָל אין הויז, אין אַ שבת נאָכמיטיק, אָדער אין אַ זונטיק, ווען אַלע איינוווינער זיינען אין הויז, יעדער מיט זיין חלום און עלנט, גאַפן אַלע פון דער שפע פון זיין קול. ער וואַרפט פון מויל פאַר אַלע־מען גאָלד און שיינקייט, טרייסט און פרייד.

בען רינגעל האָט אַזוי אָנגעהאַלטן שיינע חדשים. יעדער פון הויז האָט געציטערט איבער זיין גורל, ווי איבער אַ געליבט קינד. אומבאַוווסטזיניק איז יעדער געווען פאַרבונדן מיט אים: אויב עס דערגייען ווונדערלעכע חלומות צו ווירקלעכקייט, אויב ער דערגרייכט דאָס גליק פון דער ערד אין אַלע שענ־סטע פאָרמען, קען עס דאָך יעדן טרעפן אויף וועלכן עס איז אופן, קען דאָך זיין, אַז די חלומות פון אַלע מענטשן דאָ אין הויז זאָלן דערגיין צו דער פול־קייט פון אמת.

איין מאָל, אַן אָוונט איז עס געווען: בען רינגעל איז געזעסן ביי זיך אין צימער און פאַר היימלעכקייט וועגן געזונגען עפּעס אַ ניגון, געטרויכערט. די הויז־טיר האָט זיך געעפנט, עס איז אַריינגעקומען אַ פרוי. זי האָט מיט אַ האַסטיק־בלאָנדזשענדיקן בליק געזוכט אויף דעם ברעטעלע ביים טעלעפאָן די נעמען פון די איינוווינער. זי האָט געזוכט, געוואַקלט זיך וואָס צו טאָן. פּלוצ־לינג האָט זי מיט אַן אויער אויפגעכאַפּט אַ קלאַנג פון אַ קול, אַ ברעקל פון דעם ניגון, וואָס קומט פון ערגעץ אין הויז. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און מיט שנעלע טריט אַרויף די טרעפּ, אָנגעהאַנגען איר געהער צום געזאַנג און אַריין אין זיין צימער.

בען רינגעלס געזאַנג איז איבערגעהאַקט געוואָרן אין מיטן. דער לעצ־טער אָפּגעהאַקטער קלאַנג איז דערשטיקט געוואָרן אין דער שרעק, וואָס האָט אין דער רגע אַ שלאָג געטאָן אין זיין לייב. די פרוי איז צוגעפאַלן צו אים מיט געוואַלדן און געוויין. גערופן אים מיט די ווולגאַרסטע ווערטער, באַ־שולדיקט אים אין פאַרברעכנס, אַז ער גענאַרט אָפּ זיין אייגן ווייב. זי איז קראַנק און וועט אַ ליאַדע טאָג שטאַרבן — האָט זי געכליפּעט און אויפגעריסן די טיר צום האָל אַרויס אַלע זאָלן זען דעם בראָך, וואָס ליגט אָפן, זאָלן אַלע וויסן ווער ער איז. די גאַנצע וועלט מעג וויסן, בישטאָ וואָס אויסצובאַהאַלטן.

פון די געשרייען איז די פרוי איבערגעגאַנגען צו היסטעריע, פון היס־טעריע צו אַ — צוזאַמענברוך. זי האָט גענומען רייסן און וואַרפן זאַכן, וואָס זיינען איר געקומען אונטער דער האַנט, זי זיין געזעצלעכע פרוי — האָט קענסער, זי איז מיט די לעצטע כוחות אַהערגעקומען. עס נעמט איר שוין אַ יאָר צייט אויסצוגעפינען וווּ ער וווינט.

אין דעם ווירוואַר און קולות איז בען רינגעל פאַרשוווּנדן. די פרוי, פיל עלטער פון אים, אַ דערשלאָגענע, אַ געהויקערטע, אַ גערינצלט פּנים מיט קנייטשן און פּיין, האָט מען אָפּגעפירט ערגעץ אין אַ שפּיטאָל.

אויף צו מאָרגנס האָט די באַלעבאָסטע פון הויז גענומען זוכן צווישן די פּאַפּירן און חפצים, וואָס בען האָט איבערגעלאָזט. ער איז איר שולדיק געבליבן פּאָר דריי חדשים דירה־געלט און געוווינט האָט ער דאָ פינף חדשים. זי האָט געפונען בריוו, אַדרעסירט צו פאַרשיידענע בענק אין דער וועלט. די בריוו זיינען געלעגן אין קאָנווערטן, זיינען קיין מאָל נישט געוואָרן אָפּגעשיקט. זי האָט געפונען קאָנווערטן פון בענק־הייזער פון גרויסע ניו־יאָרקער פירמעס, וואָס זיינען קיין מאָל נישט געוואָרן געעפנט. די אַדרעסן זיינען געשריבן גע־וואָרן מיט זיין אייגענער האַנט צו אים אַליין. ער האָט די קאָנווערטן דורך פאַרשיידענע קונצן אַרויסבאַקומען אין די בענק־הייזער און זיינען נאָך דעם מיט אַרויפגעקלעפּטע פּאָסט־מאַרקעס אָנגעקומען אין דעם אָרעמען הויז. די קלינגענדיקע נעמען זייערע האָבן אַלע מאָל אויפגעריסן די אויגן פון דער באַלעבאָסטע אין הויז און אירע איינוווינער. מען האָט אויך געפונען אַ וואַליזע און אינעווייניק איז געווען אַן אַלטער, אָפּגענוצטער אָנצוג מיט עפּעס אַ צעטל פון אַ דריט־ראַנגיקן רעסטאָראַן, וווּ ער איז געווען אַ טעלער־וואַשער, אַ צו־רוימער דריי נעכט אין דער וואָך. דאָס איז געווען זיין פּרנסה, וואָס האָט אים געהאָלפן לעבן אין מענטשנס אויגן ווי אַ פּרינץ.

אין הויז האָט ער ביי אַלעמען איבערגעלאָזט אַ טיפע בענקשאַפט. ער האָט אין אַלעמען אָנגעצונדן גליאיקע חלומות פון גרויסע דערגרייכונגען און קיינער האָט די חלומות ביי די עלנטע מענטשן נישט געקענט אויסלעשן. מען האָט אין הויז גערעדט מיט גרויס זיכערקייט, אַז בען רינגעל איז געוואָרן אַ באַרימטער אָפּערע־זינגער ערגעץ אין דער וועלט, אונטער אַן אַנדערן נאָמען, אַזאַ איינער ווי ער ווערט דאָך פאַרוואַנדלט אין אַן אַ שיעור גילגולים. אַלע אין הויז זיינען אין די שפּעטערדיקע חדשים און יאָרן געווען זיכער, אַז ער האָט אויף אַן אמת חתונה געהאַט מיט דער יונגער אַלמנה, זי בויט פאַר אים אַ פּאַלאַץ און אַחוץ איר שיינקייט האָט זי אים אויך געגעבן מיליאָנען.

דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט יענעם אָוונט מיט זיין קראַנקן ווייב דאָ אין הויז און ער איז אַנטלאָפן אַ פאַרשעמטער, דאָס האָט מען אין גאַנצן פאַרגעסן. עס פּאַסט נישט אין אַ שפּיל פון פאַרבן און גאָלד אַריינצוואַרפן אַ קענדל מיסט. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו לאָזן פאַלן אַ שפּרינקעלע פון חשד אויף אים. ער איז ביי אַלעמען אין די מוחות געבליבן דער זעלבער כישוף־מאַכער און טרוימער. ער איז דאָ נישט געווען און דאָך געלעבט צווישן די איינוווינער, צווישן די גרויע ווענט פון הויז פאַר אַ לאַנגער צייט. זיינע

מעשׂיות האָט מען נאָכדערציילט, זיין געזאַנג האָט אָפּגעקלונגען אין פֿאַרשיי־דענע עכאָס. דער טעלעפֿאָן האָט געקלונגען אין הויז און אַלע דיינען געווען זיכער, אַז עס איז נאָר פֿאַר אים. יעדער האָט געחלומט און געגאַרט צו ווערן אַ בען רינגעל, אַפֿילו בלויז אין חלום.

3

אין גאַנצן זיינען אָפּגעלאָפֿן עטלעכע מינוטן פֿון מיין שטיין אין דער מויער־אויסהוילונג און נאָכקוקן דעם גילגול פֿון בען רינגעל. דאָס גרינע און רויטע סיגנאַלן־ליכט האָבן זיך געביטן עטלעכע מאָל. בען רינגעל האָט אַלץ גערופֿן די פֿאַרבייגייענדיקע מענטשן צו זען די מערקווירדיקייטן פֿון ניו־יאָרק. ער האָט שווער געהאָרעוועט ביז עס איז אים געלונגען אַריינצוקריגן אין אוי־טאָבוס אַריין וועמען. מען דאַרף אים מיט עפּעס אָפּצאָלן — האָב איך גע־טראַכט — ער האָט אַזוי פֿיל גאָלד און שיינקייט אַנדערע געגעבן, פֿאַרשוועג־דעריש און מיט אַ ברייטער האַנט געטיילט, די שיינקייט פֿון חלום, אילוזיע, אַפּנאַרעריי.

בין איך זייטיק צוגעגאַנגען צום אויטאָבוס, אַריינגעזעצט זיך. עטלעכע מענטשן זיינען געווען אינעווייניק. מען האָט געוואַרט אויף נאָך און אַנדערע זיינען נישט געקומען. עס איז דאָך מאָדנע דער גאַנג פֿון אונדזערע טריט און צילן; מיט עטלעכע מינוט צוריק האָב איך נישט געוווסט וואָס מיט זיך צו טאָן און אָט האָב איך אַ ציל וווהין צו גיין, וואָס צו זען.

בען איז אַריין אין אויטאָבוס. איז עס ער, אָדער נישט? איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— וואָס מאַכט איר, מיסטער רינגעל? בען?

אַ דערשראָקענער, ווי מען וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ פֿאַרברעכן, האָט ער זיך אַ טרייסל געטאָן.

— איר מאַכט אַ טעות, מיסטער. מיין נאָמען איז נישט...

איך בין געוואָרן דרייסטער. עס איז דאָך ער!

— איר דערקענט מיך נישט, בען? עס איז דאָך אייער שטימע, די זעלבע שטימע... די מעטאַלענע, שיינע שטימע אייערע. דער זעלבער בען, די שטימע אייערע איז דאָך — פֿיינסטע גאָלד. איך בין געווען אייער שכן דאָרט אין דעם אַלטן הויז.

זיינע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן.

— די זעלבע שטימע, זאָגט איר? אַ דאַנק אייך. מען וויל מיך טאַקע אַנ־גאַזשירן צו אַ גרויסער מוזיקאַלישער פֿאַרשטעלונג. איך וועל האָבן די הויפּט־

ראָל. איינע פון די גרעסטע „מיוזיקלס״ אויף בראָדוויי. איצטער דערמאָן איך זיך זוער איר זיינט, דער שכן פון הויז דאָרטן. יאָ, זיכער... איך האָב זיך אַ ביסל געביטן, בלויז אַ ביסעלע עלטער געוואָרן. איך האָב לויפן איבער ניו־יאָרק עטלעכע אויטאָבוסן... איך האָב נישט גראָד אַ קאַרטל פון מיין פירמע מיט זיך.

ער איז געבליבן דער זעלבער — האָב איך געטראַכט און איבער אים מצדיק געווען — אַזעלכע ווי ער הערן קיין מאָל נישט אויף צו חלומען, צי זיי שטייגן הויך, צי זיי פאַלן אין דער טיפסטער נידער.

# דער עדות

## א.

עס איז געווען אַ יאָר פון טריקעניש, הונגער און קראַנקייטן.

די זון האָט געפלאַמט, פאַרברענט די גראָזן, פלאַנצן, די קערנער פון זאַנגען אין פעלד, אויסגעטריקנט די זאַפטן פון די קליינע איילבירט־ביימער, פון די געוויקסן וואָס שפּייזן גרויסע שטחים פון פּראָוואַנס. די גרינלעך בלויע וואַסערן פונעם טייך רהאָן, וואָס טראָגן זיך אין ווינטיקע צייטן פון יאָר כוואַליענדיק, צעשטורעמטע דורך בערג און טאָלן, זיינען אין די חמימות גע־פלאָסן שטילע, גלעטנדיקע און אַריינגעפאַלן אין די ברויזנדיקע וואַסערן פון מיטללענדישן ים. אין פיל ערטער האָבן זיך געמערט זומפּן, פון די זומפּן האָבן זיך פאַרשפּרייט מגיפות און חולאתן איבער שטעט און דערפלעך פון גאַנץ דרום־פראַנקרייך.

דאָס פּראָסטע פאָלק איז געווען פאַרביטערט, פאַרזאָרגט: דער פּויער האָט נישט געשפּאַנט דעם אָקס, וואָס דאַרף ער אַקערן, שניידן און זייען, אַז די זון פאַרשרפעט די זריעה? די הימלען זיינען וואָכן לאַנג בלויע, קיין וואָלקנדל באַווייזט זיך נישט, זיינען איינגעשפּאַרט און רעגענען מיט פייער. דער שמיד האָט נישט אויפגעבלאָזן דעם בלאָז־זאַק, דער שניידער האָט נישט איינגעפעדעמט די נאָדל, דער שערער האָט פאַרוואָרפן די שער, דער קרעמער האָט געהאַלטן פאַרהאַקט די טירן פון זיין קראָם, דער בלומען־ציכטער האָט גע־ווייטיקט איבער די וויאַנענדיקע בלומען, אין די קעלטערן האָט מען נישט געקוועטשט די טרויבן, עס איז נישט געווען קיין וויין.

אויף דער משופּעדיקער הויכקייט פון דער שטאָט אַוויניאָן, ווו עס וואַקסט אַרויס אין ווייסן און גרויען שטיין דער פּאַלאַץ פון די פּויפּסטן און טורעמט זיך צו די הימלען מיט רונדיקע טורעמלעך, שפּיצן און געזימסן, האָבן די באַדינער אין ווייסע העמדלעך מיט גאַרטלען אויף די לענדן אויסגעשאַלט אין די בלויע פרימאָרגנס דורך זילבערנע פאַנפאַרן דעם געבורט פון אַ נייעם

טאָג און איבערגעגעבן אין דער אָנגעהיצטער לופט די בענטשונג און געבעט פון זייער הייליקן פאָטער, אַז היינט זאָלן די הימלען געבן רעגן. אין די פאַרנאַכטן האָבן די פאַנפאַרן אויסגעשאַלט אינעם שיין פון דער שקיעה דעם פאַרגיין פון טאָג מיט אַ נייער בענטשונג פאַר דער נאַכט, וואָס דאַרף געבן דעם מענטש, חיה און פלאַנץ רו און גליקזעליקייט. די רופן און ברכות פון זייער הייליקן פאָטער האָבן אָבער נישט געהאָלפן.

עס איז נישט געווען קיין ווילטאָג און נישט קיין רו.

אַ יאָר פון געיאָמער, פּיין און שרעק איז געווען פאַר דעם גאַנצן שטח פון פּראָוואַנס.

אין דער געטאָ פון דער שטאָט אַוויניאָן, דאָרט ווו עס שטייען הייזער צוזאַמענגעדרענגטע, צוזאַמענגעקנוילטע, געבויט פון שטיין און ליים, גאָרן איבער גאָרן, קרום געדרייטע טרעפּ פירן פון איין פינצטערער דירה אין דער אַנדערער; אין די מויערן קליינע פענצטער פאַרוועבטע מיט אייזערנע קראַטן, קוקן אַרויס צו די געסלעך מיט שרעק, ווי אויגן פון אַ פאַרמשפּטן, דאָרט זיינען די חמימות געווען נישט אויסצוהאַלטן. די געסלעך זיינען ענגע, שמאָלינקע, טונקעלע, וואָס ציִען זיך ווי לאַבירינטן איינס אַריינגעפלאָכטן אין דעם אַנדערן, נישט אַרויס און נישט אַריין. בלינדע מויערן, בלינדע ווענט אָן אויסגאַנגען; שאָטנדיקע ווענט, אָפּגעשוונדענע און אָפּגעשיילטע; טרעפּלעך, בערגלעך פאַרבינדן איין געסל מיטן אַנדערן, דאָרט נעסטיקן טויזנטער יידישע נפשות פון יונג און אַלט, מאַן און ווייב, קינד און קייט, דאָרט האָבן אין די טעג אַריינגעפלאַטערט וויסטע בשורות פון סכנות, הונגער, אומריינקייט, אַריינגעפלאַטערט יעדע שעה אויף שוואַרצע פליגלען.

אין די פרימאָרגנס זיינען יידן נישט אַרויס פון די געטאָ־מויערן אין שטאָט אַריין האַנדלען, וואַנדלען, אויספירן אַלערליי מלאכות, ווי זיי זיינען געוווינט צו טאָן טאָג־איין טאָג־אויס, זיי זיינען נישט אַרויס טוישן געלט, אויפקויפן ביי די משפחות פון געשטאָרבענע פראַנצויזישע שררים דאָס איבערגעבליבענע האָב און גוטס פון ירושה. די מאַנספאַרשוינען זיינען געבליבן אין די שטיקנדיקע הייזער און געסלעך, געזוכט צו לינדערן צווישן זיך, איין משפחה ביי דער אַנדערער דעם וויסטן מצב און גזר, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל איבער אַלעמענס קעפּ, שוינט נישט קיינעם, נישט די וועלט פון האָב און גוטס אויף יענער זייט פון די געטאָ־מויערן און נישט אין דער נעסט פון ענגשאַפט. זיי האָבן געפּרוווט העלפן איינער דעם אַנדערן: פאַר דעם געפונען אַ כזית ברויט, פאַר דעם געקאָכטע וואַסער, פאַר דעם אַ זאַלב, קרייטעכצער, אַ רפואה. מיט אייגענע כוחות פאַרשרייען, פאַרשטופּן די נויט, וואָס טראָגט זיך פון ווינקל צו ווינקל.

## ב.

אין דער געטאָ פון אָוויניאָן האָט געוווינט יששכר אַלקאַני, דער ליכט־צ׳יער. ער איז געווען אַ שטילער מענטש, אַ צוריקגעהאַלטענער, אַ גוטמוטיקער. זיין דירה איז געווען ערגעץ אין אַ קעלער פון אַ שטיינערנעם הויז, ווו די הויכקייט פון די גאַרנס גרייכן דעם הימל. די טאָג־ליכט איז געווען קאַרג און שפּאָרעוודיק פאַר דעם ליכט־צ׳יער יששכר אַלקאַני.

ער האָט געמאַכט חלבנע ליכטלעך פאַר די ענגע שטיבער, בוידעמער און קעלער־דירות פון די ייִדן אין געטאָ פון אָוויניאָן. ער האָט אויך געפלאָכטן קאָלירקע הבדלות פאַר שמחות און חתונות, פאַר די געזאַנגען פון שבת־צו־נאַכטן, פאַר באַלייכטן די פרייד פון ימים־טובים, וואָס איז דאָ געקומען אַזוי זעלטן, אויב שוין יאָ אַ ביסעלע פרייד איז עס דאָ געווען געגליכן ווי אַ טראָפּן אין ים.

האָט יששכר אַלקאַני געהאַט אַ זון יעקב, וואָס איז געווען דער שטאַרקסטער און שענסטער יונג פון געטאָ: הויך, פעסט־געבויט, דער קערפּער — בראָנדז, אַ פּנים מיט געשניצטע אברים, אָנגעגאָסן מיט ענערגיע, ווילן, אַ גבורה האָט דער יונג פאַרמאָגט פאַר אַנדערע צען ייִדן. גאַרנישט איז געווען פאַר אים צו שווער און נישט געוווּסט פון אוממעגלעכע זאַכן. ער האָט געקענט אָנכאַפּן אַן אָקס ביי די הערנער ווען ער האָט זיך צעבריקעוועט, אין די טעג ווען שמעון דער קצב האָט אים געפירט צו דער שחיטה. יעקב אַלקאַני האָט איינער אַליין געקענט שלעפּן הונדערטער בעלקעס, בערגער זאַמד צו פאַרהאַלטן אַ פאַרפלייצונג, וואָס פלעגט זיך רייסן פון דעם פאַרבייפליסנדיקן טייך רהאָן צו דעם נידעריקן אָפּריס פון דעם ייִדישן קוואַרטאַל.

יעקב האָט זיך אַלע מאָל געשלאָגן מיט די ייִדישע שטאָט־שומרים, ווען מען האָט ביי אַן אָרעמען ייִד צוגענומען דאָס קישן פון הינטערן קאָפּ, ווייל ער האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם קאָפּ־שטייער, וואָס איז געוואָרן יאָר־איין, יאָר־אויס איינגעמאָנט אויפן שטרענגסטן, אומברחמנותדיקסטן אופן פאַר דעם פּויפּסטלעכן האָב און גוטס און פאַר דער פּויפּסטלעכער שאַץ־קאַמער. ווייל און ווינד איז געווען צו דער קהילה אין אָוויניאָן, ווען זי האָט נישט איינגעצאָלט אין צייט דעם פולן סכום מיט רענדלעך, כדי אַרויסצובאַקומען פון קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ די דערלויבעניש, אַז די ייִדן מעגן ווייטער וווינען אינעם חסד פון דעם הייליקן פאָטער — דער פּויפּסט.

דער יונגער יעקב אַלקאַני האָט זיך נישט געשראָקן פאַר אַ געשלעג מיט די פּויפּסטלעכע שומרים ביים שטאָט־טויער. די וואָס האָבן געהיטן דעם אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון דער געטאָ, געהיטן יעדן ייִדישן שאָטן, געהיטן,

אַז דער ייִד זאָל זיך אין די פאַרנאַכטן נישט פאַרשפּעטיקן מיט עטלעכע מי־גוטן ביים צוריקקומען, נישט קומען אַ ביסעלע שפּעטער, ווען די זון האָט צעבּרענט דעם שפּיץ פון גאָלדענעם צלם אויפן מיטלסטן טורעם פון פּויפּסט־לעכן פּאַלאַץ, און נישט געטאָרט אַרויס פון דער געטאָ אין די פרימאָרגנס פאַרן לעצטן האַמער־קלאַנג פון דעם הייליקן פּאָולס קלויסטער, וואָס האָט איינגעזאַמלט די גלויביקע קריסטן צום פרימאָרגן־געבעט.

עס איז אַלע מאָל אויסגעקומען, אַז די פּויפּסטלעכע שומרים אין די קורצע סאַמעטענע הויזן, מיט די דרייפּערטלדיקע רעק אויף די פּלייצעס, קיילעכ־דיקע היט אויף די קעפּ, האָבן זיך בייזווייליק פאַרטשעפּעט מיט ייִדן ביים איינגאַנג אָדער אויסגאַנג פון טויער, געשלאָגן מיט די דיקע שטעקנס איבער ייִדנס קעפּ, געוואָרפן שטיקער געשריי איבער ייִדנס קעפּ:

— אַ גאַנצע נאַכט געציילט די דוקאַטן, דאָס גאָלד און זילבער, אין די לעכער פון די קעלערן באַהאַלטן די פּערל, די איידל־שטיינער, די בראָקאַטן און שטיקערייען, איצטער געקומען פרי, ווייל ווילסט ווידער אַריינכאַפּן מציאות אין שטאָט, רייכער ווערן, אָנשטאָפּן די אייזערנע טעפּ מיט רויב און קריסטלעך האָב און גוטס! וועסטו שוין וואַרטן און זיין דער לעצטער צו לויפן אין שטאָט אַריין!

אָדער:

— אַ גאַנצן טאָג אָפּגענאַרט אונדזערע גלויביקע, איינגעזאַמלט גאָלד און רויב, איצטער ביסטו געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער, איילסט צום ווייב, זי זאָל דיך אָנזעטיקן, קראַצן דיר די פּיאַטעס און העלפן ציילן די גאָלדענע דוקאַטן אין פינצטערן קעלער! האָסט פאַרשפּעטיקט! קוק אויפן צלם, וועסטו זען: דער לעצטער שטראַל פון דער זון איז אויסגעלאָשן געוואָרן איבערן העכסטן גלי פון גאָלד. קוק! ווילסט נישט אויפהייבן דעם קאָפּ און זען די ליכטיקייט פון צלם, וועסטו דערפאַר באַצאָלן שטראָף! דיינע גאָלדענע דו־קאַטלעך וועסטו אַרויסשלעפּן און וועסט נאָך באַקומען שמיץ אויפן הוילן חלק!...

דער פאַרשפּעטיקטער ייִד איז אין די פאַר נאַכטן געשטאַנען אַ באַגאַ־סענער מיט אַנגסטן ביים טויער. ער איז געווען מיד און פאַרמאַטערט פון אַ גאַנצן טאָג לויפן איבער דער בערגיקייט און טאָל־נידער פון שטאָט, פון שלעפּן זיך דורך מויערן, ווענט איבער שטאָק און שטיין אַרויסצושלעפּן חיונה פאַר זיין גרויס הויז־געזינד. ער האָט נישט געוואָלט אויפהייבן די אויגן און זען דעם לעשנדיקן שטראַל איבערן גילדענעם צלם. וואָס וועט עס אים העלפן? ער האָט געוואַרט אויפן לעצטן וואָרט פונעם פּויפּסטלעכן שומר, וואָס וועט אַרויסלאַכן צווישן זיינע געזונטע ציינער און ליפּן דעם פּסק־דין פון זיין

אָרעמען טאָג. ער האָט געוואָלט בעטן תחנונים, נאָר געוווסט לכתחילה, אַז דאָס געבעט וועט פֿאַלן אויף געלעכטער און טויבע אויערן, האָט ער דעריבער אין געדאַנק מפקיר געווען זיין אָרעם אויסקומעניש און זיך מפקיר געווען פֿאַר שמיץ און שטראָף.

אין די שעהן פֿון געלעכטער און גזירה, פֿלעגט שוין פֿון ערגעץ אונטער־קומען יעקב אַלקאַני. זיין פּנים האָט געפֿלאַמט פֿון בושה, פֿאַרביסנקייט, גע־רייצטקייט. ער האָט אָנגעהויבן יעדעס מאָל צו ריידן צו די שומרים ווייכע רייד, מיט וויץ, מיט ציניִשע חוזק־ווערטער, כדי אַזוי אַרום איינצונעמען די רויע יונגען, געדונגענע שומרים:

— ער איז אַן אָרעמער טייוול. זעסט דאָך ער ציטערט פֿאַר שרעק פֿון דיין שטעקן, אַזוי ציטערט ער פֿאַרן וויב, זי זאָל אים נישט דערלאַנגען איבערן קאָפּ. ער וועט שוין באַקומען דאָס זייניקע פֿאַר פֿאַרשפּעטיקן! דאָס וויב וועט אים טרייבן פֿון זיך, איז דעריבער בעסער זאָלסט אים אָפּלאָזן. ער וועט שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן מער נישט צו פֿאַרשפּעטיקן!

האָט דער פּויפּסטלעכער שומר אָפּגעלאָזט אַ ווײַלינקע דעם ייִד באַגאָסן מיט אַנגסטן און זיך געוואָרפֿן מיט ביטערע רייד אויף יעקבן:

— דו מיש זיך נישט, וועסטו נאָך לאָזן פֿאַלן רייד פֿון דיין שאַרפֿער צונג, וועט מען דיר אויך געבן שמיץ, אַז וועסט נישט קענען זיצן וואָכן־לאַנג אויפֿן הינטן, און דיין מיידל וועט דיר אויסשטעלן הערנער! טראָג זיך אָפּ, ווייל מיין שטעקן וועט נישט פֿאַרפֿעלן אַ האָר צו צילן אין דיין גראָבן קאָפּ!

די שומרים האָבן זיך צעלאַכט. דער פֿאַרשפּעטיקטער ייִד האָט אויסגע־נוצט די מינוט און געלאָזט זיך לויפֿן אין דער טונקלקייט פֿון אַ געסל, אָבער אַן אַנדערער שומר האָט אים דעריאָגט און אים מכבד געווען מיט אַ זעץ איבערן קאָפּ.

יעקב אַלקאַני האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם פּויפּסטלעכן שומר ביי די אָרעמס ווען ער איז צוריקגעקומען, איינגעקלאַמערט ווי אין צוואַנגען און אים צוגע־טראָגן צום טויער, אַנידערגעוואָרפֿן אויף דער ערד.

— דאָ האָסטו פֿאַר שלאָגן אַן אומשולדיקן מענטשן, דו חזיר איינער!

איז שוין אויסגעבראָכן אַ מחלוקה. דער פֿאַרשפּעטיקטער ייִד האָט שוין מיט אַ צעשלאָגענעם קאָפּ זיך געשלעפּט אַהיים און יעקב אַלקאַני האָט זיך געשלאָגן מיט די פּויפּסטלעכע שומרים. זיי האָבן אין אַזעלכע געשעענישן גע־מוזט נאָכגעבן, מחמת זיי וואָלטן זיך געשעמט צו דערציילן זייערע פֿריינד, אָדער ווען די קריסטלעכע פֿריינד דערוויסן זיך. די חרפּה צו ווערן געשלאָגן פֿון אַ ייִד, וואָלט איבערגעשטיגן אַלע ווייטיקן. דאָס געלעכטער און די חרפּה וואָלטן צעריסן דאָס איינגעווייד פֿון לייב.

יששכר אַלקאַני דער ליכט־ציִער, האָט נישט געהאַט קיין גרויס נחת פון זיין געראָטענעם זון. טיף אין האַרצן האָט אַ וווּנדערלעכער שטאָלץ אים געוואַרעמט, וואָס יעקב איז געראָטן, שטאַרק, האָט אַ ווייך האַרץ, איז שיין ווי די זון אין הימל. די מיידלעך פון חשובע הייזער קוקן אים נאָך מיט באַ־ וווּנדערונג, מיט גאַרונג אים צו באַקומען פאַר אַ חתן, נאָר אַזוי פאַר לייטן, פאַר דער וועלט, האָט ער נישט געטויגט, דער יונג, פאַרשאַפט דעם טאַטן חרפות און בושות. חברט זיך מיט גנבים פון געטאָ, מיט מענטשן וואָס האָבן שוין איין מאָל מפקיר געווען זייערע מיילער פאַר מיאוסע רייד, גיבן נישט אָפּ אַ לויב דעם באַשעפער פאַר דעם וואָס ער גיט זיי שפּייז, גיט זיי לעבן; לייט וואָס טרייבן זנות, ליגן אין אַכסניות טרינקען וויין, שלאָגן זיך, שווערן זיך פאַלש, שפּילן לוסטיקע שפּילערייען, האָבן נישט קיין מורא פאַר גאָט, נישט פאַר פרומע מענטשן, אַפילו נישט פאַר די דינער פון פויפּסט. דאָס ערגסטע איז וואָס זיי פאַרנעמען זיך מיט גנבות און שענדערייען. ווער איז זייער אָנפירער? יעקב אַלקאַני. ער איז דער וואָרטזאָגער, אַלע ציטערן זיי פאַר אים און ער האָט זיין שיינקייט, גבורה — די שענסטע מתנה וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען, מפקיר געווען פאַר זיי. היינט ווי אַזוי האָט יששכר דער ליכט־ ציִער, דער שוואַכער מאַנספאַרשוין, דער וואָס פאַרזאָרגט יידן מיט ליכט אויף ביי נאַכט, מיט ליכט אויף שבת און יום־טוב, מיט ליכט פאַר חופּות, פאַר דער שול, ווי אַזוי קען ער זיך פרייען מיט דעם באַשעפערס מתנה — דעם זון זיינעם, וואָס איז אים געשאָנקען געוואָרן?

די קהילה אין אַוויניאָן האָט געוואָלט יששכר אַלקאַנין פאַר אַ פּרנס, דאָס הייסט, איינער פון די פופצן פּרנסים, וואָס צוזאַמען זיינען זיי דער וועד־ארבע הארצות אין דעם גאַנצן שטח פון פּראָוואַנס; מיט די קליינע צעוואָרפענע קהילות. געוואָלט האָט מען יששכר אַלקאַנין, ווייל ער האָט געקענט לשונות און געוווּסט ווי אַזוי צו פירן די האַנט מיט אַ פען איבער אַ פּאַרמעט און שרייבן אותיות, בריוו, לידער און תפילות; געקענט ריידן לאַטיין און וואָלט געווען אַ גוטער פירשפּרעכער פאַר יידן אין אַן אוידיענץ ביי איינעם פון דעם פויפּסט־דינער, נאָר דער ליכט־ציִער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד:

— איך בין נישט דערוואַקסן און נישט ראוי צו דעם. מיין זון רעדט שפּאָט־רייד, גאָט שלאָגט אים מיט לייכטזיניקייט, מיט ליצנות־רייד און בענטשט אים מיט גבורה און חן, דעריבער טאָר איך נישט מישן זיך אין קהילה־זאַכן, איך וועל באַשטראָפט ווערן.

— קהל איז גוזר! יששכר אַלקאַני איז נישט ערב פאַר זיין זונס פירעכצן!

דער ליכט־ציִער האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין פּשרות צווישן דעם באַשעפער און דעם זינדיקן מענטש.

האָט מען אים מיט געוואַלד געמאַכט פאַר אַ צינז־איינמאָנער צווישן די אָרעמסטע פון געטאָ. האָט דער זון נישט געלאָזט גיין דעם טאַטן איינמאָנען ביי אָרעמע לייט דעם לעצטן ביסן פאַרן פויפּסטלעכן שאַץ־קאַמער, און די אָרעמע און געמיינע לייט האָבן מער געפּאָלגט דעם זון, ווי דעם טאַטן.

האָבן מענטשן איינגעזען אַז אַזוי איז אָנגעצייכנט, מען קען זיך נישט אָקעגן שטעלן, האָט מען דעם טאַטן געלאָזט צו רו און דער זון האָט געוועל־טיקט אין און איבער זיינע אייגענע מעשים, סיי גוטע, סיי שלעכטע.

ג.

פאַר דריי מענטשן האָט ער זיך בלויז געשראָקן יעקב אַלקאַני און זיי קיין מאָל נישט ווידערשפּעניקט, אַפילו מורא געהאַט פאַר זייער שאָטן. דאָס זיינען געווען: דניאל ליוורען, דער רופא פון דער געטאָ פון אַוויניאָן, דער וואָס האָט טאָג און נאַכט געשפּרייזט פון איין הויז צום אַנדערן, פון אַ קעלער־שטוב צו אַ בוידעם־חדר און געטראָגן רפואות און גענעזונג פאַר קראַנקע און אומגליקלעכע. דער רופא האָט אַליין געמאַכט פאַרשיידענע קרייטעכצער און געמישטע רפואות, אַליין געהאָלפן דעם קראַנקן זיך אויפזעצן, אַפילו געשפּייזט אים און געטרייסט.

דער צווייטער פאַר וועמען דער יונג האָט זיך געשראָקן איז געווען דער קאַרליק מאַנאַך פראַנסואַ גראַנדאַני, וואָס איז געווען דער אָפיציעלער שליח פון פויפּסטלעכן זיץ־אָרט, אויך דער שליח פון די קאַרדינאַלן צו די ייִדן אין די איינגעשלאָסענע מויערן פון דער געטאָ.

דער קאַרליק־מאַנאַך איז געווען געהילט אין אַ שוואַרצן כאַלאַט אָרומ־געבונדן ביי די לענדן מיט אַ שטריק. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קיי־לעכדיק מיצל, אויף די פיס אָפענע סאַנדאַלן. ער איז געווען קליין און דאַר, ווי אַ נישט־דערוואַקסן ייִנגל מיט אַ פּנים פון אַ זקן, אַ ביינערדיק פּנים פול מיט קנייטשן, קאַרבן, געל און שוואַרץ פון פּייניקונגען און תעניתים, וואָס ער האָט געפּראַוועט דאָרט אין זיין מאָנאַכן־קאַמער. אַלץ אין זיין וויאַ־נענדיקן פּנים איז געווען אויסגעלאָשן פון ערדישע תאוות.

ער פלעגט אָפט קומען אין געטאָ איינצושטעלן אָרדענונג, אָנזאָגן ווּיסטע בשורות און ברענגען נייע גזירות. יעדעס מאָל איז געווען וואָס אָנצוזאָגן: דאָ איז דער שאַץ־קאַמער פון פויפּסט ליידיק און מען מוז די קאַמער אָנפילן מיט רענדלעך גילדענע, נישט קיין קופּערנע מטבעות; דאָ דאַרפן די ייִדן נישט בויען קיין קראַנקן־הויז, דער רופא דניאל איז גענוג פאַר זייערע חולאתן אין זייערע אייגענע שטיבער; דאָ זאָלן די ייִדן גראָבן אַליין גריבער פאַר דעם

וואַסער־אַפּלויף און דאָס איינזאַמלעכץ פון אַלע אומריינקייטן; דאָ זאָלן די ייִדן נישט ברעכן דאָס געזעץ פון צו פיל ווייזן זיך אין שטאָט.

פראַנסוא גראַנדאַני דער מאַנאַך פלעגט קומען אין געטאָ מיט צוויי באַגלייטער — מאָנאַכן. ער פלעגט מיט זיין געוווקס דערגרייכן דעם אונטערשטן טייל קערפּער זייערן. דער כאַלאַט זיינער האָט געפלאַטערט אינעם ווינט ווי פליגל פון אַ גרויסן עוף. ער האָט אַריינגעשפּרייזט אינעם אָפּגעשלאָסענעם שטח פון דער געטאָ מיט שנעלן גאַנג, אַראָפּגעלאָזטע אויגן, מיט וויסטער בשורה און גזירה — פּאָרויס.

יעקב אַלקאַני האָט מיט אים נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם קלייניקן מענטשעלע, וואָס טראָגט אויף זיך אַזאַ גרויסע אַחריות: דער פאַרבינדער, פאַרמיטלער פון דעם העכסטן אָרט אין דער וועלט — דער פּויפּסט פון אַוויניאָן און די — צונויפגעדריקטע, אָרעמסטע מענטשן־מאַסע אין די הויכע גאַרנס פון די שטיינערנע הייזער וואָס פלאַטערן מיט שרעק פאַר דעם קול פון קאַרליק, ווען ער לייענט פון אַ פּאַרמעט מיט אַ רויטן זיגל די אַנזאָגענישן און גזירות. דער שטאַרקער יונג האָט זיך געפילט נישטיק מיט זיין גבורה קעגן דעם שוואַכן ביינערדיקן מאַנאַך, די נישטיקייט זיינע פאַר דער קראַפט פון אַ שליחות, פלעגט יעדעס מאָל — ווען ער האָט אים געזען — איינברעכן זיין ווילן און אַנוואַרפן אין אים געדאַנקען וואָס האָבן צעשפּליטערט זיין מוח.

פאַר דעם דריטן מענטשן, וואָס דעם ליכט־ציִערס זון, דער אַנפירער פון די גנבים, הדיוטים און קרומע לייט פון געטאָ — האָט זיך געשראָקן איז געווען זיין עלטערע שוועסטער נעמי, אַ קריפּל מיט אַ ביינערדיקן פּנים, אַ פאַרעלטערט מיידל, וואָס איז קיין מאָל נישט אַרויס פון דער קעלער־שטוב, געהאָלפן דעם טאַטן גיסן חלב, און פלעכטן קאַליריקע הבדלות. דער ברודער איז געווען גרייט צו יעדער מינוט ברענגען פאַר דער שוועסטער דאָס טעלערל פון הימל. ער האָט די שוועסטער ליב געהאַט מיט אַ גרענעצלאָזער ליבשאַפט, זי געטראָגן אויף די הענט, געבראַכט איר מתנות פון שענסטן און בעסטן און געחלומט צו ברענגען פאַר איר אַ פּרינץ. אויך זי האָט ליב געהאַט דעם ברודער, געצירט זיך מיט זיין חן און מיט זיין קראַפט, אויב גאָט האָט איר נישט געגעבן קיין איינס פון די שיינע מתנות, האָט ער פאַר דאָס דעם ברודער באַצירט און באַחנט. עס איז פאַר איר אַ פאַרגיטיקונג.

נישט בלויז האָט ער זי ליב געהאַט, נאָר ער האָט זיך געשראָקן פאַר אירע אויגן. די אויגן זיינען געווען שוואַרצע, טיפע. יעדעס מאָל האָט ער געזען אַן אָפּגרונט אין זיי, וואָס וועט אים איינשלינגען פאַר די זינד וואָס ער באַגייט. די אויגן אירע האָבן אים צוריקגעהאַלטן פון אַ סך עבירות און פאַר־

ברעכנס, געצווונגען אים צו גוטע מעשים צו רעכטפאַרטיקייט, אַוועקגעבן זיין גבורה פאַר אַנדערע. די גבורה איז אַ כלי־זין און ער קען נאָר טאָן גוטס מיט אַזאַ וואָפן.

יעקב אַלקאַני האָט אין די דריי מענטשן געזען אַ צוזאַמענבונד דורך יסורים, ריינקייט און בייז. דער רופא דניאל ליידט אַזעלכע יסורים, וואָס מען קען נישט משיג זיין מיטן שכל: ער באַגעגנט זיך יעדן טאָג מיט צענדליקער קראַנקע, וואָס שטרעקן צו אים זייערע צעווייטיקטע לייבער, ער זאָל זיי העלפן. קען ער העלפן ווערט זיין געמיט דערפרייט, קען ער נישט העלפן און זעט ווי דער מענטש, אָדער דאָס קינד ראַנגלט זיך מיט דער קראַנקייט און גייט אויס, דעמאָלט איז דער רופא אויך אויס מענטש. יעקב האָט אים פיל מאָל באַגלייט צו קראַנקע, נאָכגעטראָגן פאַרשיידענע כלים, צוגעזען דעם צער אין דניאלס אויגן, אַז דער שטאַרקער יונג האָט שיִעור צוזאַמענגעבראָכן.

די שוועסטער האָט אין זיך רחמנות און גאָטס גזר פלאַטערט איבער איר. די נשמה אירע קען נאָר אין גן־עדן געגעזען ווערן.

פּראַנסואַ גראַנדאַני איז בלויז אַ שטיקל מענטש, אויף אים זיינען אויסגע־גאָסן פּיין און האָס, איז ער בייז, שלעכט, ווייל נאָר טאָן אַנדערע וויי. יעקב האָט אים שוין פיל מאָל געזען אַרויסלייענען גזירות פון דעם פאַרמעט מיטן רויטן זיגל, זיין קול ציטערט, די אויגן זיינע לויפן איבער מיט עפּעס אַ האָס, וואָס שניידט. ער איז פאַרשאָלטן פון גאָט צו זיין אַ פינצטערער שליח. מיט אַזאַ שלעכטס קען ער, יעקב, נישט מלחמה האַלטן.

ד.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, אין די טעג פון טריקעניש, האָט זיך פלוצלינג אַ טראָג געטאָן אַ געפּיף אינעם ווינט, וואָס איז געקומען פון צפון. דער הימל איז געוואָרן פאַרוואָלקנט שווער און פינצטער. דער ווינט האָט זיך געשטאַרקט פון מינוט צו מינוט מיט שטורעם און געוואָי. די בלעטער זיינען אַראָפּגע־טראָגן געוואָרן פון די צווייגן, די קליינע אָליוון־ביימלעך האָבן געציטערט, דער טייך האָט אויפגעשויבערט מיט כוואַליעס און שטורעם־שפּיל, אַרויס פון די ברעגן מיט געקאָך און ווילדן פרייד־געזאַנג.

עס איז געווען אַן אָנזאָג פון רעגן — אַ מבול.

די גלחים האָבן אין די קלויסטערס געפּרעפּלט לויב־רייד צו קריסטוסן. די גלאָקן האָבן געקלונגען שווער, אימהדיק. די זילבערנע פאַנפאַרן אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ פון פּויפּסטס פּאַלאַץ האָבן געשאַלט מיט בשורה.

אין יענעם טאָג האָט זיך ביים טויער צו דער געטאָ באַוויזן דער קאַר־

ליק מאַנאַך פראַנסואַ גראַנדאַני. ער איז געקומען אין באַגלייטונג פון אַ לייב־וואַך. דער ווינט האָט געריסן די פּאָלעס פון זיין כאַלאַט, ווי שוואַרצע פליגל פון אַ ראָב וואָלטן זיך געהויבן אין דער לופט, מיט זיין ביינערדיקער האַנט האָט ער זיך צוגעהאַלטן דאָס מיצל אויפן קאָפּ. ער איז מיט דער לייב־וואַך אַריין טיפער אין דעם לאַבירינט פון די געסלעך. ער איז געבליבן שטיין ביי אַ בלינדער וואַנט, וווּ מענטשן האָבן געקענט צוקומען פון דריי זייטן און ער איז געווען געשיצט פון דער וואַנט הינטער אים, ווי אַ פּאַנצער וואָלט אים באַשיצט. ביי דער בלינדער וואַנט איז געלעגן אַ שטיין, וואָס האָט געניצט פאַר אַן אַסיפה־טיש פאַר די רייד, אַמפּערנישן און אויפטועכצן פון זיין שלי־חות. זיין קליין דאַר קערפּערל האָט זיך אַרויפגעקאַטשעט אויפן שטיין. ער האָט אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל, אַז מענטשן זאָלן אים זען.

ער האָט די ייִדן יאָ געזען: פון אַלע דריי זייטן האָבן זיי אַריינגעשטראָמט. ער האָט געזען געסלעך, אויסגעאַנגען הייזער און ביי די פאַרקראַטעטע קליינע פענצטער, האָבן זיך געשפּאַרט צעשראָקענע פּנימער, אויגן פול מיט אַנגסטן.

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט מיט ביידע ביינערדיקע הענט איינגעקלאַמערט דעם שווערן זילבערנעם צלם אויף זיין הויקערדיקער ברוסט, נאָך דעם האָט ער אָפּגעלאָזן דעם צלם, און די הענט האָבן אויפגעוויקלט אַ פּאַרמעט־בויגן. ער האָט גענומען לייענען מיט זיין דישקאַנטל־קול: וואָרט נאָך וואָרט האָט אַ דינער האַמער־קלאַפּ אַ קלונג געטאָן:

דאָס לייענען פונעם פּאַרמעט איז געווען אַ — גזירה:

די ווערטער פון דער גזירה האָבן אויפגעריסן די לופט. עס האָט זיך גע־רעדט: כדי די מגיפה, וואָס טראָגט זיך אין דער געטאָ צוליב דער טריקעניש זאָל זיך נישט אַריבערטראָגן אין צענטער פון שטאָט, צו דער גרויסער קריסט־לעכער באַפעלקערונג, ווערט דעריבער דאָס טויער פון געטאָ אין גאַנצן גע־שלאָסן. נישטאָ קיין אַרויסגאַנג און קיין אַריינגאַנג. אין דער שטאָט איז די מגיפה אַ לייכטערע. עס וועט פאַלן אַ רעגן און דאָס וועט זיין אַ געזונג, אָבער דאָ אין געטאָ איז די מגיפה אַ שווערע און קען אָנטאָן גרויסע שאָדנס די מענטשן פון שטאָט, דעריבער זאָלן די ייִדן זיין איינגעשלאָסן, דערנערן זיך פון דעם וואָס זיי האָבן און וואַרטן אויפן חסד פון הייליקן אָרט, פונעם פּאַלאַץ.

אויך יעקב אַלקאַני איז דאָ געווען צווישן די פאַרזאַמלטע, אויך אויף זיינע אויערן איז געפאַלן די גזירה.

ה.

שוין עטלעכע טעג איז יעקב אַלקאַני נישט אָפּגעטראָטן פון דעם דאָקטאָר דניאל ליווראָן. ער האָט דעם שוואַכן, אַלטן רופא פון געטאָ פּשוט געטראָגן

אויף די הענט, פון די קעלער־שטיבער צו די — בוידעם־שטיבער, פון הויז צו הויז. יעקב האָט גערייניקט די קראַנקע, גערייניקט די שטיבער, געשלעפּט וואַסער און געקאָכט, געוואַשן די קינדער, געטאָן אַלץ וואָס דער רופא האָט געהייסן. טעג און נעכט האָט ער געוואַכט ביי די קראַנקע, פון ערגעץ ווו געבראַכט רפואות, שפּייז, געהאָרעוועט ווי אַ פערד. אַן אויסטערלישער כוח האָט אים געטריבן צו העלפן לינדערן די מגיפה, וואָס די טריקעניש האָט געבראַכט: דיזענטעריע, טיפוס.

דניאל ליוואָרן האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ שליח פון גאָט, וואָס באַגלייט אים אין דער אַרבעט פון געפינען גענעזונג און היילונג. דער דאָקטאָר האָט אים געבעטן ער זאָל זיך אָפּרוען אַ ווײַלע, ווייל ער וועט פאַלן פון די פיס, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן.. דער יונג האָט נישט אָפּגעטרעטן. נישט בלויז האָט ער אַליין געהאָרעוועט, נאָר האָט אויך אַריינגעשלעפּט אַלע זיינע פריינד: די חברה גנבים און הפקר־מענטשן פון געטאָ. ער האָט איבער זיי געקיניגט. זיי האָבן אויסגעפאָלגט זיינע באַפעלן און די מגיפה איז געוואָרן געלינדערט פון טאָג צו טאָג.

היינט האָט ער געהערט פראַנסואַ גראַנדאַנין לייענען פון פאַרמעט אַרויס די גזירה צו שליסן דאָס טויער פון געטאָ. עס האָט אים אַ ריס געטאָן ביים האַרצן: שליסן דאָס טויער הייסט — אומקום. די קראַנקע וועלן נישט אויסהאַלטן, אויב מען וועט נישט ברענגען שפּייז און רפואות — האָט עס געהאַמערט אין יעקב אַלקאַניס מוח — דער הונגער און קראַנקייטן וועלן אַלעמען פאַרלענדן. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צום שטיין, אויף וועלכן דער קליינינקער מאַנאַך איז געשטאַנען. די בליקן פון פויפּסטלעכן שליח זיינען געפאַלן איבער יעקבס אויגן. דער יונג האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם שאַרף פון די בליקן. ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט וואָס איז שרעק, וואָס איז מורא, נאָר דאָ מיט איין מאָל האָט עפּעס אין זיין לייב זיך אָפּגעריסן. די אויגן פונעם מאַנאַך האָבן אים אָנגעזאָגט — אונטערגאַנג.

ער האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. דער שטאַרקער קערפּער זיינער איז געליימט געוואָרן. שרעק האָט אים באַגוועלטיקט, אַ שרעק פאַר אַ גרעסערער שרעק. דער מאַנאַך האָט נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקט לייענען. יעדעס וואָרט ווי אַ שטיין איבער די קעפּ פון עולם.

דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט. אַ ווינט האָט געפּיפן און פאַרטויבט די קוויטשיקע רייד פונעם מאַנאַך, אַנגעטראָגן וואָלקנס שטויב פון אַלע ווינקלען פון געטאָ.

די רייד האָבן זיך געקייקלט אין ווינט, געפלויגן ווי פאַרוווּנדעטע טויבן

און געפאַלן, אַ וואָרט האָט אַ ריס געטאָן אינעם געפייף פון ווינט און אָנגע־הערט זיך ווי אַ געיאָמער.

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט פאַרוויקלט דעם פּאַרמעט־בויגן אַראָפּ פון שטיין און געלאָזט זיך צום טויער, הינטער אים — די לייב־וואַך, געוויין און אויגן פול מיט בהלה.

נאָכן איבערטרעטן דעם טויער האָט דער קאַרליק איבערגעגעבן די פויפּסט־לעכע שומרים דעם פּאַרמעט. דאָס טויער איז פאַרריגלט געוואָרן אויף זיבן ריגלען.

פאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ רעגן מיט פלייצעניש און פליוכן.

אין דער געטאָ האָט אויסגעפּעלט שפּייז, וואַסער, רפואות. די שרעק האָט באַקומען טויזנטער אויגן, וואָס האָבן געלויערט פון יעדן ווינקל. די רעגן־פלייצעניש האָט היינט נישט געבראַכט די פרייד און טרייסט, אויף וועלכע טויזנטער הערצער האָבן געוואַרט וואָכן־לאַנג.

די פעלדער, וועלדער, בערג און טאָלן אין גאַנץ דרום־פראַנקרייך זיינען אָנגעטרונקען געוואָרן פונעם רעגן, וואָס האָט געגאָסן אָן אויפהער, ווי די הימלען וואָלטן זיך געעפנט מיט ברכה און פרייד. גראָז, פלאַנצן,ביימער, מענטש און חיה, טייך און זומפּ זיינען געוואָרן גוזעטיקט און געבענטשט. די זילבערנע פאַנפאַרן אויף די טורעמלעך פון פויפּסטלעכן פּאַלאַץ אין דער אַלטער פעסטונג־שטאָט אַוויניאָן האָבן אין די פרימאָרגנס און אין די בלויע פאַרנאַכטן, ווידער געשאַלט מיט האַפּעררדיקע טענער, אָנגעזאָגט דעם לויב פאַרן טאָג און פאַר דער נאַכט. דער פּאַסטוך אין פעלד האָט געבלאָזן אין האָרן פריילעך מיט געזאַנג און אויפגעהייטערטן געמיט, האָט ער צונויפגערופן זיינע סטאַדעס שאָף און רינדער; דער פּויער האָט איילִיק געשפּאַנט דעם אָקס מיטן אַקער־אייזן און געלאָזט זיך אין פעלד אַריין, דער שמיד האָט אויפגע־בלאָזן דעם בלאָזזאַק, דער קרעמער האָט געעפנט די קראָם און פאַרקויפט האָב און גוטס.

דאָס טויער פון געטאָ צו דער שטאָט איז אַלץ געווען פאַרשלאָסן אויף זיבן ריגלען.

אַלץ האָט שוין אויסגעפּעלט אין געטאָ. די חלפנים האָבן נישט געהאַט קיין מזומן, זייערע בייטלען זיינען געווען ליידיק; די קראָמען זיינען געווען פוסט און גרויסע שפּינען האָבן געוועבט געוועבעכצן אויף די פּאָליצעס. נישט געווען קיין שפּייז און נישט קיין וואַסער, נישט קיין קרייטעכצער, נישט קיין אוילן און נישט קיין רפואות; די בתי־מדרשים און די אַלטע שול האַרט ביים געטאָ־טויער זיינען געווען אָנגעפילט מיט געוויין. דער אייזל אין שטאַל האָט

געיאָמערט, קינדער זיינען געווען פאַרשמאַכט פון הונגער, דער טויט האָט גע־פלאַטערט פון שוועל צו שוועל.

נעמי אַלקאַני איז פאַרשלאָפט געוואָרן. דער ברודער האָט זיך געשראָקן צו קוקן אין זיין שוועסטערס פּנים, מורא געהאַט צו באַגעגענען אירע אויגן, וואָס זיינען אַזוי טיף און דער טרויער מיט אַ רחמנות שפּאַרן אַרויס פון זיי, אַז ער קען ניט אויסהאַלטן. דער יונג האָט זיך אַליין געשאָלטן, וואָס ער קען איר ניט העלפן, קען קיינעם אין געטאָ ניט העלפן, ער איז פאַרמשפּט אַזוי גוט ווי אַלע.

ער איז יענעם אָוונט צוגעשטאַנען צום פאָטער:

— איך וועל ביי נאַכט זיך אַרויסכאַפּן פון געטאָ דורך דער מויער ביים לינקן זייט און זיך לאָזן אין שטאָט אַריין נאָך שפּייז און רפואות.

יששכר דער ליכטציִער האָט אויפגעציטערט. אַלץ אין אים האָט זיך איינגעקורטשעט.

— טו דאָס נישט, מיין זון — האָט ער זיך געבעטן — עס איז אַ גזירה פון הימל. מען קען דאָך נישט גיין קעגן אָנגעצייכנטע גזירות, וועסט ברענ־גען אומגליק אויף אונדז אַלע. אפשר נאָך אַ טאָג, נאָך אַ נאַכט וועט מען דאָך עפענען דאָס טויער, זיי וועלן דאָך נישט אומברענגען די גאַנצע עדה יִדן!

— איך וועל דיך דאָס מאָל נישט פאָלגן, טאַטע! אויב גזירות זיינען אָנ־געצייכנט פון הימל איז מיין וועג אויך אָנגעצייכנט און וועל נישט אָפּנייגן פון מיין וועג.

— וועסט ברענגען אַ חורבן אויפן גאַנצן כלל יִדן, מיין זון. מען וועט אונדז פון דאַנען אויך פאַרטרייבן. דו מוזט וויסן, אַז מיר לעבן דאָ אינעם חסד און גענאָד פון זיין הייליקן זיצפלאַץ, דעם פּויפּסט. באַרעכן דיך. עס איז אַ צו גרויסע אַחריות! טויזנטער אויגן באַוואַכן אונדז פון יענער זייט טויער. עס איז אונדזער גורל. טאָרסט נישט נעמען אויף דיר די אַחריות פון אַ כלל, מען וועט דיר נישט מוחל זיין!

— דער כלל איז דאָך סיי ווי סיי פאַרמשפּט אונטערצוגיין, אויב דאָס טויער ווערט נישט היינט־מאָרגן געעפנט. דערווייל איז נישטאָ קיין סימן, אַז זיי וועלן אַראָפּנעמען די ריגלען פון טויער!

יששכר אַלקאַני האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט מורא געהאַט צו ריידן. עס איז דאָך באו מים עד נפש. דער יונג האָט אין זיך אַ גרויסע נשמה, גוטס און בייזס ראַנגלען זיך אין אים. ער קען זיך מוסר נפש זיין פאַר אַנ־דערע, און אויך אָנטאָן צרות אַנדערע. מען טאָר אים נישט אָפּריידן. אפשר איז עס דאָך צום גוטן...

— טו ווי דיין האַרץ זאָגט דיר.

אויך דער רופא דניאל ליווראָן האָט אים נישט אָפּגערעדט.

ו

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט יעקב אַלקאַני מיט נאָך צוויי יונגען זיך אַריבערגעדראַפּעט אַ הויכן מויער, האַרט ביים טייך פון דער לינקער זייט פון שטאָט. פון דער מויער זיינען זיי אַריינגעשפּרונגען אין די ברוזענדע וואַסערן פונעם טייך רהאָן און זיך געלאָזט שווימען צום צווייטן ברעג פון שטאָט.

דער ווינט האָט געפּיפן און געריסן מויער און שטיין. דער טייך האָט געשוימט און געברויזט. די דריי מענער זיינען מיט סכנות דורכגעשוואומען דעם קליינעם שטח פון דער געטאָ־מויער צו דער שטאָט.

אַוויניאָן איז געלעגן איינגעהילט אין אַן אומהיימלעכער נאַכט־שטילקייט. דאָ און דאָרט האָט פאַרבייגעאיילט אַ מאַנאַך אין אַ ברייטן שוואַרצן מאַנטל, וואָס האָט געפלאַטערט אינעם ווינט. אַ וואָגן אויף צוויי רעדער געשלעפּט פון אַ פערד האָט זיך געקייקלט איבער די שטיינער און אויפגעריסן די שטילקייט. דאָס האָט אַ פויער זיך געלאָזט מיט זיין ביסל גרינס צו אַ צווייטער שטאָט און נישט געוואָלט פאַרשפּעטיקן, אַן אָפּגעשליסענער בזיר מיט שטריק איבער די לענדן האָט געשפּאַנט אין דער וועלט אַריין.

די דריי יונגען האָבן זיך געשלייכט דורך אַ פינצטערער גאַס און זיך געלאָזט צו אַ קראָם, ווו מען האָט געקענט אַרויסנעמען געגנוג שפּייז. זיי האָבן אויפגעבראָכן די ריגלען, אַרויסגענומען עטלעכע אָנגעשטאָפּטע זעק, אַזוי פיל וויפל מען וואָלט געקענט ראַטעווען אַ צענדלינג לעבנס. מיט די פולע זעק אונטער אַנגסטן און שווייס, האָבן זיי זיך דורכגעריסן הינט און פּאַרקנס, געשרייען אין דער נאַכט אַריין פון אַ שטאָט־וועכטער, וואָס האָט געזען פאַר־ביילויפנדיקע שאָטנס. זיי זיינען צוגעקומען צום טייך און ביים סוף פון דער נאַכט זיינען זיי שוין געווען אין געטאָ. אינעם פרימאָרגן האָט מען איינגע־טיילט די שפּייז צו ביסלעך פאַר די הונגעריקע קינדער און שוואַכע לייט.

פיר נעכט האָט יעקב אַלקאַני מיט זיינע צוויי באַגלייטערס איינגעשטעלט דאָס לעבן און געבראַכט פון דער שטאָט נאַרונג און דערהאַלטונג פאַר צענד־ליגער נפשות, קינדער און אַלטע לייט פון דער איינגעשלאָסענער געטאָ.

די ריגלען פון טויער האָט מען נאָך אַלץ נישט אַראָפּגענומען.

אויפן פינפטן טאָג האָבן די ריגלען פון געטאָ־טויער זיך האַסטיק געעפנט. מיט אײַלנדיקע טריט און אַ שטאַרקער באַגלייטונג האָט אַריינגעשפּאַנט דער מאַנאַך פראַנסואַ גראַנדאַני. זיין פּנים איז געווען פינצטער. די אויגן זיינע — אומהיימלעך פלאַמיקע.

טירן און פענצטערס האָבן זיך אויפגעפּראַלט. פנימער האָבן זיך גע־

שטרעקט צו דעם וואָס טראָגט אַ גזר־דין, און אין גאַנצן איז ער אַ שטיקל מענטש, אַ קריפּל, אַ קאַליקע, אַ שליח פון בייז און פינצטערן אָנזאָג.

פראַנסואַ גראַנדאַני מיט זיינע באַגלייטערס האָבן געשפּאַנט טיפער אין דעם קוואַרטאַל, אינעם געפּלאָנטער פון פינצטערע, בלינדע געסלעך. שונאים פון דעם דערלייזער — האָט דער מוח זיינער אונטערן שאַרבן געיאָגט די אָנקומענדיקע געדאַנקען — זיינע שונאים, דעם נידעריקסטן דינער פון זיין הייליקן אָרט, בלויז שונאים אויף אַלע וועגן דאָ, סיי קרומע, סיי גלייכע.

ווידער איז ער געגאַנגען צו דער בלינדער מויער, צוגעקומען צום גרויסן שטיין. צוויי פּאָר הענט פון זיינע באַגלייטערס האָבן אים געהאָלפן אַרויפשטייגן אויף דעם שטיין.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט — ביינערדיקע, אָנגעצויגענע, מיט בלויע אָדערן. זאָלן אַלע זען זיינע הענט און דעם פּאַרמעט וואָס ער וויקלט אויף. אונטן אַ חתימה, אַ שאַרלאַך־רויטער זיגל פונעם שטאָט־היטער פון זיין הייליקן נאָמען.

זיין קול האָט זיך אין די ערשטע רגעס פאַרטשעפּעט אין אַ הוסטל און באַלד איבערגעגאַנגען צו דינקייט: אַ פידל־כריפּ. ער האָט געלייענט:

„אין די לעצטע נעכט האָבן זיך יידן אַרויסגעריסן פון די מויערן פון זייער קוואַרטאַל, געלאָזט זיך אין שטאָט אַריין און באַרויבט די קריסטלעכע באַפעלקערונג, צוגענומען האָב און גוטס. מיר פאַדערן אויף די וואָס האָבן געוואָגט צו טאָן די פאַרברעכנס, זיי זאָלן ביז היינט זונען־אונטערגאַנג זיך איבערגעבן אין די הענט פון דעם דינער פון הייליקן פאָטער, פראַנסואַ גראַנדאַני. ווען די שולדיקע זיך נישט אָפּרופן ביז זונען־אונטערגאַנג וועלן גענומען ווערן דריי מענער אַלס משכנות. ווען די שולדיקע זיך נישט איבערגעבן אין לויף פון דריי טעג אין די הענט פון גערעכטיקייט און געזעץ, וועלן די דריי יידן אָפּגעבן זייערע לעבנס פאַר די שולדיקע".

דער מאָנאַך האָט זיך אָפּגערוט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיין קול האָט ווידער אַ פּלייץ געטאָן: אַ פידל־כריפּ, געבייזער און באַפעל:

„לויט דעם געזעץ פונעם הייליקן פאָטער, זיינען די יידן אין געטאָ פון אַוויניאָן ערב איינער פאַרן אַנדערן, יעדער טראָגט די אַחריות פאַרן אַנדערן. אונטערגעשריבן: דער שטאָט־היטער פון זיין הייליקן נאָמען".

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט געענדיקט לייענען. ער האָט זיך אומגעקוקט אויפן פאַרזאַמלטן עולם, וואָס האָט זיך אַ וויג געטאָן אין שטומקייט און גליווער. קיינער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן צו קוקן יענעם אין פּנים אַריין. די שטילקייט איז געווען אַזוי טיף, אַז יעדער האָט געהערט דאָס קלאַפּן פונעם אייגענעם האַרץ. פּלוצלינג האָט פון ערגעץ אַ פאַרקראַטעטן פענצטער זיך

אַרויסגעריסן אַ געוויין פון אַ קראַנק קינד, עס האָט זיך אָנגעהערט ווי דאָס געוויין פון אַ פידל, און געשפּאָלטן די שטילקייט. דער ערשטער האָט זיך אויפגעריסן פון זיין גליווער דער קאַרליק מאָנאַך. זיין דין דראָענדיק קול האָט באַגלייט דאָס געוויין פונעם קינד:

— „מיר בלייבן דאָ ביז דעם זון־אונטערגאַנג! מיר וואַרטן ביז די פאַרברעכערס וועלן זיך אָפּרופן און נישט לאָזן דריי מענטשן אָפּגעבן זייערע לעבנס. כדי צו זיין זיכער און נישט דאַרפן פאַרלירן קיין איבעריקע צייט, וועל איך אויסרופן די נעמען פון דריי חשובע איינוווינערס פון די ייִדן אין אָוויניאָן!"

ווידער האָבן די פאַרזאַמלטע זיך אַ וויג געטאָן. די שרעק האָט אַ זעץ געטאָן אין יעדנס האַרץ.

ער האָט מער נישט געלייענט פון אַ פּאַרמעט־בויגן, נאָר זיין מויל האָט אַרויסגעבראַכט נעמען פון דריי פּרנסים, צווישן זיי דער נאָמען פון רופא דניאל ליווראָן.

אויגן, קעפּ, העלדזער האָבן זיך געשטרעקט איינער צום אַנדערן, ווי צעשויבערטע פייגל.

מינוטן האָבן אויסגעטריפט איינע נאָך דער אַנדערער אין צער. נישט קיין גאַנצער פערטל טאָג איז געלעגן ביז צו דער מינוט, ווען די זון וועט בייגן אויף יענער זייט פון גילדענעם צלם איבערן מיטלסטן טורעם פון פּאַלאַץ, ביז צו דער מינוט ווען די שטילקייט אין געטאָ וועט געשחטן ווערן, מיטן צונעמען פון דריי חשובע פּרנסים.

דער מאָנאַך מיט זיינע באַוואָפנטע באַגלייטער זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי דער בלינדער מויער. הינטער זיי — שטיין און באַשיצונג. פאַרויס — דריי איינגאַנגען פון אַנדערע געסלעך און אויגן פון מענטשן: אומגלויביקע, לעסטערער, צעשראָקענע אויגן קוקן אויף אים, ווי ער וואָלט גאָר געווען דער שולדיקער, נישט זיי. אין די אויגן זייערע — שרעק, חוצפּה, בייזקייט, דראָונג...

ז.

יעקב אַלקאַני האָט זיך געדרייט הין און צוריק אין דער ענגער קעלערשטוב, ווי אַ געפאַנגענער טיגער. ער איז געווען גערייצט, בייז, פאַרביסן. אַ ביטערער געראַנגל איז אָנגעגאַנגען אין זיין יונגן לייב, דער געראַנגל האָט געפייניקט, געריסן פון אים שטיקער חיות און אָנגעיאָגט וועלטן מיט אומרו, ספקות, קשיות, תרעומות. אויף וועמען?...

ווער וועט העלפן נעמין? פון וואַנען אַזוי פיל בייזס און שלעכטס פון איין מענטשן צום אַנדערן? זאָל ער דערלאָזן אַוועקנעמען דריי ייִדן אין תפיסה

אַריין און ראַטעווען זיין אייגן נישטיק לעבן? עס זיינען דאָך דאָ דריי טעג צייט, און דריי טעג איז דאָך אַ וועלט מיט דויער. עס קען געשען: ער וועט זיך ביי נאַכט דורכרייסן אַ מויער, דורכרייסן די באַוואָפנטע וואַך, אַריין אינעם טייך און אַוועקשווימען ערגעץ, אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ וואַלד, אָפּגעבן דאָס לעבן האָט ער דאָך נאָך צייט. לויטן געזעץ קומט אים טויט־שטראָף. ער איז געווען דער אָנפירער, גערויבט ביי קריסטלעכע מענטשן האָב־און־גוטס.

ווי אַזוי האַלט מען אָבער אויס? רחמנות אויף דער קראַנקער שוועסטער, ווער וועט זי באַשיצן? דער רופא דניאל פאַלט פון די פיס, די כוחות פאַר־צערן אים — — —

דער אַלטער דניאל ליווראַן איז אַריינגעקומען. ער האָט געהיילט בעמין.

ער האָט זיך געאיילט דער אַלטער דאָקטאָר דניאל ליווראַן. ער האָט נאָך געהאַט פאַר זיך בלויז צוויי שעה צייט, ביז ער וועט צוזאַמען מיט נאָך צוויי ייִדן זיך איבערגעבן אין די הענט פון פראַנסואַ גראַנדאַני און פון זיינע הענט צו די תפיסה־ווענט, פון דאָרט נישטאָ מער קיין אויסגאַנג. ער האָט זיך גע־איילט דער רופא, אין יעדן געסל — קראַנקע. אַלע שטרעקן די הענט נאָך הילף.

— רופא דניאל, ענטפערט מיר! וואָס זאָל איך טאָן!

— נישט אין מיינע הענט, נישט אין מיינע כוחות, נישט אין מיין צונג ליגט דער ענטפער, מיין קינד.

יעקב איז צוגעשטאַנען צו אים מיט עקשנות:

— רופא דניאל די מינוטן טריפן אויס, וואָס זאָל איך טאָן? איר זיינט דאָך אַ רופא!

— נישט אין מיין מוח, נישט אין מיין לייב ליגט דער ענטפער.

יעקב אַלקאַני האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אַריינגעכאַפּט דער שוועס־טערס קאָפּ אין זיינע הענט, געקושט זי אין שטערן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

ער איז מיט פעסטע טריט געגאַנגען צו דער בלינדער וואַנט, נאָך אים איז געגאַנגען אַ צעקנייטשטער, אַ פאַרלוירענער, אַ צעוויי־טיקטער דער ליכט־ציִער ישׂשכר אַלקאַני. ער האָט מורא געהאַט דער פאָטער, אַז דאָס בייז אין זיין זון וועט אים איבערגעוועלטיקן דאָס געמיט, ער וועט זיך נישט איבערגעבן אין די הענט פון פראַנסואַ גראַנדאַני, נאָר לאָזן דריי ייִדן אויסגיין אין תפיסה. דאָס שלעכטס אין אים וועט גובר זיין. ער איז יונג, שטאַרק, דאָס בלוט קאָכט און זידט אין אים און דאָרט וואַרט אויף אים די תליה.

יעקב האָט זיך דורכגעריסן איין געסל נאָכן אַנדערן. ער איז צוגעקומען צום שטיין ביי דער בלינדער וואַנט. זיין שטאַרקער קערפּער האָט זיך גע־שטרעקט פאָרויס. זיין קול האָט זיך אַ ריס געטאָן און געפאַלן ווי אַ האַמער־זעץ איבערן קאָפּ פון דעם קליינעם מאַן פראַנסואַ:

— אויב מען וועט עפענען דאָס טויער צו דער שטאָט, וועלן די דריי ייִדן, וואָס האָבן צוגענומען שפּייז ביי עטלעכע שטאָטישע קרעמער, כדי צו שפּייזן קינדער און אַלטע־לייט זיך איבערגעבן אין אייערע הענט!

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, מיט אויפגעריסענע אויגן אָנגעקוקט דעם שטאַרקן ייִדישן יונג. ער איז שטאַרק ווי אַן אָקס — זאָגט מען — ער איז שיין ווי די שיינקייט אַליין.

עס האָט אים אין דער מינוט אָנגעכאַפּט אַ ווילד געפיל פון קנאה און כעס.

— פון וואַנען ווייסט מען, אַז בלויז דריי ייִדן זיינען די שולדיקע?

— עס וועלן זיין עדות!

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט זיך געווישט דעם שטערן, פאַרפעסטיקט דאָס מיצל איבער דער קוטשמע האָר, פעסטער פאַרבונדן דעם שטריק איבער דעם אויסגעדאַרטן לייב. זיין פּנים האָט איצטער אויסגעזען ווי אַ קינד און ווי אַ זקן, בייז און גוט, דראָענדיק און מיט שאָדן־פרייד.

— דאָס טויער קען מען נישט עפענען! — זיין קול איז געווען דין און שאַרף — די מגיפה בושעוועט דאָ און וועט זיך איבערטראָגן אין שטאָט אַריין. מען מוז נאָך וואַרטן. דו זאָג אַרויס שאַרף די נעמען פון די דריי!

יעקבס קול האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבערן קאָפּ פון קאַרליק:

— די מגיפה לעשט זיך שוין ביי אונדז. יעדער טאָג וואָס קומט רייסט אַרויס ווייניקער לעבנס, וואַרפט אום ווייניקער געזונטע. דער דאָקטאָר און חשובער מאַן דניאל ליוראַן קען דאָס באַשטעטיקן מיט עדות זאָגן. זאָל מען עפענען דאָס טויער בלויז פאַר די געזונטע, זאָלן זיי אַרויסגיין אין שטאָט, איינקויפן שפּייז און רפואות. אויף עטלעכע שעה בלויז זאָל מען זיי אַרויסלאָזן, נישט צום האַנדלען, נישט צום אַרבעטן, נישט געלט טוישן, בלויז ברענגען נאַרונג און הילף.

— נישט אין מיין צונג ליגט די מאַכט. איך וועל מוזן שיקן אַ שליח צום עלטסטן קאַרדינאַל!

— מיר מוזן האָבן אַן אונטערגעשריבענעם פאַרמעט פון דעם היטער פון שטאָט, פון עלטסטן קאַרדינאַל און פון דעם שאַץ־קאַמער היטער!...

פראַנסואַ גראַנדאַניס פּנים איז געוואָרן צונטער פלאַמיק. ער האָט געוואָרפן רייד:

— די חוצפּה קוקט אַרויס פון דיינע אויגן. דיינע רייד זיינען צו שאַרף!

דער יונג האָט געמאַכט אַ שריט פאָרויס און ווידער גערעדט הויך, האַמערדיק:

— אַנדערש וועלן זיך די דריי נישט איבערגעבן. די תליה וואַרט דאָך,

עס איז פאַר אייך אַ בעסערער ביסן, ווי שפּייזן אומשולדיקע מענטשן יאָרן לאַנג אין אַ תּפיסה. שפּייזן און באַוואַכן!

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט אויסגעקליבן איינעם פון זיין לייב־וואַך, איבער־געגעבן אים די רייד פון יעקב אַלקאַני און אים געהייסן גיין אין שטאָט אַריין ברענגען אַן ענטפער.

דער וועכטער איז אַרויס פונעם געסל, אַרויס דורכן טויער אין דער רחבֿותדיקייט פון שטאָט. דריי חתימות האָט ער געדאַרפט ברענגען...

ח.

די זון האָט זיך שוין גענומען נייגן צו מערבֿ. דער גילדענער צלם אויפן מיטלסטן טורעם פון פויפּסטלעכן פּאַלאַץ, האָט נאָך געפלאַקערט. אַ זוניקער טאָג איז היינט געווען, נאָך עטלעכע טעג פון רעגנס און ווינטן. ביז דעם לעצטן גלי אויפן שפּיץ פון צלם איז נאָך געלעגן אַ קליינער מהלך.

ווידער האָט זיך דאָס טויער געעפנט. דער לייב־וועכטער איז צוריק־געקומען אַ פאַרסאַפּעטער, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פאַרחתמעטן פּאַר־מעט. ער האָט זיך דערנענטערט צום מאַנאַך פראַנסואַ און אים דערלאַנגט דאָס פּאַרמעט. דער קאַרליק האָט עס שנעל אויפגעוויקלט, דורכגעלאָפן מיט די אויגן, באַטראַכט די רויטע חתימות. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיין קול האָט אַ פלייץ געטאָן:

— איר זיינט אונדזערע שונאים, אָבער מיר באַהאַנדלען אייך מיט חסד, מיט רחמנות. אונדזער דערלייזער האָט אונדז געלערנט, ווי אַזוי צו דולדן אונ־דזערע שונאים און אומגיין מיט רחמים. דאָס טויער וועט זיין אָפן בלויז פאַר די געזונטע מענער פון פרימאָרגן, ביז די זון וועט שטיין אין מיטן הימל. איר מעגט בלויז קויפן שפּייז און רפואות, וואָס וויניקער זיך אָנטרעפן מיט דער באַפעלקערונג פון שטאָט!

זיינע ווערטער זיינען געפאַלן איבער די קעפּ פון די פאַרזאַמלטע. ער האָט ווייטער געצויגן דין און כּריפּענדיק די רייד:

— פאַרן איבערגעבן אייך די דערלויבעניש, וויל איך הערן די נעמען פון די שולדיקע!

דער עולם האָט זיך אַ וויג געטאָן. דאָס בלוט האָט געגליוועט אין יעדנס לייב. יעקב אַלקאַני האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, הינטער אים איז געשטאַנען זיין פאָטער, לעבן זייביידן צוויי ייִדן, וועמען מען האָט געקענט אין געטאָ אַלס ליצנות־טרייבער, ליידיק־גייער, גנבֿים, זיצן גאַנצענע טעג אין ווייך־קעלער שפּילן ביינדלעך, שפּעטן פון גאָט און פון לייט.

— איך, יעקב אַלקאַני, בין געווען דער אַנפירער! איך האָב צוגערעדט מיינע צוויי פריינד נחום דעם פישער און משולם דער שוסטער, זיי זאָלן גיין מיט מיר און צוריבן שפייז פאַר די הונגעריקן ייִדן!

פראַנסואַס שוואַרצע אויגן זיינען געוואָרן גרעסער, פול מיט שפּאָט און אומהיימלעכן גלי. זיין קול איז געוואָרן וואַגיק:

— וועלן די ייִדישע פּרנסים פון אַוויניאָן עדות זאָגן, אַז דו יעקב אַלקאַני ביסט געווען דער אַנפירער און נחום און משולם זיינען געווען מיט דיר?

עטלעכע רגעס האָט אָנגעהאַלטן אַ טיפע שטילקייט. דער ליכט־צי:ער יששכר אַלקאַני האָט מיט זיינע שוואַכע הענט אַ שטופּ געטאָן דעם זון אין אַ זייט. דער אַלטער יששכר איז אויסגעקומען איצטער פּנים אל פּנים מיט דעם קריפּל פראַנסואַ —ביידע האָבן זיך שאַרף אָנגעקוקט, אין די אויגן פוןביידנס פּנימער — שפּאָט און שטאַרקייט, אַ גלי פון פרייד און אַ שטאָלץ.

— איך, יששכר אַלקאַני זאָג עדות, אַז מיין זון יעקב איז געווען דער אַנפירער, און ער האָט צוגערעדט נחומען און משולמען, זיי זאָלן אַרויס צוזאַמען אין די נעכט דורך אַ מויער די הויך און דורכן טייך צוקומען צו יענער זייט שטאָט, אויפּרייסן ריגלען פון קריסטלעכע קראָמען, צונעמען שפּייז, פאַר די הונגעריקע קינדער און שוואַכע לייט אין אונדזער קוואַרטאַל. איך בין גרייט צו שווערן — — —

— מיר טאָרן נישט אָננעמען דאָס עדות זאָגן פון אַ פּאָטער קעגן זיין זון, אָדער לטובת אים. בפרט, אַז דאָס איז אַן עדות־זאָגן פון שטראָף. דאָס מאָל וועלן מיר יאָ אָננעמען דאָס עדות זאָגן! עס ווערט שפּעט, און עס זאָגט זיך אַז אַ פּאָטער טרעט אַרויס שאַרף קעגן אַ זון קען מען אים גלייבן. בפרט, אַז דאָס איז אַן עדות זאָגן פון שטראָף. איז דאָ ווער, וואָס זאָגט עפּעס קעגן דעם עדות זאָגן פון יששכר אַלקאַני, זאָל ער אויפהייבן זיין קול:

די שטילקייט איז געווען נאָך טיפער. געוויין אין פאַרשטיקטע העלדזער.

— מיר נעמען אָן דיין עדות זאָגן, יששכר אַלקאַני, מען וועט די פּרנסים נישט באַמיִען!

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט פעסטער פאַרבונדן זיין גאַרטל איבער דעם כאַלאַט. ער האָט איצטער אויסגעזען זייער קליין, ווינציק, ווי אַ ביימל אַ קליינס צווישן אַ מחנה שטאַמיקע ביימער. זיין פּנים האָט אַלץ געפלאַמט מיט אַ צונטער רויטקייט, דער שאָדן־פרייד האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון אים.

אַ זון־שטראַל האָט נאָך געברענט דעם שפּיץ פון גאָלדענעם צלם אויפן מיטלסטן טורעם פון פּויפּסטלעכן פּאַלאַץ, די שטענדיקע צייט ווען דאָס טויער פון געטאָ ווערט געשלאָסן — עס האָבן נאָך געפעלט עטלעכע מינוטן צו שקיעה.

משה דלודשנאָווסקי

פראַנסוּאַ גראַנדאַני האָט אויפגעהויבן די אויגן צום פלאַמיקן גאָלד. אין זיין פאַרקריפּלטן לייב, האָט אָנגעשפּאַרט אַ ווילדע פרייד, וואָס ער האָט אויסגע־פירט זיין שליחות איידער דער לעצטער שטראַל פון דער זון האָט זיך אויס־געלאָשן איבער דער הויכקייט פון מיטלסטן טורעם. עס איז געווען פאַר אים אַ גוטער סימן...

# אַ זעלטענע ברכה

דער ספּאַלער וואַלד ציט זיך אויף מיילן־ווייט אין אַ געדיכטער, אומהיימלעכער טיפקייט. ריזיקע אַלטע דעמבעס, וואָס זייערע וואָרצלען שפּאַרן אַרויס פון דער ערד ווי אויפגעלאָפענע אָדערן אויף הענט און אויך שלאַנקע, הויכע סאָסנעס, וואָס רייסן זיך צו די הימלען מיט זייערע קרוינען־בלעטער און צווייגן ווי אויסגעקרומטע גאָפּלען; און הגם זיי פלעכטן זיך איינע אין דער אַנדערער גרייט צום טאַנץ, קענען זיי זיך דאָך נישט דערגרייכן.

אין די סוף־זומערן, ווען דער פּוילישער האַרבסט צעשפּילט זיך מיט אַלע קאָלירן און טענער, די בלעטער אויף די ביימער ווערן פאַרוואַנדלט אין פלאַקערנדיקן בורשטין, פאַלן אויף דער ערד אין אַ גאָלדיק־פּוכיקער ווייכקייט, אָדער ווערן פאַרטראָגן פונעם פייפנדיקן ווינט אויף פּוסטע פעלדער און וועגן, דעמאָלט פלעגט איין מאָל אין עטלעכע יאָר צייט אַראָפּקומען דער רוסישער קייסער מיט זיינע חיילותן און לייב־וואַכן; קומען פון ווייטע לענדער און רעזידענצן אַזש דאָ אַהער אין דעם אַלטן פּוילישן וואַלד אויף יאַגד.

דאָ, אין דער וואַלד־געדיכטעניש, פלעגט דער קייסער זיך באַזעצן מיט זיינע חיילותן, לייב־וואַכן, קעפּס־ווייבער פאַר אַ גאַנצן יאַגד־סעזאָן. זיי האָבן פאַרנומען אַ ריזיקן שלאָס, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן וואַלד אין אַ מאַיעסטעטישן געבוי, מיט אַלערליי טורעמלעך, שניצונגען, קאַרניזן, פליגל. אַרום דעם שלאָס האָבן זיך געצויגן קליינע פּאַלאַצלעך און געביידעס, גאָר קליינע הייזקעס און לייוונטענע ביידלעך. אין די קילע פאַרטאָגן, ווען אויף די גראָזן און גאָלדיק־וויאַנענדיקע בלעטער האָבן געפּערלט די זילבער־גאָלדענע טויטראָפּנס, און די ביימער־קרוינען זיינען אָנגעצונדן געוואָרן מיט אַ ראָזעווער ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון, אָדער די האַרבסט־ווינטן האָבן געוואָיעט צווישן די ביימער, האָט זיך דער קייסער מיט זיינע שררות און לייב־וואַכן אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד צו שיסן הירשן, וואָס האָבן זיך אין ספּאַלער וואַלד געמערט און געפּרוכפּערט אין אַלע גרויסן — סיי לייביק און סיי אין דער הערנער־שיינקייט — פאַר דעם קייסערס הנאה וועגן.

די אומהיימלעכע טיפקייט פון ספּאַלער וואַלד האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא און שרעק אויף מענטשן פון ווייט אַרום. ייִדן האָבן סתם אויסגעמיטן אַריינצו־שטעלן אַ פוס אין דעםביימער־געפלעכט, מחמת דאָרט זיינען אַלע מאָל געווען זיכערע נעסטן פאַר באַנדיטן, מערדער און סתם שקצים מיט הינט, וואָס האָבן זיך דאָ געלאָזט ווילגיין מיט הפקרדיקע שטיק, ווייט פונעם אויג פון געזעץ.

דער ספּאַלער וואַלד האָט פון איין זייט אַרומגענומען ווי אַ האַלבער גאַרטל אַ געדיכט־באַפעלקערטע שטאָט פון ייִדן און נישט־ייִדן — און פון דער צווייטער זייט האָט דער זילבער־בלוילעכער טייך „פּיליצאַ" אַרומגעכאַפּט די שטאָט, אויך ווי אַ האַלבער גאַרטל, געקורטשעט און געשלענגלט זיך מיט כוואַליעס, אינדזעלעך, ווייסן שוים אויף ווייט אַוועק און ערגעץ־ווו מיט רעש אַריינגע־פאַלן אין דער ווייסל.

אין די האַרבסט־פּאַרטאָגן, ווען דער קייזערלעכער שלאָס איז געווען באַזעצט מיט די חשובע לייט, איז דער אַלטער וואַלד פאַרהילכט געוואָרן פון יאַגד־טראָמפּייטן, פעלד־האָרנס, זילבערנע פאַנפאַרן, בילן פון בלוט־הינט און סתם כלבים, הירזשערייען פון פערד, געלעכטער און געשרייען פון מענטשן, קראַקערייען פון ווילדע פייגל. די קולות האָבן אָפּגעהילכט ווי אַ ווילדע סימ־פאָניע, וואָס גיסט זיך צונויף אין אָן אַ שיעור טענער: ברויזנדיקע, שטורמישע, דינע, צאַרטע, אויפרייסנדיקע. טענער ווי וואַסער־פאַלן אין די בערג און גע־וויינען, דונערן און פלייטן־שפּיל.

אין יענע טעג, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אַרום סוכות, פלעגן זיך באַוויזן אין שטאָט, האַרט ביים ספּאַלער וואַלד, הויכע, מגושמדיקע זעלנער, וואָס זיינען געריטן אויף פלינקע, קליינע פערד. אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן — פאַר־רוקט אויף אַ זייט — פוטערנע היטלען. פון איין זייט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ דיקע, אָנגעוואַקסענע קוטשמע האָר, אַ ווילדע פאה, וואָס האָט גוט צוגעפּאַסט צו די רויטע, מיט ווינטן־אָנגעלאָפענע, פאַרהאַרטעוועטע, קנאָכיקע פּנימער. די מונדירן זיינען געלעגן אויף זייערע לייבער ווי אויסגעגאָסן. פון איין זייט מונדיר איז געהאָנגען אַ שווערד, וואָס די שייד אַליין האָט געבלאַנקט מיט אַ זילבערנער בלענדעניש, הײנט ווער רעדט שוין וועגן דער שווערד גופא. ביי אַנדערע פון די זעלנער האָט געשטעקט אין פערד־זאָטל אַ שפּיז, וואָס האָט זיך געריסן אין הימל אַריין מיט אַ דראָענדיקער שאַרף. די זעלנער זיינען געווען אויסגערוט און אויסגעפּאַשעט ווי די פערדלעך, אויף וועלכע זיי זיינען געזעסן אין די זאָטלען, ווי אויף אַ וויג־שטול. די שאַרפע, פלינקע אויגן פון די זעלנער זיינען געווען אָנגעשפּיזט צו דער גאַס און צו אירע איינוווינער, צו די צעשראָקענע, צעטומלטע ייִדן, וואָס האָבן מיט אַלע כוחות געזוכט אויסצו־מיידן די זעלנער מיט די פערד, מיט די ווילדע פּיאות, מיט די שווערדן. די

זעלנער האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק איבער דער שטאָט, דורך זייער רייטן מיט פאַרריסענער גאווה און זייערע געזאַנגעכצן, מיט רויע, פרעמדע קולות.

ב.

אונדזער הויף אין שטאָט איז געווען אַ שטילער, אַ פאַרזאָרגטער, אַן אונטערטעניקער. די עטלעכע ייִדישע משפחות פון הויף זיינען געווען פאַרנומען מיט שווערער פּראַצע, ביטערער האָרעוואַניע, מיט זאָרג פון טעגלעכן אויסקומעניש. דירה־געלט, שכר־לימוד פאַר די קינדער אין די חדרים, אַ פּאָר גאַנצע שיך, אַ זעקל קאַרטאָפל מיט אַ פעסל זויערע קרויט פאַרן ווינטער; אַ גאַנצע וואָך זאָרג פון וואַנען צו נעמען אויף שבת, כדי נישט פאַרשעמט צו ווערן פאַרן אייגענעם טיש, פאַר די פיר ווענט; זאָרג פאַרן בידנעם געזונט. געווען אַ הויף פול מיט ייִדן און פול מיט ליידן און פריידן, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער.

כמעט אַ גאַנץ יאָר איז יעדער געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין, מיט די אייגענע צרות און מיט די אייגענע טראָפּנס פרייד, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן: אַ יום־טוב, אַ חתונה, אַ ברית, אַ בריוו פון אַמעריקע מיט אַ גוטער בשורה. קוים איז אָנגעקומען ראש־חודש אלול, האָט מען אין די בתי־מדרשים, אין די חסידים־שטיבלעך געבלאָזן שופר ביי שחרית. דער ווינט האָט זיך צעשפּילט און אַ ריס געטאָן די שינדל־דעכער, אַראָפּגעטראָגן אין די סעדער די לעצטע פּירות פון די ביימער; די סאַדאָווניקעס האָבן אויסגערוימט די בערג עפּל, באַרנעס, פלוימען פון די סעדער און זיי באַהאַלטן אין די טונקעלע קעלערן צו פאַרקויפן צו ייִדן אויף די ימים־נוראים, זיי זאָלן האָבן צו מאַכן אַ שהחיינו. דעמאָלט — אין יענע טעג, איז אונדזער הויף געוואָרן אומרויִק. אַלע האָבן געפּילט בחוש, אַז עס קומט אָן אַ שטורעם.

אַזוי ווי אַלע יאָר אין דער צייט, וועלן זיך צווישן די שכנים פון הויף שאַפן צוויי צדדים. איינער קעגן דעם אַנדערן וועט ווערן אָנגעבלאָזן ווי העגער, מען וועט זיך נעמען רייסן ביי די קעפּ און עס וועט שיעור קומען צו פּעטש. דאָס הייסט, פּאַטשן וועט מען זיך נישט, חלילה. נאָר עס וועט נישט האַלטן ווייט פון דעם, גאָרנישט ווייט.

די מחלוקת הייבט זיך אָן געוויינטלעך פון אַן איבעררייִדעניש צווישן פּינטשע דעם קאַשע־מאַכער און יונה דעם סטאָליער, וואָס וווינען אויפן הויף שוין מכמה יאָרן טיר ביי טיר. אין שטאָט האָט מען געהערט, אַז אָט־אָט — און דער רוסישער קייסער קומט אַראָפּ מיט זיינע לייט. ער וועט איינשטיין אין וואַלד פון די אָנהייב סליחות־טעג ביז העט־ווייט אַריבער סוכות. די קלאַנ־

גען נעמען זיך פון דעם, וואָס מענטשן האָבן שוין באַצייטנס (דער זומער שטייט נאָך אין זיין פולער שיינקייט, סאיז נאָך אַפילו נישט קיין שבת נחמו און פון גיין צו סליחות חלומט מען נאָך אַפילו נישט) געזען זעלנער אויף די פלינקע, געזעצטע פערדלעך דורכרייטן די שטאָט. זיי האָבן געזונגען מיט רויע קולות און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ ריח פון דזשעגעכץ און בערג פערדן־מיסט. דאָס איז אַן אָנזאָג און אַ סימן, אַז באַלד טאָקע, איידער־וואָס און איידער־ווען, קומט „ער" אָן. פאַלט אָן אַן אומהיימלעכע מורא אויף קינד און קייט און עפּעס אַזאַ געפיל פון סוד און נייגעריקייט: אפשר וועט דער קייסער אָנטאָן דער שטאָט דעם גרויסן כבוד און באַווייזן זיך, אַז זיינע געטרייע אונטערטאַנען זאָלן אַ קוק טאָן אויף אים?

ווען נאָר ער האָט זיך געפונען אין ספּאַלער וואַלד, איין מאָל אין יאָרן, האָבן די גלחים און שטאָט־טאַטעס, די פאַבריקאַנטן, חשובע לייט, די דאָזיקע רבנים זיך געגרייט מיט גרויס ציטערניש, מיט ברויט און זאַלץ, צלמים און להבדיל ספר־תורהס צו דעם ברוך־הבא. און געשען איז עס בסך־הכל אַן איינציק מאָל: ער האָט זיך דעמאָלט דורכגעטראָגן איבער דער שטאָט מיט קאָטשן און פערד, אַזוי ווי פרעהס חיילות. הורא־געשרייען האָבן אויפגעריסן די לופט און פייגעלעך זיינען אין מיטן פלי אַראָפּגעפאַלן פאַר אימה. שווערדן האָבן געבלאַנקט אונטער דער זון ווי גאָלד און זילבער. ער האָט זיך דורכ־געטראָגן מיט זיין סוויטע ווי אַ רוח, ווי אַ שטורעם־ווינט. דאָס געשטופּעריי אין די גאַסן און אין מאַרק איז געווען אין לשער; מען האָט פּשוט צעקוועטשט מענטשן אויף טויט און קיינער האָט נישט געקענט כאַפּן אַ בליק אויף אים. די פערד האָבן זיך געריסן ווי נישט־גוטע און די שוואַרצע קאָטשן, מיט בלויז צוויי פענסטערלעך, זיינען געווען פאַרמאַכט. און דער עיקר: די קאָזאַקן אויף די פלינקע, געזעצטע פערדלעך האָבן נישט צוגעלאָזט...

געבליבן איז אין יענעם פאַרנאַכט בערג פערדן־מיסט אין די גאַסן, אין מאַרק און ביי דער צערקווע. עס האָט גענומען עטלעכע טעג אָפּצורייניקן דאָס מיסט.

און אַז עס הייבן זיך אָן אַזעלכע קלאַנגען, ווערט פּינטשע דער קאַשע־מאַכער אומרויִק. ער קען שוין מער נישט איינשטיין אין דער ענגער קאַמער ביי זיין קליין קאַשע־מילעכל, מיט די שווערע שטיינער. עס טרייבט אים און עס יאָגט אים. ער פילט דעמאָלט בחוש, אַז ער שטייט פאַר אַ גרויסער זאַך, ער דאַרף עפּעס צורעכט מאַכן, ער מוז געפינען אַ תיקון. עפּעס אַזוינס ווי אַ נסיון. ווער ווייסט, אויב דער רבונו־של־עולם וועט אים געבן כוחות בייצו־שטיין דעם נסיון.

פּינטשע איז אַ דאַרער מאַנספּאַרשוין, הויך געוואַקסן און אַ ביסל הוי־

קערדיק; דער איבערשטער טייל גוף בייגט זיך אַראָפּצו. די הויט פון זיין פּנים איז צעקנייטשט און די ביינער שטאַרצן אַרויס מיט אַ קנאָכיקער פּאַר־שפּיצטקייט, שטיקלעך באָרד כאַפּן אַרום דאָס פּנים מיט די שוואַרצע, טרויעריקע אויגן, איבער וועלכע די ברעמען זיינען שטעכיק און ווילד. ער שטייט אויף פאַר טאָגנס, לאָזט זיך אין אַלטן בית־המדרש איבער דער בריק צו שחרית און כאַפּט דערווייל אַריין עטלעכע יום תהילים מיט אַ מאָל. נאָכן דאַוונען עסט ער אָנבייסן: אַ שטיק ראַזעווע ברויט מיט אַ ציבעלקע, טייל מאָל מיט אַ שטיקל קנאָבל, אויב עס איז פאַראַן אין שטוב. ווען ער איז גוט אויפגעלייגט, אָדער עס איז אַ יומא־דפּגרא און אין שטוב איז גראָד דאָ אַ פלעשל מיט אַ ביסל בראָנפן, פאַרטרינקט ער אַ גלעזל און גיט אָפּ אַ לויב דעם רבונו־של־עולם פאַר דער גרויסאַרטיקער סעודה.

נאָכן אָנבייסן נעמט זיך פינטשע צו דער אַרבעט: דרייען ביי אַן אייזערן הענטל, וואָס איז פאַרטשעפּעט צו צוויי טיפע אייזערנע קאַסטנס מיט אַ ראָד, וואָס האָט שטעכיקע ציינער און איבערן ראָד אַ קייט. אין די צוויי קאַסטנס ליגן שטיינער, עטלעכע פוד די וואָג. ווען פינטשע דרייט דאָס אייזערנע הענטל, דרייט זיך דאָס ראָד מיט דער קייט און די אייזערנע קאַסטנס מיט דער משא שטיינער דרייען זיך אויך. זיי צערייבן אַ גאַנץ זעקל קערנער אַ טאָג און עס קומט אַרויס צעהאַקטע, ברוינע קאַשע.

פינטשע שטייט ביים אייזערנעם הענטל פון פרימאָרגן ביז די בלויע פאַר נאַכטן, דאָס הייסט ביז מנחה. ער פאַלט פון די כוחות עטלעכע מאָל אַ טאָג; די ביינער פון לייב ברעכן, די פיס האַקן זיך אונטער, האַלדז און נאַקן ציט און שטעכט. דעמאָלט נעמט ער אַ שעפּ קאַלטע וואַסער, מאַכט אַ ברכה און פרישט אָפּ די כוחות, ברומט פסוקים תהילים און דרייט ווייטער דאָס ראָד. אָבער ער האָט נישט קיין טענות צו גאָט און נישט צו קיינעם. ער בעט נאָר בלויז ביי גאָט, ער זאָל אים צושיקן נאָך אַ מצווה און נאָך אַ מצווה, כדי ער זאָל קענען מאַכן נאָך אַ ברכה. פאַר אַ נייער ברכה, נישט בלויז די געוויינט־לעכע המוציא איבער ברויט, די שהכלס איבער וואַסער, די ברכות ביים דאַ־ווענען, איז פינטשע גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער.

ווען נאָר פינטשע הערט, אַז דער רוסישער קייסער קומט אַראָפּ אין ספּאַלער וואַלד, צעוואַקסט זיך אין אים אַ בענקעניש. די פאַנטאַזיע נעמט אַרבעטן ביי אים: אין יענעם טאָג וועט ער אָנטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, דורכשטופּן זיך דורכן המון און אפשר וועט אים דער אייבערשטער העלפן און וועט קענען כאַפּן אַ בליק אויפן קייסער. דעמאָלט וועט ער קענען מאַכן די זעלטענע ברכה, צו וועלכער נישט יעדער מענטש איז זוכה: „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם״... ווער וועט דעמאָלט זיין גלייך צו אים?

אַלע אין הויף ווייסן פון פּינטשעס בענקעניש. נאָר דער קייסער קומט נישט אין שטאָט אַריין. ער איז פאַרנומען מיט שיסן הירשן אין וואַלד, מיט הוליאַנקעס, טיילן מעדאַלן, אָנטאָן מעדאַלן איבער דער ברוסט, מיט מושטירן זעלנער און נאָך אַזעלכע תאוות. פּינטשע ווערט דערוויי׳ל פאַרצערט פון בענקעניש. דאָס ווייב יאַדעט אים אַז ער האָט נאָר אין זינען יענע וועלט, נאָך אַ ברכה און נאָך איינע. אין שטוב איז נישטאָ קיין כזית איבעריק ברויט, קיין זומער־פּרי, עס גייט צו די ימים־נוראים און קיין איבעריקע פּרוטה איז נישטאָ. פּינטשע מאַכט זיך נישט פון איר שרייען, הגם ער ווייסט אַז זי איז גערעכט.

די גרעסטע צרות האָט אָבער פּינטשע פון זיין שכן, יונה דער סטאָליער. יונה איז אַ געזעצטער מאַנספּאַרשוין מיט אַ שוואַרצלעך־גרוילעכער באָרד, מיט אויסגערונדיקטע, פולע פּלייצעס, מיט אַ פולן, רויטלעכן פּנים. די אויגן זיינע האָבן אַ טיפע וואַרעמקייט. זיין אויסזען איז בכבודיק, זיין גאַנג איז אַ טענצלדיקער, פון זיינע רייד הערט זיך די פרייד פון אַ ייִד אַ בעל־בטחון און ער האָט דעם רוסישן קייסער מיט זיינע לייט, מיט זיין שיסן הירשן אין וואַלד, מיט זיין פּרצוף־פּנים — טיף טייער אין דער אַדמה.

יונה האָט זיין וואַרשטאַט נעבן דער ענגער קאַמער, ווו פּינטשע מאַלט זיין קאַשע. פון יונהס קאַמער הערט זיך דאָס היימישע געזאַנג פון הובלעווען האָלץ, זעגן, קלאַפּן. עס טראָגן זיך פון דאָרט פרישע ריחות פון געהילץ און די פּאַדלאָגע איז דאָרט פול מיט גאָלדיק־ברוינלעכע, דיבינקע, זיידענע האָלץ־אָפּפאַלעכץ. יונה קלאַפּט, זעגט, הובלעוועט, מאַכט אין מיטן טאָג אַ לחיים און פאַרבייסט מיט אַן אייער־קיכל גרויס ווי אַ טעלער. ער מאַכט שענק, בעטן, בענק, טישן פאַר ייִדן אין שטאָט, פאַר אַ ביי פאַר־פאָלק ערשט פון אונטער דער חופּה אַרויס. אַ גאַנץ געשטעל פון מעבל פאַר אַ נייער דירה.

יונה קען נישט פאַרנעמען פּינטשעס ווילדע געגעג און גלוסטעניש אַריינ־צוכאַפּן נאָך אַ ברכה, דערצו קען ער נישט פאַרשטיין: וואָס איז דאָס די גאַנצע מצאָצע מיטן קייסער, וואָס מען דאַרף איבער אים מאַכן אַ ברכה?

— ער איז דאָך נישט מער ווי אַ שטיק פלייש פּונקט ווי יעדער פון אונדז און פּונקט ווי יעדער גוי. די ווערעם וועלן אויך אים פרעסן אין קבר. דערצו איז ער נאָך אַ רוצח, וואָס לאָזט אומברענגען טויזנטער אַרבעטער, לאָזט מאַכן פּאַגראָמען און חורבנות אויף ייִדן! ער איז אַ שטיק דר...

אַזוי טענהט יונה און ער האָט מורא צו פאַרענדיקן דאָס מיאוסע וואָרט, מחמת וועגט האָבן אויערן. מער פעלט אים נישט, נאָר מען זאָל הערן אַז ער האָט פון זיין מויל אַרויסגעבראַכט אַזאַ וואָרט. דערצו לאָזט אים פּינטשע נישט פאַרענדיקן:

— ער איז אַ מלך און איז אויסדערוויילט פון גאָט! אַ באַזונדערער מלאך באַגלייט אים.

— געטס נאָר אַ קוק! — ווערט יונה אַנגעצונדן און זיין גוטמוטיק פּנים ווערט נאָך רויטער — ער האָט שוין אַ באַזונדערן מלאך און גאָט האָט אים אויסדערוויילט! אַז אַך און ווי׳ צו די יאָרן! וואָס דאַרפט איר זיך אַזוי צע־רייסן דעם יאַשטשיק? ווי מעג דאָס אַ ייִד איבער אַזאַ איינעם מאַכן אַ ברכה? און אויב שוין יאָ אַז פון אייבערשטנס כבוד האָט מען אים צוגעטיילט אַ שטיק, אַ חלק — וועט מען זיך באַגיין אין הימל אָן אייער ברכה, רעב פּינטשע! מען וועט זיך באַגיין!

קען שוין פּינטשע נישט פאַרטראָגן די גראָבע רייד פון דעם סטאָליער, וואָס מער ווי דאַווענען מיט גרייזן קען ער נישט, אַ קליין שטיקעלע תהילים איין מאָל אין אַ יובל איז פאַר אים געגנוג, אין אַ ספר קוקט ער זעלטן אַריין, נאָר איז שטענדיק פאַרנומען מיט מאַכן „לחיימס״, מיט מאַכן שענק, טישן, בעטן...

— ביסט אַן עם־הארץ, יונה! — קאָכטש זיך פּינטשע און זיין דאַרער גוף שאָקלט זיך ווי אַ דאַר ביימל אין ווינט — טאָרסט אַזוי נישט ריידן! ער איז אַ מלך, אַן אויסדערוויילטער! דו ווייסט אַפילו נישט, אַז אונדזערע חכמים הייסן מאַכן אַ ברכה איבער אַ מלך בשר־ודם! ווען קען אַ ייִד זוכה זיין צו דעם, האַ? עס וואַלגערן זיך אַזוינע ברכות אין די גאַסן ביי דיר?

גייט שוין יונה אַרויס פון די כלים:

— געהערט אַ מעשה! די חכמים הייסן! זאָלן זיי זיך איינשטעלן דאָס לעבן און לויפן קוקן זיין פּרצוף! וואָס מ׳שטיינס געזאָגט איז דאָ פאַראַן צו זען! יעדער מענטש איז דאָך באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט! אַז אים האָט אָפּ־געגליקט און ר׳האָט לענדער און מדינות, ווייבער און וועלדער, דאַרף איך נאָך מאַכן איבער אים אַ ברכה?! שעמט זיך, רעב פּינטשע! געהערט אַ מעשה, אַ ברכה איבער אים, ווי׳ להבדיל, איבער אַ ברויט? אַ ברויט איז — ברויט, עס זעטיקט דעם גוף, אָבער...

פון וואָרט צו וואָרט אי זאַלע מאָל געקומען צו מחלוקת. אין הויף האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים: איין צד האָט געהאַלטן מיטן קאַשע־מאַכער. דער צווייטער צד, מיט יונה דעם סטאָליער. אַרום און אַרום, איז דער קייסער נישט מער ווי אַ פּראָסט שטיק פלייש, ער לאָזט מאָרדעווען ייִדן, לאָזט זיינע זעלנער שיסן אויף אַרבעטער אין מיטן העלן טאָג. און דער עיקר: אַזאַ ייִד ווי פּינטשע, וואָס קען נישט מפרנס זיין ווייב מיט קינדער, האָרעוועט ווי אַ פערד און ליגט ביין איילן אין דר׳ערד, אַזאַ איינער דאַרף נישט איינרייסן וועלטן. פאַראַן בעסערע ברכות... פרישע ווייַנטרויבן, איבער וועלכע עס ליגט

נאָך דער טוי פון די פרימאָרגנס, אַ גלעזל טאָקאַיער וויין, אַפילו אַ ברכה איבער אַ שטיק פריש ראָזעווע ברויט, ווער שמועסט נאָך מיט פוטער! איז שוין אַזאַ גוט יאָר אויף ייִדן, ווי עס איז בעסער און מחיהדיקער...

...דאָרט ווייט, אַרום דעם וואַלד, האָבן געהיטן זעלנער סיי אויף פערד מיט שווערדן און פיקעס און סיי פוסגייער מיט בלויז ביקסן. טויזנטער הירשן זיינען אויסגעשאָסן געוואָרן אין די געדיכטע וואַלד־טיפענישן. די ברומענישן פון די פאַרוווּנדעטע חיות, דאָס הירזשען פון די צעיאָכמערטע פערד, דאָס היילן און בילן פון די בלוט־הינט, דאָס שאַלן פון די האָרנס, האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד אויף ווייט און ברייט.

דער קייסער האָט זיך אין שטאָט נישט באַוויזן, קיינעם נישט געוואָלט אָנטאָן דעם כבוד, נישט די גלחים, נישט די שטאָט־טאַטעס, נישט די דאָזאָרן, כאָטש די שווערע גלאָקן פון רוסישן קלויסטער אין מיטן מאַרק, האָבן יעדן טאָג געקלונגען לאַנגע שעהן און פאַרטויבט דעם מאַרק מיט אָנזאָג. ייִדן האָבן אַריינגעלייגט וואַטע אין די אויערן, בכדי נישט צו הערן די הילכיקע גלאָקן־קלאַנגען, וואָס האָבן מיט יעדן זעץ אָנגעוואָרפן שרעק אין די הערצער.

ג.

איין מאָל אין אַ האַרבסט, האָט שטאָט זיך דערוווּסט, אַז שוין... דאָס מאָל קומט ער אויף זיכער. אַז דאָס מאָל איז טאַקע אויף אַן אמת, האָט מען געקענט זען באַשיימפּערלעך. יעדן טאָג זיינען אָנגעפלויגן קאָזאַקן אויף זייע־רע קליינע, ברוינע, אויסגעפּאַשעטע פערדלעך, ווי די רוחות. די שווערדן האָבן זיך געבאָמבלט ביי די שטיוול און ביי די פערדס בייכער. זיי זיינען אַדורך אין ווילדן גאַלאָפּ די גאַסן, דעם מאַרק. די פערד האָבן געזעצט מיט די פּאָדקאָוועס אין די שטיינער פון ברוק, אַזש פונקען האָבן געשפּריצט. ייִדן האָבן זיך שנעל אַריינגערוקט אין די הייזער און געטראַכט פון גומל־בענטשן שבת ביים דאַווענען. מאַלע וואָס אַ קאָזאַק קען זיך פאַרגלוסטן אין מיטן העלן טאָג: אַ זעץ מיט דער נאַגייקע, אַ שפּיל טאָן זיך מיט דער שווערד איבער ייִדנס קעפּ. צו וואָס איז דען באַשאַפן געוואָרן אַ נאַגייקע, אַ שווערד אין די הענט פון אַזאַ איינעם מיט אַ פּרצוף פון אַ רוצח?

מען האָט אָנגעהויבן פּוצן און אויססטראָיען דעם קלויסטער אין מיטן מאַרק. די ציבעלע־טורעמס באַשמירט אויף בלוי, די צלמים גאָר אויפן שפּיץ — באַגאָלדיקט, דעם צוגאַנג באַלייגט מיט בלומען און בלעטער. דעם מאַרק האָט מען גערייניקט, עטלעכע טעג נישט אַרויפגעלאָזט קיין פערד און קיין וועגענער, נישט געלאָזט די וואַסער־טרעגער שעפּן וואַסער ביים שטאָט־ברו־

נעם. די גלחים האָבן אויסגעפּרוווט זייערע קולות און געבלעקעצט אין מיטן העלן טאָג, עלעהיי אַ חגא. די שטאָט־טאַטעס האָבן זיך גערייניקט די קאַפּאָ־טעס, אָפּגעשוירן די האָר און מיט קלאַפּנדיקע הערצער געוואַרט אויף דעם גרויסן טאָג.

ביי אונדז אויפן הויף האָט מען עס אָנגעזען מער ווי אויף אַלע ייִדישע הייף פון שטאָט: דער הויף איז געגאַנגען אויף רעדלעך. עס האָט זיך גע־טומלט ווי אין אַ בינען־שטאָק אין אַ זומער־פּאַרנאַכט. פּינטשע איז דורך די עטלעכע טעג געוואָרן נאָך דאַרער, איינגעהויקערטער און דאָס הויכע גע־שטאַלט האָט זיך עפּעס געבראָכן און געוויגט. יעדער טראָפּן בלוט איז אים אָפּגערונען פון פּנים. בלויז זיינע טיפע, שוואַרצע אויגן האָבן געברענט מיט אַן אויסטערלישער פרייד.

דעם קאַשע־מאַכערס צד האָט זיך געפילט ווי די אמתע בעלי־שמחה. יונה סטאָליער מיט זיין חברה זיינען אַרומגעגאַנגען בייזע, אויפגערעגטע און זיינען גרייט געווען צו מאַכן אַ רעוואָלוציע אויפן הויף. יונה האָט אין די טעג געמאַכט גרעסערע „לחיימס" און געשאָלטן אַלע קיסרים אין זייער טאַטן אַריין. און דער טאָג איז געקומען — אַ זוניקער, אַ קאַלטער. אַ טרוקענער ווינט האָט זיך געטראָגן מיט זאַמד און שטויב. פאַרטאָג האָבן קאָזאַקן אויף פערד, מיט בלאַנקע שווערדן אין די הענט, אַריינגעפּלייצט אין שטאָט אַריין פון אַלע זייטן. די פערד האָבן געהירזשעט, געגאַנגען אין אַ ריטמישער גלייכ־קייט. דאָס מאָל זיינען זיי נישט געפלויגן נאָר געגאַנגען מיט אַ פריילעכן גאַנג. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אין די גאַסן און אַרומגענומען דעם גאַנצן מאַרק ווי אַ רייף. אומעטום פערדישע בייכער, ווידלען און פעטע הינטנס.

אויף די באַלקאָנדלעך און אין די פענצטער האָבן געהאָנגען פענער, פלור־שענע, קאָליריקע קאָלדרעס, טעפּיכער. מען האָט אויך אַרויסגעהאָנגען אַ פיין־אויסגענייטן פּרוכת. דער ווינט האָט געפּיפן דורך די פלאַטערנדיקע פענער און קאָלדרעס. די קלויסטער־גלאָקן האָבן מיט מעטאַליקע טיפע טענער פייער־לעך און הילכיק אָנגעזאָגט די גרויסע בשורה. די פאַבריק־קוימענס האָבן געדעוועט מיט אַ וויסט ריטשעריי, ווי בשעת אַ שריפה אין שטאָט. די גאַסן, דער מאַרק, די וועגן זיינען געווען געפּאַקט פון מענטשן, מענער און ווייבער, פויערים און פויערטעס, חשובע לייט מיט צילינדער און פראַק. דאָס פאָלק האָט מען נישט צוגעלאָזט אַ ביסעלע נענטער צום מאַרק. אַלע האָבן געמוזט שטיין הינטער די פערדישע הינטנס און די ברייטע פלייצעס פון די רייטער, מיט די בלאַנקע שווערדן אין די הענט קעגן דער גאָלדיקער זון.

פּינטשע האָט זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, אויסגעפּוצט די שטיוול, אויפן קאָפּ דאָס סאַמעטענע היטל, טאַקע גרייט צו טאָן אַ מצווה. דאָס ווייב

האָט אויך אים געקוקט בייז און צו להכעיסדיק. אָט אַ שלימזל, פּאַרגלוסט זיך אים ברכות איבער קיסרים און טו אים עפּעס. ער האָט זיך באַוויזן אויפן הויף אין די שבתדיקע בגדים, כאָטש ס׳איז גאָר געווען מיטוואָך. זיין צד האָט אים געווונטשן אַ גוטע זעונג און יונה מיט זיינע לייט האָבן געחוזקט. דער סטאָליער האָט גערעדט בייזלעך:

— קוקט אים אָן! ווי ער וואָלט געגאַנגען מקבל פּנים זיין משיחן! אַ ייִד אַן עקשן...

— קענט איר נישט באַשטיין, ר׳ יונה — האָט אים אַן אַנדערער ייִד אָפּגעענטפערט — מיט אַזאַ ברכה וועט פּינטשע דער ערשטער מקבל פּנים זיין משיחן, איר מעגט דאָס וויסן!

— אָט האָסטו דיר אַ נייע בשורה און אַ פריש אַנשיקעניש!

אין זיין חוזק האָט זיך געהערט עפּעס אַ טאָן פון קנאה, וואָס פּינטשע האָט דאָך זיך דערוואַרט. פּינטשע האָט זיך געלאָזט מיט שנעלע טריט צום שטראָם מענטשן אין מאַרק. מען האָט אים געשטויסן און געשטופּט. ער האָט זיך אויסגעמישט צווישן גויים, ווייבער, פּויערים, פּויערטעס, פערד, געלעכטערס און מיאוסע רייד. ער איז געבליבן איינגעשמידט צווישן מענטשלעכע לייבער, הינטער אַ פערד וואָס האָט געזעצט מיט די פּאַדקאָוועס איבער די שטיינער. אויף די ליפּן איז אים געלעגן גרייט די ברכה, אַ פולע ווי איבער אַ קידוש־בעכער מיט וויין.

אַ ברייטע, אויסגעפּאַשעטע פּלייצע פון אַ מגושמדיקן קאָזאַק איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן; איבער דער פּלייצע אַ האַריקער מונדיר. אַ בלאַנקע שווערד אין דער האַנט האָט געפינקלט קעגן דער זון און אַ וועלט מיט שטראַלעכלעך האָבן זיך געשפּילט אין דער זילבער־בלוילעכער שאַרפקייט פון דער שווערד.

מען האָט אים געשטויסן פון אַלע זייטן. דאָס פערד האָט געבריקעט פון פאַרנט זיין לייב. פּלוצלינג האָבן זיך געהערט „הוראַ״־געשרייען, מוראדיקע קולות, אַזש די לופט האָט געציטערט. די פערד האָבן געהירזשעט און זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס. פּינטשע האָט עפּעס דורך אַ שטיקעלע ליכט־עפענונג פון לייבער געזען אַ שוואַרצע קאָטש. מער האָט ער גאָרנישט געזען, אַ שוואַרצע מאַסע און די קאָטש — אַן עגלה להבדיל בין חיים למות — מער גאָרנישט. ער האָט אָבער געוואָלט זען, ווייל מען מוז אָנקוקן דאָס פּנים. ערשט דעמאָלט מעג מען מיט דער גאַנצער זיכערקייט מאַכן די ברכה. אָבער גיי זע, אַז די וועלט גייט גאָר אונטער פון פערדישע ווידלען, פונקען פּייער, קאָזאַקן, ראַפּניקעס, שווערדן, געוואַלדן, געלעכטערס, פערדן־מיסט, ריחות צו איבלען. עס איז תוהו־ובוהו! זאָל דאָס זיין דער כבוד פאַר אַ קייסער?

פינטשע האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דער איינגעשמידקייט און מיט עקשנות אַדורכהאַקן די קייט פון מענטשן און חיות. דאָס פערד האָט אים געטאָן אַ זעץ אין אַ פוס, דער ווינט האָט אים פאַרפּרישעט די אויגן. ער האָט געטאָן אַ שטרעק אויס די הענט, ווי צו מאַכן זיך אַ וועג פאַרויס צו דער מצווה — די ברכה.

דער קאָזאַק אויפן פערד האָט זיך שווער אויסגעדרייט. ער האָט געזען דאָס סאַמעטענע היטל, אַ באָרד, פייערדיקע אויגן, אַ דאַר, ביינערדיק פּנים, האָט ער קיין איבעריקע רגע נישט געטראַכט און מיטן ראַפּניק אַ זעץ געטאָן ווו עס האָט זיך געלאָזט. צו דעם איז אַ ראַפּניק באַשאַפן געוואָרן נאָך פון ששת ימי בראשית. פינטשעס הויכער, דאַרער קערפּער האָט זיך איינגעבראָכן, פון הינטער דעם סאַמעטענעם היטל האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ ריטשקעלע בלוט.

פינטשע האָט דעם קייסערס פּנים נישט געזען. די ברכה איז אויסגעגאַנגען אַ פאַרשעמטע אויף זיינע צעוויטיקטע, בלייכע ליפּן.

די פערד און די קאָזאַקן האָבן זיך צעיושעט, דאָס הירזשערײַ האָט זיך אויסגעמישט מיט די „הוראַ״-געשרייען. דער הימל, אַ בלויער מיט זילבערנע וואָלקנדלעך, האָט איבערן מאַרק געפּלייצט מיט ליכט, דאָרט ווו די שוואַרצע קאָטש מיט דעם קייסער איז געשטאַנען, געפאָרן, געטראָגן געוואָרן. אַ פערד האָט אַ בריקע געטאָן אין פינטשעס בויך. עטלעכע גוייִשע הענט האָבן דעם קאָשע-מאַכערס קערפּער אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די פערדישע פיס און הענגענדיקע שווערדן און אים אַ צעממיתטן אַוועקגעלייגט ביי אַ שוועל פון אַ פאַרמאַכטער ייִדישער קראָם. אַנשטאָט דער ברכה האָבן זיינע ליפּן קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער פון ווידוי.

# הונגער

עס איז שווער אין זכרון אַרויסצוטויכן זיין נאָמען, פאַרדאָס אָבער געדענק איך גאַנץ קלאָר די געשטאַלטונג און דאָס אויסזען זיינס: אַ נידעריקער און אין גיין איז ער ווי אַ באַוועגלעך פּעסל. דער קאָפּ — גרוי און קיילעכדיק איז באַוואַקסן מיט העלע פלאַקסענע האָר; די אויגן — צוויי שמאָלע שפּאַלטלעך גרוילעכע און אַלע מאָל פאַרשלאָפן, די נאָז, די ליפּן — אַרויסגערוקטע, גרייט יעדע ווײַלע צו כליפּען, עסן, שנאָרכן. דער רונדיקער קאָפּ פון אַ ראָזלעד־פּיאָלעטן קאָליר זיצט ביי אים אויף אַן אָנגעגאָסענעם פעטן האַלדז און כאַפּט דעם אָנבליק פון אַ חזירשער צורה. עס איז אין אים דאָ אַ געמיש פון מענטש און חיה.

ער איז אָנגעקומען אין פּוילישן מיליטער דינסט דעם זעלבן טאָג וואָס איך. פון ערגעץ אַ דאָרף אין די קאַרפּאַטן האָט ער געשטאַמט און האָט קוים געוווּסט זיין אייגענעם נאָמען, קוים געקענט אַרויסברענגען עטלעכע גאַנצע ווערטער. געמאַכט האָט זיך אַזוי, אַז אין דער קאַזאַרמע, וווּ מען האָט אונדז אַריינגעוואָרפן, איז מיין בעטל, דאָס הייסט דער שטרויענער שעניק מיט די פיר אייזערנע לייסטלעך, געשטאַנען איבער זיין בעטל און מיר זיינען פון ערשטן טאָג אָן געוואָרן שכנים־זעלנער אויף אַ שטיק צייט אַרויס.

אין דער קאַזאַרמע — אַ ריזיקער חלל מיט אָפּגעשונדענע ווענט, פאָרעמלאָזע פענצטער, צוג־ווינטן — האָבן געגעסטיקט אַרום הונדערט זעלנער, אַ צונויפמישעניש פון פּאָליאַקן פון ווייטע פאַרוואָרפענע ערטער; כלערליי נפשות אין פאַרשיידענע גרויסן, אַפּעטיטן, תאוות, באַגערן; פּנימער און אויגן — טעמפּע, נאַיִווע, כיטרע, בייזע, פאַרביסענע, מערדערישע, גוטמוטיקע און צווישן זיי האָט זיך געפּלאָנטערט אַ קליין הייפל יידן, וואָס האָבן מיט די בליקן באַלד אין דער ערשטער שעה זיך דערקענט, געזוכט אַ שטיקל שוץ איינער ביים אַנדערן אין דעם קנויל פון פּנימער, אויגן, רויען סאָלדאַטסקן לשון און וויסטער פּרעמדקייט.

מיין שכן האָט זעלטן גערעדט בלויז געבורטשעט און איז אַלע מאָל געווען טויט־הונגעריק. ער האָט מיט זיין שנאָבל־מויל געקענט פאַרצערן אַ גאַנץ ברויט אין עטלעכע מינוטן. איז זיין מאָגן געווען אָנגעשטאָפּט, האָט דאָס פּנים זיינס געפלאַמט, די נאָז און די ליפּן האָבן געשנאָרכט מיט זאַטקייט און צופרידנקייט. קוים איז דער מאָגן זיינער נישט געווען פול, האָט ער געבורטשעט, געשאָלטן, באַפאַלן וועמען, אַרויסגעריסן פון יענעמס הענט דאָס שיסעלע זופּ אַפילו פאַרן פּריז פון געזונטע, טרוקענע קלעפּ, וואָס זיינען געפאַלן איבער זיין לייב און לעבן.

ער איז פון מיר נישט אָפּגעטראָטן, מחמת ער האָט דערשמעקט, אַז איך באַקום פון צייט צו צייט אַ פּעקעל שפּייז פון דער היים. דריי פערטל פון די שפּייז האָט ער פאַרצערט און דאָס וואָס איז געבליבן פאַר מיר האָט אים נישט געלאָזט רוען, פלעגט ער ביינאַכט אויפברעכן דאָס קעסטל, אָדער געוואַשן פאַר מיר דאָס זעלבערישע קעסעלע מיט די גאָפּל, מעסער און אַזוי אַרום אַלץ אַריינגעקראָגן פאַר זיין מאָגן. געווען טעג ווען מיין קעסטל איז געווען ליידיק, דאָס פּעקל מיטן שפּייז איז נישט געקומען, האָט ער געקוקט אויף מיר מיט אַזעלכע טרויעריקע אויגן, דעם מויל־שנאָבל אַרויסגערוקט, ווי אָט פּלאַצט ער אויס אין אַ געוויין.

אין די פאַרטאָגנס, ווען מען האָט אַראָפּגעטריבן פון די געלעגערס, האָט ער שוין געניִשטערט מיט די אויגן, געקוקט אויף מיר מיט געבעט, וואָס דער טאָג וועט היינט ברענגען. ער האָט זיך איבערגעצלמט מיט פיר שטעך פון זיינע פינגער איבער דער ברוסט, אויסגעזונגען מיט אַלעמען גלייך דאָס פרי־מאָרגן געבעט צו יעזוסן. די ייִדישע זעלנער זיינען געווען פריי פון דעם, האָט מיין שכן געדרונגען, אַז איך בין אַן אויסדערוויילטער, אין מיין קעסטל גע־שעען ניסים, איך דאַרף אַפילו נישט בעטן גאָט.

מיר האָבן צווישן זיך נישט געקענט ריידן קיין דריי ווערטער. ער האָט נישט געוווסט וואָס איז קלאַנג, רייד, וואָס איז מענטש, ווער ער אַליין איז. נישט בלויז זיינען מיר געווען שכנים אין דער קאַזאַרמע, נאָר אַפילו ביים שפּאַנען יעדן טאָג צענדליקער מייל צו די איבונגס־פעלדער, זיינען מיר גע־גאַנגען אָרעם ביי אָרעם. מיר זיינען געווען פון די נידעריק־געוווקסיקע און פון די לעצטע אין די לאַנגע רייען. דאָס אומגעלומפּערטקייט זיינס האָט אויפ־געריסן יעדנס אויגן און יעדער האָט זיך איבער אים צעבריקעוועט. די איינ־בענדלדיקע און די צוויי־בענדלדיקע האָבן אין אים געהאַט דעם שעיר־לעזאזל און אין איין וועגס מיך אויך שוין נישט פאַרזען צום בייזן.

און איין מאָל אין אַ זומער־טאָג איז עס געווען, אונדזער באַטאַליאָן האָט מאַרשירט איבער די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט אין אַ צוגרייטונג פאַר אַ

מאַרגענדיקן פאַראַד, וואָס מיר האָבן געזאָלט אָפּשפּילן פאַרן „האָנאָר" פון אַ גרויסן פּוילישן גענעראַל. שוין עטלעכע טעג האָט מען אונדז געבּרענט און געבּראָטן מיר זאָלן „האַלטן די טריט", גיין מיט ריטמיש־אויסגעמאָסטענע, האַרמאָנישע טריט. קלאַנג און טראָט, די פיס אין ענגן געפלעכט, אָבער גענוג שטח צווישן זיי אָפּגעטיילט, געמאָסטן אויף דער דינקייט פון אַ האָר.

די טריט האָבן געהילכט איבער דעם שטיינערנעם ברוק. די בליקן פון די בענדלדיקע האָבן געשפּיזט איבער אונדזערע פיס, מען האָט געוווּסט, אַז עס וועט זיין ווי און ווינד, אויב די פיס זאָלן נישט אויספאָלגן, וואָס מען פאַרלאַנגט פון זיי. אָפיצירן זיינען געזעסן אָנגעבלאָזענע, שטייפע, אָנגעגאָסענע מיט גאווה פון פוילישן „האָנאָר" אויף אויסגעפּאַשעטע, געזונטע פערד און מיט די בליקן באַגלייט אונדזער הילכיקן מאַרש. די פערד האָבן געוואָרפן מיט די ווידלען, געהירזשעט, געזעצט מיט די פיס איבער די שטיינער, אַזש פונקען פייער האָבן געשפּריצט. אויף איינעם אַ פערד איז געזעסן אַן איינגעשמידטער אינעם זאָטל — דער פּאָלקאָווניק. ער האָט געהאַט בלויז איין האַנט, די צווייטע פאַרלוירן אין מלחמה און דער ליידיקער אַרבל האָט אַן אָנגעצויגענער געשטעקט אינעם פּאַסיק פון מונדיר. מיט דער איינער האַנט האָט ער געהאַלטן דאָס ציימל פון פערד און אויך אַ לעדערנעם רוט. ער האָט מיט שאַרפע, טויט־ערנסטע בליקן געקוקט אויף די פיס פון די מאַרשירנדיקע זעלנער, נישט דורכגעלאָזט קיין טראָט. זיין שוועד באַמונ־דירטער קערפּער איז געווען אַזוי אָנגעצויגן, פּשוט געווען צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם טויזנטקעפּיקן קערפּער, וואָס באַוועגט זיך אין ריטם, געבּראַזג און איז אויסגעשמידט אין איין שטיק. זיין גאַנץ אַלץ־מיט־אַנאַנדער פון אַ פּוי־לישן פּאָלקאָווניק איז איצטער געשטאַנען אין קאָן, אויב זיין פּולק וועט מאָרגן פאַראַדירן מיט הילכעריי, ריטם, געבּראַזג און וועט נושא־חן זיין אינעם גע־נעראַלס אויגן וועט זיין גוט, אויב נישט... און דאָ קוקט ער און עס ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן: איינער פון די זעלנער אין דער הינטערשטער רייע שלעפּט די פיס ווי אַ העלפאַנט, פּאַסן גאָרנישט אַריין אין דעם ריטמישן גאַנג. פון יענעמס פיס־טראָט ביז דעם זעלנער נעבן אים זעט זיך אַ שטיקל פּוס אַרויסגערוקט ווי אַ פינגער די דיק. דער פּאָלקאָווניק האָט האַסטיק אַ הייב געטאָן זיין רוט, אַן איין־בענדלדיקער האָט אויפגעכאַפּט די דראָענדיקע דינקייט פון דער רוט, צוזאַמען מיט דעם פּאָלקאָווניקס בייזן, פינצטערן בליק, וואָס שפּיזט אויף מיין שכן אין דער רייע.

דער איין־בענדלדיקער האָט געטאָן אַ שפּרונג צו מיין שכן, פאַרמאָסטן זיך מיט אַ פויסט־זעץ איבער דער פּלייצע און אַ ריס ביים אַרבל. ביי מיין שכן האָט גראָד אינעם מאָגן געשפּילט אַ וויסטער הונגער אויף אַלע טענער

— און דער זעץ איבער אַ לונג איז געקומען אַזוי האַסטיק, אַז ער האָט זיך אין איין רגע נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, אַרויסגעלאָזט די ביקס פון האַנט, געמאַכט אַ שווערן טראָט און געפאַלן מיט אַ קני איבערן הוילן שטיין.

מען האָט מיין שכן דעם זעלנער אַרויסגעשלעפּט פון דער רייע. פאַר דעם פאַראַד צומאָרגנס איז ער געוואָרן אויסגעשטראָכן. מען האָט אים אַריינגעלייגט אין דעם קראַנקן־הויז פון דער קאַזאַרמע. איך האָב אים די ערשטע טעג געבראַכט עסן אינעם קראַנקן־הויז אַריין. איין פוס איז ביי אים געווען אָנגעשוואָלן ווי אַ באַרג ממש, דאָס פּנים האָט ביי אים געפלאַמט פון הויכן פיבער, אָבער ער האָט גיריק אַרויסגעכאַפּט זיין פּאַרציע שפּייז פון מיינע הענט.

שפּעטער האָט מען אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין. זיין בעטל אין דער קאַזאַרמע האָט פאַרנומען אַן אַנדער גוי, וואָס האָט מיר באַלד דעם ערשטן טאָג געלאָזט וויסן, אַז ער איז אַ פּאָליאַק — אַ פריץ און איך בין בלויז אַ פאַרשיווער... ייִד, זאָל איך זיך דעריבער נישט שאָקלען איבערן געלעגער, נישט „מאַדליען" זיך און נישט וואַגן אים צו שטערן אין שלאָפן...

* * *

חדשים לאַנגע האָב איך פון מיין פריערדיקן קאַזאַרמע־שכן נישט געהערט. עס איז געווען דער לעצטער ווינטער פון מיין צוויי יאָר מיליטער־דינסט אין דער פוילישער אַרמיי. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזער באַטאַליאָן, צוזאַמען מיט אַנדערע, פאָרן אָפּ אין גיכן ערגעץ אויף מאַנעווורעס, ווינטער מאַנעווורעס, ווו די זעלנער שיסן מיט אמתע קוילן. עס דויערט עטלעכע וואָכן צייט.

דעם טאָג ווען מיר זיינען אָפּגעפאָרן איז געווען אַ ביטערע קעלט. אין באַן איז געווען קאַלט, טרויעריק. פול מיט מיאוסע רייד, רויע געלעכטערן, ווילדע שפּיצלעך, וואָס איין זעלנער האָט אָפּגעטאָן דעם אַנדערן. מיר איז שוין געווען נמאס דאָס קאַזאַרמע־לעבן מיט די פּאָליאַקן, מיט זייער מיליטער־דינסט. שוין באַלד צוויי יאָר אָפּגעטעמפּט און אָפּגעפרעמדט פון דער דרויסנדיקער וועלט און די צוויי יאָר נעמען גאָרנישט קיין סוף. איך בין געזעסן אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטער מיט דער ביקס אין די הענט, אַ הונגעריקער, נישט דערשלאָפענער. מיר האָבן זיך געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג, פאַרנאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל און פון דאָרט האָט מען געדאַרפט גיין צו פוס עטלעכע מייל ביז צו אַ דאָרף, וואָס ליגט אַרום די פעלדער, ווו די מאַנעווורעס וועלן פאָרקומען.

אַרויסקריכנדיק פון וואַגאָן, האָב איך דערזען ווי צוזאַמען מיט אַנדערע זעלנער קייקלט זיך אַרויס פון אַן אַנדער וואַגאָן איינער, שטעלט אומגעלומפּערטע טריט איבער די טרעפּלעך, פאַלט, הייבט זיך אויף. די אַנדערע זעלנער שטויסן אים מיט די ביקסן אין אַלע זייטן, מען לאַכט פון אים און איבער אים. איך בין צו נעענטער און דערזען מיין אַמאָליקן שכן. די בלוילעכע פאַרנאַכט־ליכט האָט קוים באַלויכטן זיין אויסגערונדיקטן פּנים מיט זיין שנאָבל־מויל. איך האָב אָנגעכאַפּט זיין אָרעם, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַרויסגעברומט: „זשידעק". איך האָב נישט אויפגעכאַפּט צי איז אין דעם וואָרט פאַראַן דער קלאַנג פון אַ פריידיקער באַגעגעניש, צי סתם אַ ברום? איך האָב זיך יאָ דערפרייט מיט אים, עפּעס אַ ווייטע היימישקייט האָט אַ ווייע געטאָן איבער מיר. איך האָב אים גענומען אויספרעגן און פון זיינע ברעקלעך רייד זיך דערוווּסט, אַז ער איז זייער לאַנג געלעגן אין שפּיטאָל, מען האָט אים געזאָלט אַראָפּנעמען דעם פוס מיט דער צעהאַקטער קני, נאָר מען האָט נישט אַראָפּגענומען. ער איז געזונט געוואָרן און מען האָט אים איבערגעשיקט אין אַ קאַזאַרמע אַריין, און איצטער אויף מאַנעווערס, ווו ער וועט שיסן פון אַ ביקס מיט אמתע קוילן.

איצטער האָבן מיר זיך געשלעפּט עטלעכע מייל וועגס אין בלאָטע, שניי דורך אַ וואַלד, נאָך דעם זיינען מיר אַרויסגעקומען אויף אַ פרייען פעלד. ווידער זיך געשלעפּט. עס איז געווען אַ געדיכטע פינצטערניש, הינט האָבן געבילט, מען האָט דערזען צעוואָרפענע פייערלעך, ווייזט אויס פון פענצטער, דערשנאַפּט רויך פון קוימענס. מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ דאָרף.

מען האָט אונדז איינגעקוואַרטירט אין די דאָרפישע כאַטעס. צו עטלעכע זעלנער אין אַן ענגער שטוב, מען האָט צוזאַמענגעשלעפּט בערגער שטרוי. איך בין אַוועקגעפאַלן טויט־מיד. אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה צווישן אַ ווילדן שנאָרכן, שטיקענדיקע ריחות. אויפגעכאַפּט זיך פון געהאַרישע טראָמפּייטשאַלן, וואָס האָבן גערופן און געוועקט די באַטאַליאָנען זעלנער אין די צעוואָרפענע שטיבער. עס איז נאָך געווען פינצטער, מיר האָבן קוים געפונען דאָס אָנטועכץ, געשאָלטן, געזידלט, געקריגט זיך איינער מיטן אַנדערן, געכאַפּט די ביקסן און אַרויס אינעם בלוילעך־פינצטערן פאַרטאָגס.

עס האָט אויפגעבראָכן דער טאָג. מען האָט אונדז מושטירט ווידער און ווידער, געיאָגט איבער פעלדער, געיאָגט צו איבונגען. געהייסן פאַלן און אויפשטיין, באַשטראָפט אַפילו מיט קריכן אויף אַלע פיר אין די בלאָטעס, ווייל דער בענדלדיקער זעט, אַז מיר זיינען פויל צו ביסלעך. מען האָט אַרויסגעיאָגט פון אונדז דאָס ביסל חיות. עס האָט גאָרנישט גענומען קיין סוף. די כוחות האָבן זיך אין מיר געעקט. מען איז אַרויסגעקומען אויף אַ ריזיק אָפּע־

נעם פעלד. אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט גרייכן האָט מען געזען גריבער, בערגער זאַמד, שטיקער שוואַרצלעכן שניי. דער הימל איז געלעגן אַ נידעריקער און ערגעץ זיך באַהעפט מיט דער ערד ביי אַ ליכטיקן ראַנד פון דער וועלט. אין די אָפענע גריבער האָט מען אַריינגעשטעלט זעלנער און זיי געגעבן הילצערנע פיגורן, וואָס שטעלן פאָר: אַ לויפנדיקן זעלנער, אַ פאַ־לנדיקן, אַ שפּרינגענדיקן. די פיגורן זיינען געווען באַמאָלן מיט פאַרשיידענע קאָלירן. ערגעץ ביים פעלד ווייט קעגנאיבער די גריבער זיינען געלעגן זעל־נער מיט געלאָדענטע ביקסן און געצילט שיסנדיק צו די הילצערנע פיגורן, וואָס זיינען דורך פאַרשיידענע טראָמפּייט־סיגנאַלן, אין פאַרשיידענע וואַרי־אירטע טענער, אַרויסגעהויבן געוואָרן פון די לעבעדיקע זעלנער אין די גריבער.

גאַנצע טעג איז אָנגעגאַנגען אַ ווילד שיסעריי צו די פיגורן אין די גריבער, געהאַלטן פון מענטשלעכע הענט. אויך איך האָב שוין געצילט גאַנצע שעהן צו די ווייטע פיגורן, יאָ געטראָפן און נישט געטראָפן. דער אָרעם האָט מיר ווי געטאָן פון די זעץ וואָס די ביקס גיט צוריק ביים אויסשיסן.

מיין געוועזענעם שכן האָב איך שוין עטלעכע טעג נישט געזען און אַפילו אָן אים פאַרגעסן. הונדערטער זעלנער זיינען דאָ געווען אַלע מיט די זעלבע גרויע, טעמפּע פּנימער. די גרויע פעלד קאָליר פרעסט זיך איין אין פּנים פון קעלט, לאַנגווייל, כעס. עס האָט אויסגעזען ווי מיר זיינען אויף אַן אמתן שלאַכט־פעלד און מיר האַלטן מלחמה פאַר אַ טייוולשן שפּיל וועגן, און אָט וועלן מיר זיך שלאָגן גאָר איינער מיטן אַנדערן.

איין מאָל אַ פאַרטאָגס האָט מען אויסגערופן מיין נאָמען. אַן איין־בענדל־דיקער האָט צו מיר געזאָגט:

— היינט איז דיין ריי... וועסט פאַרנעמען אַ גרוב מיט נאָך איינעם. מאַרש!

ער איז געגאַנגען פאָרויס אינעם אָפענעם פעלד. אַ סך זעלנער זיינען געגאַנגען צו די גריבער ווו עס זיינען געלעגן די הילצערנע פיגורן, אָדער מאַנעקינען. עס איז געווען ביטער קאַלט, אַ גאַנצע נאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן מיט אַ שניי. די פיס האָבן געטאָפּטשעט אין אַ בלאָטע. איך האָב גע־שווידערט פון קעלט און היץ. מיר זיינען געגאַנגען אַ שטיק וועגס, ביז ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרוב און געהייסן מיך אַריינקריכן. עס איז געווען טונקל, טריב. באַלד איז אָנגעקומען צום גרוב נאָך אַ זעלנער און גענומען זיך אַריינקייקלען. כ'האָב דערקענט מיין קאַזאַרמע־שכן. באַשערט ווידער צו זיין צוזאַמען — האָב איך געטראַכט. ער האָט זיך נישט באַגריסט, בלויז אַ וואָרטשע געטאָן. דער איין־בענדלדיקער האָט אונדז איבערגעגעבן די כּללים,

ווי אַזוי אַרויסצוהויבן די פיגורן, לויט וועלכע סיגנאַלן פון דער שאַלענדיקער טראָמפּייט דאַרף אַרויסגעהויבן ווערן דער פאַלנדיקער, דער שפּרינגענדיקער...

— דריי שעה וועט איר דאָ זיין, נאָך דעם וועט אַן אַנדערע גרופּע אייך בייטן. ווען איר וועט הערן דעם סיגנאַל (דערביי האָט ער מיט די ליפּן עפּעס אויסגעפּייפט) דעמאָלט קענט איר זיך אויפשטעלן אין גרוב און זיך דער־וואַרעמען מיטן קלאַפּן די הענט איינע אין דער אַנדערער... פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען — האָב איך געענטפערט.

מיין שכן האָט בלויז אַ בורטשע געטאָן.

דער גרוב איז געווען האַלב מיט שניי־וואַסער. די הענט זיינען מיר שוין געפרוירן, נאָך איידער מען האָט נאָך דאָרטן אָנגעהויבן שיסן. איך האָב נישט געפילט די פיס פון גרויס קעלט. און דאָ וועט מען דאַרפן ליגן דריי שעה צייט. איך האָב געשעפּטשעט: בידך אפקיד רוחי. מיין שכן האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן ביים אַרבל מיט פאַרכלינענדיקע רייד:

— האָסט ברויט?

— איך האָב נישט קיין ברויט.

ער האָט אַרויסגעלאָזט פון זיין שנאָבל־מויל עפּעס אַ וויסטע קללה.

באַלד האָט זיך געהערט אַ זילבערן שאַלן פון אַ טראָמפּייט, וואָס האָט געשניטן די פרימאָרגן־לופט. דאָס איז געווען דער ערשטער רוף פאַר דער שיסעריי, וואָס הייבט זיך אָן. נאָך דעם ווידער אַ קורצער טראָמפּייטן־רוף. מיר האָבן אַרויסגעהויבן איבער אונדזערע קעפּ צוויי פיגורן, עס האָט זיך געהערט דאָס סוויסטשעריי פון די קוילן, אַ שטיק פייער אין דעם קאָפּ פון לויפנדיקן זעלנער, נאָך אַ שטיק פייער און אַ לעכל אינעם קאָפּ. נאָך דעם אַן אַנדערער טראָמפּייטן־סיגנאַל און ווידער האָבן מיר געכאַפּט צוויי פיגורן און אַרויס־געהויבן.

אַזוי איז אַנגעגאַנגען אָן אויפהער. די הענט זיינען מיר געווען געשטאַרט. אין די פּלייצעס האָט געשטאָכן. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין שכן. ביי אים איז עס געווען אַ שפּיל און ער האָט דאָס שפּיל מיט זיין טעמפּן קאָפּ גוט באַנומען. דאָס פּנים איז ביי אים געווען רויט, די נאָז און דער מויל־שנאָבל אַרויסגעסטאַרטשעט.

שוין איבער אַ שעה. פּלוצלינג האָט מען געהערט דעם סיגנאַל פון אי־בעררייסן. עס איז אַ גאַמע פון עטלעכע קורצע טענדלעך. מיר האָבן זיך אויפגעשטעלט אין גרוב, גענומען קלאַפּן די אָרעמס איינע אין דער אַנדערער און אַ קאַפּעטשקע זיך דערוואַרעמט. מיין שכן האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האַלט נישט אויס פון הונגער. אין דער היים וואָלט ער איצט געגעסן אַ

הייסע קרויט־זופּ מיט אַ סך קאַרטאָפל, די מאַמע זיינע וואָלט געשניטן שטי־קער ברויט...

דער חלום פון אַ גרויסן מאָלצייט האָט אים אַלץ מער און מער איינגעהילט.

ווידער אַ טראָמפּייטן־שאַל: דאָס שיסעריי הייבט זיך אָן.

עס האָבן זיך געצויגן מינוטן ווי אייביקייטן. איך האָב נישט געקענט אויסהאַלטן פון קעלט, אייז־וואַסער און שטראָמען היץ איבערן לייב. איך האָב מעכאַניש אויפגעהויבן די הילצערנע פיגורן, געזען די פייערן וואָס האָבן אַריינגעזעצט מיט אויפרייס. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ טראָמפּייטן־שאַל אַזוי פאַרבענקט, דער רוף אַזאַ ווייטער, אַ ניגון וואָס ציט, פאַרשלעפּערט. איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז דער סיגנאַל איבערצורייסן די שיסעריי און מען מעג זיך אויפשטעלן אינעם גרוב. איך האָב קיין איינציקע רגע נישט געטראַכט, געגעבן זיך אַ שטעל־אויף. מיין פּנים און מיין אייבערשטער טייל קערפּער האָט זיך אַרויסגעהויבן פונעם גרוב און זיכער האָבן די זעלנער דאָרטן אַ מהלך ווייט, געזען אַ פיגור מיט אַ פּנים און האָבן געצילט. שטיקער פייער האָבן אויפגעריסן פאַר מיינע אויגן, דורכגעפייפט מיינע אויערן מיט אַ סווישטשט און אַ ברי, ווידער אַ פלאַם און אַזאַ דינער גאָלדיקער בליץ פאַר דער סאַמע נאָז... אַ האַנט האָט אַ ריס געטאָן מיין אָרעם מיט אַזאַ כּוח, אַז איך בין אַנידערגעפאַלן אינעם וואַסער מיטן קאָפּ איבער אַ הילצערנער פיגור, פון דעם זעץ בין איך אויפגעקומען. איך האָב געהערט אַ סאָפּען מיט דער נאָז און אָטעם, אַ שטראָם מיט בייזע רייד ווי שטיינער זיינען געפאַלן איבער מיר:

— וואָס האָסטו זיך אויפגעשטעלט?... זונהשע מוטער... דו! מען האָט דאָך נישט געבלאָזן מיטן טראָמפּייט זיך צו דערוואַרעמען! עס זיינען סיגנאַלן פאַר אַ שפּרינגענדיקן זעלנער... נאַרישער זשיד... צעשראָקענער האָז... אַ דונער זאָל דיר דערשלאָגן! דו פאַרשאָלטענע הונטס בלוט!...

איבער מיר איז געלעגן דער קיילעכדיקער קאָפּ פון מיין שכן. זיין אָטעם האָט געפייערט מיט קללות. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז איך האָב געמאַכט אַ טויטלעכן טעות. דאָס האָט די קעלט, די היץ אין לייב, דער קאָפּ וואָס פּלאַצט מיר פאַר ווייטיק, מיין פאַרטעמפּטקייט מיך געבראַכט צו דעם טעות... עס האָט מיר אויסגעדוכט, אַז מען שפּילט דאָרטן אויס דעם סיגנאַל זיך צו דער־וואַרעמען און מיין שכן האָט מיר געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, און אפשר האָט מיך גאָר געראַטעוועט, וואָס אין דער רגע דאָרטן האָבן די זעלנער נישט גוט געצילט... קאַליקעס רופט מען אַזעלכע און נאָך מיאוסע בעמען גיט מען זיי. דער אָפיציר וואָס שטייט איבער זייערע קעפּ מיט אַ פעלד־גלאָז

ביי די אויגן וועט זיי זידלען מיט דער בלאָטע צוגלייך, אַז זיי מאַכן קאַליע גוטע קוילן, אַז זיי זיינען נישט קיין שיסערס, נאָר פּי...

איך האָב נאָר נישט געקענט באַנעמען פון וואַנען האָבן זיך צו מיין שכן גענומען אַזוי פיל רייד און ווערטער אין זיין מויל. בלעמס אייזל צום גוטן...

*****

אין איינער אַ נאַכט האָט מען געהערט אַ שיסעריי נישט ווייט פון די שלאָפנדיקע כאַטעס, דאָ ווו אין די שטיבלעך זיינען געשלאָפן אַ שווערן, האַרטן שלאָף. הונדערטער זעלנער, טויט־מידע, געהרגעטע. אפשר בין איך געווען דער איינציקער וואָס האָט געהערט דאָס שיסעריי ביינאַכט צוזאַמען מיט אַ פאַרשטיקטן געשריי: „אָלאָ באָגאַ״, אפשר האָבן אַנדערע אויך געהערט?

צומאָרגנס האָב איך זיך דערוווסט, אַז אַ זעלנער איז ביי נאַכט דערשאָסן געוואָרן ווען ר׳האָט זיך צוגעגנבעט צו דער פעלד־קיך. די וואָך האָט אים געהייסן שטיין־בלייבן, נאָר ער האָט געוואָלט נעמען שפּייז און אָפּעסן צו דער זעט. אַ קעסל שטייט אין פעלד... דער קעסל איז פול מיט שפּייז, פאַר וואָס וואַרטן, פאַר וואָס נישט אָנשעפּן אַ גרויסן לעפל, אָנשעפּן פולע פויסטן? טאַקע פאַר וואָס נישט?

איך האָב נישט געפרעגט ווער דער דערשאָסענער זעלנער איז. לויט דעם גערעדעכץ איז עס געווען מיין שכן, מען האָט אים גערופן „דער חזיר־שנאָבל״. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער שכן מיינער איז געטריבן געוואָרן פון זיין אייגענעם חלום צו שטילן דעם הונגער מיט אַ גרויסער פּאָרציע שפּייז און ער איז אין זיין חלום נישט דערגאַנגען.

אַ בייזע האַנט האָט נישט דערלאָזט. עס איז דאָך אַלע מאָל דאָ דער גורם. דער שופט מיט די אייזערנע ריטער.

זיין געשטאַלטונג און אויסזען איז מיר גוט געבליבן אין זכרון און כ׳דער־מאָן אים אַלע מאָל צום גוטן...

# די פאַרפּלייצונג

— א —

דער ווינט האָט געבושעוועט, געוואָיעט, אומגעשליידערט קליינע אָליוון־ביימלעך, געריסן די צווייגן פון די ריזיקע סאָסנע־ביימער, אָנגעטראָגן איבער בערג און טאָלן קופּעס טרוקענעם זאַמד, צוזאַמען מיט גרודעס בלעטער וואָס האָבן אינעם שפּעטן האַרבסט געפלאַקערט מיט גאָלד און בורשטין. די הילצערנע שינדל־דעכער פון די הייזער אין די אָרעמע אומבאַשיצטע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט אַוויניאָן, פון די שטעטלעך, אַרל, מאָנטעלימאַר, וואַלאַנס, קאַרפּאַנטיאַס און פון די דערפער אַרום, וואָס ליגן צופוסנס פון דעם טייך רהאָן, זיינען אַראָפּגעטראָגן געוואָרן מיט אַ פייפעריי און שווינדלדיקן פלי.

אַזוי ווי יעדעס יאָר אין דער צייט פונעם שפּעטן האַרבסט האָט היי־יאָר דער ווינט געבושעוועט מיט בייזקייט איבער דער גאַנצער פּראָוואַנס־געגנט שוין עטלעכע טעג אָן אויפהער. די וואַסערן פונעם טייך רהאָן, וואָס טראָגן זיך מיט אימפּעט דורך בערג און טאָלן, שטעט און דערפער און גיסן זיך אַריין אינעם מיטללענדישן ים, האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די ברעגעס, פאַרפּלייצט שטיקער פלאַך־לאַנד, אַראָפּגעשווענקט גאַנצע דערפער און אָנגעשפּאַרט צום לינקן טייל פונעם יידישן קוואַרטאַל — די געטאָ פון דער שטאָט אַוויניאָן.

דער טאָג האָט זיך אַרויסגעשיילט פון דער טיפער נאַכט, אויפגעבראָכן מיט אַ גרוילעכער בלויקייט. די גלאָקן פון די קלויסטערס האָבן זיך געוויגט פאַמעלעך, שווער און מיט טיפע האַמערדיקע קלאַנגען געוועקט די גלויביקע לייט צו דער פרימאָרגן־תפילה. אין די שמאָלע, בערגלדיקע גאַסן אַרומגעצוימטע מיט שטיינערנע מויערן, ווי פעסטונגען, אין די ענגע דורכגאַנגען, האָט שוין געשווימלט מיט גלחים, מאָנאַכן, נזירים, וואָס האָבן זיך געאיילט אין די קלויסטערס און מאָנאַסטירן אַריין. ביי דעם גלח האָט דער ווינט געריסן די פּאָלעס פון זיין ברייטן שוואַרצן מאַנטל, ביי דעם האָט די זוים פונעם אָפּגענוצטן נזיר־קלייד זיך געהויבן אינעם ווינט און ביי דעם מאָנאַך האָט דער

לייוונטענער צודעק איבער קאָפּ זיך אויפגעבלאָזן אַ פּלי צו טאָן. אַלע האָבן זיי גייענדיק, פרום געהויבן די קעפּ צו דעם ריזיקן שטיינערנעם פּאַלאַץ אויף דער משופּעדיקער הויך איבער דער שטאָט, און ווי יעדן פרימאָרגן האָבן זייערע בליקן זיך איינגעשפּיזט דורך דער בלויער דורכזיכטיקייט אין דעם זיץ־אָרט פונעם הייליקן פּאָטער זייערן, — דעם פּויפּסט.

דאָרט אין דער הויך ביי די טויערן פון פּאַלאַץ, האָבן עטלעכע פּויפּסטלעכע באַדינער אָנגעזאָגט מיט אַ שאַלונג דורך זילבערנע פּאַנפּאַרן דעם געבורט פון טאָג און אָפּגעגעבן אַ לויב דעם דערלייזער קריסטוס מיט אַ בענטשונג אויף אַלע אייביקייטן.

אין דער געטאָ פון דער שטאָט אַוויניאָן האָבן די ייִדישע נאַכט־שומרים און טויער־היטער געבלאָזן אין פּאַסטעך־האָרנס, אין שופרות און אָנגעזאָגט דער ייִדישער באַפעלקערונג צווישן די איינגעשלאָסענע מויערן, וועגן די וואַסערן וואָס רייסן זיך אַרויס פון די ברעגעס פון טייך און ועלן נאָך חס־וחלילה אונטערשווענקען די הייזער, וואָס שטייען נאָענט צום טייך און די קעלערן פון די הייזער, וואָס שטייען איבער דער משופּע וועלן באַגאָסן ווערן. דאָס אומהיימלעכע בלאָזן פון די פּאַסטעך־־האָרנס און די שופרות, האָט געמאַכט אויפציטערן קינד און קייט. עס איז געווען די וויסטע בשורה פון אַ סכנה, וואָס קומט יעדעס מאָל אין אַן אַנדער געשטאַלט: אַ שריפה, אַ מגיפה, אַ פאַרפלייצונג, אָדער גאָר אַ ביטערע גזירה פון הייליקן פּויפּסטלעכן זיץ־אָרט אין דער פּאַלאַץ־הויכקייט.

די געטאָ איז שוין געווען וואַך, אויפגעריסן פון מידן שלאָף.

צווישן די צוזאַמענגעדריקטע הייזער, געבויט פון פעלדזן־שטיינער אין דער הויך, גאָרן איבער גאָרן, איז שוין אָנגעגאַנגען אַ קאָכיק גערודער. עס זיינען שוין אַרומגעלאָפן אין די ענגע שמאָלע געסלעך דער שניידער, דער שוסטער, דער חלפן, דער שערער, דער שמש, דער פעסל־מאַכער, אין זייערע אויגן איז געלעגן — שרעק און אומרו; אויף די פּנימער — טרויער, פאַרביסנקייט און ווילן אָפּצושלאָגן די סכנה. אין די קליינע פאַרקראַטעטע פענצטערלעך האָבן זיך געטוליעט צעשויבערטע קעפּ פון ווייבער און קינדער, מיט שלאָף אין די אויגן, מיט ציטערניש אויף די ליפּן. די אייזערנע טירן פון די הייזער האָבן זיך געעפנט אומעטום און עס האָבן זיך אַרויסגעשטופּט ייִדן מיט אויפגעשפּיצטע היט אויף די קעפּ, מיט דריי־פּערטלדיקע רעק אויף די לייבער, איינער האָט זיך געדרעגנגט אינעם אַנדערן מיט רייד, געבעט און געוואָרט אויף אַ טרייסט־וואָרט.

קלונימיס אלורקי דער וויין־סוחר האָט פאַרבראָכן די הענט:

—אַ פאַרפלייצונג, דער רהאָן האָט זיך צעבייזערט! מיין גאַנץ האָב־און־

גוטס, עטלעכע פעסער ווײַן שטייען אין קעלער, ייִדן האָט רחמנות!
שמואל עליאָני דער פעל־שאָבער, איז אַן אומרויִקער געלאָפן פון איין הויז צום אַנדערן, זײַן קול האָט זיך געבראָכן:
— מײַנע לעדערס, מײַנע רויע פעלן ליגן אין קעלער, דאָס וואַסער וועט פון זיי מאַכן אַ תל, וואָס שטייט מען? לאָמיר זיך ראַטעווען! עס איז דאָך באו מים עד נפש!
זבולון דער בלעכער האָט אַראָפּגערוקט האַסטיק זײַן שפּיציקן הוט אײַ־בערן קאַרק און געשריגן:
— לאָמיר אַרויסשלעפּן פון די הייזער זעק, ברעטער, שטיקער האָלץ, בלעכן, פאַרוואַרפן מיט זאַמד! אפשר וועט דאָס וואַסער נישט גרייכן צו אונ־דזערע הייזער!
— דאָס טויער איז שוין אָפן! — האָט ווער פון די ייִדן אַ געשריי געטאָן
— די שומרים לאָזן שוין אַרויס אין שטאָט אַריין! די גלאָקן פון דער קירכע פון הייליקן דאַלמאַס דעם שווייגנדיקן, האָבן שוין אויפגעהערט צו קלינגען. עס איז די צייט צו גיין אין שטאָט אַריין!
עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צאָרנדיקע אויסרופן:
— ווער וועט הײַנט וואַגן אַרויסצוגיין פון די געטאָ מויערן אין שטאָט אַריין? קיינער טאָר הײַנט נישט אַרויסגיין! נישט די וואָס זיצן אין די רייכע שטיינערנע הייזער און נישט די וואָס זיצן איבערן משופּע־אָפּשיט. דער נידע־ריקער טייל איז אין סכנה אונטערגעשווענקט צו ווערן! קיינער זאָל הײַנט נישט אַרויסגיין האַנדלען, נישט טאָן מלאכות, נישט געלט טוישן. אַלע מוזן העלפן די געליטענע, מען מוז דאָס וואַסער צוימען!
— אַ חרם דאַרף מען אויסרופן אויף די וואָס וועלן וואַגן אַרויסצוגיין אין שטאָט און נישט העלפן ראַטעווען דאָרט ווו דאָס וואַסער דערגרייכט שוין און פאַרשווענקט דאָס ביסל האָב־און־גוטס!

— ב —

ביים טויער פון דער געטאָ ווו עס איז דער אַרײַנגאַנג און אַרויסגאַנג צו דער שטאָט, זײַנען שוין אין דעם פּרימאָרגן געשטאַנען צוויי שומרים פון פּויפּסטלעכן זיך־אָרט. זיי זײַנען געווען געקליידעט אין קורצע סאַמעטענע הויזן, מיט וואָלענע רעק אויף די פּלייצעס, און אויף די קעפּ — קיילעכדיקע היט. אין די הענט האָט יעדער פון זיי געהאַלטן אַ דיקן שטעקן. זיי האָבן אַרײַנגע־קוקט אין די ענגע טונקעלע געסלעך פון דער געטאָ, האָבן געזען די אומרויִ־קייט, די שרעק, וואָס איז באַפאַלן די ייִדן, ווי זיי לויפן איינער איבערן אַנדערן,

אין די הענט האַלטן זיי אַלץ, וואָס עס פאַלט נאָר אַריין: געהילץ, כלים, זיי לויפן אַראָפּ צום טייך, מיט בהלה.

עס איז זיי געווען לאַנגווייליק די שומרים היינט פרי. קיין איין ייִד איז נישט צוגעקומען צום טויער אַרויסצוגיין אין שטאָט האַנדלען, טוישן געלט, אָפּקויפן אַלטוואַרג. אַלע פרימאָרגנס פון אַ גאַנצער וואָך טוען זיי דאָס. אין די גרוילעך־בלויע פרימאָרגנס שטייען זיי שוין ביים טויער און שטופּן זיך צו זיין פון די ערשטע. זיי פּילדערן, שרייען און ווילן אַרויסרייסן אַ פּאַרדינסטל פריִער פון אַנדערן. אַ גאַנצע וואָך אַחוץ אין די שבתים און אין די זונטיקן רייסן זיי זיך אַרויס מיט זעק אויף די פּלייצעס, מיט אָנגעהאַנגענע בייטלען אויף די לענדן, מיט שניידערשע כלים, בלעכער־מכשירים און אַנדערע האַנט־ווערקער זאַכן און פאַרשפּרייטן זיך נאָך דעם איבער דער גרויס פון דער שטאָט, מיט בעטנדיקע אויגן, מיט הכנעה און טייל אויך מיט אויפגעהוי־בענע קעפּ.

די שומרים האָבן זיך געריבן די הענט צוליב דער קעלט און גערעדט:

— די דוקאַטן זייערע, דאָס גאָלד און זילבער, וואָס זיי האַלטן באַגראָבן אין טעפּ אין די קעלערן, וועט איצטער פאַרפּלייצט ווערן און זיך אַריינגיסן אינעם רהאָן — האָט איינער געלאַכט — דאָס וואַסער וועט איינשלונגען גאָלד, פּערל, איידל־שטיינער.

— און די זיידנס, די בראָקאַטן, די סאַמעטיק־געשטיקטע קליידער, וואָס זיי קויפן איין ביי די פראַנצויזישע שררות, וועלן אונטערגעשווענקט ווערן — האָט דער צווייטער אונטערגעכאַפּט מיט אַ געלעכטערל — זע ווי זיי לויפן מיט צעפּעכערטע בערד, פאַררוקטע היטן, ווילדע באַוועגונגען מיט די הענט, ווי זיי זיינען אייניק צווישן זיך. אַזוי רייסן זיי זיך אַרום ביי די נעזער אַ גאַנץ יאָר. און היינט, זע, איינער שטעלט איין דאָס לעבן פאַרן אַנדערן, אַפילו די וואָס עס דראָט נישט די פאַרפּלייצונג לויפן אויך אַראָפּ צום טייך!

— קיין איינער פון זיי איז דאָך היינט נישט אַרויס אין שטאָט, און עס איז מיטוואָך, דער בעסטער טאָג פון דער וואָך. אַ קעלט און אַ ווינט, שוין לאַנג אַזאַ שטורעם נישט געווען.

— אויך די מיידלעך לויפן פון די הייזער. די באַקן פון זייערע פּנימלעך זיינען רויט און גלאַנציק, די אויגן ביי זיי ווי ביי צעשראָקענע הירשן, זע נאָר די פולע לייבער זייערע, זיי זיינען נאָך אויסגעוואַרעמט פון ביינאַכטיקן שלאָף, כי־כי־כי!

זייער שמועס איז פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן. זיי האָבן דערזען אָנ־קומען דעם מאָנאַך, דעם קאַרליק פראַנסואַ גראַנדאַני, הינטער אים צווי שומ־רים מיט שטעקנס אין די הענט. די צוויי טויער־היטער, האָבן זיך אויסגע־

גלייכט, שנעל צורעכט געמאַכט אויף זיך די מלבושים און געווען גרייט צו באַגריסן די אָנקומענדיקע.

דער קאַרליק מאַנאַך, פראַנסואַ גראַנדאַני, איז צוגעקומען צום טויער פון געטאָ. ער איז געווען געהילט אין אַ שוואַרצן כאַלאַט, אויף די פיס האָט ער געטראָגן אָפענע סאַנדאַלן. דער כאַלאַט איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קיילעכדיק מיצל. אַלץ אין זיין פּנים איז געווען אויסגעלאָשן פון ערדישע תאוות, בלויז די אויגן האָבן ביי אים געברענט מיט אַ גליאיקן פייער. ער איז געווען דער אָפיציעלער שליח פון די קאַרדינאַלן צו די ייִדן אין די איינגעשלאָסענע מויערן פון דער געטאָ.

איצטער איז דאָס פּנים געווען ביי אים מוראדיק פינצטער און איינגעשרומפּן. ער האָט מיט זיין געוווקס דעגרייכט צום אונטערשטן טייל קערפּער פון די באַגלייטער זיינע. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיט זיין גרויסן קאָפּ צו די צוויי פּויפּסלעכע טויער־היטער און מיט שנעלע טריט אַריינגעשפּרייזט אינעם אָפּגעשלאָסענעם שטח פון דער געטאָ. דער ווינט האָט געריסן די פּאָלעס פון זיין כאַלאַט, ווי שוואַרצע פליגל פון אַ ראָב, וואָלטן זיך געהויבן אין דער לופט, מיט זיין ביינערדיקער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דאָס מיצל אויפן קאָפּ.

— ג —

אינעם גרויסן שטיינערנעם הויז נעבן דער שול אינעם רעכטן פליגל פון דער געטאָ, האָט געוווינט דער חלפן זרח אַלגאַזאַלי. ער האָט זיך פאַרנומען מיט טוישן מטבעות פון פאַרשיידענע לענדער מיט באָרגן געלט אויף פּראָצענט און מיט שרייבן אַ חיבור וועגן ריינקייט און היגיענע. דאָס גרויסע הויז, ווו ער האָט געוווינט, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע משפחות, האָט געהערט צו אים, זיין דירה האָט ער באַוווינט איינער אַליין. ער איז געווען אַ פעסט־געבויטער מאַנספּערשוין, אַ ייִד אַ גבר, זיין פּנים איז געווען איינגערעמט אין אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן בלוי. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טרויער, וואָס האָט געמאַכט אויפשוידערן. זינט זיין שיינע ווייב לאה פון קאַרפּאַנטראַס איז אים יונגערהייט אָפּגעשטאָרבן, האָט ער זיך אין גאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און געשטאָרבן איז זי בשעת אַ מגיפה אין דער געטאָ. זי איז געווען איך גאַנצן אינעם עלטער פון איין און צוואַנציק יאָר, ווען זי איז אַוועק פון דער וועלט און פון דעמאָלט אָן נעמט ער נישט אָן קיין טרייסט פון קיינעם. ער זיצט אויף גאַנצע נעכט איבער זיין חיבור און באַשרייבט ווייסע בלעטער פּאַפּיר מיט טינט פון אַ געענדזענער פּען.

זרח אַלגאַזאַלי איז געווען איינער פון די פּופּצן פּרנסים פון דער שטאָט

אַוויניאָן וואָס האָבן געהאַט די השגחה איבערן יידישן לעבן אין דער געטאָ. די פּרנסים זיינען זיך אָפּט צונויפגעפאָרן אויף באַראַטונגען אין די שטעט־לעך נעבן אַוויניאָן, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען באַלייגט מיט שולן און בתי מדרשים. אויף די ירידים האָבן די פּרנסים אויסגעאַרבעט די תקנות פאַרן יידישן לעבן אין די שטעט אַרל, אַוויניאָן, קאַרפּאַנטראַס, וואַלאַנס און געוווינט האָבן די יידן אין די געטאָס פון די שטעט, צוליבן חסד פון דעם פּויפּסט פון אַוויניאָן, ווייל זיי האָבן איינגעצאָלט אין זיין שאַך־קאַמער קאָפּ־שטייער אויס־לייז־געלט פאַר זייערע נפשות.

דער פאָטער פון זרח אַלגאַזאַלי וואָס איז אויך געשטאָרבן בשעת דער מגיפה, האָט זיין זון איבערגעלאָזט אַ שטיקל פאַרמעגן און נאָך ביים לעבן האָט דער זון איבערגענומען פון פאָטער די קונסט פון חלפנות, מינץ וועקס־לעריי און באַנק־טראַנזאַקציעס.

אין יענער נאַכט, ווען די וואַסערן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם טייך רהאָן און געדראָט צו פאַרפלייצן דעם נידעריקן טייל פון דעם לינקן ברעג פון דער שטאָט, ווו די יידישע אָרעמקייט איז איינגענעסטיקט, איז דער שלאָף פאַרוואָגלט געוואָרן פון זרח אַלגאַזאַליס אויגן. ער האָט געפּרוווט בלאָנדזשען מיט זיין פּען איבער דעם פּאַפּיר, עפּעס שרייבן און עס איז נישט געגאַנגען. ער איז געזעסן ביים טיש, וואָס איז געווען באַלייגט מיט פאַרמעטן — מגילות געשריבענע אין פאַרשיידענע לשונות און נישט געקענט צוזאַמענעמען דעם געדאַנק, אויפפלאַנטערן דעם קנויל אין מוח.

ער האָט גריילעך געוווסט אַז עס רוקט אָן אויף אים אַ גרויסע צרה. דער קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ, די רעכטע האַנט פון פּויפּסט קלעמענט, שאַרפט זיך די ציינער אויף אים, זרח אַלגאַזאַלין. דער קאַרדינאַל האָט דערשמעקט דורך הינטער־וועגן און דורך מסירות, וואָס זיינען צו אים דערגאַנגען, אַז ער זרח אַלגאַזאַלי זאַמלט אַ פאַרמעגן, כדי אויפצובויען אַ שפּיטאָל אין דער געטאָ פאַר קראַנקע, און אַט שוין די טעג דאַרף דאָך טאַקע געשיקט ווערן פון די פּרנסים אין אַוויניאָן אַ פּעטיציע צום פּויפּסט מיט אַ טיפער בקשה, אַז מען זאָל נישט אָפּזאָגן דעם פאַרלאַנג, פון בויען אַ קראַנקן־הויז אין דער געדיכט־קייט פון דער געטאָ, וואָס איז אַזוי נייטיק, ווי אַן אויג אין קאָפּ. דער קאַרדינאַל האָט זיך דערוווסט, אַז ער זרח אַלגאַזאַלי האָט באַגראָבן גאָלדענע דוקאַטן ערגעץ אין דער טיפקייט פון דעם געוועלבטן קעלער פון הויז פאַר דעם צוועק, און דער קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ איז נישט קיין פריינט פון יידן, אַפילו נישט קיין פריינט פון מענטשן, לעבט ווי אַ נזיר, ווייל נישט הנאה האָבן פון די תענוגי עולם הזה, ווי די אַנדערע קאַרדינאַלן, וואָס זיינען פאַרטאָן אין אַלע ערדישע תאוות, מאַכן הוליאַנקעס פראַנק און פריי, פאַרן אין אַנדערע שטעט

אַריין, טרייבן זנות, שיכרות, גייען אויף יאַגד, פאָרן אין באַגילדעטע קאָטשן, וווינען אין פּאַלאַצן, באַרגן געלט ביי ייִדן, גיבן אָפּ אין צייט אָדער גיבן אין גאַנצן נישט אָפּ, פאַרגיטיקן זיי דערפאַר מיט אַ טובה פאַרן ייִדישן כלל, אָבער ער דער נזיר דזשאַקאַנאָ מאַדעגאַ...

די פּען איז אַרויסגעפאַלן פון זרח אַלגאַזאַליס האַנט. דער קאָפּ האָט זיך אים אַראָפּגעלאָזט איבער דער ברוסט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך איינגעהערט אינעם וואָיען און פייפן פונעם ווינט, וואָס טראָגט זיך פון די ווייטע פעלדער אין פּראָוואַנס, פון דעם גרויסן זינגעוודיקן טייך רהאָן.

עס איז אים געווען טרויעריק אינעם געמיט, טרויעריק אין גאַנצן לייב. וועט ער דערגרייכן דעם ציל? וועט ער קענען פאַרענדיקן דעם חיבור, וואָס די אידייען פאַר דעם האָט געלייגט דער רמב״ם און אויך דער דאָקטער גרשון בן חזקיה, דער משורר און אַסטראָנאָם פון אַוויניאָן? זרח האָט זיך אָנגעלייענט מיט אַזוי פיל פאַרמעטן וועגן מעדיצין, ריינקייט פון מענטשלעכן לייב, אַז די אידייע האָט זיך אים פאַרשפּרייט אינעם מוח און האַרץ, מער נישט אָפּגע־לאָזט. און ווער וועט זיך צו אים צוהערן? ווער וועט אויספאָלגן, וואָס ער שרייבט אין די נעכט, זינט זיין קרוין פון קאָפּ איז געוואָרן אַראָפּגענומען, זיין ווייב לאה, וואָס איז אים אָפּגעשטאָרבן? דאָס געלט זאַמלט ער דאָך פאַר אַ קראַנקן־הויז. אפשר וועט מען קענען לינדערן די קראַנקייטן פון די ייִדן אין געטאָ? די שטערבלעכקייט דערגרייכט דאָך צו אַ מוראדיקער צאָל. עס איז נאָך גוט וואָס ייִדן מערן זיך און פּרוכפּערן זיך, שטייען אויס אַלע צרות און האַלטן זיך, נישט אַוועקגעטראָגן צו ווערן, ווי דער זאַמד אינעם ווינט, ווי די בלעטער פון די ביימער אינעם פייף פונעם האַרבסטיקן ווינט.

די נאַכט איז געלעגן שווער און דריקנדיק איבערן פענצטער. דער ווינט האָט מיט זיין וויגנדיקן געוואָי, געוויגט אין זיינע אויערן אַ געשריי פון טרוי־ער, ווי עס וואָלטן געוויינט און געבעטן פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, וואָס שוועבן אַרום אין דער וועלט און האָבן נישט קיין תיקון. פּלוצלינג האָט ער אויפגע־צאַפּלט פון אַ דין געוויין, וואָס האָט זיך כליפּענדיק איבערגעהאַקט, ווי עס וואָלט דעם נפש אויסגעפּעלט אָטעם. דאָס געוויין איז געווען פון אַ קינד, בחמן דעם אייזן־שמידס ייִנגעלע, טאַקע דאָ אינעם הויז. דאָס קינד איז היינט אין דער פרי פאַרשלאָפט געוואָרן פון אַ האַלדז־קראַנקייט און מען קען גאָר נישט העלפן, אין אַ קראַנקן־הויז וואָלטן געווען אינסטרומענטן צו היילן, באַדינער צו העלפן, אַ רופא, אָבער דאָ, אין דער אָרעמער דירה פון שמיד? און דאָס געוויין איז אַזוי דין, האַקט זיך איבער און מישט זיך אויס מיט דעם געשריי פון ווינט...

דער קאָפּ איז אים שווער געפאַלן אויפן טיש פון אַ דערדריקנדיקער מידקייט, געפאַלן איבער די בלעטער פון זיין חיבור. ער איז איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט האָט אים דאָס אומהיימלעכע בלאָזן פון די פּאָסטוך־האָרנס אויף סכנה־אַלאַרעם. ער האָט אויפגעריסן די אויגן, דורך די פענצטער האָט אַריינגעבלויט דער פרימאָרגן. דאָס געוויין פון דעם קינד אין הויז איז שוין געווען איינגעשטומט. די שוואַרצע פליגל פון טויט האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן איבער דער אָרעמער שטוב — האָט אים אַ האַמער געטאָן אין מוח — און איצטער דאָס בלאָזן פון די האָרנס. אַ שריפה, אַ מגיפה, אפשר איז דער קאַרדינאַל דזשאַקאָנאָ מאַדעגאַ אַריין מיט חיילות אין געטאָ, פאַרטרייבן ייִדן, אַזוי גוט ווי מען האָט שוין געטאָן אינעם גאַנצן לאַנד פון צרפת.

ער האָט שנעל אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דעם וואָלענעם ראָק, דעם שפּי־ציקן הוט און אַרויס דורך דער טיר. אינעם הויז האָט ער זיך דערוווסט, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין טעות. דער טויט האָט פאַרהאַקט דאָס דינע גע־וויין פון דעם קינד, נישט די שפּרוכן, נישט די קרייטעכצער, נישט די תפי־לות, נישט די קמיעות האָבן געהאָלפן...

## ד

דער קאַרליק מאָנאַך פראַנסואַ גראַנדאַני האָט געשפּאַנט אַלץ טיפער אין געטאָ. די פאַרצווייפלונג־געשרייען פון די ייִדן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין זיינע אויערן מיט גרויס רחמנות. ער וואָלט זיי גערן געוואָלט העלפן, די אָרעמע ייִדן — האָט דער מוח אונטער דעם שאַרבן געיאָגט די אַנקומענדיקע געדאַנ־גען — יעדעס באַשעפעניש מוז מען העלפן, אָבער זיי זיינען דאָך ייִדן, שונאים פונעם דערלייזער, היינט ווי אַזוי מעג ער, דער נידעריקסטער דינער פון דער־לייזער, פראַנסואַ גראַנדאַני אַפילו טראַכטן פון דעם?

ער איז צוגעקומען צום שטיינערנעם הויז פון חלפן זרח אַלגאַזאַלי.

אַלע טירן פון הויז זיינען געווען אויפגעפּראַלט. פון איין שטוב בלויז האָט ער געהערט אַ געוויין פון אַ פרוי — — דאָס איז געווען די מוטער פון דעם קליינעם געשטאָרבענעם נחמן. דער מאָנאַך האָט געכאַפּט אַ בליק צו דער שול, אפשר וועט ער דאָרט געפינען דעם, וועמען ער זוכט. ער האָט געמאַכט עט־לעכע טריט, געעפנט אַ טיר, אָבער די ליידיקייט פון דעם מקום קדוש האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן מיט עפּעס, וואָס איז ניט צוטריטלעך. עס איז אַ פרעמדע הייליקייט. אַ יאָרצייט־ליכט האָט געברענט און באַלויכטן דעם טיפן חלל, אויף די ווענט האָבן שאָטנס געטאַנצט צום טאַקט פון פלאַם.

פראַנסואַ גראַנדאַני האָט מיט זיינע באַגלייטער געשפּאַנט אַראָפּ צום טייך,

וווהין אַלע ייִדן זײַנען געלאָפֿן צעיאָכמערטע, פֿאַרטועטע, שלעפּנדיק משאות אויף זיך. דער מאָנאַך האָט געמוזט אויספֿירן די שליחות פֿון דעם קאַרדינאַל און ברענגען דעם ייִד זרח אַלגאַזאַלי, באַלד נאָך דער פּרימאָרגן־תּפֿילה, אים ברענגען אין דער אָפּגעזונדערטער קאַמער פֿון דעם קאַרדינאַלס הויף, דאָרט ווו ער נעמט אויף שליחים פֿון נאָענט און פֿון ווייט.

דער מאָנאַך האָט אָנגעטראָפֿן זרח אַלגאַזאַלין אַן אויסגעשמירטן מיט בלאָ־טע און ליים, אַ פֿאַרהאָרעוועטן, העלפֿנדיק פֿאַרשפּאַרן די אַנלויפֿנדיקע כוואַ־ליעס פֿון טײַך.

— איך בין געשיקט פֿון ערווירדיקן קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ דיך צו ברענגען פֿאַר זײַנע אויגן, ייִד אַלגאַזאַלי.

— מיך? פֿאַר וואָס? ווער בין איך דאָס, וואָס מען טײלט מיר צו אַזאַ גרויסן כּבֿוד זיך צו שטעלן פֿאַרן ערווירדיקן קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ?
— האָט זרח געדרעדט און אַנגסטן זײַנען אים באַפֿאַלן איבערן לײַב.

— עס איז אַ באַפֿעל, ייִד אַלגאַזאַלי. דאַרפֿסט דעריבער אויגנבליקלעך טוישן די קליידער און קומען מיט מיר.

— די וואַסערן פֿון טײַך רײַסן זיך אַריין אין די הײַזער, יעדע האַנט איז נייטיק. ווי אַזוי קען איך אַוועק, אפֿשר מאָרגן? אפֿשר נאָך היינט פֿאַרנאַכט?

— פּרוּוו זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם באַפֿעל פֿון ערווירדיקן קאַרדי־נאַל, ייִד אַלגאַזאַלי!

זרח אַלגאַזאַליס אויגן זײַנען געוואָרן אָנגעגאָסן מיט טרויער. ער האָט זיך ווידער נישט טועה געווען אין די שעהען פֿון דער לעצטער נאַכט — האָבן די געדאַנקען זיך געצאַפּלט אין מוח — דער קאַרדינאַל האָט נאָך אים געשיקט אַזוי פּלוצלינג. עס איז זייער אַ שלעכטער סימן.

ה

זיי האָבן נישט געהאַט ווייט צו גיין. דעם קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַס הויף האָט זיך געפֿונען בלויז עטלעכע גאַסן פֿון דער געטאָ. אַ קליינער מהלך האָט אָפּגעטיילט דעם גרויסן הויף און דעם פּויפּסלעכן פּאַלאַץ פֿון דעם ייִדישן קוואַרטאַל. דער מאָנאַך איז געגאַנגען פֿאָרויס, נאָך אים — זרח אַלגאַזאַלי, נאָך זיי ביידן — די צוויי שומרים מיט די שטעקנס אין די הענט.

זרח אַלגאַזאַלי, דער חלפֿן, איז געוואָרן אַרײַנגעפֿירט אין אַ האַלב טונקעלן צימערן. דער מאָנאַך האָט עפּעס אַ ברום געטאָן און געלאָזט זיך הינטערווײַ־לעכץ צו דער טיר. קיינער איז דאָ נישט געווען. די ווענט זײַנען געווען גע־פֿאַרבט אויף גרוי און זײַנען געווען נאַקעטע. בלויז אין אַ ווינקל האָט גע־

האָנגען אַ לעמפּל אויף אַ גאָלדענער קייט. אינעם לעמפּל איז געווען אָנגע־גאָס אויל און אַ קנייטל האָט מיט אַ פריילעך פלעמל געטאַנצט צום פּנים פון אַ מאַדאָנאַ אין אַן אייזערנעם רעמל.

אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ טיש מיט צוויי בענקלעך איינס קעגנ־איבער דעם אַנדערן.

עטלעכע מינוטן איז זרח אַלגאַזאַלי געשטאַנען אַ פאַרשטיינערטער. דאָס האַרץ האָט אין אים געקלאַפּט אַרויסצושפּרינגען. ער האָט זיך פאַרגליכן צו אַ פאַרמשפּטן, וואָס וואַרט אויף זיין טויט־אורטייל און אָט־אָט קומט דער פּסק־דין. ער איז שוין צוויי מאָל געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט דעם מעכ־טיקן קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ. צוויי מאָל האָט דער קאַרדינאַל ביי אים געבאָרגט געלט און אָפּגעגעבן צו דער צייט. דאָס איצטיקע מאָל האָט אים מוראדיק געשראָקן. ער האָט זיך אַליין פאַרגעזאָגט אַן אומגליק און אַ צרה פאַר די ייִדן אין געטאָ.

דאָס טאַנצנדיקע פלעמל איז אים געשפּרונגען אין די אויגן מיט שטיפע־רישער פאַרשייטקייט און אים נישט געלאָזט צוזאַמענברעכן פאַר שרעק. באַלד האָבן זיך געהערט שווערע טריט, האַסטיקע. צוויי שטיקער לייוונטענע, שוואַר־צע גאַרדינען האָבן זיך פונאַנדערגערוקט, ווי פליגל זיך צעשפּרייט, און עס איז דערשינען אין זיין מעכטיקער גרויס דער קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ. ער איז געווען זייער הויך, אַזש דער קאָפּ מיטן נאַקן האָבן זיך אַ קאָפּעטשקע איינגעבויגן. דאָס פּנים איז ביי אים געווען אַסקעטיש דאַר, מיט אַ גאָלדיק־מאַטער הויט און עס האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גרויע שאַרפע אויגן פון דינע שפּעלטעלעך. איבערן קאָפּ איז אים געלעגן אַ שאַרף רויטע זיידענע יאַרמולקע און פון הינטער דער יאַרמולקע קנוילן זילבערנע האָר. ער איז געווען גע־קליידט אין מלבושים פון ווייסן לייוונטענעם געוואַנט, מיט גאָלד געשטיקט אַרום די זוימען און אַ גרויסער גאָלדענער צלם אויסגענייט אויף דער ברוסט. ער האָט מיט זיין געשטאַלט אָנגעוואָרפן אַ פּחד און אונטערטעניק געמאַכט יעדן מיט וועמען ער איז געשטאַנען פּנים אל פּנים, אַחוץ דעם העכסטן דינער פון קריסטוסן — דעם פּויפּסט.

זרח אַלגאַזאַלי האָט געבויגן דעם קאָפּ נידעריק צום שטיינערנעם דיל און האָט נישט געקענט זען דעם שאַרפן שטאָל־גרויען בליק, וואָס נעמט אים אַדורך, פון קאַרדינאַלס אויגן.

דער קאַרדינאַל האָט געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— מיר האָבן אייך געלאָזט רופן, מסיע אַלגאַזאַלי, קומט צו נענטער צום טיש.

דער חלפן האָט געמאַכט דריי טריט צום טיש.

דער קאַרדינאַל האָט זיך צוגעזעצט און אַנגעוויזן זרחן אויף אַ שטול.

דער ייִד האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם שפּיץ פון דער שטול.

— מיר נעמען אייך אויף מיט דעם חסד פון אונדזער באַשיצער און דערלייזער יעזוס קריסטוס. מיר האָבן באַוויליקט אייך צו געבן אַן אוידיענץ.

זרח אַלגאַזאַלי האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט אין די ווערטער געהערט דעם פּסק־דין — תּפֿיסה... טויט.

— מיר האָבן צוויי מאָל ביי אייך געליִען געלט, מיר האָבן עס געדאַרפט, ווייל די שאַץ־קאַמער פון אונדזער הייליקן פאָטער איז געווען ליידיק. היינט דאַרפן מיר פיל געלט און מיר ווילן איר זאָלט עס אונדז צושטעלן נישט שפּעטער ווי אין דריי טעג אַרום. דער חוב וועט צוריקגעצאָלט ווערן, ווען די שאַץ־קאַמער פון הייליקן פאָטער וועט זיין פול, ווען דאָס וועט זיין קענען מיר נישט פאָרויס זאָגן...

דער קאַרדינאַל איז שטיל געבליבן. די רייד זיינע זיינען געלעגן איבערן טיש, ווי געשאָכטענע טויבן.

אַ קאַלטער שווייס האָט אַרויסגעזעצט זרחן אויפן שטערן. ער ווייסט פון דעם קראַנקן־הויז, וואָס מיר ווילן אויפשטעלן אין דער געטאָ — האָט אים געזעצט אונטערן שאַרבן — ער וויל דעריבער צונעמען דאָס געלט.

— ערווירדיקער קאַרדינאַל, איך קען צוזאַמענשטעלן ביז צוויי הונדערט דוקאַטן אין גאָלד. דאָס איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

— שעמסט זיך מיר נישט פאָרצושלאָגן אַזאַ נישטיקן סכום, ייִד אַלגאַזאַלי? מיר מוזן האָבן דריי טויזנט דוקאַטן, דריי טויזנט.

זרח אַלגאַזאַלי האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאַרדינאַלס פּנים. עס איז גע־ווען ווי פאַרמעט, אָן אַ שמייכל, אָן לעבן. אַ טרוקן שטיק פאַרמעט, נאָר די אויגן האָבן געגליט, זרח האָט אין זיי געזען אַ תּהום.

— איך האָב קיין מאָל נישט פאַרמאָגט מער ווי צוויי ביז דריי הונדערט דוקאַטן.

— עס איז אַ ליגנט, ייִד אַלגאַזאַלי. וועסט פאַר אַזאַ ליגנט שמאַכטן אין תּפֿיסה. מיר ווייסן אַז דו האַלטסט דאָס געלט צו בויען אַ קראַנקן־הויז אין דער געטאָ. מיר קענען נישט אָפּזאָגן אַזאַ בקשה, עס איז פאַרן ווייל פון דעם הייליקן פאָטערס אונטערטאַנען. מיר דאַרפן אָבער דאָס געלט פאַר אַ מער הייליקן צוועק. מיר בויען־צו צום רעכטן פליגל פון פּויפּסלעכן פּאַלאַץ אַ גרויסע קיר־כע אויפן נאָמען פון הייליקן דזשאַן. די אַנדערע וואָך וועלן מיר לייגן דעם גרונטשטיין, מיר מוזן האָבן די דריי טויזנט דוקאַטן נישט שפּעטער ווי פרייטיק פאַר זון־אונטערגאַנג.

— איך קען מער ווי צוויי הונדערט דוקאַטן נישט שאַפן — עס איז אַרויס־געזאָגט געוואָרן דער טויט־אורטייל — האָט ער געטראַכט — מער פאַרמאָג איך נישט. אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט איז אויסגעבראָכן אַ פאַרפלייצונג אינעם לינקן טייל פון דער געטאָ, עס דראָט אַלעמען אָרעמקייט, אַן עפּידעמיע, הונגער, דורשט. די קעלערן מיט סחורות זיינען פאַרגאַסן געוואָרן. דאָס וואַסער איז געקומען צום האַלדז...

— מיר קענען נישט העלפן. עס איז אַ שטראָף פון גאָט.

— מיין האַרץ ווייטיקט, וואָס איך מוז דעם ערווירדיקן קאַרדינאַל אָפּזאָגן דעם ריזיקן סכום פון גאָלד דוקאַטן.

דער קאַרדינאַל האָט זיך שווער אויפגעשטעלט. איבער דעם לענגלעכן פאַרמעט־פּנים האָט זיך באַוויזן אַ בלייכע רויטקייט. ער איז געווען אויפ־געערעגט.

— עס איז אַ טעות, מסיע אַלגאַזאַלי. מיר האָבן נאָך קיין מאָל נישט באַ־קומען אַן אָפּזאָג פון ייִדן, קיין מאָל נישט. אין דריי טעג צייט דאַרפן ווערן צוגעשטעלט די דריי טויזנט דוקאַטן אויף דעם טיש, אויב נישט וועט אונדזער דינער פראַנסואַ גראַנדאַנאַ, אייך נאָך אַ מאָל רופן און איר וועט דאַרפן אָפּגעבן חשבון, איר ווייסט דאָך וואָס דאָס מיינט.

דער קאַרדינאַל האָט געמאַכט אַ צייכן מיטן פינגער, אַ סימן, אַז די אוי־דיענץ איז געענדיקט. זרח אַלגאַזאַלי האָט נידעריק געבויגן דעם קאָפּ און גע־רוקט זיך הינטערווײַלעכץ צו דער טיר.

אין דרויסן האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ קאַלטער ווינט. עס איז אים אַנט־קעגנגעקומען דער קאַרליק מאַנאַך מיט זיינע גליזיקע אויגן אַרויסגעקוקט צום ייִד, און אָנגעוויזן צום טויער:

— אָט אָ דאָ איז דער אַרויסגאַנג. דו ביסט אַ גליקלעכער מענטש, וואָס דער ערווירדיקער קאַרדינאַל האָט דיך אויפגענומען, ביסט געשטאַנען פאַר זיין הייליקן פּנים.

ו

ער איז אַרויסגעלאָפן דורכן טויער.

פויערים האָבן אויף צוויי רעדערדיקע וועגענער, געשפּאַנט אין ריזיקע אָקסן, געצויגן צו די פעלדער און ווייִנגערטנער, געטאָפּטשעט אין די געדיכטע בלאָטעס. אין די גערטנדלעך ביי די הייזער, האָבן פרויען אויפגעקליבן די איילבירטן, וואָס דער ווינט האָט אַראָפּגעשאָקלט פון די אָליוון־ביימלעך, גלחים, נזירים און וואַנדערער זיינען אַריין און אַרויס אין די געסלעך. קיין איין ייִד האָט מען היינט נישט געזען אין שטאָט. זרח אַלגאַזאַלי איז מיט די לעצטע

כוחות געלאָפן צו דער געטאָ. דער פסק־דין איבער אים איז שוין געווען אַרויס־געגעבן. ער האָט נאָך דריי טעג צייט. דריי טויזנט דוקאַטן.

אַ גאַנץ לעבן האָט ער געזאַמלט און זיין פאָטער, דער חלפן, האָט געזאַמלט און ער האָט דערשלעפּט צו אַ וואָסערע טויזנט דוקאַטן, וואָס וואָלטן גע־סטייעט אויפצובויען אַ שטיינערנעם קראַנקן־הויז. איצט פאַרלאַנגט מען פון אים דאָס געלט פאַר נאָך אַ קירכע. אַ צענדליק קירכעס זיינען צעוואָרפן אין דער שטאָט אַוויניאָן און גראָד איצטער דאַרף מען אויפבויען די גרעסטע פאַרן הייליקן דזשאַן, און דאָס פאַר דעם געלט...

ער איז צוגעקומען צום טויער פון געטאָ און מיט אַ קייכנדיקן אָטעם באַ־גאָסן מיט טייכן שוויס, איז ער אַדורך דעם טויער. די געסלעך זיינען געווען אויסגעליידיקט. קינד און קייט איז געווען ביים טייך. ער איז פאַרבייגעלאָפן זיין הויז. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געמאַכט אַ טריט אינעווייניק אַריין, געטראַכט וועגן די טויזנט דוקאַטן, וואָס ליגן אין דער טיפעניש פון קעלער. ער קען אפשר ראַטעווען דאָס לעבן, אָפּבעטן זיך? ער וועט נאָך שאַפן געלט, נאָך. וואָס איז דען טייערער ווי דער אייגענער נפש? קיינער וועט עס נישט האַלטן פאַר אַן עוולה.

ער האָט זיך אַ האַסטיקן ריס געטאָן אויף צוריק. ער איז אַרויס אין גאַס און מיט דער גאַנצער שווערקייט פון אַ באַלייבטן מענטש, געלאָפן אַראָפּ צום טייך.

אַלע יידן פון געטאָ זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט, יונג און אַלט, מאַן און ווייב. איינער האָט געשלעפּט עמערס זאַמד און געוואָרפן אין אַ ליניע, ווו דאָס וואַסער שטאַרקט זיך, אַ צווייטער האָט פאַרלייגט אַ בעלקע, אַ דריטער האָט אָנגעוואָרפן אַלץ, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט.

זרח אַלגאַזאַלי איז אָנגעקומען אַ פאַרסאָפּעטער. זיין פּנים איז געווען רויק. ער האָט די יסורים און דעם פסק־דין באַהאַלטן אין די טיפענישן פון זיין האַרץ, מוח און געבלוטן. זאָלן מענטשן נישט זען, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין מיין מוח — האָט ער געטראַכט — עס איז נישט געבליבן קיין סך צייט.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז מען האָט אים היינט פרי גערופן צום קאַרדינאַל דזשאַקאָנאַ מאַדעגאַ, אַז דער קאַרדינאַל איז נישט קיין גרויסער פריינד זייע־רער. דעריבער איז געווען די פריידיג גרויס ביים צוריקקומען פון זרח אַלגאַזאַלי. אַלע האָבן אין דעם געזען אַ גוטן סימן. אפשר וועט דער קאַרדינאַל העלפן אין דעם אומגליק פון פאַרפלייצונג, שיקן מענטשן, שיקן געלט, רפואות. זיכער וועט זרח אַלגאַזאַלי שפּעטער איבערגעבן פאַר קהל וועגן דער באַגעגעניש זיינער מיטן קאַרדינאַל.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די גוטע באַגריסונגען.

דאָס וואַסער איז געלאָפן פון די ברעגן מיט אַ מוראדיקער קראַפט, מען האָט עס נישט געקענט פאַרהאַלטן, עס האָט אַראָפּגעשווענקט דאָס זאַמד, די געהילצער אין די טיפענישן פון טייך אַריין... דאָס וואַסער האָט זיך שוין גע־האָט אַריינגעריסן אין די קעלערן פון די הייזער, וואָס ליגן האַרט ביים טייך. דער ווינט האָט געריסן די שינדל־דעכער, די ביימלעך און אונטערגעהויבן די מענטשן אין זייער סכנותדיקער אַרבעט.

זרח האָט זיך אַ ריס געטאָן פאַרויס. מיט זיין שטאַרקן גוף האָט ער אַ שטויס געטאָן אַ ריזיקן סלופּ נענטער צום טייך. עס האָבן זיך אין אים געעפנט קוואַלן פון גבורה און געפילט אַ לייכטקייט אין דער אַרבעט און אַ גענעזונג צו פאַרגעסן ווו ער האַלט אין דער וועלט. די אַנדערע גיבורים, האָבן זיך גע־ריסן פון די ערטער און גענומען קוילערן בעלקעס און זעק מיט זאַמד צו דעם אָרט, ווו דער טייך האָט מיט ווילדן געבייזער אַרויסגעשפּיגן פון זיך איין כוואַליע נאָך דער אַנדערער.

ווידער האָט דער ווינט אַ הייב געטאָן דאָס וואַסער פון די טיפענישן און אַ מוראדיק גרויסע כוואַליע האָט מיט יאָמערלעכן געוואָי זיך געריסן איבער די אָנגעוואָרפענע בעלקעס און אַ טייל פון זיי מיטגעשלעפּט מיט זיך. זרח האָט אַ רגע איינגעשפּיזט זיין בליק אין דער פאַרצווייפלטער מאַסע און נאָכ־געלאָפן די אָפּשפּרינגענדיקע כוואַליע און מיט איר זיך אַריינגענורעט אין דער טיפעניש פון קאָכעדיקן טייך. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער בעלקע און געצויגן אויף צוריק. איצטער איז די צייט אויסצופירן איבער זיך דעם פּסק־דין, זרח! — האָט אַ קול געשריגן אין אים — וואַרט נישט ביז דער קאַרדי־נאַל וועט דיך שמידן אין קייטן, געפינען ביי דיר בלויז טויזנט דוקאַטן און דאָס וועט זיין אַ גענוגנדיקער צושטייער צו בויען די קירכע. עס וועט זיין חילול... דו ווילסט עס נישט. דיין גאַנץ לעבן האָסטו מקריב געווען פאַר אַ ציל אויפ־צובויען אַ קראַנקן־הויז פאַר אַלע דאָ. דו ביסט נישט קיין מאבד עצמו לדעת, דו הייבסט אַרויס אַ גרויסע אידייע, דו פאַרשוועכסט נישט דיין כבוד. דיין פאַרגיין וועט זיין אַן אָנזאָג פון מצווה. זאָרג נישט וועגן דעם געלט אין קע־לער. מען וועט בויען דאָס קראַנקן־הויז...

אין די אויערן האָט אים אויך אָפּגעקלונגען דאָס דינע געוויין פון דעם קינד, נחמן דעם אייזן־שמידס זון, אידער עס איז דערשטיקט געוואָרן אָן אַ רפואה. פון פאָרנט האָט זיך אויף אים געטראָגן אַ כוואַליע מיט טויזנטער, טויזנטער אויגן: ווילדע, צעיושעטע, גליִענדיקע, בייזע, גרויע אַזוי ווי ביי דעם קאַרדינאַל. אינעם געברויז האָט ער געהערט די שטילע רייד, וואָס דער קאַרדינאַל האָט געלאָזט פאַלן היינט אין קאַמער. די ווערטער זיינען געווען צעיושעט: „דריי טויזנט גאָלד־דוקאַטן, דריי טויזנט. אין דריי טעג אַרום מוז

דאָס גאָלד דין אויפן טיש. אַ נייע קירכע נעבן דעם פּאַלאַץ וועט מען בויען.
דריי טויזנט גאָלד־דוקאַטן, דריי טויזנט״...

די שטומקייט האָט צוגעדושעט דעם דינסטן און מינדסטן קלאַנג.

די בעלקע האָט אים אַ שטויס געטאָן. ער האָט ווידער אַ רגעלע די גרויס באַקומען אַ ווילן צו לעבן, אָנגעכאַפּט דאָס גלאַטע האָלץ. עס האָט זיך אַרויס־געגליטשט פון זיינע הענט. דניאל דער רופא וועט געפינען די טויזנט דוקאַטן, ער ווייסט ווו עס איז באַהאַלטן. אַ גרויס קראַנקן־הויז וועט שטיין דאָ־אַ דאָרט... לעבנס וועלן געראַטעוועט ווערן. דאָס וואַסער האָט אים געטראָגן ווייטער און ווייטער. ער האָט געהערט די געשרייען פון ייִדישע מיילער ביים ברעג, מיט וואָרענונג און שרעק:

— זרח אַלגאַזאַלי! זרך אַלגאַזאַלי! ז־ר־ח...

האָט מען דאָרט געבלאָזן אין האָרנס, אין שופרות אויף דעם נייעם אומ־גליק, וואָס עס גייט אָן פאַר די אויגן: דער חשובער זרח אַלגאַזאַלי ,דער חלפן, דער איינגייער אין די פּאַלאַצן פון קאַרדינאַלן און שררות; דער שרייבער, דער מאַן וואָס גרייט זיך אויפצובויען אַ גרויס קראַנקן־הויז און ראַטעווען מענטש־לעכע לעבנס, וואָס לעשן זיך, וויל... אָט טרינקט ער זיך, ראַטעוועט! ז־ר־ח! אַל־גאַ־זאַ־לי! ז־ר־ח!...

עטלעכע מענער, די גיבורים האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אינעם טייך, גע־טריבן און געשלאָגן די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך אויף זיי געוואָרפן איינצו־שלינגען. די כוואַליעס האָבן געפּאַטשט זיי איבערן פּנים, נאַקן, אָרעמס. עס איז בישט געווען קיין דערגרייכונג, נישט קיין סוף צו אַזאַ מהלך, צו אַזאַ מוראדיקער ווייטקייט, וואָס טיילט אָפּ זיי פון — אים.

דאָס וואַסער האָט אים געשלעפּט אַראָפּ, געמאַניעט אים, געצויגן, געכי־שופּט מיט געזאַנג, מיט דעם גרין, בלוי און זילבער, געגלעט זיין געמיט, דער ווינט וואָיעט... אַ קראַנ־קן־הויז, דאָרט, אָט־אָ...

די הענט פון די ייִדישע גיבורים פּאַטשן די כוואַליעס, אָבער אַן אומ־געזעענע האַנט איז שטאַרקער פון זיי. די האַנט שלעפּט אַראָפּ זרחן ביז צום גרונט און דאָס וואַסער שפּייט אים אַרויף צוריק.

דאָס שוואַרץ פון זיין באָרד האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דעם ווייסן שוים. ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט און זי צוריק אַראָפּגעלאָזט. דער קאָפּ האָט גענומען זינקען. דאָס לעבן האָט זיך געלאָשן אין אים. פון אַ קלויסטער דאָרט אין שטאָט טראָגן זיך האַמערנדיקע קלאַנגען פון אַ שווערן גלאָק. די כוואַליע ברויזט, שלאָגט, פּאַטשט, רייסט און וויגט מיט אים הין און צוריק. דער לעצ־

משה דלוזשנאָווסקי

טער פונק פון זיין לעבן האָט זיך אויסגעלאָשן אינעם בייזן געקאָך פון וואַסער.
אַלץ אין אים איז געוואָרן שטום.

די הענט פון די יידישע גיבורים האָבן אים נישט דערגרייכט.

דער שפּיציקער הוט זיינער האָט זיך נאָך געוויגט איבער דעם צעיו־
שעטן שפּיגל־פלאַך פונעם טייך רהאָן.

# דער אורח

## א

עס איז געווען פרייטיק פאַרנאַכט.

די שפּיצן פון די אַטלאַס־בערג האָבן געברענט מיט פלאַמיקן גאָלד פון דער אונטערגייענדיקער זון. אין דער אַלטער שול פון מעם שטעטעלע איפראַז זיינען זיך צונויפגעקומען ייִדן מקבל־שבת זיין און אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם ביטערן עול און זאָרגן פון אַ פולער וואָך גויט, הונגער און שווערער האָרע־וואַניע.

פאַרשעמט און זייטיק האָט זיך צום ערשטן אַריינגעשאַרט דער אייזל־טרייבער, וואָס האָט ערשט אַריינגעפירט די מידע חיות אין שטאַל, און נאָך אים דער טעפּיך־וועבער, וואָס האָט נישט פאַרענדיקט וועבן דאָס געוואַנט אויף דער וועב־שטול; דער שמיד, וואָס האָט ערשט איינגעשטילט דעם בלאָז־זאַק, דער פישער, דער שערער, דער שניידער, דער קרעמער, דער גייער איבער בערג און טאָלן. טייל זיינען געווען געהילט אין אָפּגעריסענע, אָפּגע־כוימעלטע אַבאַיעס, ווי ברייטע כאַלאַטן, מיט שוואַרצע היטעלעך אויפן קאָפּ, מיט אויסגעריבענע סאַנדאַלן אויף די פיס. אַנדערע האָבן געטראָגן שיך אויף די פיס, און אַנדערע — אין גאַנצן באָרוועס. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די לאַנגע בענק און אָנגעהויבן אויסזינגען מיט אַ צעצויגענעם ניגון פסוקים פון שיר־השירים.

אויפן עמוד האָבן געברענט צוויי ליכט, געראַנגלט זיך מיט דעם לעצטן שטראַל פון דער זון און באַלויכטן די טונקל־גרויע ווענט פון דעם אַלטן איפ־ראַזער בית־המדרש, וואָס שטייט שוין דאָ מי־יודע וויפל הונדערטער יאָרן. אַ בעל־תפילה האָט גענומען שלינגען די תפילות שנעל מיט אָפּגעהאַקטע האַלדז־טענער.

אין מיטן מעריב האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַ

זעלנער. אויפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ רויטע פּעזקע, וואָס איז נישט געווען רונדיק, נאָר האָט מיט צוויי שפּיצן זיך געשטרעקט צו צוויי זייטן, און אין מיטן האָט געשטעקט אַ בלעכל, דער צייכן פֿון פּראָנצויזישן פֿרעמדן־לעגיאָן אין מאַראָקאָ. אויפֿן לייב האָט ער געטראָגן אַ מיליטעריש געלבלעך גרין רעקל פֿון אַ דיקן געוואַנט. דער זעלנער האָט אַ נישט־דרייסטער זיך צוגעשאַרט צו אַ ווינקל, זייטיק באַטראַכט די קנאָפּע צוויי מנינים ייִדן, און די ליפּן האָבן ביי אים גענומען שעפּטשען די ווערטער, וואָס דער בעל־תּפֿילה האָט ביים עמוד אָפּגעשיקט צו דער גרויער מזרח־וואַנט.

די ייִדן האָבן עפּעס יאָ און נישט געקוקט אויפֿן זעלנער. ביי זיי איז נישט געווען קיין נייס אַ מאַן פֿון פֿראַנצויזישן פֿרעמדן־לעגיאָן. אָט שטייט דאָך אַ ריזיקע פֿעסטונג מיט עטלעכע רעגימענטן זעלנער און קאַזאַרמעס צווישן די פֿעלדזן און בערג, אין גאַנצן דריי מייל פֿון איפֿראַז און די זעלנער פֿון דאָרטן קומען דאָ אַהער אין דעם קאַפֿע־הויז פֿון גראָב־בייכיקן אַראַבער יאַזיד, ווו זיי טרינקען אַלערליי געטראַנקען, וואָס יאַזיד שטעלט צו; זיי טאַנצן דאָרטן מיט מיידן, וואָס מען ברענגט אַהער פֿון אַלע עקן וועלט, שפּילן אויף מאַנדאָלי־נעס, פּייפֿלעך, טראָמפּייטן, שרייען, לאַכן, אַז זיי פֿאַרהילכן אַזש דאָס גאַנצע שטעטל ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און אַלע מאָל ענדיקט זיך עס מיט מוראדיקע געוואַלדן, געשלעגן, פֿויסטן און מעסערס.

אַלערליי פּנימער האָבן זיי, די זעלנער: גראָבע און איידעלע; חיהשע און שטילע; בייזע און גוטמוטיקע; אַלערליי נעזער: גראָבע, צעפּלאַטשטע, ביינער־דיקע, פֿאַרריסענע, תּאווהדיקע און אויך איידעלע, פּשוט־מענטשלעכע. און אויגן האָבן די פּנימער ביי די זעלנער, טאַקע ווי ביים מלאך המוות: בייזע, חיה־שע, גרויע, בלויע, וואַסערדיקע. אַ שטורעם־ווינט פֿאַרטראָגט זיי דאָ אַהער פֿון אַלע ווינקעלעך פֿון דער וועלט. עס איז נאָר אַ ווונדער פֿון וואַנען עס נעמען זיך אויף דער וועלט אַזעלכע פֿאַרשווינען.

נאָר אַז איינער פֿון זיי זאָל זיך אין אַ שיינעם פֿרייטיק צו קבלת־שבת, אַריינכאַפּן אין דער אַלטער איפֿראַזער שול, דאָס טרעפֿט זיך שוין זייער זעלטן, און גראָד, דער דאָזיקער האָט יאָ עפּעס אַן איידל פּנים אונטער דער אָפּגע־ברענטער הויט.

נאָך מעריב, ווען די דריי ייִנגלעך האָבן ביים אָרון־קודש אויסגעזונגען „במה מדליקין", האָט זיך דער זעלנער אויסגעגלייכט, אַ פֿיר געטאָן מיט די הענט איבער די קנעפּלעך פֿון זיין זעלנערישן רעקל, ווי ער וואָלט זיך גרייטן צו אַ פּאַראַד, אַ קוק געטאָן צי אַלץ איז פֿאַרשפּיליעט און גענומען זאָגן קדיש.

אין אָנהייב איז דאָס קול געווען שטיל און די ווערטער נישט אויסגערונ־דיקט, אַ צופּ און אַ ריס פֿון אַ וואָרט, נאָר באַלד האָט עס זיך געהויבן מיט

אַ וואַרעמער ווייכקייט ביז דער קדיש האָט גענומען קלינגען ווי אַ זינגעוודיקער וואַסערפאַל אין די בערג.

די ייִדן האָבן שוין דעם זעלנער נישט אָפּגעלאָזט: איינער פון זיי מוז אים אַהיימנעמען פאַר אַן אורח צום שבתדיקן טיש, און אויסגעפאַלן איז עס אויף ניסים דעם אייזל־טרייבער. ביי ניסימען איז דער טיש אַלע מאָל מיט עפּעס באַקרוינט און דער פייער־טאָפּ איז ביי אים אין הויז קיין מאָל נישט פאַרלאָשן. אַ סימן פון באַלעבאַטישקייט. שטענדיק איז אין זיין הויז פאַראַן טייטלען און געטריקנטע פלעצלעך, רויטע פעפערס און אַ פּיטע ברויט.

ניסים דער אייזל־טרייבער, אַ נידעריקער, אַ פעסט געבויטער, דאָס צע־אַקערטע פּנים פון זון, ווינטן, שטורעמס איינגערעמט אין אַ שוואַרצער באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבער־פעדעם, די אויגן שוואַרצע, פייערדיקע, מיט אַ יוגנטלעכער שקאַצישקייט אין זיי — איז אַ נישט־דרייסטער צוגעגאַנגען צום זעלנער:

— אויב דער פרעמדער באַוויליקט צו ענטפערן, וואָלטן מיינע ליפּן עפּעס געפרעגט.

דער זעלנער האָט זיך אַ לייכטן צאַפּל געטאָן, ווי מען וואָלט אים אויפגע־וועקט פון אַ טיפן שלאָף. זיין הויך געשטאַלט האָט זיך געבויגן צו דעם ני־דעריקן אייזל־טרייבער און געענטפערט:

— אויף אַלץ וואָס איר ווילט פרעגן, וועלן מיינע ליפּן ענטפערן.

— וואָלט איר געוואָלט זיין מיין אורח אויף שבת? — ניסימס קול איז געווען אַ שטאַרקס, עס האָט זיך דעריין נישט געהערט קיין גרויסער דרך־ארץ, ווי ער וואָלט למשל גערעדט צו אַ פרעמדן אין אייראָפּעיִשע קליידער, דער־אָ איז דאָך נאָר אַ זעלנער, דערצו פון פרעמדן־לעגיאָן, איז עס נישט אַזאַ גרויסע מציאה — דער טיש ביי מיר איז געגרייט מיט שבתדיקע מאכלים, וואָס קע־נען יעדן הונגעריקן זאַט מאַכן.

דער זעלנער האָט זיך אַזוי שנעל נישט געכאַפּט, וואָס דער מאַראָקאַנער ייִד וויל. ער האָט שטיל איבערגעפרעגט:

— וואָס מיינט מיין פריינד?

— איך, און די עדה ייִדן דאָ אין שול ווילן, אַז זאָלסט היינט, ביי דער שבתדיקער סעודה, באַשיינען מיין טיש.

דער זעלנער האָט איצט פאַרשטאַנען, וואָס דער ייִד אין זיין צעפלאָטערטן כאַלאַט מיינט. ער האָט אָנגענומען אַ גוטמוטיקע מינע און געזאָגט נאָך שטי־לער:

— אויב עס איז אייך נישט שווער צו האָבן אַ פרעמדן ייִדן ביים טיש,

בין איך גרייט צו זיין אייער אורח. בלויז נאָר דריי שעה מעג איך זיין פריי. איך מוז זיין צוריק אין דער פעסטונג אַ שעה פאַר האַלבער נאַכט.

זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס אַלטע בית־המדרש. די ייִדן האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג אַהיים, טייל מיט פאַמעלעכע און טייל מיט שנעלע טריט; ווער צו אַן אָרעמען טיש, צו טייטלען, פּלעצלעך און אַ גרינעם פּעפער, ווער צו אַ טיש באַדעקט מיט פלייש און פיש, קוסקוס און צימעס.

פון שטעטלשן מעטשעט אַרויס האָבן זיך געהערט די מאָנאָטאָנע ניגונים פון די אַראַבער, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער גאָט דאָס נאַכט־געבעט, אַ לויב פאַרן פאַרגאַנגענעם טאָג און אַ בענטשונג צו דער נאַכט, וואָס היטן אין דעם מענטש, די חיה און די פלאַנץ אין שטילקייט און רו.

ב

דער הימל — אַ טיפער, טונקל־בלוי איז געלעגן איבער דעם שטעטעלע איפראַז.

דער אייזל־טרייבער ניסים איז געווען בטבע אַ שווייגנדיקער. די צונג האָט זיך נישט געלייגט צו קיין רייד; קוים, קוים אַ פּאָר ווערטער אַרויס־גערעדט צו ווייב און קינדער, און אָפּגעהאַקטע געשרייען צו די אייזלען, אין וועלכע ער איז געווען געשפּאַנט וואָך־איין, וואָך־אויס. געשלעפּט מיט זיי אין איינעם ציגל, קאַכלעס, ליים, און האָט אַ סך ווייניקער גערוט פון זיי. בלויז שבת און יום־טוב, ווען די צוויי בלינדע געסלעך, די קליינע מעללאַה פון דעם פּיצינקן שטעטעלע איפראַז, וואָס איז באַלייגט מיט אַ צאָל ייִדישע משפחות, יעדע משפחה אַ הויזגעזינד פון אַ צוועלף ביז פופצן נפשות — האָבן גערוט פון אַ גאַנצער וואָך געטומל, געשריי, האַנדל־וואַנדל, געשלעגן, קללות און בענטשונגען, האָט אויך ניסים גערוט. נישט צוגעלאָזט קיין זאָרג צום מוח, געטריבן פון זיך די צרות און אָנשיקענישן פון דער אָרעמקייט, קראַנקן ווייב און קינדער.

ער האָט ווייניק געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט, פון גזירות, געשעענישן, נייע אויפטועכצן. זיין פאָטער איז געווען אַן אייזל־טרייבער, זיין זיידע האָט זיך מיט דעם פאַרנומען, אַזוי אַ דור נאָך — אַ דור. ער אַליין, ניסים, האָט געלעבט אין חלום פון חומש: אָט גייט ער אויף היינט צום בית־המקדש מקריב זיין אַ קרבן אויפן מזבח, אָט שניידט ער די זאַנגען אין פעלד און ברענגט ביכורים און אָט וואָגלט ער אין גלות, און אָט רוקן זיך אָן משיחס צייטן, ווען ער וועט אַריבערגעטראָגן ווערן אין אַ ווונדערלעך אָרט, ווו ער וועט נישט דאַרפן שלעפּן צוזאַמען מיט די אייזלען ליים און ציגל,

קאַכלעס און טעפּ; צוריקגעשמועסט: אפשר יאָ? מען וועט דאָך דאָס אויך דאַרפֿן דאָרטן, מענטשן בויען אומעטום, האָט איר ווייסט און יאָגן איבער איינער דעם אַנ־דערן, פֿאַר וואָס זאָל ער זיין דער מיוחס, פֿאַר וואָס זאָל מען פֿון אים אַראָפּ־שלעפּן דעם עול פֿון די פּלייצעס?

ניסים האָט איצטער געפֿירט דעם אורח־זעלנער אַהיים צו זיך. עס איז אַ מצווה, מען דאַרף שפּייזן אַ פֿרעמדן, אַרויסווייזן צו אים אַ פֿריילעך פּנים און דער־אָ איז עפּעס אַזאַ שטילער, אַן איידלקייט און טרויער קוקט אים אַרויס פֿון די אויגן. ווער ווייסט וויפֿל מלחמות ער האָט שוין געפֿירט מיט די שכנים, די בערבערן פֿון די בערג, די רויבערס און באַוואָפֿנטע אַראַבער, וואָס זיינען הפקר־לייט; לאָזן זיך נישט צאַמען פֿון די פֿראַנצויזישע זעלנער און רודערן אויף מיט געשריי און שווערד די נעכט אין די בערג. אָט מאָרגן, איבערמאָרגן קען ער דאָך אומקומען ערגעץ אין די ברענענדיקע זאַמדן, צעריסן ווערן פֿון אַ באַרג־חיה און די נשמה וועט זיך נאָך דעם אַרומוואַלגערן צווישן הימל און ערד. וועט ער אָבער זיצן ביי אַ ייִדישן טיש, קען די נשמה האָבן אַ תיקון, אַנקלאַפּן נאָך דעם ביי ניסים דעם אייזל־טרייבערס טיר...

צוויי געסלעך האָבן זיי געדאַרפֿט אַריבערשפּרייזן פֿון דער אַלטער שול צו ניסימס דירהלע. פֿון די ייִדישע שטובן האָט דורך די קליינע פֿענצטער אַרויסגעקוקט דער שבת: פֿלעמלעך פֿון חלבנע ליכטלעך, פֿלעמלעך פֿון קנויט־לעך און אויל־טעפּלעך. אַ פֿאַרשפּעטיקטער קעמל־טרייבער האָט זיך געוויגט אין אַ שטרויענעם קאָרב צווישן די צוויי הויקערס פֿון קעמל. דער טרייבער האָט געצויגן אַ נאָגנדיקן ניגון ווי אַ וויסט געוויין; אַן אַראַבישער קרעמער איז געזעסן ביי דער שוועל פֿון זיין פֿיר אויף פֿיר איילנדיק קרעמל, וואָס איז גע־ווען באַלויכטן פֿון אַן אויל־לעמפּל און אויף צוויי ברעטלעך מיט אָנגעצויגענע סטרונעס האָט ער אויסגעשפּילט אַ ניגון וועגן אַ פֿאַרוואָגלטער פּרינצעסן, וואָס די נשמה אירע קען קיין רו נישט געפֿינען, מחמת זי איז פֿאַרשאָלטן פֿון אַללאַן. זי האָט ווידערשפּעניקט, אַ נישט־גלייביקן איר ליבשאַפֿט געשאָנקען; דריי אַראַבישע קלעזמאָרים אין לאַנגע כאַלאַטן מיט געגאָלטע קעפּ זיינען גע־גאַנגען אויפֿשפּילן אַ פֿריילעכס און אַ טרויעריקס צו אַן אַראַבישער חתונה. איינער האָט געשלעפּט אַ פּויק, דער צווייטער אַ טראָמפּייט, דער דריטער — אַ פֿאַסטוך־האָרן.

ביידע ייִדן האָבן געשוויגן.

זיי זיינען צוגעקומען צו אַ קליינעם ווייסן הויז, מיט אַ פֿלאַכן דאַך. זיי זיינען אַריין אינעווייניק. דער זעלנער האָט פֿאַר זיך דערזען אַ שטוב מיט אַ טיש אין מיטן. אויף דעם טיש — ליכט אין מעשענע לייכטערלעך. ביי די זייטן פֿון די ווענט — דריי מאַטראַצן צו שלאָפֿן, אויף איין וואַנט האָט ער דער־

בליקט אַ בילד פון דעם צדיק און בעל־מופת ר׳ עמרם, און דער טלית־זאַק האָט געהאָנגען, און אין אַווינקל צווי פּייער־טעפּ.

ניסים האָט באַגריסט זיין הויזגעזינד אויף אַראַביש מיט אַ „גוט שבת״ און עפּעס געזאָגט וועגן דעם אורח, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון שול. ערשט איצט האָט דער זעלנער דערזען דאָס הויזגעזינד: אַן עלטערע פרוי, אַ געהויקערטע מיט שוואַרצע אויגן און אַ פּראַנדזן טיכל אויפן קאָפּ, דאָס איז זיכער ניסימס ווייב; ייִנגלעך און מיידלעך, אַ צעריסן העמדל, אַן אויסגעוואַקסן קליידל, שמאָלע צעריסענע הויזלעך. אַלע זיינען זיי געווען באָרוועס און אַלע האָבן זיי געוואַרט מיט הונגעריקע, צעפּלאַמטע, שוואַרצע אויגן, דער טאַטע זאָל זיך שוין זעצן צום טיש, מען זאָל באַקומען אַ שטיקל ברויט, אַ טייטל, אַ שטיקל פיש און אַ ביסל קאַשע.

דער אייזל־טרייבער האָט געמאַכט עטלעכע שפּרייזן און מיט האַלדז־טענער גענומען אויסזינגען „שלום עליכם״.

דער זעלנער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, עס האָט אים אין דמיון אָנגעקגעטראָגן ווייט, ווייט: דער טאַטע זיינער האָט אויך טייל מאָל אַהיימגעבעטן אַן אורח פון גערער „שטיבל״. אויך ביי זיי אין הויז איז געווען אַן ענגשאַפט, נישט געווען קיין איבעריקער ביסן, קיין איבעריקער טעלער. ער, ברוך, איז געווען איינער פון זעקס קינדער אין הויז. דער טאַטע האָט געהאַנדלט מיט ראָזשינקע־ווייַן אויף שבת און די פּרנסה איז געווען אַזאַ מאָגערע, אַז עס איז קוים געווען אויף טרוקן ברויט, דאָך איז די פרייד ביים טאַטן געווען אין לשער, אַז ער האָט אַ מאָל פאַרבעטן צום אָרעמען טיש אַ פרעמדן ייִד. מייסטנס זיינען זיי געווען מדינה־גייערס, ייִדן מיט פאַרוואַקסענע בערד, זיי האָבן דערציילט מוראדיקע מעשׂיות. היינט וואָס איז דען דער אונטערשייד פון דעם ייִד ניסים פון אַ שטעטעלע ביי די אַטלאַסבערג אין מאַראָקאָ און זיין טאַטנס היים, אין אַ שטעטעלע טאָמאַשאָוו, אין פּוילן? איין פאָדעם פאַרבינדט זיי, די זעלביקע פרייד פון אַ מצווה.

— קומט צום טיש! — האָט ער געהערט אַ קול, וואָס האָט אים אַרויסגעריסן פון אַ ווייטער זוויט, פון אַ מהלך מיט יאָרן — זעצט אייך צו דער סעודה!

ער האָט אַ נישט־דרייסטער זיך געוואַשן די הענט. דאָס רויטע זעלנערישע היטל האָט אים געשוועדט אויפן קאָפּ. דער טיש איז אין אַן איינציקער רגע געוואָרן באַזעצט פון דער כאָפּטע קינדער. עס איז נישט געווען גענוג פּלאַץ, האָט מען פאַר דעם זעלנער צוגעשטעלט אַ סקריפּענדיק בענקל. ניסים האָט געמאַכט קידוש. ער האָט געזאָגט די ווערטער אין אַראַביש און לשון־קודש צוזאַמען, מיט אַ קול, וואָס רייסט זיך פון האַלדז.

דער זעלנער האָט פאַרזוכט פון אַ שטיקל ברויט און אַ שטיקל פיש. זיי־נע אויגן זיינען געווען פול מיט חידוש, און אין מוח האָבן די געדאַנקען געיאָגט: שטיקער נעכטן, שטיקער פון ווייט און נאָענט:

ווי קומט ער, ברוך קראַמער, דאָ אַהער? ער האָט דאָך אַפילו נישט היינט מער קיין נאָמען. וואָס טוט ער דאָ אין אַ יידישער שטוב? שוין אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, ווי ער איז נישט געזעסן ביי אַ יידישן טיש, נישט געהערט קיין קידוש־מאַכן, נישט געהערט קיין שלום עליכם. ווי אַזוי איז דאָס היינט געקו־מען, וואָס ער איז אַריין אין אַ שול, געזאָגט קדיש, געמורמלט תפילות? ער האָט דאָך נישט קיין יאָרצייט היינט, עס דאַרף גאָר ערשט זיין אין טיפן ווינטער יאָרצייט נאָך טאַטע־מאַמע, אַזוי האָט ער עפּעס געהערט, אַז די יידן פון זיין שטעטל זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן אין אַ ווינטער. היינט איז אָנהייב זומער...

— נו, נו, פרעמדער, מען טאָר זיך נישט צו פיל פאַרטראַכטן, און אין שבת זיכער נישט, מען דאַרף לאָזן דעם מוח רוען ,בעסער לאָזן רוען איבער גאַנץ שבת.

דער זעלנער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן: אָט האָט דאָך אַזוי גערעדט זיין אייגענער טאַטע שבת ביים טיש. עס איז דאָס זעלבע קול. ביים טאַטן איז עס געווען אין יידיש, אַ ווייך קול און דאָ איז דאָס קול אַ האַרטס קומט אַרויס פון האַלדז, ווי עס וואָלט זיך דאָרטן געשטיקט און די ווערטער — אַ געמיש: פראַנצויזיש, לאַדינאָ, בערבעריש, לשון־קודש. אין די עטלעכע לשונות רעדט ער, דער ייד, פון יעדן לשון אַ ברעקל און עס קומט אַרויס עפּעס גאַנצס.

— איך טראַכט נישט, מיין פריינד, נאָר איר פאַרשטייט: טעג און נעכט, וואָכן, חדשים און יאָרן, האָט דער מוח אַפילו נישט קיין איבעריקע מינוט צו טראַכטן. עס איז בלויז פאַראַן: קאַזאַרמע, געשלעגן, געשרייען און ווידער געשלעגן.

— דער מענטש איז צו דעם נישט באַשאַפן געוואָרן — האָט ניסים גע־רעדט און געקייט אַ שטיקל ווייך ברויט, וואָס ער האָט פריער איינגעטונקט אין עפּעס אַ געמיש פון פעפער, כריין און פּליסיקייט — אין גאָטס געשטאַלט איז דאָך דער מענטש באַשאַפן, נאָר וואָס דען? מען קנעט אים איבער.

דער זעלנער האָט געשמייכלט, זיין אָפּגעברענט פּנים איז איצטער געווען נאָך רויטער. די אויגן — ברוינע, וואַרעמע, שטילע; דער שטערן אַ הויכער מיט אַ שאַרפן שטרייף אין מיטן פון ווייס און טונקל־ברוין, ווו דער שווערער רויטער הוט ליגט און דאָס אָפּענע פּנים שטאַרק ברוין.

— שוין אַ סך יאָרן נישט געווען אין אַ יידישער שטוב, און נישט גע־זעסן ביי אַ יידישן טיש פרייטיק־צו־נאַכטס — האָט דער זעלנער גערעדט

משה דלוזשנאָווסקי

**אין פראַנצויזיש — היינט בין איך אַן אורח ביי איך, איך וויס אַפילו נישט אייער נאָמען.**

— מיין נאָמען איז ניסים, מען רופט מיך דאָ דער אייזל־טרייבער.

— איר פאַרנעמט זיך מיט טרייבן אייזלען?

— יאָ, מיין טאַטע און מיין זיידע האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען. איך שלעפ צוזאַמען מיט די אייזלען לאַדונג: ליים און ציגל, קאַלכעס און תבואה איבער איפראַז. און אייער נאָמען?

— מיין נאָמען? איצטער האָב איך גאָרנישט קיין נאָמען, אַמאָל האָט מען מיך גערופן ברוך.

— איר קומט פון דער גרויסער וועלט אַזש דאָ אַהער?

— פון אומעטום קום איך.

— שוין אַ סך יאָרן אין דעם פרעמדן־לעגיאָן?

— באַלד צען יאָר.

דאָס קליינוואַרג האָט צעכאַפּט פון טיש די שטיקלעך ברויט, די פיצלעך פיש, די פלעצלעך. דאָס הויקערדיקע ווייב האָט צוגעטראָגן נאָך עפּעס אַ מאכל: קאַשע מיט גרינצייג. די קינדער האָבן גענומען שרייען מיט פרייד:

— קוסקוס! קוס — קוס!

עס איז געוואָרן אַ כאַפּעריי מיט די הענט, מיט לעפל און מען האָט פון הונגער דאָס געשטופּט אין די מיילער מיט גרויס איילעניש.

ניסים האָט אויף אַ טעלער אַוועקגעלייגט עטלעכע לעפל פון דעם קוסקוס און דערלאַנגט דעם זעלנער זאָגנדיק דערביי מיט פרייד, ווי ער וואָלט צוגע־טראָגן אַ גוטע בשורה:

— אַ גוט מאכל, אַ סך טעמים, גוט פאַרן גומען און פאַרן מאָגן. ווייזט אויס, דער גוטער ווינט האָט אָנגעטראָגן צו מיין ווייבס אויערן היינט אַן אָנזאָג, אַז מיר וועלן האָבן אַן אורח.

פלוצלינג האָט ער זיך אומגעקוקט איבער דער שטוב און זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט איין האַנט ביי דער באָרד, דער שטערן האָט זיך געקנייטשט, זיינע שוואַרצע אויגן זיינען געוואָרן אָנגעפּולט מיט טרויער. ער האָט אַ מורמל געטאָן צום טיש פרעגנדיק:

— ווו איז צפורה? איך זע נישט צפורהן!

פון דעם קליינוואַרג ביים טיש האָט ווער געענטפערט:

— זי איז אַרויסגעגאַנגען זוכן איר חתן שמעון.

ניסים האָט פאַרביסן די ליפּן. ער האָט געוואָרפן אַ פאַרשנדיקן בליק אויפן זעלנער, מיטן לעפל געגעסן דעם געדיכטן קוסקוס און גערעדט ווי צום טעלער, צום אורח, צו זיך אַליין:

— צפורה איז מיין עלטסטע טאָכטער. זי האָט אַ טבע אַרויסצוגיין אויפֿ־זוכן דעם חתן אַזוי ווי עס פֿאַלט צו די נאַכט. זי וועט באַלד אַריינקומען. גאָט האָט איר באַשאָנקען מיט אַ סך חן. זי איז אַ צנועהדיק מיידל.

דער זעלבער האָט נישט געוווּסט וווהין דער מאַראָקאַנער ייִד צילט מיט זיינע ווערטער. ער רעדט צו אים, ווי צו אַן אייגענעם. זיי קענען זיך צומאָל נישט, נאָך אַ ווײַלע און ער, ברוך וועט אַוועק פֿון דאַנען, ווער ווייסט צי ער וועט אים נאָך אַ מאָל באַגעגענען. אינעווייניק אין לייב האָבן די געבלוטן געטריבן האַסטיק, הייס: אָט איז דאָ אין הויז אַ כלה־מיידל, אַמאָל האָט ער אויך געהאַט אַ כלה, געהאַט פֿלעגער חתונה צו האָבן, אויפֿשטעלן אַ דור. זי האָט געהייסן זעלדע, אַ בילד־שיינקייט געווען, די שענסטע אינעם שטעטל, איז אים, ברוכן, איינגעפֿאַלן אַ משוגעת, ער וועט אַוועק אין דער גרויסער וועלט. ער האָט דאָרט אינעם שטעטל נישט געזען קיין תכלית. אין שטוב איז די אָרעמקייט געוואָרן דריקנדיקער מיט יעדן טאָג, אין גאַס — געשלעגן מיט פּויילישע כוליגאַנעס; דאָס לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט אין אַ שיינעם טאָג און זיך געלאָזט קיין פֿראַנקרייך, אַפֿילו זעלדען נישט געזאָגט, אַז ער פֿאָרט אַוועק. ער איז געווען שטאַרק, יונג, מיט אַ ווילן — איינצושלינגען די וועלט.

— שמעון, איר חתן, איז געווען דער בעסטער רייטער אין איפּראַז, מיט די אייגענע הענט געקענט פֿאַרדינען אַ סך פּרוטות.

ניסימס רייד האָבן זיך אַריינגעריסן אין די געדאַנקען פֿון דעם זעלבער: פֿאַר וואָס דערציילט ער אים דאָס אַלץ?

אין פֿראַנקרייך האָט עפּעס נישט צוגעשפּילט מיט אַלעמען: געאַרבעט שווער, פֿאַרגעסן אין זעלדען, אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט, געלאָזט זיך וווילגיין, איינגעשאַפּט זיך פֿריינד, אַרומגעשלעפּט זיך מיט מיידלעך. די פֿריינד — קאָרטנשפּילערס, שלעגערס, אונטערוועלט־חברה. איין מאָל, אין יענעם פֿאַטאַלן טאָג: ער איז אַ שיכורער געפֿאָרן אין זיין אויטאָמאָביל מיט אַ מוראדיקער שנעלקייט און אומגעוואָרפֿן אַן עלטערע פֿרוי אויפֿן וועג. ער האָט זי שטאַרק צעשעדיקט און זי איז נאָך דעם געשטאָרבן פֿון די ווונדן. ער האָט זיך איבערגעגעבן דער פּאָליציי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נישט געווען זיין שולד: אַ נעפּל, די פֿרוי איז אַריבערגעגאַנגען דעם וועג, ווו מען טאָר נישט אַריבערגיין. ער איז אָפּגעקומען מיט איין יאָר תּפֿיסה. אַ יאָר פֿון פּייניקונג און צעריסנקייט. ווען ער איז אַרויס האָט אים אַלץ אויסגעזען נישטיק. דער ווילן איז געווען אַ געבראָכענער, ער איז געווען אַפּאַטיש צו אַלעם, נישט געוואָלט אָנהייבן פֿון דאָס ניי. די פּאָליציי האָט אים געוואָלט אַרויסשיקן

פון לאַנד. מען האָט גערעדט וועגן אַ נייער וועלט־מלחמה. ער איז אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר.

— איר האָט זיך שוין ווידער פאַרטראַכט, פרעמדער. מען טאָר דאָך נישט... ניסימס קול איז ווי אַ כריפּ פון אַ קאַליעדיקער פידל.

דער ייִד מיטן נאָמען ניסים, אַ מענטש וואָס ווייסט פון דער גרויסער וועלט בלויז אויף אַזוי פיל ווי אַ נאָגל די גרויס. שלעפּט לאָדונג, האָט אַ כאָפּטע קינדער, דאָס ווייב איז ביי אים אַלט, קראַנק, גייט אין שפּאַן, חלומט פון משיחן און פון פאַרדינען אויף אַ ביסל קוסקוס אויף שבת. דער דאָזיקער לייענט זיינע געדאַנקען.

די טיר האָט זיך געעפנט און עס איז אַריינגעקומען אַ מיידל.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם זעלנער. זי האָט געמאַכט אַ שריט אויף צוריק, ווי זי וואָלט וועלן צוריקלויפן. דער זעלנער האָט באַלד באַמערקט: אַ שיין פּנים, אַ געשניצטע נאָז, שוואַרצע אויגן, נאָר האָבן איצטער אויסגעזען פאַרוויינטע, זוכנדיקע, צעשראָקענע. אַזעלכע אויגן האָט ער געזען ביי שווער־פאַרווונדעטע זעלנער פאַרן טויט.

זי האָט אַ שטרעק געטאָן איר שיינעם פּנים צום פאָטער, צום טיש און צו קיינעם נישט:

— נישטאָ שמעון. איך האָב ביי אַלעמען געפרעגט ווו ער איז, אָבער קיינער ענטפערט מיר נישט. איך האָב אים געזוכט אין יעדן ווינקל.

ניסים איז אויפגעשטאַנען פון זיין שטול ביים טיש, צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער און אָנגעוויזן אויף דעם זעלנער. ער האָט גערעדט צו איר:

— מיר האָבן אַ גאַסט אין אונדזער שטוב, ביים שבתדיקן טיש. ער האָט היינט פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז אין שול אַריין, ווייזט אויס, אַז גאָט האָט האָט אים געפירט, ער זאָל מקבל־שבת זיין אין דער אַלטער שול און ער זאָל זיצן ביי אונדזער טיש. זיין נאָמען איז ברוך.

אויף דעם מיידלס פּנים האָט זיך אַ לייכטע רויטקייט צעשפּילט. זי האָט ווידער געכאַפּט אַ בליק אויף אים. אירע אויגן זיינען אַלץ געווען צעשראָקענע, זוכנדיקע. דער אייזל־טרייבער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט רייד:

— זי איז מיין עלטסטע טאָכטער צפּורה — האָט ער גערעדט אין דעם זעלנערס זייט — אויף אירע פּלייצעס ליגן שוין אַכצן ווינטערס און זומערס, מען זאָגט אויף איר, אַז זי איז אַ יפת־תואר, גאָט האָט זי געבענטשט מיט חן, שיינקייט און חכמה...

— מיט אַ פולער האַנט האָט ער איר דאָס אַלץ געגעבן — האָט דער זעלנער געזאָגט שטיל — איר זיינט אַ מזלדיקער מענטש, ניסים פון איפראַז.

זי איז צוגעקומען צום טיש. די חלבנע ליכט און די אויל־לעמפלעך, וואָס האָבן געהאָנגען אַראָפּ פון באַלקן, האָבן באַלויכטן איר פּנים. עס איז געווען לענגלעך, מיט אַ טונקעלער אַליוון־הויט, איבער איר שטערן האָבן זיך גע־הויבן כוואַליעס פעך־שוואַרצע האָר, וואָס האָבן אויסגעזען ווי טיפער בלוי. זי האָט גענומען עפּעס פון טיש און אָנגעהויבן עסן.

דעם זעלנערס מוח האָט געהאַמערט מיט פּיין: אַזוי האָט אויך זעלדע אויס־געזען. נאָר פאַר וואָס איז די דאָ אַזוי טרויעריק? די בליקן — בלאָנדזשענדיקע.

— אויב איך וועל נאָך בלייבן אין דינסט פון פּרעמדן־לעגיאָן, וועל איך זיך באַמיִען צו קומען אויף אייער חתונה — האָט דער זעלנער געזאָגט מיט אַ הייטער קול — איר וועט מיך פאַרבעטן צפורה?

— זי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. ניסים האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט שנעל גענומען ריידן.

— אַ חתונה? יאָ, אַלע ייִדן פון איפראַז וועלן קומען און טאַנצן אויף אונ־דזער חתונה. שמעון וועט זיין אַזוי פריילעך. ער איז דער בעסטער רייטער אין די בערג, דער בעסטער טענצער אויף אַלע חתונות. איר מוזט זיך מיט אים באַקענען. ער איז אַ שטאַרקער אַזוי ווי איר, אַ הויכער, אַ שיינער אַזוי ווי איר.

ברוך האָט געפילט אַ מוראדיקע בענקשאַפט. אין האַלדז האָט אים פאַר־שטיקט, אַ געוויין האָט זיך דאָרט געלייגט. ער האָט געטראַכט: אָט אַ ייִדיש הויז ערגעץ ביי דער מדבר, ערגעץ אין דעם פאַרוואָרפנסטן ווינקעלע פון דער וועלט, דאָ ווו עס גייען אָן אייביקע מלחמות, אייביקע שטורעם־ווינטן; דאָ ווו אויל־לעמפלעך און אַראַבישע קלעזמאָרים מיט פּרימיטיווע אינסטרו־מענטן, איז די העכסטע ציוויליזאַציע; דאָ אין דעם ייִדישן הויז איז דאָ אַזוי פיל שיינקייט פון שבת; אַ כלה־מיידל, ליכט אויפן טיש, און ווי ווייט ער איז פון דעם; שוין באַלד צען יאָר איז ער אין אַ פּעסטונג, צווישן מענטשן מיט פּנימער בייזע, שווייגנדיקע, איינגעעקשנטע, אַפּאַטישע, ווילדע. איינער ווייל נישט וויסן פון אַנדערן, יעדער פאַר זיך אַ באַזונדערע וועלט.

ער האָט מקנא געווען דעם מאַראָקאַנער ייִד, ניסים דעם אייזל־טרייבער, מיט זיין אָרעמקייט און גרויסן הויזגעזינד; ער האָט מקנא געווען צפורהס חתן שמעון, וואָס וועט נעמען פאַר אַ ווייב אַזאַ שיין מיידל. זיי וועלן אויפשטעלן דורות, היטן שבת און אפשר אין יאָרן שפּעטער ווידער איינלאַדן אַ ייִד צום שבתדיקן טיש, אַזוי אייביק, אייביק ווי עס איז דער ווינט אין מדבר, דאָס געשריי פון חיות אין די בערג, די ברענענדיקע טעג דאָ און די קאַלטע נעכט...

ניסים איז איצט געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מיט די הענט

האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט ביים ראַנד פון טיש. דעם זעלנער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער ייִד איז עפּעס געהויקערט געוואָרן אין דער לעצטער מינוט. אַ מוראדיקער טרויער קוקט אַרויס פון זיינע אויגן. פאַר וואָס? ער דאַרף דאָך זיין פריילעך, אַלץ אַרום אים איז ווי עס געהער צו זיין. אַזאַ ווי ער וועט קיין מאָל נישט האָבן קיין טענות צו דער וועלט. ער קען זיך באַנוגענען מיט אַ טרוקענעם פּלעצל, מיט אַ טליִענדיקן פּייער־טאָפּ, אויף וועלכן מען קען אָפּקאָכן עפּעס אָפּצועסן; באַנוגנט זיך מיט אַן אָפּגעשליסן בגד אויפן לייב, אַבי די אייזלען פאַלן נישט אין וועג און ער האָט נאָך כוח צו שלעפּן די משאות צוזאַמען מיט די אייזלען. ער האָט אַ שיינע טאָכטער; מען וועט אויפשפּילן ביי אים אין הויז די חתונה, עס וועט זיין אַ זאַטע סעודה...

פלוצלינג האָט ניסים זיך אַ ריס געטאָן פון טיש, צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער, גענומען גלעטן אירע האָר און גערעדט מיט אַ קול ווייך און שטיל:

— עס איז נאָך צייט צו טראַכטן וועגן דער חתונה, צפּורה. שמעון איז דאָך ווייט אַוועק! זייער ווייט. זוך אים נישט מער, גיי נישט אַרויס אין די פאַרנאַכטן. אַן אַנדערער וועט קומען, דיין באַשערטער וועט זיך אָפּזוכן...

דער זעלנער איז געווען גרייט אַוועקצוגיין. ער האָט געדאַרפט שפּאַנען עטלעכע מייל צו דער פעסטונג. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך צווישן צפּורהן און איר חתן, פאַר וואָס ער איז ווייט אַוועק? זי רעדט דאָך וועגן חתונה. ער האָט געדאַנקט דעם באַלעבאָס פאַר דער סעודה, פאַר דער פריידנשאַפט, ער האָט געדריקט צפּורהס האַנט, זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַזאַ בענקשאַפט און טרויער, אַז דער זעלנער האָט אַ ציטער געטאָן.

ניסים האָט געזאָגט:

איך וועל באַגלייטן דעם אורח פון געסל אַרויס.

ביידע מענער האָבן פאַרלאָזט די שטוב. דער הימל איז געלעגן אַ טיף בלויער איבער ביידן. פון דער וויטנס האָבן אין דעם בלוי זיך אויסגעשיילט די סילועטן פון די בערג, ווי טונקעלע קאָנטורן, קרומע און זיגזאַגיקע ליניעס אויף אַ נאָך טונקעלערן הינטערגרונט. אַ באַרג־חיה האָט געשריגן אין דער נאַכט אַריין; אַ בלאָנדזשענדיקער אַראַבער האָט אַ באָרוועסער געשפּאַנט אינעם געסל און אונטערגעזונגען אַ מאָנאָטאָן ניגונדל. ניסים האָט אָנגעכאַפּט דעם זעלנערס אָרעם און גענומען ריידן שנעל:

— ער איז טויט דער חתן אירער. שוין באַלד דריי חדשים טויט און זי וויל עס נישט וויסן. זי איז זיכער ער וועט צוריקקומען. זי איז נאָכגעגאַנגען זיין לוויה, אָבער זי זוכט אים יעדן פאַרנאַכט און טייל מאָל ביז שפּעט אין אָוונט אינעם געסל, ווו ער האָט געוווינט.

דעם זעלנער האָט זיך פאַרהאַקט דער אָטעם, נישט געקענט אַרויסברענגען

אַ וואָרט פון מויל. ער איז נישט געווען קיין שרעקעוודיקער, נאָר דאָס מאָל האָבן ניסימס רייד אים צעטרייסלט. דער אייזל־טרייבער האָט ווייטער גערעדט:

— אין אַ געשלעג מיט אונדזערע שכנים, צוליב אַ פּדיון איז עס אַרויס־געקומען. נישט קיין נייס ביי אונדז. שמעון האָט פריִער איינעם פון זיי גע־ממיתט. מיין טאָכטער דאַרף הילף פון גאָט, זי איז דערשראָקן, איר זעט דאָך...

ניסים האָט אָפּגעלאָזט דעם זעלנערס אָרעם און געלאָזט זיך גיין צו־ריק אַהיים.

דער זעלנער איז געבליבן שטיין אַ באַנומענער, ער האָט קוים געקענט מאַכן דעם ערשטן שריט צו דער פעסטונג.

ג

דער קאָפּ איז אים געווען פול מיט אַנלויפנדיקע געדאַנקען: ווי אַזוי איז עס געקומען צו דעם, וואָס ער איז היינט אַריין אין דער שול זאָגן קדיש, נאָך דעם זיין דער אורח ביים טיש פון ניסים דעם אייזל־טרייבער. צפּורה, וואָס זוכט דעם טויטן חתן? אַלץ אין דער וועלט האָט דאָך אַ סיבה, עס קייטלט זיך די קייט מיט צופאַלן און סיבות. וואָס האָט צוגעפירט, אַז ער, ברוך קראַמער, זאָל באַגעגענען צפּורהן? ער דאַרף נאָך זיין אַ האַלב יאָר צייט אין דעם פרעמדן לעגיאָן, אַזוי זאָגט דער קאָנטראַקט, נאָך דעם איז ער פריי. ער קען זיך באַוועגן ווו ער וויל. זיין זינד, זיין פאַרברעכן ווערט אָפּגעוואַשן אין די צען יאָר פון דינסט אין לעגיאָן, פון טויזנטער מאָל זיין אויסגעשטעלט אויף אַלע סכנות, אָן אַ שיעור מאָל זען דעם טויט פאַר די אויגן. ער איז באַרעכטיקט איצטער צו אַ ניי לעבן. אפשר בלייבן דאָ, אויסלייזן דאָס מיידל פון איר פּיין. און אַ גענעזונג וועט קומען אויף דעם אָרעמען הויז פון דעם אייזל־טרייבער ניסים? דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער אויספיר...

שטיקער פון אַמאָל, נעכטן, היינט אַלץ האָט זיך אין זיין קאָפּ צונויפגעמישט. שוין באַלד צען יאָר: אַ שיף האָט זיך געשלעפּט פון אַ פּאָרט אין דער שטאָט מאַרסעי צו די ברעגן פון צפון־אַפריקע, מיט אַ מחנה מענער אינעם עלטער פון צוואַנציק ביז פופציק יאָר.

דאָס זיינען געווען מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָבן גע־רעדט פאַרשיידענע לשונות, דאָס אויסזען פאַרשיידנאַרטיק. אַזוי האָט מען אַמאָל צונויפגעבראַכט שקלאַפן און זיי געפירט צו פאַרקויפן. זעלטן האָט איי־נער גערעדט מיטן אַנדערן. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ פאַרשלאָסן לעבן, אַ סוד; יעדער האָט געהאַט אַ טונקעלע פאַרגאַנגענהייט, אַ געשעעניש, אַ פאַר־ברעכן, וואָס איז געלעגן אויפן האַרצן ווי אַ באַרג, וואָס מען קען נישט אַראָפּ־

קייקלען. יעדער פון די מענער האָט פאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך, נישט געווען קיין צוריק. איצטער האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט קיין נאָמען, נאָר זיינען געווען בלויז נומערן. אַלע וועלן אויסגעשמידט ווערן פאַר אַן אַרמיי. ערגעץ ווייט לעבן דער מדבר. זייער לעבן וועט נאָך ווערן מער פאַרשלאָסן.

ברוך קראַמער האָט נישט געוווסט צי ער איז דער איינציקער ייִד אויף דער שיף. עס האָט אים אויך נישט אינטערעסירט. עס האָט אים נאָר אינטערעסירט זיין לעבן, וואָס באַשטייט איצט פון עסן, שלאָפן און אַנדערע מענטשלעכע קלייניקייטן; אויך ער האָט איבערגעריסן מיטן נעכטן, נישט געהאַט קיין שטרעבונגען, פאַרלאַנגען.

ער איז נאָך דעם געוואָרפן געוואָרן פון איין אָרט צום אַנדערן, פון איין פעסטונג צו דער אַנדערער; פון איין קאַזאַרמע אַרויס, אין דער אַנדערער אַריין. ער איז נישט געווען מער ברוך קראַמער, אַ ייִד פון פוילן, אַן אַוואַנטורניק פון פאַריז, אַ מענטש וואָס האָט שוין געטאָן אַ וועלט מיט מלאכות: געאַרבעט אין אַ צירק, אין קוילנגרובן, געווען אַ „סענדוויטש״-מענטש אויף די גרויסע בולוואַרן אין פאַריז און געהאַנדלט מיט אמתע דימענטן, און מיט פאַלשע; געווען אַ פעדלער איבער פראַנצויזישע שטעט און שטעטלעך, געווען אַ מאַרק-שטייער, צוזאַמען מיט צענדליקער ייִדן פון פוילן, גאַליציע, רומעניע; אַ שלעגער, אַ קאָרטן-שפּילער, אַ ווייבערניק. וואָס האָט ער אַלץ נישט געטאָן און איצטער איז ער איינעם פרעמדן-לעגיאָן בלויז אַ נומער.

יעדן פרימאָרגן האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פון די קאַזאַרמעס, ווו פאַר זייערע אויגן זיינען געלעגן גאָלדיק-ווייסע זאַמדן אונטער בלויע הימלען, בערג און פעלדזן; קליינע אַראַבישע הייזלעך מיט פלאַכע ווייסע דעכער און פון מיטן שטעטל אַרויס האָט זיך געהויבן דער מינאַרעט פון אַן אַראַבישן מעטשעט. יעדן טאָג געגאַנגען צענדליקער מיילן אונטער דער ברענענדיקער זון, געוואָרן געיאָגט און געפּלאָגט פון אונטעראָפיצירן, מענטשן — בייזע, פאַרביטערטע, אַכזריותדיקע, ספּעציעל צוגעקליבן מיט סאַדיסטישע נייגונגען, דייטשע אויסוווּרפן, פוילישע פאַרברעכערס, פראַנצויזישע אונטערוועלט-פאַרשוינען, וואָס האָבן פאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך; די פאַרברעכנס און געמיינע מעשים באַגראָבן אין זיך און דאָ האָבן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט אַרויסצווייזן וואָס זיי זיינען און ווער זיי זיינען, מיטן אמתן פּרצוף און כאַראַקטער.

ברוך קראַמער האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן. ער איז ניט געווען קיין פחדן. ער האָט זיך געשלאָגן מיט אַלערליי וואָפן, געשלאָגן זיך מיט אַלערליי מענטשן, מיט ווילדע אַראַבישע שבטים, אָנפאַלער, בלוט-גיריקע, אַוואַנטוריסטן, ריפן, בערבערן, אַראַבער פון די טיפענישן אין מאָראָקאָ, פון די בערגשפּאַלטן פון די ראַנדן ביי דער סאַהאַראַ. נישט ברוך קראַמער האָט געוווּסט,

זואָס זיי ווילן, פאַר וואָס איינער דעם אַנדערן מאָרדעוועט און אפשר האָבן זיי, די אָנפאַלער אויך נישט געוווּסט, וואָס דער ציל איז פון די געשלעגן. טויזנטער מאָל האָט ער געזען דעם טויט פאַר די אויגן און יעדעס מאָל גע־וואָרן אויסגעלייזט.

טעג האָבן זיך געקייטלט מיט טעג, חדשים מיט יאָרן. ער איז אַלץ גע־וואָרפן געוואָרן פון פונקט צו פונקט, און פאַר די לעצטע צוויי יאָר איז ער געשטאַנען אין דער פעסטונג עטלעכע מייל פון שטעטעלע איפּראַז. ער איז נאָך אַלץ געווען בלויז אַ נומער אין די הענט פון אָפיצירן און אונטעראָפי־צירן, ער האָט אַלץ פאַרטיידיקט פאַר פראַנקרייך, די גרויסע שטחים פון צפון־אַפריקע, צוזאַמען מיט אים נאָך ייִדן פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס אַזוי ווי ער, ברוך, האָבן זיי אַראָפּגענידערט אינעם תהום פון פאַרגעסונג. אויך זיינען דאָ געווען מענטשן, וואָס האָבן דורך יסורים געזוכט אַ וועג אויסגעלייטערט צו ווערן. ברוך האָט איינגעזען, ווי ווייט עס קען נידערן דער מענטש אין דער ירידה, ווי ווייט ער קען זיך אַליין אומברענגען, אָדער זיך דערהויבן.

די יאָרן אין קאַזאַרמעס: יסורים, פאַרגרעבטקייט, רציחה, בלוט־פאַרגי־סונג, מלחמות און אַכזריות, האָבן אים צו ביסלעך אויסגעלייטערט. ער האָט אויף קלאָר נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: אין אַ צייט אַרום קען ער ווערן באַפרייט פון פרעמדן־לעגיאָן. אויב ער וועט צוריקגיין צום אַמאָליקן לעבן, ווער וועט אים דעמאָלט צוריקהאַלטן פון זינד, פון ווילדע מעשים? אפשר גאָר בלייבן דאָ אין איפּראַז, חתונה האָבן מיט דער בלאָנדזשענדיקער צפורה, ער וועט זי אויסלייזן פון מרה־שחורה, פון יסורים. ער קען זי ראַטעווען. זי איז אויסטערליש שיין, זי וועט אים זיין אַ ווייב, ער, ברוך, וועט זיך פאַר־נעמען מיט טרייבן אייזלען, מיט האַנדל, ווערן איינער פון דער קליינינקער ייִדישער קהילה אין אַ ווייטן ווינקעלע פון דער וועלט, און דאָס וועט זיין דער ענטפער אויף צען יאָר מאַטערניש און פאַרגעסונג.

ער איז איצטער אין דער שפּעטער נאַכט־שעה נישט געווען אַליין אויפן וועג פון שטעטל איפּראַז צו דער — פעסטונג. נאָך זעלנער זיינען צוריקגע־גאַנגען פון גראָב־בייכיקן יאַזידס קאַפעי־הויז. איינער שיכורלעך, איינער האָט געזונגען, איינער האָט געשאָלטן דעם מאָרגנדיקן טאָג. ברוך איז געגאַנגען מיט זיי צוזאַמען. אינעם מוח האָט אים נישט אָפּגעלאָזט: עס האָט אַזוי צו־געפּירט. ער האָט דאָך היינט נישט געהאַט קיין יאָרצייט, נאָר עפּעס אַ וויל־דער כוח האָט אים געטריבן צו פאַרלאָזן היינט די קאַזאַרמע און אויפזוכן ייִדן, אַ מוראדיקע בענקשאַפט האָט אים געפייניקט, צו זען ייִדן, אַריינגיין אין אַ

שול, ניסימס הויז, דער שבתדיקער טיש. עס איז אַזוי ווי מען וואָלט אים געפירט צו אַ זעאונג מיט אַ כלה.

צפורה איז זיין באַשערטע. שמעון איז טויט. איצטער וועט ער, ברוך, זיין דער חתן...

ד.

ער האָט זיך שוין נישט געקענט קיין אָרט געפינען. ער האָט געבענקט נאָך דער מיידל, וואָס זוכט איר טויטן חתן.

ווידער זיינען אָפּגעלאָפן טעג און וואָכן. ער האָט נישט געקענט זיך אַרויסרייסן פון דער קאַזאַרמע און צוגיין קיין איפּראַז זען צפורהן אין ניסימס שטוב. ער האָט זיך געטרייסט: אין געציילטע חדשים וועט ער זיין פריי. אַלץ וועט ווערן אַראָפּגעוואָרפן פון זיינע פּלייצעס, ער וועט צוריק ווערן ברוך קראַמער, די צען יאָר אינעם פרעמדן-לעגיאָן וועלן ווערן אויסגעמעקט פון זיין לעבן. עס איז דאָך נישט מער געווען ווי אַ שוואַרצער פלעק.

עס זיינען דעמאָלט געווען אומרויִקע טעג אין צפון־אַפריקע. די אומרועס האָבן זיך געטראָגן מיט מלחמה־געשריי פון שטאָט צו דאָרף, פון באַרג צו טאָל, פון די ים־ברעגן צו די ראַנדן פון דער סאַהאַראַ. די קאַזאַרמעס און פעסטונגען פון די פראַנצויזישע סאָלדאַטן, זיינען געווען טאָג און נאַכט באַ־דראָט פון אַראַבישע אַנפאַלער, פון גוט־געאיבטע בערבערן, ריפן, בערג־שבטים, וואָס האָבן אויף פערד מיט שווערד, ביקס און מעסער זיך אַראָפּגעלאָזט פון די בערג־שפּאַלטן זיך שלאָגן און פאַרטרייבן דעם פראַנצויזישן זעלנער, וואָס גרייכט די סאַהאַראַ, די בערג, דאָס גאַנצע לאַנד.

עס זיינען געווען שווערע טעג פון מלחמה.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען אַרויסגעטריבן אין ווילדער איילעניש הונ־דערטער זעלנער פון דער פעסטונג לעבן איפּראַז און געיאָגט זיי צענדליקער מיילן אונטער דער ברענענדיקער זון. צווישן זיי איז געווען ברוך קראַמער. ער האָט שוין איצטער געטראַכט כסדר פון דעם מאָרגנדיקן טאָג, בלויז פון מאָרגן, ער וועט באַפרייט ווערן, נעמען ניסימס טאָכטער פאַר אַ ווייב און וועט באַפרייט ווערן פון יסורים, פון בענקשאַפט, אַ רויִקייט וועט אים איינ־הילן. זיכער וועט צפורה אים נעמען פאַר אַ מאַן. אַ געגעזונג וועט אויף איר קומען. ער האָט געזען אין אירע אויגן באַגער און בענקשאַפט, זי האָט אויף אים געקוקט מיט ליבשאַפט. זי קען נאָך געראַטעוועט ווערן פון אירע האַלו־צינאַציעס און בענקשאַפט צו דעם טויטן חתן.

אויפן צווייטן טאָג איז ער מיט הונדערטער אַנדערע זעלנער געבליבן שטיין ביי אַ קלענערער פראַנצויזישער פעסטונג אויף דער גרענעץ צווישן

מאַראָקאָ און אַלזשיר. אַרום און אַרום האָט זיך געזען אַ ריזיקער זאַמד־שטח וואָס האָט געבלענדט די אויגן מיט זילבער־גאַלדיקע כוואַליעס. אויף מיילן האָט מען נישט געזען אַ בוים, אַ גרעזל, אַ פלאַנץ. אינאיינעם מיט דער גרופּע אויסגעמאַטערטע זעלנער האָט ער פאַרטיידיקט די פעסטונג קעגן אַ שטאַרקן גוט־באַוואָפנטן אָנפאַלער, וואָס האָט זיך מיט ווילדקייט אַראָפּגעלאָזט פון די בערג און געצויגן עטלעכע מייל דורך פייער און שווערד צו אַ מענטשלעכן ישוב דורך דעם שטיק מדבר. ברוך קראַמער איז געווען צווישן די פרישע כוחות, וואָס זיינען דאָ געוואָרן אַריינגעוואָרפן אָנצוהאַלטן די פּאָזיציע ביז עס וועט אָנקומען אַ גרעסערע פראַנצויזישע מיליטערישע פאַרשטאַרקונג.

עס איז געווען אַ ביטערע שלאַכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. די מחנה זעלנער איז דורך די אַראַבישע בערג־חילות געוואָרן אָפּגעשניטן פון אַלע זייטן, עס האָט אויסגעפּעלט וואַסער, אַמוניציע. דער אָנפאַלער איז געווען גרויס אין צאָל און אין כוח. די קליינע פעסטונג האָט נישט אויסגעהאַלטן און געפאַלן.

ברוך קראַמער איז אומגעקומען אין מיטן פון נייע האַפענונגען, ווען ער איז שוין געווען ביים ראַנד פון אָפּקומעניש פאַר זיינע זינד, ווען ער האָט פון דער נידעריקסטער נידער געזאָלט אויפשטייגן צו אַ פּשוטער הויך פון יעדן מענטשנס גאַרונג פון „בזעת אַפּיך תאכל לחם"...

ניסים דער אייזל־טרייבער פון איפראַז האָט זיך נישט טועה געווען אין זיינע טראַכטענישן וועגן דעם פרעמדן זעלנער, וואָס איז געקומען פרייטיק צו נאַכטס זוכן אַ תיקון פאַר זיינע בלאָנדזשענישן: אַזעלכע מענטשן אָן אַ נאָמען פאַלן ערגעץ אָדער אויף אַ שלאַכט־פעלד, ערגעץ אין אַ מדבר, ערגעץ אויף אַן איינזאַמען וועג, ערגעץ אין אַ פרעמדער גאַס. קיינער ווייסט זיי נישט, קיינער הערט זיי נישט, קיינער האָט נישט געוווסט פון זיי בעת זייער עקסיסטענץ, אַפילו דער נאָמען זייערער וואָס איז באַהאַלטן און דער קלאַנג פון דעם נאָמען, ווערט קיין מאָל נישט געהערט, ווערט נישט בעל־פּה און נישט בכתב ערגעץ דערמאָנט, אַזוי ווי מען ווייסט נישט, מען דערמאָנט נישט און מען דערזעט נישט אַ זעמדל וואָס ווערט געטראָגן אינעם געפייף פון ווינט.

דער אָ, ברוך קראַמער, דער בלאָנדזשענדיקער ייִד פון ערגעץ אַ שטעטל אין פּוילן, וואָס האָט געזוכט און געפונען פאַרגעסונג און זיין נאָמען איז צעריבן און צו נישט געוואָרן אין די קאַזאַרמעס און אויף די מדבר־פעלדער פון פראַנצויזישן פרעמדן־לעגיאָן, האָט נאָך געהאַט אַ זכיה — אַזוי וואָלט ניסים פון איפראַז אויסגעטייטשט צום גוטן — געווען אין שול פרייטיק ביים דאַווענען, געהערט ברכות, געזאַנגען, קידוש און קדיש, נאָך דעם געזעסן

ביי אַ ייִדישן טיש און טועם געווען פון שבתדיקע מאכלים. די נשמה זיינע וועט אַ מאָל, אַ מאָל אויסשיילן זיך פון טויזנטער אַנדערע און פון דער ווייטער, מדבר־ווייט וועט זי קומען און אָנקלאַפּן אין ניסימס טיר. קומען וועט די נשמה אין אַ פרייטיק צו נאַכטס צו דער שבתדיקער סעודה און זוכן צפורהן, ניסים וועט די נשמה אויפנעמען מיט גרויס כבוד און וועט ביי זיין טיש געפונען אַ תיקון.

# ווי צוויי טראָפּנס וואַסער

ווינטער פאַרנאַכט אין ניו־יאָרק.

מענטשן האָבן זיך געיאָגט אַהיים פון דער אַרבעט, ווער צו ווייב און קינד, צו אַ געגרייטן טיש, צו היימישקייט און פאַמיליען־פרייד, ווער צו אַן איינזאַם צימערל, צו די פיר ווענט אין אַן אַלטן ציגלנעם הויז איבערצוקומען אַ פּאָר שעה וואַכקייט, אַ לאַנגע נאַכט פון בייזע אָדער גוטע חלומות, ווער צו קיינעם נישט, בלויז צום אייגענעם שאָטן.

אויך איך האָב זיך געאײַלט אַהיים נאָך אַ שווערן טאָג און געדאַרפט האָב איך פאָרן אַ דריי צענדליק בלאָקן. ערגעץ אויף בראָדוויי בין איך אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַ פול־געפּאַקטן אויטאָבוס און געבליבן הענגען צווישן אַ מחנה מענטשן מיט מידע, בייזע, טעמפּע, אַפּאַטישע און אויך גוטמוטיקע פּנימער. יעדער פון דעם מענטשן־געפּאַק האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט אַרום זיך מאַכן אַ ביסעלע באַקוועם אין דער ענגשאַפט פון לייבער, שווערע מלבושים, ריחות פון שווייס און גרויסשטאָטישער פרעמדקייט.

איין האַנט מיינע האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג דערגרייכט דעם אויבערשטן מעטאַלענעם שטאַנג און אַרויפגעפאַלן אויף אַ האַרטער מענער־האַנט, וואָס האָט זיך אַ טרייסל געטאָן זיכער פון דעם, וואָס מיין האַנט האָט נישט ווילנדיק באַרירט. דער שווערער איבערגעוואַקסענער קערפּער פון דעם מאַן האָט מיך אַ שטויס געטאָן מיט רוגזה, בין איך שוין גרייט געווען צוריקצושטויסן, ווי געוויינלעך אין דער ענגשאַפט פון אַ ניו־יאָרקער אויטאָבוס, אָדער סאָבוויי, נאָר אין דער רגע איז מיינס אַ בליק געפאַלן איבער זיין פּנים און איך בין געשטאַרט געוואָרן: דער מאַן איז געווען בלינד און דער ווייסער שטעקן האָט געקלעמט אין זיין צווייטער האַנט. איך האָב זיך פאַרשעמט און געגומען שעפּטשען נאַרישע ווערטער פון אַנטשולדיקונג.

איצט האָבן מיינע בליקן, אויף ווי ווייט מיין קאָפּ האָט זיך געקענט באַוועגן אין דער ענגשאַפט, געגומען בלאָנדזשען איבער דעם עולם קעפּ: יונגע

מיידלעך מיט שמייכלדיקע אויגן, מיט מידע אויגן און אויף דער שנעל גע־שמינקטע פּנימער; עלטערע פרויען מיט אַ מידער בלאַסקייט, מיד פון אַרומ־וואַנדערן איבער די „דעפּאַרטמענט־סטאָרס״, איינהאַנדלענדיק מציאות; גע־גערטעס מיט פולע פּנימער, צעקנייטשטע פּנימער, מיד פון אַרבעט און פון טאָג. אויך מענער מיט גלייכגילטיקע בליקן, טעמפּע, גרויע.

פון דער וויטנס האָב איך אויפגעכאַפּט אַ געטאָקט בעזל פון אַ יונג מיידל מיט אַ געלאָקטן קאָפּ ברוינלעכע האָר. דאָס מיידל איז געזעסן ביי אַ פענצטער און אַרויסגעקוקט אין פאַרביילויפנדיקן דרויסן. אין דער ערשטער רגע האָט איר פּנים מיר אויסגעזען קענטלעך, ווי מען זעט טייל מאָל פאַרביישוועבן אַ פּנים און עס גיט אַ שלאָג אין מוח אַ גאַנצע וועלט מיט געשעענישן פון אַ נאָענטן אַמאָל. איך האָב דערבליקט אירע אויגן, דעם אויסבויג פון אירע פּליי־צעס און האָב אין זיך געשעפּטשעט: דאָס איז דאָך רבקהלע שטיין... מער ווי צוואַנציק יאָר זי נישט געזען. זי האָט זיך גאָר נישט געענדערט, אַ האָר נישט...

זי האָט מיך נישט געקענט זען צוליב דער מחנה צונויפגעקוועטשטע מענטשן. איך האָב געוואָלט מיט איר זיך באַגריסן, נאָר גיי גיב זיך אַ ריר, אַז דאָ שטופּן זיך אַרייַן קנוילן מענטשן ביי יעדן אָפּשטעל, און יעדער גוף ווערט איינגעמויערט צווישן צעפּאַרעטע לייבער און ווינטער־מלבושים. אין אַ שווינ־דלדיקער, רגעדיקער זיגזאַגיקייט זיינען מיר אין זכרון, אין אַ קאָשמאַר־זעונג פאַרביי גאַלעריעס מענטשן, אַ וועלט מיט געשעענישן, סצענעס אין אַן אַ צאָל טראַגישע וואַריאַציעס. אַ ריזיקע בינע מיט מאַסן־סצענעס, טויזנטער, טויזנטער אַקטיאָרן שפּילן אויס: לעבן, טויט, מסירת־נפש, גרויל, געוויין, מאַסקעס, מאַסקעס פון טראַגעדיע, גראָטעסקע, מאַקאַברישע און די בינע איז: לענדער, ימים, לאַגערן, קאָנסולאַטן, קאַפּע־הייזער, תפיסות, פּאָליציי, דייטשן. דער הינ־טערגרונט: שרעק, שרעק, שרעק.

אַ פּאָרט־שטאָט אין פראַנקרייך, ביי דער שפּאַנישער גרענעץ, אין די ער־שטע טעג, ווען די דייטשן האָבן פאַרפּלייצט דאָס לאַנד:

הונדערטער, טויזנטער צוזאַמענגעלאָפענע יידן פון אַלע עקן וועלט. יעדער וויל ראַטעווען דאָס בידנע לעבן, וואָס האַלט זיך איצטער קוים אין אַ מידן, געפּייניקטן גוף. פון איין זייט — דער ים מיט זיינע דראָענדיקע כוואַליעס אין אַן אומענדלעכער, נעפּלדיקער וויטקייט; פון דער צווייטער זייט — די ריזיקע פּירינייען־בערג מיט די אייביק־באַשנייטע שפּיצן, וואָס זילבערן אין בלויקייט און דעם פלאַמענדיקן גאָלד פון דער זון. פון דער דריטער זייט — די שפּאַ־נישע גרענעצן פאַרשלאָסן אויף זיבן ריגלען. פון הינטן דער — דייטש, אַ ליאָדע שעה קען מען אַריינפאַלן אין זיין צעיושעטן פּיסק.

**אין דעם לויפעניש און בהלה האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען רבקהלען:**

אַן אויסגערונדיקט פּנים, גרינלעכע מאַנדל־אויגן, אַ פּאַרריסן נעזל, אַ גלאַטער שטערן און די האָר פון קאָפּ פאַלן איבערן נאַקן אין לאָקן־קרייזן, מיטל־ווּוּקסיק, בויגעוודיק. אויפן פּנים — אַ שמייכל און דער שמייכל שפּילט אין דער בלייכ־קייט און זי איז פאַרמאַטערט. זי האָט זיך געהאַלטן נעבן אַ מיטליעריקער פרוי און זי גערופן: מאַמע. די פרוי איז קוים געשטאַנען אויף די פיס, וואָס זיינען געווען געשוואָלן און געדראָלן. דאָס פּנים און די אויגן פון דער מאַמען — טרויער, מידקייט, אַז מען האָט געקענט זען דאָס ביסל חיות עקט זיך ביי איר. אַ וואָרט צו אַ וואָרט — איך האָב זיך באַקענט מיט דער קליינער משפּחה שטיין. איבער צוויי וואָכן לויפן זיי דורך גיהנומס און טויט־סכנות. לויפן פון פּאַריז מיט נאָך טויזנטער יידן. דער מאַן, רבקהלעס פאָטער, איז געבליבן אין פּאַריז, און ווער ווייסט, אויב ער לעבט. געווען צו שפּעט, מען האָט אים פאַרהאַלטן. עס איז דאָך אַלע מאָל צו שפּעט. זיי קוקן זיך אויס די אויגן, אפשר קומט ער. די מאַמע איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן איר טאָכטער, די אַכצן־יעריקע רבקה, וואָס האָט שוין נעכט גאַנצע נישט געשלאָפן, נישט דערעסן, געשלעפּט זיך איבער פעלדער, וועלדער, דערפלעך און דייטשע עראָפּלאַנען האָבן כסדר באָמבאַרדירט די וועגן, געטויט מיט מאַשין־ביקסן די לויפנדיקע מענער, ווייבער, קינדער וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די מאַמע האָט געשעפּטשעט אַ געבעט און נאָך אַ תפילה צווישן די צרות און בהלה:

— גאָט, גיב כוחות און געזונט מיין רבקהלען, באַהיט און באַשיץ איר יונג לעבן. מיט מיר קענסטו טאָן אַלץ, נאָר באַהיט זי פון אַלעם שלעכטן.

די מאַמע האָט נישט געלאָזט פאַלן קיין איינציק וואָרט וועגן איר אייגענער מידקייט, וועגן אירע אָנגעשוואָלענע פיס, וועגן דעם הונגער אין די געדערים. איר גאַנצע זאָרג איז געווען רבקהלע, דער שוואַרצאַפּל פון איר אויג.

דער טאַטע איז נישט אָנגעקומען. די לעצטע רגע פאַרשפּעטיקט. אַ פראַנ־צויזישע שלעפּשיף האָט אונדז דעמאָלט אויפגענומען. עטלעכע הונדערט מענטשן געווען. מענטשן אין אַ מישמאַש פון לשונות, גלויבנס, לענדער האָבן זיך געשלעפּט אויפן צעברויזטן אָקעאַן אין אַ שיפל, וואָס האָט זיך געוואָרפן ווי אַ שאָלעכץ פון אַ נוס. נישט געווען קיין שפּייז, קיין טרינק־וואַסער. עס האָבן געלויערט דייטשע סובמארינען, טאָרפּעדאָס, שפּאַנישע ים־וואַכן און געגוג צרות. אויף דעם שיפל איז געווען די מאַמע מיט איר געצערטלטער טאָכטער. דאָס מיידל האָט זיך איינגעשאַפּן פון ערגעץ אַ לייטיש קלייד, וואָס האָט גראַציעז געהילט איר שלאַנקן קערפּער, אירע זיידענע האָר האָבן געפלאַטערט אינעם רעגנדיקן ווינט. איר פאַרמאַטערט פּנים האָט זיך געראַויטלט און די אויגן האָבן געבישטערט אין אַלע זייטן.

צווישן דעם אָנגעלויף פון מענטשן, זיינען געווען יונגע בחורים און מייד־לעך, פרעמדע איינע דעם אַנדערן און דאָ אויף דער שלעפשיף, זיינען זיי גע־וואָרן נאָענט איינער דער אַנדערער. אַ ביסל פאַרשייט, פאַרליבט. די וועלט גייט דאָך סיי ווי אונטער .

רבקה האָט זיך באַקענט מיט אַ בחור. אויסגעזען עלטער פון איר. אַ צע־שאָבן פנים, זייער אַ הויכער איז ער געווען, מיט גרויע שפּאַרבער־אויגן, אַרומגעגאַנגען אין אַ רעגנמאַנטל. ער האָט זי שוין נישט אָפּגעלאָזט — צוויי פאַרליבטע. די מאַמע האָט געציטערט איבער איר און איצטער איז איר צו־געקומען אַ נייע שרעק: ווער איז ער? צי איז ער כאָטש אַ ייד? פון וואַנען קומט ער? אַז ער איז אַ ייד האָט זי זיך אַליין נאָכגעגעבן, ווען נישט וואָלט ער דאָך נישט געלאָפן פון דייטש אין דער הוילער וועלט אַריין.

נאָך אַ צען טעג וואָגלען אויפן ים זיינען מיר אָנגעקומען צו אַ פּאָרט אין צפון־אַפריקע. אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין ענגעביידלעך פון שטרוי און שטיי־נער, שמוץ, ענגשאַפט, שטויב. רבקהלען האָבן די אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן און סכנות איבער אונדזערע קעפּ נישט געאַרט. זי איז געווען פאַרליבט אין דעם הויכן, געשטופּלטן יונג, מיט דער ריזיקער טשופּרינע האָר, מיט די גרויע אויגן, געלעכטער און רייד אין עטלעכע לשונות. זי האָט זיך געטוליעט צו אים און זיינע רייד, אויסטערלישע רייד, פאַנטאַסטישע וועגן געשלעגן, לענ־דער, אָקסן־קאַמפן, פרייז־שלעגער, פויסט־העלדן. אין זיינע רייד איז געווען זיכערקייט און שטאַרקייט. דער יונג האָט זי באַטראַכט פאַר זיין כלה און זי אים, פאַר איר צוקונפטיקן מאַן, אין וועלכן לאַנד זיי זאָלן נישט אָנשפּאַרן.

די צאַרטקייט און די ציטערדיקע פרייד האָט אַרויסגעפלאַטערט פון איר און אַרום איר. זי האָט גאָר גערעדט צו אים וועגן פּאָעזיע, קונסט, מוזיק. ער האָט אויפגעכאַפּט מיט אַ געלעכטערל אַ וואָרט דאָ און דאָרט. ער האָט זי גע־קושט און געברומט:

— ביסט נאַיוו, מיין טייערע. די וועלט דאַרף דאָס נישט.

— די וועלט?

— איך און דו איז היינט די וועלט. מאָרגן קען קומען אַ מבול און עס וועט קומען — אַזוי האָט ער געטענהט.

רבקהלעס מאַמע איז עפּעס יאָ געווען גליקלעך און עפּעס נישט. פון איר מאַן האָט זי נישט געהערט, אַ מהלך רב פון אַן אָקעאַן טיילט זי אָפּ פון אים. ווער ווייסט? זי זאָל חלילה נישט האָבן אין מוח אַ פינצטערן געדאַנק, זאָל זיך גאָט איבער איר און דער איינציקער טאָכטער מרחם זיין. זי האָט אין דער תפילה פון בעטן לעבן פאַרן מאַן און פאַר אַלע יידן, געדאַנקט גאָט, וואָס איר טאָכטער לעבט און איז דערווייל באַשיצט. און דער זיווג אירער? מן הסתם

איז דאָך אין הימל אָנגעצייכנט... פּערציק טעג אידער דער מענטש ווערט געבוירן, ווערט דאָך שוין אָנגעצייכנט. אפשר וועט צוערשט גאָט, נאָך דעם דער באַשערטער זי באַשיצן? זי האָט זיך געווישט די טרערן פון די אויגן, נישט געוווּסט צי פון פרייד אָדער טרויער...

***

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון דעם קנויל געדאַנקען. דער אויטאָבוס איז ערשט געהאַט אָפּגעפאָרן עטלעכע גאַסן. אין דעם ברעקעלע צייט, האָב איך אין זכרון איבערגעפּיבערט יאָרן לעבן. איך האָב געקוקט אויף רבקהלען, וואָס איז געזעסן נעבן אַ פרוי און מיינע אויגן האָבן קוים אויפגעכאַפּט אַ לאָק גרויע האָר פון אַ היטעלע איבערן קאָפּ פון דער פרוי. דאָס איז זיכער די מאַמע אירע. אָט וועל איך באַלד הערן דער מאַמעס זיפצן און רייד צו גאָט און צו קיינעם נישט. רבקהלע האָט אין דער רגע אויפגעהויבן איר רעכטע האַנט צו פאַרריכטן אירע זיידענע האָר, וואָס האָבן זיך געטורעמט איבערן קאָפּ אַרויפצו. אויף איינעם פון די פינגער האָט אַ פינקל געטאָן אַ דימענט פון אַ נישקשהדיקער גרויס, וואָס האָט זיך אין דער רגע צעברענט קעגן די עלעקטרישע לעמפּלעך מיט אַ רעגנבויגן קאָלירן און טענער, אַזש עס האָט מיר אַ בלענד געטאָן אין די אויגן, הגם איך בין געווען אָפּגערוקט אויף אַ שטיקל שטח. עס האָט אַ בליץ געטאָן מיט אַ רייכקייט איבער אירע האָר פון קאָפּ, וואָס האָט פאַרטונקלט דעם גרינלעכן בליאַסק פון אירע אויגן. איך האָב זיך געוווּנדערט: אַזאַ טייערער דימענט? ווי קומט עס צו איר? האָט ווער זי באַגליקט מיט אַן אוצר? און אפשר יאָ, עס איך דאָך אַמעריקע...

ווידער האָבן מיך די געדאַנקען אַ כאַפּ געטאָן און פאַרטראָגן אין ווייטע ערטער, אין ווייטע צייטן:

פרעמדע שטעט, פרעמדע מענטשן, בייזע פּאָליציי־קאָמיסאַרן ערגעץ אין פאַרוואָרפענע שטעטלעך פון צפון־אַפריקע. הינט, טעג און נעכט אין די ענגע קאָרידאָרן ביי קאָנסולאַטן אויסבעטלען, אויסוויינען אַ שטיקל וויזע; טעג און נעכט אין פינצטערער, אָדער האָפענונגספולער דערוואַרטונג אויף אַ שיף. שרעק, טרויער, פרעמדקייט, עלנט, וואַלגערונגען אין הקדשים, אויסגעשטעלט צו טובות, צווייפל, דעפּרעסיע, זעלבסטמאָרד־געדאַנקען, וואָס לאָזן נישט אָפּ... הײַנט, מאָרגן ווערט מען פאַרשיקט אין דער ברענענדיקער סאַהאַראַ, בויען באַנען, לייגן וועגן און דער טויט לויערט מיט טויזנט אויגן. נישטאָ קיין אַנטרינונג...

נאָך דעם אין געלויף פון צוויי יאָר — די ברעגן פון ניו־יאָרק... אַמע־

ריקע. אויסגעחלומט און אויסגעוויינט לאַנד, אין אָן אַ שיעור תפילות, וואָס זיינען דערגאַנגען צום טויער פון רחמים אין הימל, זיך אויסגעבעטן און אויס־געיאָמערט... אַמעריקע.

רבקהלע, איר מאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט אין דער שטאָט קאַסאַבלאַנקאַ, די מאַמע מיט איר טרויער און טרייסט. די שטילע פרוי וואָס האָט שוין פון איר מאַן נישט געהערט, ווייזט אויס, נישט געקענט אויסבעטן ביי גאָט דעם מאַנס לעבן און אויך דער טאָכטערס לעבן. מילא, איר אייגן בידנע, ביסל חיות איז איר וויניק אָנגעגאַנגען, נאָר צו פיל מתנות ביי גאָט האָט זי נישט געקענט אויסוויינען, נישט מיט תהילים און נישט מיט בלייכע ליפּן, נישט מיט געבעט. אַלע זיינען זיי אָנגעקומען צו די ברעגן פון אַמעריקע. איצטער האָט די קליינע פרוי געדאַרפט אויסוויינען ביי גאָט גליק פאַר איר טאָכטער און איידעם, וואָס רעדט אַלץ פון געשלעגן, די טשופּרינע ביי אים צעשויבערט, שמייכלט קרום און דער שמייכל זאָגט נישט אָן קיין גוטס.

ערשטע חדשים אין ניו־יאָרק. יעדער איז פאַרנומען מיט געמאַכטן אימ־פּעט, געיעג, אילוזיע, מיט טרויער און פרייד, עפּעס אַריינכאַפּן, דערגרייכן דעם ערשטן טריט בלויז, דעם ערשטן אָנלען כאָטש צום ערשטן שטאַפּל פון לייטער, וואָס איז אַזוי הויך, אַזוי אומדערגרייכבאַר און קיין גוטע מלאכים גייען נישט אַלע מאָל אויף אים אַרויף און אַראָפּ... איך האָב די קליינע משפחה אין ניו־יאָרק נישט געזען און נישט געהערט.

די אַדרעסן האָבן מיר עפּעס יאָ געהאַט און עפּעס נישט. דאָך, אַזוי פיל פרעמדע מענטשן באַגעגנט אין דער גרויסער צעאַקערטער וועלט פון פּיין. פאַרגעסן...

איין מאָל אַ פרימאָרגן: דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען אין מיין צימערל:

— דאָס רעדט גאָלדע שטיין... איר זיינט דאָך אַ פריינד פון מיין רבקה־לען... איר מאַן... — איר קול אַ וויינענדיקס. די ווערטער אַרויסגעקרעכצטע דורכן האַלדז. האַקן זיך איבער ווי דער שאַרף פון אַ מעסער. עס איז אַ כריפּ פון אַ פידל און אַ בראָך אין די רייד:

— וואָס איר מאַן?

— געשטאָרבן. היינט איז די לוויה, קומט צו... מען ווייסט נישט... ער איז געוועזן אַ ייִד. אַזוי האָט ער געזאָגט פאַרן טויט.

— אַזוי יונג און?... — האָב איך געפרעגט מיט שטאַרנדיקער שרעק.

— פרעגט נישט. אַן אומגליק געוועזן זייער חתונה... ער איז געוועזן נישט קיין לייט. דאַכט זיך, אַ ייִד אַפילו נישט געוועזן... נאָר געשלעגן און עפּעס טונקעלע געשעפטן. איך ווייס נישט... פרעגט נישט... אַ ביטער אומגליק זיך

אויסגעגאָסן אויף מיין רבקהלען. אין תפיסה איז ער געשטאָרבן. גאָט האָט אונדז געשטראָפט, ווייל מיר זיינען געווען אַזוי איבערגעאיילט, געיאָגט זיך נאָך... איך ווייס אַליין נישט נאָך וואָס. מיין מאַן האָבן די דייטשן אומגעבראַכט און דאָ... ער, אַ יונג פון ערגעץ... מען טאָר דאָך נישט ריידן קיין שלעכטס אויף אַ טויטן, נאָר רבונו־של־עולם שטראָף מיך נישט פאַר די רייד. פאַר וואָס איז דאָס געקומען מיין קינד? פאַר וועלכע זינד?... זי האָט אַ טעכטערל איז עס צו גאָט און צו לייט, אַ בריליאַנט... קומט צו דער לוויה. מיר זיינען אַזוי אַליין. יאָ, פון דער תפיסה לוויה־הויז.

זי האָט מיר געגעבן אין טעלעפאָן אַן אַדרעס פון אַ לוויה־זאַל און אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

אַ טויטע שטומקייט אַרום מיר.

איך דערמאָן זיך: עפּעס געלייענט אין די צייטונגען, וועגן געשלעגן, שווינדלערס, געשלעג מיט אַ ניו־יאָרקער פּאָליציימאַן. דאָס איז ער... היינט איז די לוויה.

יאָ צוגיין, אָדער נישט? איך האָב זיך געוואָקלט. און איך בין געקומען צו דער לוויה. מען טאָר נישט אָנוואַרפן פאַרשעמטקייט. אַלץ איז צו אָפן. אַזוי פיל עלנטקייט. די לוויה: קוים אַ מנין מענטשן. ליכטער. צוויי פּאָליציי־לייט. רבקהלע איז פאַרוויינט. אירע זיידענע האָר באַדעקט מיט אַ טוך. די מוטער אירע האַלט זי אונטער.

זיי האָבן אויפגעכאַפּט מיין בליק אין דער וויסטער עלנטקייט. אַ בליק פון טרייסט, אָדער באַדויער. עס האָט מיר געדוכט, אַז איך הער דאָס שעפּטשען: „גאָט באַהיט און באַשיץ רבקהלען״...

***

ווידער האָב איך זיך איצט אויפגעוועקט, אויפגעטרייסלט פון די אָנלויפנדיקע געדאַנקען. דער אויטאָבוס איז געהאַט אָפּגעלאָפן איבער אַ צענדליק בלאָקן. אַרום אַן ערך פון אַכט מינוט. איך האָב זיך צוגעקראָגן צו דער באַנק, ווו רבקה שטיין איז געזעסן מיט דער מוטער אירער. איך האָב אַ מונטערער פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש נאָך קנאַפּע צוואַנציק יאָר צייט — אויסגערופן:

— העלאָו, רבקהלע, וואָס מאַכסטו?

די פרוי האָט האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אויך די מאַמע אירע — דאָס פּנים עפּעס נישט אַזוי געעלטערט, נאָר מיט קנייטשלעך אַרום די מויל־

ווינקלען, אויגן, מידע, שטילע, האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג. זיי דער־קענען מיך נישט — האָב איך געטראַכט.

— אַ וועלט מיט יאָרן דיך נישט געזען, רבקהלע — האָב איך זיך צעוואַ־רעמט אין רעדן — זעסט אויס וווּנדערלעך, שענער און יינגער געוואָרן — באַלד האָב איך אין מיין פאַרכלינענדיקייט גערעדט צו דער מוטער — און איר, וואָס מאַכט, פרוי גאָלדע שטיין? איר זענט אויך יינגער געוואָרן... נו, אַמעריקע מאַכט יונג און שיין.

אַ פלאַמיקע רויטקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דעם יונגן פּנים פון רבקהלען און אַ שאַרפע בלייכקייט איבער דער מוטערס פּנים. דאָס יונגע מיידל האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— איר זענט זיך טועה, מיסטער... מיין נאָמען איז בערניס... מיין מאַמע הייסט רבקה. וואָס איז אייער נאָמען? איר קענט אונדז?

איך בין פאַרשעמעליעט געוואָרן און אין אַ טויזנטסטל פון אַ רגע זיך גע־כאַפּט, אַז די געדאַנקען האָבן זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז איך האָב פאַרלוירן חשבון, רבקהלע קען דאָך טאָקע נאָך צוויי און צוואַנציק יאָר נישט אויסזען אַזוי יונג און די בערניס, איז די טאָכטער אירע. דאָס קינד וואָס זי האָט גע־האָט מיט יענעם מאַן פון דער שיף און די חתונה אין קאַסאַבלאַנקאַ און די לוויה...

אויך די פרוי, די אַמאָליקע רבקה שטיין, וואָס איך האָב געקענט אין זכרון, האָט זיך שנעל געכאַפּט און מיך דערקענט. איבער איר פּנים האָט אַ רויטקייט אַ שפּיל געטאָן פון אַ גליקלעכער איבערראַשונג.

— אָ, מיסטער ד., אונדזער אַלטער פריינט, דאָס זענט איר? וואָס פאַר אַ טרעפונג אין ניו־יאָרק! איך בין אַזוי גליקלעך אייך צו באַגעגענען! דאָס איז מיין טאָכטער, איר האָט זי אָנגענומען פאַר מיר. גאָט מיינער! איך בין דאָך מיט אַזויפיל יאָרן עלטער.

— צוויי טראָפּנס וואַסער. זי זעט אויס ווי איר, דו... די זעלבע שיינקייט... וואָס מאַכט די מאַמע?

— די מאַמע איז געשטאָרבן, קראַנק געווען, צו שווער געווען פאַר איר אַלץ, אַפילו אין אַמעריקע נישט געקענט איינלעבן זיך. דער טרויער האָט זי קראַנק געמאַכט.

— און איר, רבקהלע? דו?

— נישט שלעכט... איך בין אַ לערערין פון פראַנצויזיש. זיך שוין געענוג אָנגעליטן. מיין טאָכטער איז „ענגעידזשט" (תנאים געשריבן). איר זעט דעם רינג? צוויי און אַ האַלב קאַראַט בלוי־ווייסער דימענט. אין צוויי חדשים איז די חתונה... מיר וועלן אייך איינלאַדן. בערניס פאַרצייכן דעם אַדרעס... אַן אַלטער

פרייגט פון ווייטע יאָרן. איר ווייסט, מיין טאַכטער איז ערשט צוואַנציק יאָר אַלט. איר חתן איז אין ביזנעס. זיינע עלטערן זענען זייער רייך... עס איז איר באַשערטער.

ביים נאָענטסטן אָפּשטעל האָב איך אויף דער שנעל זיי געזאָגט „אַ גוטע נאַכט". איך האָב אויפגעכאַפּט דעם מילדן בליק פון רבקהלעס אויגן. עס האָט מיר אויסגעדוכט, אַז זיי ווערן פול מיט געוויין. די ווערטער פון איר מוטערס תפילה האָבן זיך געלייגט איבער מיין געמיט: „גאָט באַהיט און באַשיץ זיי". איך האָב זיך געכאַפּט, אַז איך האָב אַפילו זיי מיין אַדרעס נישט געגעבן, און ווי אַלץ חזרט זיך איבער.

# דער רוצח

יענעם זומער פאַרנאַכט האָט די זון געברענט מיט אַ פייערדיקער רויט־קייט איבערן מערב־ראַנד פון הימל. פלאַקערנדיקער גאָלד האָט געצונדן די שפּיצן פוןביימער, בערג, די רונדיק־פאַרשפּיצטע טורעמלעך איבער אַלטע פראַנצויזישע שלעסער לענג אויס דעם טייך לואַר. עס איז געווען אַ רויטקייט אין וועלכן מענטשן זעען: בלוט, מלחמה...

אַ ריזיקע מענטשן־מאַסע האָט זיך געשלעפּט אויף די וועגן פון פראַנק־רייך שוין עטלעכע טעג און נעכט, געשלעפּט זיך אָן אָפּרו, געיאָגט און געפּלאָגט פון סכנות וואָס האָבן געלויערט פון אומעטום מיט אומקום. די מענטשן־מאַסע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך איין שטיק פון אַ גיגאַנטיש באַוועגלעכן קערפּער, מיט טויזנטער קעפּ, הענט, פיס. נאָר יעדער באַזונדער פון דער צוזאַמענ־געפלאָכטענער מאַסע האָט זיך געפילט מוראדיק אַליין, הילפלאָז, פאַרלוירן, אויסגעשטעלט אויף דעם אייגענעם גורל, וואָס איז געווען אומברחמנותדיק.

איך בין געווען אַריינגעפלאָכטן אין דער מאַסע און מיט די לעצטע כּו־חות געשלעפּט דעם מידן קערפּער, געשלעפּט צו אַ ציל וואָס האָט נישט קיין ציל. יעדער מוסקול פון לייב, יעדער גליד האָט געברענט מיט אָנגעשוואָלענעביילן. די מאַסע האָט זיך טיילמאָל אַ ריס געטאָן פאָרויס, ווי אַ פלייצנדיקער טייך, ווו די דאַמבעס זיינען אויפגעריסן און די וואַסערן טוען זיך אַ לאָז מיט אימפּעט, איינצושלינגען די גאַנצע וועלט.

אַ גאַנצן טאָג האָט די יוני־זון געברענט און געבראָטן מענטש, פלאַנץ און חיה. אונטער דעם בלויען הימל האָבן זיך געטראָגן עראָפּלאַנען פיינטלעכע — דייטשע און איטאַליענישע — און אויך פראַנצויזישע. די דייטשע עראָ־פּלאַנען האָבן יעדע שעה, מיט אַ פיינלעכער פּינקטלעכקייט אויסגערעכנט אויף דער מינוט, באָמבאַרדירט די וועגן, בריקן, די פוזנדיקע מענטשן. נאָכן באָמ־באַרדירן האָבן זיי זיך מיט דער גלייכקייט־ליניע פון אַ רויב־פויגל אַראָפּ־געלאָזט נידעריק. אויסגעגלייכט זיך מיט די גרינע פאַנאַנדערגעפּעכערטע

קרוינען פון דיביימער און מיט מאַשין־ביקסן געשניטן אַלץ אַרום: מענטש, פלאַנץ און חיה. נאָכדעם מיט אַ פריילעכן הוזשעריי און זינגעוודיקן ברומען זיך געלאָזט צום לויטערן בלויען הימל, נעענטער צו גאָט.

ביים ראַנד פון וועג, אין די גריבער לענג אויס דעם וועג, ווו אויף ביידע זייטן צי׳ען זיך טיפע, געדיכטע וועלדער, זיינען געלעגן מענטשן אין פאַרשיי־דענע צעוואָרפענע פּאָזעס. געלעגן אויף דעם זאַפטיק סאַמעטיקן גראָז. דאָס האָבן זיי אין זיך אויף אַ מאָמענט באַקעמפּט די מורא און געפּרוווט אָפּרוען עטלעכע מינוט. די מידקייט האָט באַהערשט די שרעק פון זיין עטלעכע מינוט גאַנג ווייטער פון דייטש. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווידער זיך אויפגעריסן פון דער ערד, די שרעק האָט ווייטער געטריבן, געיאָגט די נשמה אַרויס.

דער הונגער האָט געפּייניקט ביז משוגעת. שוין דריי טעג אין פּאַניק, דריי טעג נישט געגעסן. איינער רייסט אַרויס דעם ביסן פון אַנדערנס מויל. יעדעס דאָרף און שטעטל איז אויסגעפּלינדערט, צעפרעסן, אויסגערויבט, ווי אַט־אַט וואָלט זיך דורכגעטראָגן אַ ריזיקער היישעריק און אַלץ פאַרצערט. אַפילו דאָס גראָז פון פעלד אויפגעפרעסן. באַלד, באַלד וועלן די ביימער, די בלומען, בלעטער, וויגנדיקע זאַנגען פון די פעלדער ווערן אויפגעפרעסן, אַז מען וועט נישט דערקענען, אַז דאָ האָט געבליט און גערונען שפע און זאַטקייט ערשט מיט דריי טעג צוריק. באַלד וועלן די טייכן אויסגעטריקנט ווערן, די וועלדער — אויפגעפרעסן. דער היישעריק וועט אַלץ פאַרניכטן.

מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו אַ גרעסער שטעטל, וואָס איז געווען באַ־לאַגערט פון קינד און קייט, יונג און אַלט. אַן ערבוביה פון זעלנער, וועגענער, חיות, צעשראָקענע מענטשן, קולות, ריחות. איינער אַריינגעוואַקסן אינעם אַנ־דערן, איבערן אַנדערן. דער טורעם פון בבל אויף דער זינדיקער ערד און דער ראַנד פון הימל אויף מערב־זייט מיט אַ פייערדיקער רויטקייט, וואָס מאַכט די שרעק נאָך גרעסער.

ביי אַ געביידע, ווו איבער אַ געוועלב איז געהאַנגען אַ שילדל און אָנגע־זאָגט אַלעמען, אַז דאָ איז אַ בעקעריי, זיינען געשטאַנען הונדערטער מענטשן און געוואַרט אפשר וועט מען אויסטיילן — ברויט. דורכן קוימען האָט זיך גע־צויגן אַ בלוילעכער רויך צום הימל איינאיינעם מיט אַ ריח פון געבעקס.

אויך איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער געביידע. לעבן מיר איז געשטאַנען אַ יונג בחור׳ל פון פּאַריז, אַ זון פון אַ ייִדישן שרייבער. ער איז דאָ אָנגעקומען דורך אַלערליי סכנות און ער לויפט ווהין די וועלט האָט אַן עק. דער הונגער האָט אים שוין איינגאַנצן פאַרפּייניקט און אַ רעזיגנירטער האָט ער זיך דאָ אַוועקגעשטעלט וואַרטן. וועט זיין ברויט איז גוט, וועט ער נישט

דערגרייכן צו אַ שטיקל ברויט, איז דאָך אַלץ איינס. די וועלט גייט דאָך סיי ווי סיי אונטער...

דאָ איז געשטאַנען אַן אַנגעלאָפּענע מאַסע. מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס זיינען אין די ערשטע מלחמה־יאָרן אָנגעקומען קיין פראַנקרייך, און אויך אַ גרויסע צאָל פראַנצויזן, פאַריזער איינוווינער וואָס האָבן באַלאַגערט די בעקעריי. די פּנימער זיינען ביי אַלעמען געווען בייזע, די נערוון אָנגעשטרענגטע ביז צום פּלאַצן, פאַרביסענע. אין די אויגן — שרעק, שנאה, חשד, ווילדער אומצוטרוי פון איינעם צום אַנדערן. איינער איז געווען צוגעדריקט צום אַנדערן און מורא געהאַט, אויב יענער איז נישט אַ פאַרשטעלטער שונא, אַ בלוטיקער פיינט, וואָס לויערט אויף זיין לעבן, באַלד וועט יענער אַנטפּלעקן זיין פּרצוף און אים אויסגעבן צום דייטש. ביי יעדן איז דאָס חיות געהאַנגען אויף אַ האָר, אויף דער שפּיץ נאָז. בלויז דער הונגער האָט אַלעמען פאַראייניקט אין איין פיינלעכן מישמאַש און אין איין ציל: — ברויט! אַ שטיק ברויט, וואָס איז חלום, אומדערגרייכבאַר.

פּלוצלינג האָט די צונויפגעדרענגטע מאַסע זיך אַ צאַפּל געטאָן. פּנימער האָבן זיך האַסטיק אויסגעדרייט. אויגן זיינען געוואָרן אָנגעשפּיזט צו איין פּונקט, ליפּן האָבן געשעפּטשעט. ביי טייל זיינען די פּנימער געוואָרן רויט, ביי טייל — בלייך. איך האָב זיך אויך איינגעקוקט אין דער ריכטונג, ווו אַלע האָבן געקוקט.

אין מיטן דער גאַס, צווישן ביידע זייטן פון טראָטואַר, איז געגאַנגען אַ גרופּע באַוואָפנטע פראַנצויזישע זעלנער, אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטן אויף די ביקסן. זיי האָבן מאַרשירט האַסטיק, צוזאַמענגעדריקט איינער צום אַנדערן. זעקס זעלנער פאָרויס. נאָך די זעקס — אַ מענטש, געקליידט פאַר אַ פראַנצויזישער קראַנקן־שוועסטער, אַ בלויע לאַנגע וואָלענע פּעלערינע, דריי רויט־ווייסע קרייצן ביי די האַלדז־ברעגן. דער האַלדז און דער נאַקן אין אַ ווייסן קראַגן. די פּעלערינע האָט געפלאַטערט פון ביידע זייטן און באַוויזן, אַז אַ גרויע פרויען־קלייד הילט דעם קערפּער. עס האָט אויסגעזען ווי אַ געשטאַלט פון אַ פרוי. דער פאַרוק איבערן קאָפּ פון דעם פאַרשטעלטן דייטש איז געווען אַראָפּגעריסן, געהאַנגען אַראָפּ איבערן נאַקן און אויסגעזען ווי אַן אָפּגעשוונדענער קאָפּ. דער אָפּגעשוונדענער קאָפּ האָט באַוויזן, אַז דאָס איז אַ פּנים פון אַ מאַנספּאַרשוין, הגם די ליפּן אַרום מויל זיינען געווען געשמינקט אויף רויט. די באַקן — געפּודערט מיט רויטע קרענקלעכע פלעקן איבער זיי. די אויגן־ווי:עס — אַרומגעשוואַרצט. דאָס מאַסקע־פּנים פון מאַן און פרוי האָט אויסגעדריקט פּחדנות, פאַרלוירנקייט, געפאַלנקייט, נאָר די אויגן...

איך האָב אויפגעכאַפּט די בליקן פון זיינע אויגן. אַלץ האָט זיך אין די

אויגן אָפּגעשפּיגלט: שרעק, חוצפּה, פּאַרטויבטקייט, טעמפּקייט און איבער אַלעם — די שרעק פאַר טויט, וואָס גייט אים פאָרויס. איך האָב זיך איינגע־קוקט אין זיינע אויגן אַזוי לאַנג, ווי ער איז געגאַנגען צווישן די זעלנער אין מיטן גאַס און פאַרביי די בעקעריי.

די גאַנצע צונויפגעדריקטע מאַסע ביי דער בעקעריי האָט אַ ציטער געטאָן און לייכט געפאַלן אויף צוריק. אַ שטומקייט האָט איבער אַלעמען געגליווערט. דער צום טויט־פאַרמשפּטער דייטש האָט אַלעמען היפּנאָטיזירט מיט זיינע אויגן, מיט זיין אַראָפּגעשונדענעם פּאַרוק, מיט זיין שטעלן פעסטע טריט, מיט זיין פּחדנותדיקן פּנים, אַפילו מיט דער עלעגאַנטער העל־בלויער פראַנצויזישער פּעלערינע פון אַ פראַנצויזישער קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן איבער זיינע פּלייצעס.

הינטער אים — אויך זעקס באַוואָפנטע זעלנער, נאָך זיי — אַ סך מענטשן, וואָס זיינען נאָכגעלאָפן מיט געשרייען און געוואָלט לינטשן פאַר דער חוצפּה, אַראָפּצולאָזן זיך אין אַ זומער־פאַרנאַכט, אויף אַ פּאַראַשוט, לעבן דעם קליינעם עראָדראָם הינטערן שטעטל, פאַרקליידט זיך פאַר אַ פראַנצויזישער קראַנקן שוועסטער, באַלאָדן מיט באָמבעס, כדי אויפצורייסן דעם עראָדראָם מיט די לעבנס פון דער באַפעלקערונג.

אין דער מינוט וואָס די זעלנער מיטן דייטש זיינען פאַרביי די בעקעריי, האָבן די באַלאַגערער אויפגעוואַכט, אויפגעברויזט מיט צאָרן, פאַרגעסן אינעם הונגער און זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ווי זיי וואָלטן וועלן צערייסן דעם דייטש, נישט וואַרטן די עטלעכע מינוט ביז דער קערפּער וועט דורכגעלעכערט ווערן פון די ביקסן־קוילן.

לעבן מיר איז דאָס ייִדישע ייִנגל געשטאַנען אַ ציטערדיקער, אַ בלייכער, אַ צעוויייטיקטער. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען אַ מענטש איבער וועמענס לעבן עס האָט געפלאַטערט דער טויט. אויך ער האָט געזען די אויגן פונעם רוצח, נאָר ער האָט אין די רגעס פאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ רוצח. דאָס ייִנגל האָט פאַר זיך געזען — אַ מענטש. ער האָט געהערט פון די רייד אַרום, אַז מען וועט די פאַרקליידטע קראַנקן־שוועסטער גלייך דערשיסן ווי אַ הונט, ווייל ער האָט זיך פאַרשטעלטערהייט אַראָפּגעלאָזט אויף דער פראַנצויזישער ערד, אַזאַ איינעם דערשיסט מען אויפן אָרט. דאָס ייִנגל האָט זיך געטוליעט צו מיר אין מורא. ער האָט געשעפּטשעט:

— מען גייט אים דערהרגענען, מען גייט אים שיסן.

איך האָב האַסטיק אַ דריק געטאָן זיין האַנט, ער זאָל שווייגן.

די ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין אַ ציטערדיקן רחמנות־טאָן האָבן אויפגעכאַפּט די אַרומשטייענדיקע מענער און ווייבער. זייערע געזיכטער

זיינען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט צאָרן. איבער אונדזערביידנס קעפּ האָבן זיך אַ גאַס־געטאָן געוואַלדן, אַ צייך־קריצעניש און אַ גערעדעכץ!

— זעט נאָר, ער האָט רחמנות אויף דעם שמוציקן דייטש!

— אויך זיי זיינען דייטשן! — האָט ווער געזאָגט און אָנגעוויזן מיט אַ האַנט אויף אונדז.

דערהרגענען זיי! זיי האָבן נאָך די חוצפה צו שטיין צווישן אונדז נאָך ברויט. די ציינער אויסהאַקן זיי, וועלן זיי נישט האָבן מיט וואָס צו עסן ברויט!

איך האָב געפילט ווי אַלץ אין מיר ווערט פאַרגליווערט, יעדעס אבר אין לייב ווערט פאַראַליזירט. אַלע חושים אין מיר האָבן זיך אויסגעלאָשן. איך האָב פאַרלוירן יעדן פאָדעם אָנצוקניפּן אַ געדאַנק פון באַוווסטזיין. אַ וויסטע טעמפּקייט האָט זיך צעגאָסן אין מיר. איך האָב נישט געקענט ענטפערן אויף די געשרייען, איך האָב געזען די אויפגעברויזטע מאַסע אַרום מיר, אַרום דעם ציטערדיקן יינגל, וואָס האָט זיך צעוויינט. די מאַסע וועט אונדז באַלד לינטשן, זיי זיינען זיכער, אַז מיר זיינען דייטשע שפּיאָנען. גאָט מיינער, מען קען דאָך פּלאַצן פאַר ווייטיק! איך האָב נאָך אויפגעכאַפּט די בליקן פון די צענדליקער, אפשר הונדערטער אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט כעס, פּיין. די אויגן האָבן געזוכט גערעכטיקייט און מאָרד, זיי זיינען געווען איבערגעלאָפן פון אַ פיינלעכער באַליידיקונג, וואָס אַ מערדערישער דייטש קומט אין זייער לאַנד אַריין באַלאָדנט מיט באָמבעס, קומט פאַרזייען טויט. די אויגן אַלע איבער מיר וועלן באַלד פאַרטרונקען מיט די בליקן.

איך האָב געוואָלט ריידן — און נישט געקענט עפענען דאָס מויל. דאָס פּנים ביים יינגל איז פאַרקרימט געוואָרן. אַלץ אין מיר האָט געברענט מיט בושה, וואָס מען איז מיך חושד אין רחמנות צום רוצח.

אַ שטאַרקע מענלעכע האַנט האָט זיך אויסגעשטרעקט צו מיר. איך האָב געזען די פויסט, — ריזיק גרויס, צעוואַקסט זיך ווי אַ באַרג, דעקט צו אַלץ אַרום מיר. אַפילו די בליקן פון דעם פאַרשטעלטן דייטש דעקט די פויסט צו. די בליקן שטעכן...

אַ זעץ פון דער שטאַרקער פויסט האָט אַ צאַפּל געטאָן אין מיין פּנים, באַגלייט מיט אַ הילך פון אַ קנאַק, וואָס האָט זיך צעדונערט אין מיינע אויערן. נאָך העגט האָבן זיך געהויבן איבער מיין קאָפּ. אַלץ אַרום מיר איז געוואָרן געדיכט פינצטער.

ווייזט אויס, אַז איך בין צוגעפאַלן צו אַ וואַנט. איך ווייס נישט ווי לאַנג עס איז געווען פינצטער אין מיר און אַרום מיר.

אַ מוראדיק געבראַזג האָט אויפגעוועקט מיינע אָפּגעשטאָרבענע חושים, בליציקע פלעמלעך האָבן אויפגעריסן די פינצטערניש אַרום מיר, אין מיין לייב.

אַ בייז געברויש האָט זיך געטראָגן דאָרט ווייט פון הימל אַראָפּ, געשפּאָלטן די לופט, עס האָבן זיך געקוילערט בערג און שטיינער, דונערן און בליצן, כוואַליעס זאַמד און שטורעם אָן אַן אויפהער.

די אויגן־לעדלעך האָבן זיך אויפגעריסן. די ליכטיקייט אין די אויגן האָט פאַרטריבן די טעמפּקייט.

דער טאָג האָט געהאַלטן ביים לעשן זיך. ערגעץ אויפן הימל האָבן געציטערט די ערשטע שטערן. אַ הויז האָט געברענט, די פלאַמען־צונגען האָבן זיך געריסן צום הימל, געבלענדט מיינע אויגן. אויטאָמאָבילן זיינען געשטאַנען אין פלאַמען. האַרט ביי מיינע פיס האָט זיך געוואַלגערט אַ קערפּער. איך האָב נישט געוווסט צי פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי. עס איז געפלויגן אַ האַנט, געמאַכט אַ קרומע ליניע און געפאַלן. אַ מויער קעגנאיבער האָט געהאַלטן ביים שפּאַלטן זיך און נישט געקענט זיך צעשיידן. אַ לאַסט־אויטאָמאָביל האָט אַ זעץ געטאָן אין דעם מויער, געמאַכט אַ שפּרונג אין דער הויך און זיך אויפגעריסן, ווי דער וואָגן וואָלט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אַ מענטש איז געפלויגן מיט צעשפּרייטע הענט, אַ פאַל געטאָן מיט אַ קוויטש. אַ הונט האָט געוואָיעט, געדרייט זיך אויף דריי פיס. אינעם מויל האָב איך געפילט אַ געזאַלצענע פליסיקייט. איך האָב אָנגערירט די ליפּן, די נאָז און אויסגעשמירט די פינגער מיט בלוט.

ביי דער בעקעריי איז קיינער ניט געווען. איך בין געלעגן ביי דער וואַנט האַרט ביי די אָפענע טירן. די ריחות פון פריש געבאַקן ברויט האָבן אויפגעריסן די לופט, אויפגעטייעט מיינע פאַרבלוטיקטע נאָזלעכער. איך האָב זיך אומגעקוקט, קיינער איז אין דער בעקעריי נישט געווען. אַן עלעקטריש לעמפּל האָט זיך געוויגט פונעם באַלקן אַראָפּ און באַלויכטן לאַנגע, גאָלדיקע ברויטלעך, זיי זיינען געלעגן אין קופּעס, אַזעלכע שלאַנקע, צאַרטע, ריינע, שיינענדיקע.

מיין קערפּער איז געווען אָנגעגאָסן מיט בליי. באַמבעס האָבן אויפגעריסן אַרום און אַרום, פייערן האָבן געבליצט, דונערן האָבן געהילכט אין חלל.

אַ יונגע פרוי איז אָנגעלאָפן מיט צעשפּרייטע הענט און געשריגן, געיאָמערט:

— שוין דאָ צוויי הונדערט טויטע אין שטאָט. די דייטשן באָמבאַרדירן, ווייל מען האָט געכאַפּט די נקבה־מאַנספאַרשוין, דעם פאַראַשוטיסט!

לויפנדיק האָט זי געכאַפּט אַ בליק אין די אָפענע טירן פון דער בעקעריי. זי איז אַריין אינעווייניק, געכאַפּט צוויי פולע אָרעמס לאַנגע ברויטלעך. זי איז אַרויסגעלאָפן. געזען מיך ליגן אַן אויסגעשמירטן אין בלוט, האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ ברויטל און געלאָפן ווייטער.

דער הונט, וואָס האָט זיך געדרייט משוגענערווייז אין אייגענעם קרייז,

האָט דערזען דאָס ברויטל. ער איז צוגעלאָפן, געכאַפּט עס און מיט אַ צעציטערטן הײלעניש אַוועק צווישן די פלאַמען.

די באָמבאַרדירונג האָט אויפגעהערט. עס איז געוואָרן שווער שטיל. די שריפות האָבן רויט געמאַכט דעם הימל. איך האָב געפּרוּווט זיך אַ ריר טאָן. דער ריח פון ברויט האָט מיך פאַרכישופט, געצויגן, געמאַניעט — מיט די הענט צו דערלאַנגען און איך קען זיך אָנעסן צו אַזאַ פולער זעט, אַזש צום פּלאַצן...

די פיס האָבן מיך נישט געטראָגן. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. אפשר? עס איז געלונגען. אָט בין איך שוין ביי דער טיר. אין דער רגע זיינען אָנגעלאָפן מענטשן אַרויס פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש, ווי שדים פון הײלן, אַרײנגעריסן זיך אין דער בעקערײ און מיט ווילדע באַוועגונגען האָט מען צעכאַפּט שטויסן ברויט. עטלעכע מינוט האָט עס אָנגעהאַלטן. פון ברויט איז נישט געבליבן קיין קריש. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער וואַנט.

פּלוצלינג האָבן זיך געהערט ביקסן־שאָסן, ווי צאַרטע פינגער וואָלטן באַרירט די קלאַווישן פון אַ פּיאַנאָ און דינינקע טענער טאַנצן אַרויס, צאַרטע, פריילעכע...

עמעץ האָט זיך צעשריגן אין דער ברענענדיקער גאַס:

— מען האָט דערשאָסן דעם דײטשן פּאַראַשוטיסט!

און די אויגן זײנע: טעמפּע, חוצפּהדיקע, וואָס האָבן געבראַכט דעם טויט איבער עטלעכע הונדערט לעבנס, האָבן מיך שוין מער נישט אָפּגעלאָזט. איך קען זיי נישט פאַרגעסן. זיי צעטרייסלען, מאָנען און פּייניקן.

# דאָס פּנים

וועלוול לייב איז געווען אַ פעסט־געבויטער, הויכער מאַנספּאַרשוין און געהאַט דעם אויסזען און געשטאַלט פון אַ גיבור. זיינע ברייטע אַקסלען האָבן זיך געוויגט גייענדיק, זיין נאַקן איז געווען פון בראָנדז געגאָסן, אַ טשו־פּרינע שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ, וואָס איז אַזש געווען בלוי פון שוואַרצקייט און אין לייב די גבורה פון אַן אָקס. בלויז איין חסרונדל האָט וועלוול לייב פאַרמאָגט: זיין פּנים איז געווען פאַרקריפּלט, צעקאַליעטשעטע ווונדן, וואָס זיינען שוין לאַנג פאַרהיילט געוואָרן און זיינען דאָך רוי, צעריסן און אויסגעזען ווי דאָס פּנים וויינט, לאַכט, מאַכט משונהדיקע גרימאַסן, ווילדע מינעס, עס איז שפּאַט. חוזק און אַלץ צוזאַמען.

אַזאַ פּנים האָט ער באַקומען, ווען ער איז קליינערהייט אַראָפּגעפאַלן פון אַ הויכן טיש אויף אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע. שטאָט־לייט האָבן דאָס אויסגע־טייטשט: אַ מענטש קען דאָך נישט זיין אינגאַנצן באַשאַנקען מיטן אויסזען פון אַ פּרינץ און די גבורה פון אַ שמשון, ער וועט דאָך פּאַר גרויס גאווה איינרייסן מיט אַנדערע, מיט דער וועלט און אפשר טאַקע מיטן באַשעפער אַליין. איז וועלוול לייב געבליבן מיט אַ געשטעל פון אַ פּרינץ און מיט אַ פּנים פון אַ לץ, עלעהיי חוזק אַליין.

מענטשן האָבן זיך באַנוצט מיט זיין גבורה. ער האָט געטאָן אַלע אַרבעטן וואָס טאַטע־מאַמע, פרומע לייט האָבן אים געהייסן. ער האָט אַלעמען אויסגע־פאָלגט, צו אַלעמען געווען גוט און קיין מאָל נישט פאַרלוירן אַ טראָפּן פון זיין גוטמוטיקייט, דעריבער איז ער געוואָרן דער שטאָט־נאַר און אינעם עלטער פון זיינע צוואַנציקער יאָרן האָט ער שוין דעם טיטל געטראָגן איבער זיין לייב און לעבן באַקרוינטערהייט, מיט חשיבות און פאַרנעם.

איין מאָל אין אַ האַרבסט־טאָג, איז אין שטאָט אָנגעקומען אַ צירק מיט האַק און פּאַק. אַ וואָלקן שטויב האָט זיך אויפגעהויבן איבערן וועג, וואָס האָט געפירט צו דער שטאָט און צו די גאַסן און געסלעך ביז צום גרויסן מאַרק.

ברוינלעכע, שוואַרצע, ווייסע, געפּלעקטע פערד האָבן געשלעפּט וועגענער אָנ־געלאָדענע מיט סלופּעס, דרענגער, אייזנס, לייוונטן, בענקלעך, רינגען, שטאַ־בעס, קייטן און עפּעס אַ גאַנצע וועלט מיט מענער, ווייבער יונג און אַלט. אָפּגעבראַכטע פּנימער, רויע, צעקנייטשטע, לאַכנדיקע, שרייענדיקע, מיט גרי־מאַסעס און פאַרשייטקייט, מיט טרויער און מיט געמאַכטער נאַרישעוואַטער פרייד. די פערד האָבן אויך געשלעפּט וועגענער אויף וועלכע עס זיינען גע־שטאַנען ריזיקע שטייגן מיט חיות, וואָיענדיקע, מרוטשענדיקע. זיי האָבן זיך איבערגערופן מיט פאַרבענקטע, הילכיקע קולות.

דער מאַרק איז אויפגעריסן געוואָרן אין מיטן דעם פּראָסטן וואָכנטאָג מיט געוואַלדן, גראָבע רייד. פערד האָבן געהירזשעט און געזעצט מיט די פּיס אין דער ברוקירטער ערד, אַ לייב האָט געברומט, אויפגעמאַכט דעם פּיסק, גע־גענעצט און איבערגעשראָקן די גאַנצע שטאָט. אַ טיגער האָט געשפּאַנט אין דער שטייג הין און צוריק, געקוקט מיט גרינע פאָספאָר־אויגן אויף דעם בייזן ווונדער אַרום און אָט וועט ער צעשפּאַרן די שטייג און מיט זיינע נעגל פון די לאַפּעס צערייסן אַלעמענס פּנימער. קינדער האָבן געשריִען, מיידן האָבן געלאַכט און געוואָלט זיך באַהאַלטן איינע הינטער דער אַנדערער. די צירק־אַרבעטער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך און גענומען אויסהאַקן שטיינער, גראָבן אין דער ערד און אַריינגעשטעלט אַ סלופּ, וואָס זיין שפּיץ האָט געגרייכט צום הימל און כמעט זיך אויסגעגלייכט מיטן באַגילדעטן צלם אויפן העכסטן בלוילעכן ציבעלע־טורעם פון דער צערקווע אין מאַרק. דער סלופּ איז באַלד געוואָרן דער אָנזאָגער פאַר אַלעמען, אַז דאָ אויף דעם אָרט וועט זיין דער צירק.

מענטשן האָבן געגאַפט פון דעם ספּעקטאַקל אין מיטן דער וואָך, וואָס גייט זיך אָפּשפּילן פאַר זייערע אויגן. יידן — פאַרזאָרגטע, פאַרפּייניקטע מיט שווערן געמיט, מיט זאָרג פון שלעפּן דעם יאָך פון דעם ביסל פּרנסה און פון ביסל געזונט, האָבן גלייכגילטיק אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און מיט ביטול דעם גאַנצן צירק מיט די לייבן, לעמפּערטן, טיגערס, עלעפאַנטן, וואָס שטייען נעבעך געפאַנגענע אין די שטייגן פאַר אַלעמענס אויגן און עס איז אַ ביטער רחמנות אויף זיי צו קוקן. קיין גרויס חידוש איז עס נישט, מען האָט שוין געזען אין חומש די אַלע חיות, אַפילו פּיפּערנאָטערס שוין געזען. „והשפיפון“ דער פּיפּערנאָטער איז שוין גאַנץ קלאָר אַרויס פון די בלעטער פון חומש; לייבן און טיגערס זעט מען אויף די פּרוכתן, איבער די ארון־קודשן זיינען זיי אויסגעשניצט, איי יענע זיינען פון האָלץ און סאַמעט און די זיינען לעבע־דיקע, מילא. דאָס גאַיעס האָט זיך יאָ צעהוליעט, געלאַכט, געוואָגט צוגיין נענ־טער צו די שטייגן, נאָכקרימען אַפילו די טיגערס, נו, אויף דעם זיינען זיי דאָך

עשוס קינדער און עשו איז דאָך געגאַנגען אין פעלד אַריין מיט פייל און בויגן פאַנגען חיות.

וועלוול־לייב, דער שטאָט־נאַר, איז געווען איינער פון די, וואָס איז באַרוישט געוואָרן מיט אַ ווילדער פרייד פון דעם וואָס עס איז אָנגעקומען אַ צירק אין שטאָט און וואָס דאָ וועט זיך אָפּטאָן. ער האָט זיך געשראָקן אַזוי ווי די ייִדן אַרום אים אין מאַרק פאַר די חיות און געוואָגט לאַכן, צוגיין אַ טראָט נענטער צו די שטייגן ווי די גויִים אַרום. אַ גרויס גליק איז אויף אים געקומען. אַ גאַנצן לעבן האָט ער געוואַרט אויף אַזאַ טאָג און דאָ מיט איין מאָל איז עס צעלייגט פאַר זיינע אויגן: פערד וועלן טאַנצן, לייבן און לעמפּערטן וועלן שפּרינגען דורך פייערדיקע רייפן, מענטשן וועלן מאַכן קאָזשעלקעס, די מוזיק וועט זעצן און כמאַליען. פאַר גרויס צעטומלטקייט און פרייד האָט ער פאַרגעסן ווו ער האַלט אין דער וועלט: ער דאַרף דאָך גאָר נעמען וואַסער ביים שטאָט־ברונעם, וואָס געפינט זיך אין אַ ווינקל פון מאַרק, דאָרט ווו אין די יאַריד־טעג טרינקען די פּויערים אָן זייערע פערד און בהמות. דורשטיקע מיילער קוויקן זיך מיט דעם פרישן וואַסער און דאָ קען ער גאָר נישט צוקומען מיט זיינע עמערס צום ברונעם, אַלץ אַרום איז געוואָרן באַלייגט מיט אייזנס, ברעטער, זעק, קייטן, געהילץ. אַ נייע וועלט איז דאָ געבוירן געוואָרן אין עטלעכע שעה צייט: דער אַלטער מאַרק, מיט דער צערקווע אין מיטן, מיט דעם ברונעם, מיט די געשטעלעכלעך, מיט האַק און פּאַק זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טובדיקן צירק.

דער יונג האָט נישט געוווּסט צי ער חלומט, אָדער דאָס אַלץ איז אמת. ווייזט אויס אַז אויף דעם אַלעם קען קומען אַזאַ איבערקערעניש: פון מאַרק — אַ צירק, פון אַ ציג — אַ לייב, פון אַ צלם — אַ דראַנג ביז צום הימל און אַזוי ווייטער, קען דאָך אויך זיין צעריסן פּנים ווערן אַן אַנדער פּנים.

אין דער פאַרטראַכטקייט און פרייד, און פון דעם וואָס עס טוט זיך אַרום אים: מענטשן זיינען פאַרהאַוועט, פאַרפּראַצעוועט און ווילן מיט אַלע כוחות נאָך היינט אָנציִען די לייוונטן, דעם דאָך אַרום דעם הויכן דראַנג און מוזיק וועט נאָך היינט זעצן און שפּילן, האָבן זיך די געבליטן אין אים צעקאָכט, די גבורה האָט זיך אין אים אָפּגערופן מיט דער גוטמוטיקער גרייטקייט צו העלפן אַנדערע, אונטערשטעלן די אַקסלען. ער האָט לאַנג נישט געטראַכט, אַוועקגעשליידערט די וויאַדרעס און אַריינגעפּלאָנטערט זיך צווישן דער חברה צירק־אַרבעטער. דאָ אונטערגעשפּאַרט אַ סלופּ, דאָ אָנגעצויגן די לייוונטן אויף אייזערנע לייסטן, דאָ געהאָלפן אַראָפּנעמען אַ שטייג מיט אַ ווילדער חיה פון וואָגן. אומעטום איז ער צוגעלאָפן און אומעטום איז ער צונוץ געקומען. די צירק־מענטשן האָבן באַלד באַמערקט דעם מאַן מיט די שטאַרקע הענט און אייזער־

נע אָרעמס, ווי פלינק און געשיקט ער מאַכט אַלץ, אַזאַ איינער איז אַ מציאה פאַר אַ צירק. האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ גלאָז בראָנפן, שווערע פאַר־פראַצעוועטע הענט האָבן אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע.

פון אַ וואַגאָן־ביידל איז אַרויסגעקומען אַ יונגע פרוי אין רייט־הויזן, מיט אַ צעפּענט זיידן בלוזקעלע איבערן האַלבן לייב, מיט אַ קוטשמע גאָלדענע האָר אויפן קאָפּ, וואָס האָבן פאַרבלענדט וועלוול לייבס אויגן, ווי שטיקער פלאַמיק גאָלד פון דער זון פאַרבלענדן. די אָרעמס זיינען ביי איר געווען ווייסע און עפּעס ברוינלעכע, ווי שיינע זיידן־געצייג, וואָס ער זעט אין די שויפענצטער פון די געשעפטן. היינט אירע אויגן — די הימלישע בלויקייט אַליין. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ רוט, אַ בייגעוודיק לאַנגע בייטש האָט עס אויסגעזען אין וועלוול לייבס אויגן, אַזאַ ווי דער פּריץ בוכאַרסקי באַנוצט ווען ער רייט אין די פאַרנאַכטן אויף זיין שלאַנקן ברוינעם פערד אינעם שטאָט־פּאַרק. זי האָט זיך קעציש פויל אַ דריי געטאָן צווישן דעם אָנגעוואָרף פון ברוכוואַרג און מענטשן, געהויבן די רוט הויך אַזוי זיך שפּילנדיק. מיט אַ פאַרזשומערט אויג האָט זי אַ כאַפּ געטאָן די געשטאַלט פון דעם גיבור וועלוול לייב און זיין פאַרקריפּלט פּנים. אַ פרעמדער מאַנספּאַרשוין, וואָס אַר־בעט מיט אַזאַ פלייסיקייט גלייך מען וואָלט אים אָנגעשאָטן טאַשן מיט גאָלד. האָט זי זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס און גערופן מיט אַ קלינגענדיקער שטימע, וואָס האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ געקלאַנג פון אַ זילבערן גלעקל צווישן דעם געבראָזג פון ברעטער, גראָבע ריידן, געקלימפּער פון אייזנס:

— העי, דו! זעסט דאָך אויס ווי אַ פּאַיאַץ! ווי קומסטו דאָ אַהער?

וועלוול לייב האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז מען מיינט אים. ער איז געווען פאַרבלענדט פון איר אויסזען, אַזש ער האָט געמוזט פאַרזשמורען די אויגן. ווי אַ וווּנדער פון הימל איז זי דאָ אַראָפּגעפאַלן. פאַראַרבעט איז ער געווען ביים פאַרציִען אַ קייט פון איין סלופּ צום אַנדערן. איר שטימע האָט ווידער זיך צע־שאַלט און געפאַלן אין דעם געקלימפּער אַריין:

— ביסט אַ צירק־קלאָון? איך האָב דיך קיין מאָל נישט געזען! וואָס טראָגסטו אַ מאַסקע אויפן פּנים? ווי קומסטו דאָ אַהער?

איצטער האָבן זיך די אַרבעטער געכאַפּט וואָס זי וויל. זי רעדט דאָך צו דעם פרעמדן ריז. זיי האָבן בעסער אָנגעקוקט וועלוול לייבן און גענומען לאַכן:

— זי מיינט דאָך דיך! האָסט דאָך טאַקע אַ פּנים פון אַ פּאַיאַץ! ווער האָט דיך אַזוי צורעכט געמאַכט? אפשר ווילסטו אַרבעטן ביי אונדז אין צירק? אויף אַ שטיק ברויט און אַ גלאָז בראָנפן וועסטו שטענדיק פאַרדינען!

וועלוול לייב האָט מיטגעלאַכט אַ ביסל פאַרשעמט פון דעם אייגענעם פּנים זיינעם. אָט האָבן זיי אויך דערזען, אַלע זען זיין גרויסן בראָך: אַ פּנים

פון אַ מאַלפּע, פון אַ פּאַיאַץ, פון חוזק, דעם שטאָט־נאַר פון אַ פאַרשאָלטענעם. און אָט שטייט איבער אים די שיינע פרוי מיט דער בייטש אין האַנט און לאַכט אויך און באַוווּנדערט אים. איר געלעכטער פאַלט איבער אים אַזוי ווי קלאַנגען פון די גלעקלעך, וואָס הענגען אויף די העלדזער פון די שעפּסן אין פעלד, אָדער דאָס פייפל־געקלאַנג פון סטאַך דעם פאַסטוך, אָדער גאָר ווי אשר קלעזמערס פידל, ווען ער צעשפּילט זיך אויף יידישע חתונות. און דאָס געוויין און געלעכטער פון דער פידל גרייכט אַרויס אין דרויסן און דערגייט צו זיינע, וועלוול לייבס אויערן. נאָר וואָס עס זאָל נישט זיין איז איצטער גאַנץ פריילעך און אַלע קוקן זיך אום איצטער אויף אים, אַבי מען האַלט אים בלויז פאַר אַ שטאָט־נאַר, אַ וואַסער־טרעגער, אַן אָקסן־טרייבער, אָט קען ער גאָר ווערן אַ צירק־פּאַיאַץ, פאַרדינען געלט און מאַכן פריילעך אַנדערע מענטשן. קען צונויף קומען פאַר עפּעס אַנדערש, נישט בלויז שלעפּן וואַסער אין באַ־לעבאַטישע שטובן אַריין, אָדער שלעפּן זעק אין הויכן זלמנס מיל, אָדער שאָבן פעלן אין כאַסקלס גאַרבעריי.

— איך... איך הייס וועלוול לייב — האָט ער גענומען שטאַמלען צו דער שיינער פרוי, וואָס די האָר האָבן איצטער ביי איר געפלאַטערט ווי אַ גאָלדע־נער פעכער — איך וויל צוהעלפן, איך האָב צייט. איך האָב ליב אַ צירק, זייער ליב. איך האָב ליב לייבן און טיגערס, פיפערנאָטערס, שלאַנגען און דאָס פויקן פון מוזיק. עס ווערט פריילעכער.

ער האָט קוים געקענט דעם אָטעם כאַפּן פון דעם שטראָם רייד, וואָס האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן. דאָס ערשטע מאָל רעדט ער צו אַ פרוי און זי הערט אים, און זי רעדט צו אים. ווער ווייסט דאָס אין שטאָט צווישן אייגענע מיט אים ריידן? קיין איין מיידל קוקט נישט אויף אים, זיי אַנטלויפן פון אים ווי אַ שד פאַר ווייערויך. ער איז פאַרשאָלטן מיט אַ קאַליקע פנים, דער מיאוס־טער מענטש אין שטאָט. מען האָט אים געקרוינט פאַרן שטאָט־נאַר.

— האָסטו שוין געוועזן אַ מאָל פערד טאַנצן? — זי האָט געלאַכט און איצטער געשטאַנען נאָענט פון אים, אַז עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם פון דעם פאַרפום, וואָס האָט זיך פון איר געטראָגן. איך בין אַ צירק־טענצערין, איך רייט אויף טאַנצנדיקע פערד, איך שפּרינג מיט די פערד דורך רייפן. האָסטו שוין אַ מאָל געזען טאַנצנדיקע פערד?

ווען ער קען וואָלט ער געפאַלן צו אירע פיס און געוויינט, אַז ער איז גרייט די מינוט צו גיין פאַר איר אין פייער און וואַסער. זי זעט אויס ווי אסתר המלכה, ווי די מלכה שבא, ווי די זון אַליין. דאָס בלוט האָט אים געזעצט אין פנים אַריין. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַ מאָל איז ער געזעסן ביים ברונעם, עס האָט אים דעמאָלט נישט געגלוסט פלומפּן וואַסער, דער מאַרק איז געווען

אויסגעליידיקט, קיין לעבעדיק נפש האָט מען נישט געזען. ער האָט זיך דע־מאָלט צעוויינט. וועלוול לייב. אַ פרעמדער ייִד איז אָנגעקומען און געפרעגט וואָס ער וויינט. האָט ער אים געענטפערט, ווייל ער האָט אַזאַ מיאוס פנים. האָט דער ייִד זיך צעשמייכלט און געזאָגט: יעדער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט. הייִנט ווי אַזוי קען געמאָלט זיין אַ מיאוס פנים? האָט ער, וועלוול לייב זיך געוווּנדערט: ווי אַזוי איז עס טאַקע מעגלעך, קען דען גאָט האָבן אַזאַ פאַרקריפּלט פנים? האָט דער ייִד ווידער געזאָגט שמייכלענדיק: קיינער האָט נאָך גאָטס פנים נישט געזען. אַלע קאַליקעס זיינען ביי אים זייער באַליבט...

יענער האָט אויך געהאַט אַזאַ שיין קול ווי דאָס מיידל מיט די רייט־הויזן אויפן לייב.

— איך האָב קיין מאָל נישט געזען קיין צירק, נישט געזען פערד טאַנצן.

— קום הייִנט אָוונט אין צירק וועסטו מיך זען! מיין נאָמען איז טאַלאַ! העלף די מענטשן דאָ! מען וועט דיך באַלוינען, האָסט כוח פון אַן אָקס!

זי האָט זיך אַ דריי געטאָן און גענומען מאַכן טריט צו איר וואָגן־ביידל. זי האָט מיט דער רייט־בייטש געפאָכעט אין דער לופט און פאַרשוווּנדן אַזוי שנעל ווי זי איז געקומען. וועלוול לייב איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז און נישט געקענט באַנעמען צי איז עס אַ חלום, אָדער די וואָר. די קולות פון די אַרבעטער און די געלעכ־טערס האָבן אים אויפגעוועקט:

— העי, שטיי נישט אַ באַמלאכהטער! זי האָט דיר אַ כישוף אָנגעטאָן! ריר זיך! דער סלופּ שאָקלט זיך! וועסט זי נאָך זען, דו גולם איינער! פאַרליב זיך נאָר נישט מיט דיין מאַלפּע־פנים! זי האָט שוין אַזעלכע ווי דו אין די הונ־דערטער אויפגעפרעסן בלויז פאַר פרישטיק.

אַ צעטומלעניש איז אויף אים אָנגעקומען. ער האָט נישט געהערט די געלעכטערס און די רויע רייד פון דער חברה אַרום. דער כישוף פון דער יונגער פרוי, מיט איר קלינגענדיקן לשון און די רייד אירע, וואָס זי האָט צו אים גערעדט ווי צו אַ גלייכן האָבן אים צענומען. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ברען.

זי זעט אויס צו זיין אַ ייִדישע — האָט עס געהאַמערט אין זיין מוח — דער נאָמען טאַלאַ איז אויך אַ ייִדישער. ווי קאָן עס געמאָלט זיין אַ ייִדיש מיידל אַ רייטערין אויף פערד אין אַ צירק צווישן גויִים?

**
*

די לייוונטן איבער דעם ריזיקן סלופּ זיינען שוין געווען אָנגעצויגן און פֿאַרבונדן מיט שטריק ביי אייזערנע האָקעס, וואָס זיינען געווען אַריינגעזעצט טיף אין דער ערד אין מיטן מאַרק. מען האָט שוין אַריינגעטראָגן בענקלעך, פֿון די וועגענער שוין אַראָפּגענומען די חיות מיט די שטייגן. ערגעץ האָט געזעצט אַ פּויק, פֿערד האָבן געהירזשעט און מחנות מענטשן האָבן זיך געדרענגט אַרום דעם גרויסן וווּנדער: די פֿאַרוואַנדלונג פֿון אָפּגעשוונדענעם מאַרק אין אַ צירק.

פֿאַרנאַכט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט אַ חברה צירק־שפּילערס, כּדי צו לאָזן וויסן קהל און דעם פֿאָלק, אַז היינט אָוונט איז דער ערשטער ספּעקטאַקל. אַ יונג מיט צעריסענע פּלודערן, מיט אַ צילינדער אויפֿן קאָפּ און אַ גרויסע רויטער נאָז, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אַ פּאָפּוגאַי מיט אַ קאָלירטן ווידל, האָט געזעצט אין אַ פּויק; אַ צווייטער האָט געריטן אויף אַ פֿערד באַדעקט מיט גאָלד און זילבער און טרומייטערט אָן אויפֿהער אין דער וועלט אַריין. אַ ריזיקער יונג האָט געפֿירט אַ בער אויף אַ קייט; אַ קליין מענטשעלע מיט אַ צילינדערל אויפֿן קאָפּ האָט געפֿירט אַן עלפֿאַנט, וואָס האָט געגישטערט מיט דער נאָז. אויפֿן קאָפּ פֿון אַ דיקער, איבערגעוואַקסענער פּרוי מיט בערג בראָדאַוועס אויפֿן פּנים איז געזעסן אַ קליין מאַלפּעלע, גע־קראַצט זיך אין הינטן פֿאַר אַלעמענס אויגן און געגישטערט מיט די קליינע אויגן־שפּעלטלעך אין אַלע זייטן. יונגען און מיידן אין פֿאַרביקע קליידער זיינען געלאָפֿן פֿאָרויס און געזעצט אויף קליינע פּייקעלעך. מען האָט צו וויסן גע־טאָן דער שטאָט, אַז דאָס גרויסע וווּנדער הייבט זיך אָן.

וועלוול לייב איז געווען אַריינגעקנוילט אין דער אַרבעט. ווען מען לאָזט אים וואָלט ער אַלעמען געקושט. נישט שטענדיק קומט אויף אַ מענטש אַזאַ אומגעריכט גליק, אָט ווי ער איז אין אַן איינציקן טאָג געוואָרן גאָר אַן אַנדע־רער. מען באַנוצט זיך מיט אים ווי מיט אַן אייגענעם. דער דירעקטאָר האָט אים געגעבן אַ פֿרייען בילעט פֿאַר אַלע טעג, ווי לאַנג דער צירק וועט זיין אין שטאָט און פֿאַר דעם דאַרף ער אַרבעטן עטלעכע שעה ביי טאָג און עט־לעכע שעה אין אָוונט. אַלע פֿון צירק האָבן אים פֿאַרזיכערט, אַז מען וועט אים מאַכן פֿאַר אַ פּאָלנעם לץ, ווייל אַזאַ פּנים צו געפֿינען ווי ער האָט, איז שוין גאָר נישט פֿון די לייכטע זאַכן, עס לאַכט און וויינט צוזאַמען. וועלוול לייב איז אין זיין פֿאַרשעמטקייט דערהויבן געוואָרן. מען קען טאַקע מיט זיין פּנים מאַכן לאַכן אַנדערע מענטשן. מען וועט צופֿאַרבן דאָ און דאָרט, צושמירן מיט אַ שמירעכץ, אָנטאָן אים אַ צילינדער, אויף די פּיס — אויפֿגעבלאָזענע פּלודערן, די נאָז זיינע אַ סך, אַ סך מאָל פֿאַרגרעסערן און ער וועט זיין מיט אַלע פּאַיאַצן גלייך.

דאָס שפּילעכץ האָט זיך אָנגעהויבן: פּויקן און טאַצן האָבן געזעצט. די

חיות האָבן געברומט, געוואָיעט, געשריַען. די שפּילער זייַנען געווען אָנגעטאָן אין קליידער פון אַלע קאָלירן. טראָמפּייטן האָבן געשאַלט, די טענער האָבן זיך געטראָגן איבערן מאַרק. אין מיטן צירק איז געשטאַנען אַ גרויסע שטייג פון אייזערנע דרענגלעך, ווו איינער אַ מאַן האָט מיט אַ בייטש אין האַנט גערייצט און געטריבן אַ לייב, וואָס איז געשפּרונגען אַזוי ווי דאָס בייטשל האָט געוואָלט.

וועלוול האָט געגאַפט פון די ווונדער, וואָס קייקלען זיך פאַר זייַנע אויגן. ער האָט מיט די אויגן געזוכט די פערד־טענצערין טאָלאָ מיט איר גאָלדענעם קאָפּ.ער איז שוין אַפילו מעשה אייגענער אַרומגעקראָכן הינטער די בענק, די סלופּעס. פּלוצלינג האָט אים אַ פייער אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן. ער האָט געזען די פערד־טענצערין אין דעם ביידל ביים אייַנגאַנג צום צירק. זי האָט זיך איבערגעטאָן. עס האָט אים אַ בלענד געטאָן אַ שטיק נאַקעט לייב פון איר, די מלכה שבא, לילית, אסתר המלכה. ער איז געבליבן שטיין צוגעשמידט צום אָרט. זי האָט דערזען ווי ער קוקט אַ באַנומענער:

— וואָס גלאָצסטו, גולם איינער! האָסט נאָך נישט געזען אַ נאַקעטן פוס פון אַ פרוי? גיי צו דייַן אַרבעט!

אַפילו דאָס בייזע געשריי פון איר האָט אין זייַנע אויערן געקלונגען ווי מוזיק. ער איז געבליבן שטיין אין אַ זייט אַ פאַרשטאַרטער פון התפעלות. אין עטלעכע מינוטן איז זי אַרויסגעקומען געקליידט אין גאָלד, זילבער, סאַמעט און זייַד. מען האָט צוגעפירט אַ פערד. זי האָט זיך געשיקט אַרויפגעזעצט און אַוועק אין גאַלאָפּ איבערן צירק. די פּייקלעך, די טראָמפּייטלעך, די גלעקער, די טאַצן האָבן געשאַלט, געשפּילט, געקלאַפּט. זי האָט זיך פאַרנייגט פאַרן פובליקום. דאָס פערדל האָט זיך געטראָגן אין אימפּעט. זי האָט זיך מיט די שפּיצן פינגער אויפגעשטעלט און געטאַנצט אויפן פערדס רוקן. עס האָט אויס־געזען ווי זי טאַנצט און רייט שוועבנדיק. די האָר זייַנען ביי איר געווען צע־לאָזט, דאָס גאָלד און זילבער אויף איר האָט שימערירט קעגן די ליכטער. דאָס פובליקום האָט אייַנגעהאַלטן דעם אָטעם.

דאָס האַרץ האָט ביי וועלוול לייבן געזעצט אינעווייניק און געווען גרייט אַרויסצושפּרינגען. ער וואָלט מיט דער גרעסטער פרייד אין דער מינוט אָפּ־געגעבן זייַן אָרעם לעבן פאַר איר, בלויז פאַר אירס אַ וואָרט. און דאָ טראָגט זיך דאָס פערדל ווילד און אימפּעטיק צום טאַקט פון דער מוזיק. ביידע, די רייטערין און די חיה, שוועבן אין דער לופט...

דער יונג האָט שוין מער זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. אַן אומרו האָט זיך אין אים באַזעצט. מחנות שדים האָבן אים געפּייניקט. וואַכנדיק און אין שלאָף האָט ער נאָר געזען די רייטערין. ער איז שוין פונעם צירק נישט אָפּגעטראָטן און מען האָט אים באַוואָרפן מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. דער די־

רעקטאָר האָט אים שוין צוגעזאָגט אַ שטעלע, אַז מען וועט אים מאַכן פּאַר אַ פּאַיאַץ, האָט ער וועלוול לייבן פאַרזיכערט. און וועלוול לייב האָט שוין אָוועק־געוואָרפן די וויאַדרעס, אויפגעהערט זיך שעמען מיט זיין פאַרקריפּלטן פּנים, פאַרקערט, דאָס פּנים האָט דאָך אים געבראַכט צו דער איצטיקער גדולה. אין שטאָט האָט מען אויף אים אָנגעהויבן קוקן אַ ביסל דרך־ארצדיק.

זי איז ביי טאָג אַרומגעגאַנגען אין אירע רייט־הויזן מיט דעם בייטשל אין האַנט. זי האָט וועלוול לייבן צוגעוואָרפן אַ סיגאַרעטל, אַ גלעלעכטערל, אַ לייכטן שמיץ מיטן בייטשל איבער זיין פּלייצע, אים גערופן „מיין פּאַיאַץ", אַפילו אים געפרעגט ווי ער הייסט, צי ער איז פאַרליבט, צי ער וויל ווערן אַ צירק־מענטש און פאָרן מיט זיי איבער דער מדינה?

ער איז געווען אומגעלומפּערט מיט די ענטפערס. געשראָקן זיך צו קוקן איר אין פּנים אַריין. ווי אַזוי קען מען טאַקע קוקן אַ מלכה שבא אין פּנים אַריין? נאָר אַ שלמה המלך קען זיך דאָס פאַרגינען, אָבער נישט ער, וועלוול לייב. ער האָט אויף אַלע אירע שאַלות געענטפערט יאָ און שטילערהייט גע־בענטשט דעם טאָג, וואָס דער צירק איז געקומען אין שטאָט אַריין.

שוין פיר טעג איז דער צירק געשטאַנען אין מיטן מאַרק. אינעם פרי־מאָרגן פונעם פערטן טאָג האָט גענומען שטאַרק רעגענען, פּשוט אַ מבול פון הימל. די לייוונטן איבער דעם צירק־ביידל זיינען געוואָרן שוואַרץ און גע־שוואָלן פון דעם כליאַפּ וואָס פאַלט איבער זיי. דער סלופּ האָט זיך געשאָקלט אין ווינט און די אָנגעצויגענע לייוונטן האָבן זיך געוואָרפן. אויף דער ערד צווישן די ברוקירטע שטיינער זיינען געשטאַנען קאַלוזשעס וואַסער. קיין לע־בעדיק נפש האָט מען נישט געזען אין מאַרק.

די אַרבעטער האָבן באַפעסטיקט די אייזערנע האָקנס, ווו די שטריק זיינען געווען צוגעבונדן און געהאַלטן די לייוונטענע פּלאַכטעס. וועלוול לייב האָט זיך געריסן פון די כוחות און באַפעסטיקט, פאַרבונדן. ער האָט געקעמפט מיטן ווינט און דעם מבול. אַ גאַנצן טאָג האָט דער רעגן אונטערגעשווענקט די צירק־ביידלעך. אין אָוונט איז פאָרגעקומען דער ספּעקטאַקל: לאָמפּן האָבן גע־ברענט, די מוזיק האָט געזעצט, די פּאַיאַצלעך האָבן געפראַוועט חוזק־שטיק און דער רעגן מיטן ווינט האָבן געוואָיעט און געפּיפּן.

ווידער האָט דער לייבן־טרייבער אין דער שטייג דרעסירט די חיות און ווידער האָט טאָלאַ די רייטערין זיך געלאָזט און ווילדן געלאָפּ מיט די צע־שויבערטע גאָלדענע האָר איבער דער רונדיקייט פון דער צירק־אַרענע.

געוויינטלעך, פלעגט זי יעדן אָוונט, נאָכן דורכרייטן אַ צוויי מאָל די אַרע־נע, שפּרינגען מיטן פערד דורך עטלעכע רייפן, וואָס זיינען געווען באַפעסטיקט

מיט שטריק ביי די אַריינגעזעצט סלופּעס. אויך היינט האָט זי זיך געטראָגן אויפן פערד ווי געיאָגט פון מחנות שדים. פּלוצלינג האָט אַ סלופּ זיך צע־קרעכצט און אַ כליאַפּ וואַסער האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון דעם דאַך־לייוונט אינעם צירק איבערן פּובליקום. עס איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע. דאָס פערד, אין דער גראַציעזער פלינקייט איז אַריינגעשפּרונגען אין דער ערשטער רייף. טאָלאַ האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער רייף, אַ טאַנץ געטאָן אין דער לופט און אַרויסגעשפּרונגען אויפן פערדס רוקן. זי האָט געדאַרפט דורכשפּרינגען פינף רייפן. די מוזיק האָט געזעצט, מענטשן האָבן געקוקט מיט איינגעהאַל־טענעם אָטעם. ווידער האָט דער הויפּט־סלופּ אַ קרעכץ געטאָן, אָבער דער קרעכץ איז פאַרזונקען אין די זעץ פון די פּויקן און טרומפּייטן. וועלוול לייב, וואָס האָט נאָכגעשפּירט מיט די אויגן די צירק־רייטערין אויפן פערד, ווי אַ גע־טרייער הונט דעם באַלעבאָס, האָט דערהערט דעם קרעכץ פון סלופּ, דערפילט אַ סכנה און מיט אַ מוראדיקער שנעלקייט האָט ער זיך דורכגעריסן צום אָרט פון די רייפן. ער איז אָנגעקומען אין דער זעלבער רגע, ווען זי איז אַריינגעשפּרונ־גען מיטן פערד אין אַ רייף און מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט די רייף. אין דער זעלבער רגע האָט צוליב דער שווערקייט פון וואַסער אינעם גרוב און איבער דער דאַך־לייוונט אַ זייטיקער סלופּ זיך איינגעבראָכן. זי איז אַרויסגעשפּרונ־גען אויפן פערד, וואָס איז געוואָרן צעיושעט ווילד און האָט זי אַ שליידער געטאָן אין דער לופט. פון דעם שליידער האָט זיך איר פוס פאַרטשעפּעט אי־נעם זאָטל פון פערד און איין האַנט האָט געשווינד און אַנגסטיק אַ כאַפּ געטאָן די רייף, וואָס האָט זיך צוליבן אויסבייג פון דעם זייטן־סלופּ איצטער איינ־געבראָכן. עס איז געווען דער רגעדיקער אינסטינקט צו אַנטרינען פון דער טויט־סכנה.

וועלוול לייב האָט זיך בליץ־שנעל אַ וואָרף געטאָן אונטער דעם פערדס פּיס און אויף אַ פּיצל פון אַ רגע עס פאַרהאַלטן מיט זיינע אייזערנע אָרעמס. די רייטערין האָט דערווייל אַרויסגעריסן דעם פוס אירן פון דעם זאָטל און געפאַלן מיט דער רייף אויף דער ווייכער ערד. וועלוול לייב האָט אויפגעכאַפּט איר געשריי אין יידיש: ראַטעווע זיך, גולם! דאָס פערד... אַלץ צוליב מיר... זי איז שוין געווען געראַטעוועט פונעם פאַל אויף דער ווייכער ערד. ער האָט שוין מער נישט געהערט אירע שרייענדיקע רייד. דאָס פערד — צעיושעט, צעקאָכט האָט מיט די אייזערנע קאָפּיטעס געטראָטן איבער זיין לייב און פּנים אין צעזעצט אים דעם שאַרבן.

די מוזיק האָט אַלץ געשפּילט. די פּויקן און דער טראָמבאָן האָבן געריסן די לופט און פאַרהילכט די געשרייען פון פּובליקום. עטלעכע זייטן־סלופּעס האָבן מיט אַ קרעכצעניש זיך איינגעבראָכן און די רעגן־וואַסערן, גאַנצע קאַ־

לוזשעס, האָבן פון די שווער־באַדעקטע לייוונטן געפּליוכעט איבער דעם צע־בהלהדיקן פּובליקום.

מען האָט וועלוול לייבס טויטן קערפּער אַראָפּגעטראָגן פון דער צירק־אַרענע. זיין פּנים — אויפגעריסענע ווונדן, אויסגעשמירטע אין בלוט. מען האָט נישט געקענט זען צי עס האָט אַ גרימאַסע פון געוויין צי פון געלעכטער; צי עס וויינט וועלוול לייב דער שטאָט־נאַר און וואַסער־טרעגער, צי גאָר עס לאַכט דאָס פּנים פון דעם וועלוול לייב, וואָס האָט געזאָלט אויפגעריכט ווערן, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צירק־לײַ, כדי צו מאַכן פריילעך אַנדערע.

# אַ משכון

אין שטאָט האָט מען געוווסט, אַז דער זיידע פֿאַרמאָגט אַן אַלטן חנוכה־לאָמפּ געשמידט און געהאַמערט פֿון ריינעם זילבער. אין די חנוכה־טעג פֿלעגן מענטשן קומען באַוווּנדערן דאָס מייסטער־שטיק, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און אַראָפּגעשיינט מיט צוויי לייבן, וואָס האָבן אין זייערע לאַפּעס געהאַלטן צוויי קריגלעך, איבער זיי האָבן צוויי אָדלערס זיך געשפּרייט מיט פֿליגל. די אַכט קליינינקע קריגעלעך, אין וועלכע מען האָט אָנגעגאָסן דעם בוימל זיינען געזעסן איבער די רוקנס פֿון טייבעלעך.

מען האָט דערציילט, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווער ווייסט ווען און ווו, איז דאָ איין מאָל אָנגעקומען אַ פֿרעמדער ייִד, גערעדט האָט ער עטלעכע לשונות און איבערגעגעבן פֿון מויל צו אויער, אַז ער זאַמלט געלט אויסצו־לייזן געפֿאַנגענע ייִדן פֿון גוייִמס הענט. ער האָט מיט זיך געהאַט פֿאַרשיידענע חפֿצים און צווישן זיי דעם חנוכה־לאָמפּ, וואָס דער זיידע האָט אָפּגעקויפֿט און באַצאָלט אַ מטמון מיט געלט, פּשוט זיך בדיל־הדל געשטעלט, פֿאַרזעצט דאָס קישן פֿון קאָפּ אַבי צו באַצאָלן דעם פֿרעמדן פֿאַר דעם טייערן חפֿץ. דערמיט האָט ער געטאָן צוויי מצוות: געהאָלפֿן אויסלייזן ייִדישע געפֿאַנגענע, ווייל פּדיון שבֿויים איז נישט קיין קלייניקייט, און איינגעשאַפֿט זיך אַ חנוכה־לאָמפּ, וואָס באַשיינט דאָס הויז אין די אַכט יום־טובֿ־טעג.

יאָר־איין און יאָר־אויס פֿלעג איך דעם ערשטן חנוכה אין דער פֿרי זיך פֿעדערן און קומען אין זיידנס שטוב אַריין זען דעם שיינעם לאָמפּ און אין איין וועגס קריגן חנוכה־געלט. דעם זיידנס פּנים האָט געשיינט, די גאַנצע וואָכעדיקייט און זאָרג איז פֿון אים פֿאַרשווונדן, און די זאָרג האָט אים דאָך די טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר כּסדר געפּייניקט. צוויי זין זיינען אים אומגעקומען, איינער אין מלחמה, דער צווייטער אין תּפֿיסה פֿאַר וועלן איבערקערן די וועלט און ברענגען דעם אייביקן יושר. אַ טאָכטער איז אים געשטאָרבן אין קינפּעט מיטן ערשטן קינד; אויף דער שניט־קראָם זיינער איז ער געווען פֿאַרמשכּונט

מיט חובות. דאָך האָט ער זיך געהאַלטן און נישט איינגעבראָכן, געטראָגן די יסורים מיט אַ פּאַטאַלער אונטערטעניקייט, אַזוי איז דעם באַשעפערס ווילן...

איך האָב אים געטראָפן דרייען זיך איבער דער שטוב אָן אויפגעלייגטן, אונטערגעזונגען אָן אַלטן ניגון, געהאַלטן די הענט אַריינגעשטעקט אינעם גאַרטל. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא, אָפּגעלאָזט דעם גאַרטל, געטאָן מיר אַ קנופּ אין באַק, אַזש עס האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט אַ שמייכלדיקער געזאָגט:

— נו, חומש־בחור, געקומען נאָך חנוכה־געלט, האַ?

איך האָב זיך געקווענקלט, צוגעהאַלטן מיט דער האַנט די צווייטע באַק, כדי נישט צו כאַפּן כיבוד אַ צווייטן קנופּ, און שטיל געזאָגט:

— נישט חנוכה־געלט, מיין איך, דעם לאָמפּ... דעם לאָמפּ וויל איך זען. איך קען זיך נישט דערוואַרטן ביז פאַרנאַכט.

— ווילסט דאָך מיר פאַררײדן די ציינער, כדי זאָלסט קריגן אַ זשמעניע חנוכה־געלט, דו שייגאָץ איינער! נו, גוט, גוט.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער דעמבענער ספרים־שאַפע, געעפנט צוויי טירן. עס האָט אַ שלאָג געטאָן פאַר די אויגן דער טונקעלער ברוין פון לעדערנע רוקנס איבער גמרות — דער ווילנער ש״ס, מיט גאָלד־געליישטע אותיות אין די רוקנס. די גמרות זיינען געשטאַנען אין אַ געפּרעסטער ענגשאַפט אויף דער אויבערשטער פּאָליצע. אויף די אונטערשטע פאַכן זיינען געשטאַנען אין אַ ריטמישן סדר: משניותן, חומשים, מוסר־ספרים, מנורת־המאור. פון דער העכ־סטער פּאָליצע האָט דער זיידע פּאַרזיכטיק אַראָפּגענומען אַ פּעקעלע אין געלבן פּאַפּיר, צוגעטראָגן צום טיש און ברייטלעך פונאַנדערגעבונדן. דער זילבער האָט אַ בלענד געטאָן און די לייבן, אָדלערס, טויבן זיינען אַרויסגעקומען ווי פון ווייסן פייער, לעבעדיקע, צעפלאַקערטע. דער זיידע האָט שוין געהאַט גרייט אַ וואָלן טיכל און גענומען פוצן דעם לאָמפּ. ער האָט פּאַמעלעך געפּוצט. דער זילבער איז געוואָרן פינקלדיקער און געגלאַנצט ווי אַ געשליפענער שפּיגל. איך האָב מיין פּנים צוגעבויגן צו דעם זילבערנעם ווענטל מיט די געהאַמערטע חיות און האָב זיך אַליין געזען בעסער ווי אינעם שפּיגל ביי אונדז אין הויז.

איך האָב דערפילט אַ לייכטל פּעטשל פון זיידנס האַנט איבער מיין פּנים. ער האָט געזאָגט אין אַ בייזלעכן טאָן:

— אַ מענטש טאָר נישט צו פיל קוקן אין זילבער און נישט שפּיגלען זיין פּנים. דערצו נאָך אין אַ הייליקן חפץ. נישט אין זילבער, דו הערסט, חומש־בחור! דער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט, דאַרף זיין עניוותדיק, צניעותדיק, נישט וועלן אויפרייסן די אויגן. אַ ייִד טאָר דאָס נישט!

איך האָב זיך פאַרשעמט און אָוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ פונעם ים מיט זיל־בער.

מיטן צופאַלן פון אָוונט, האָט דאָס קנייטל אינעם ערשטן קריגעלע זיך צעברענט. די לייבן, די אָדלערס, האָבן אינעם ברענענדיקן פלעמל אויסגעזען ווי גאָלדיקע פייערדיקע חיות אין אַ ראַם פון אויסטערלישער שיינקייט. דער זיידע האָט זיך געדרייט איבער דער שטוב, אונטערגעזונגען. דאָס פלעמל האָט פריילעך געטענצלט און זיך איבערגעוווּנקען מיטן פלעמל פון שמש אין אַ לייבס לאַפּע. דער נס פון דער מעשה, וואָס איז טויזנטער יאָר אַלט, האָט גע־פלאַטערט אין דער שטוב, אַזוי גוט ווי אין אַלע ייִדישע שטובן אין דער גאַנ־צער וועלט.

דער זיידע איז געשטאָרבן. דער חנוכה־לאָמפּ איז אַריבער בירושה צו זיין איינציק לעבן געבליבענעם זון, מיין פאָטער, צוזאַמען מיט דער ספרים־שאַנק. די אויבערשטע פּאָליצע פון דער שאַפע האָט געהאַלטן אין זיך דעם אוצר פון אַ מיסטעריעזער בענקשאַפט צו דער שיינקייט, וואָס אַן אַלטער ייִדישער מייס־טער האָט ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט, געהאַמערט, געשמידט און דאָס חפץ איז ווער ווייסט דורך וואָס פאַר אַ גילגולים אָנגעקומען צו אונדז אין הויז אַריין.

עס זיינען געקומען שווערע יאָרן: מלחמה, נויט, קראַנקהייטן, פאַרטריבן געוואָרן פון איין עק שטאָט צו דער אַנדערער. אין שטוב ביי אונדז האָט גע־הערשט הונגער און טרויער. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעבראָכענער, געקרעכצט, געוויינט אין די ווינקעלעך פון דער שטוב, אַריינגעיאָמערט אין זיך, געזאָגט פּסוקים תהילים מיט אַ טיף געבעט און קיין מאָל נישט דערזאָגט אַזוי ווייט, אַז ער זאָל קענען אָנשעפּן אַ טראָפּן פרייד. ער האָט זיך גענומען צום האַרצן, וואָס ער איז אַריין אין דער משפּחה פון יורדים אין שטאָט. נישט גע־וואָלט אָננעמען קיין טרייסט, אַז אַ ייִד טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון אין די ערגסטע שעהען פון לעבן אַפילו, טאָר נישט איבערגיין צו עצבות, וואָס צע־טרייסלט דאָס געמיט און טרייבט צו אַ ביטערן סוף.

ווידער איז געקומען חנוכה. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט דער טאַטע זאָל עפענען די ספרים־שאַנק, אַראָפּנעמען פון דער אויבערשטער פּאָליצע דעם לאָמפּ און צוגרייטן צום יום־טוב. ער האָט אָבער די ספרים־שאַנק נישט גע־עפנט. איך האָב אים נישט דערקענט. זיין פּנים איז געווען בלייך, זיין גע־שטאַלט — געהויקערט און אַ חושכדיקע גרויקייט איז אין דעם טאָג איבער אים אַרויף.

דער טאָג האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין. אין דרויסן איז געווען אַ ביטערער פראָסט און אין שטוב — אַ קעלט. אויף די שויבן פון די פענצטערס

האָבן פּאַמעלעך זיך צעבליט: בלומען,ביימער, בלעטער אין אַ בלויִלעכן זיל־בער פון דעם גרימיקן פראָסט. מען האָט נישט געקענט זען צי עס איז טאָג צי נאַכט. דער טאַטע האָט פון אַ ווינקל אין שטוב אַרויסבאַקומען אַ קאַרטאָפל און פון ערגעץ צוויי גרויע חלבנע ליכטלעך. זיינע אויגן זיינען געווען פייכט. ער האָט געקוקט אויף דער מאַמען און אויף די קינדער און גענומען ריידן צו אַלעמען און צו קיינעם נישט:

— נו, מיר וועלן זיך גרייטן צו בענטשן חנוכה־ליכט — דאָס קול האָט זיך געשטיקט ביי אים אין האַלדז — מילא, מען קען זיך באַגיין אָן אַ חנוכה־לעמפּל. נישט דאָס חפץ, נישט דער זילבער, אָדער דער מעש איז דער עיקר, נאָר דער פלאַם, דאָס פייער, וואָס דערציילט די גרויסקייט פון דער מעשה.

— דאַרפסט זיך וועגן דעם נישט אָפּעסן דאָס האַרץ — האָט די מאַמע געפּרוווט אָוועקמאַכן דעם טאַטנס טרויער און האָט פאַרבראָכן די הענט, אָוועק־געדרייט דעם קאָפּ, מען זאָל נישט זען דאָס חשכות אין אירע אויגן — דער זילבערנער לאָמפּ וועט נאָך באַשיינען אונדזער הויז. אויף יעדער זאַך קומט אַ צייט.

דער טאַטע האָט מיט אַ מעסער גערייניקט די קאַרטאָפל, אויסגעצופּט די ווייסע אָנגעוואַקסענע וואָרצלען, געמאַכט אַ גריבל און אַריינגעשטעקט דאָס חלבנע ליכטל. דאָס צווייטע ליכטל האָט געזאָלט זיין דער שמש און ער האָט געהאַט בדעה עס אָנצוטריפן אויפן טיש. ער האָט געברומט:

— נישט געקענט אויסלייזן פון שלום בערן דעם לאָמפּ, דער רבונו־של־עולם איז מיין עדות, אַז נישט געקענט.

איצטער האָב איך זיך געכאַפּט ווו דער לאָמפּ געפינט זיך: פאַרמשכונט ביי שלום בערן.

אַלע אין שטאָט האָבן געקענט שלום בערן דעם פּראָצענטניק. ער האָט אויסגעבאָרגט געלט אויף משכנות און גענומען פּראָצענט, לויט איינזען: ביי אַ גאָר רייכן מאַן, וואָס דאַרף אויף דער שנעל אַ הלוואה, האָט ער גענומען אַ פעטן פּראָצענט; ביי אַ האַלב־פאַרמעגלעכן, האָט ער גענומען אַ קליינעם פּראָ־צענט; ביי אַן אָרעמאַן, אַ יורד, וואָס האָט פאַרזעצט די שבת־לייכטערס, דעם קידוש־בעכער, האָט ער גענומען קוים־קוים עפּעס וואָס זאָל דעקן זיין אַחריות פאַר היטן יענעמס חפץ. אַזעלכער ווי דער, וואָס איז געקומען פאַרזעצן דאָס קישן פון אונטערן קאָפּ, האָט שלום בער נאָך אַליין געגעבן אַ הלוואה, נישט געוואָלט נעמען דאָס קישן אַלס משכון, און דער אָרעמאַן איז אַוועק פון שלום בערס שטוב מיט אַ לייכט געמיט און ביי דער שוועל איבערגעלאָזט אַ באַרג ברכות. ער איז געווען אַן ערלעכער מאַן, ביי קיינעם קיין איבעריקע פּרוטה נישט גענומען און אַ סך מאָל צוריקגעגעבן די שבת־לייכטערס, דעם קידוש־

בעכער, אַבי די באַלעבאָסטע זאָל נישט האָבן אַ פאַרשטערטן שבת, אַבי מען זאָל אויפן שבתדיקן טיש האָבן די לייכטערס מיט פריילעכע פלעמלעך און דער ווײַן זאָל זיך שוימען איבערן ראַנד פון בעכער ביי קידוש.

איך האָב אים גוט געקענט. דער טאַטע פלעגט מיך אַלע מאָל שיקן צו אים מיט עפּעס אַ צעטעלע באַשריבן מיט ציפערן. שלום בער פלעגט ביי מיר נעמען דאָס שטיקל פּאַפּיר און מיט זיינע שיקלדיקע אויגן, איבער וועלכע די ברעמען האָבן אונטערגעציטערט, פלעגט ער עס גוט באַטראַכטן, נאָך דעם פלעגט ער פון אַ קאַסטן באַשמידט מיט אייזנס אַרויסנעמען אַ ביסל געלט, עס מיר געבן פאַרן טאַטן און אונטערגעברומט יעדעס מאָל דעם זעלבן פּזמון:

— היט דאָס געלט, בחורל, געלט איז אַ טייערע זאַך, מען דאַרף וויסן ווי עס צו היטן און ווי אַזוי עס צו פאַרדינען.

דעם חנוכה־לאָמפּ האָט, ווייזט אויס, דער טאַטע אַליין געטראָגן צום פאַר־משכונען, געוואָלט האַלטן דעם סוד ווי לאַנג עס וועט זיך לאָזן, זאָלן די קינדער נישט וויסן פון דעם ביטערן גזר, און דער רבונו של עולם קען דאָך העלפן אַפילו ווען דער חלף ליגט אויפן האַלדז...

איך האָב איצטער לאַנג נישט געטראַכט און בין אַרויס פון הויז.

די גאַס איז געווען באַדעקט מיט אַ בלויִלעך זילבערנעם שניי; פון די קוימענס אויף די דעכער האָבן זיך געצויגן בלויע רויכלעך צום לויטערן הימל. איך בין געלאָפן אין איין גאָסל אַריין, פונעם אַנדערן אַרויס. מען האָט זעלטן באַגעגנט אַ פאַרבייגייער. איך בין אָנגעקומען צו שלום־בערס הויז און בין אַריין צו אים אין שטוב. עס איז דאָרט געווען וואַרעם. זיין הויכע געשטאַלט האָט זיך געוויגט איבער אַ מעשענעם חנוכה־לעמפּל. ער האָט דאָרט אין די קליינע רערלעך אָנגעגאָסן בוימאייל און פאַרלייגט אינעם ערשטן רערל אַ קנויטל.

זיין פּנים, די שיקלדיקע אויגן, די שוואַרצע באָרד האָבן זיך אויסגעדרייט צו מיר. ער האָט גאַנץ שטיל געפרעגט:

— וואָס וועסטו זאָגן גוטס, בחור? ביסט, דאַכט זיך, נפתלי שכנאס יינגל. אַ גמרא־בחור, האַ?

— יאָ, אין אַ יאָר אַרום ווער איך בר־מצווה.

— אין אַזאַ קעלט ביסטו געקומען. גיי צום אויוון, וואַרעם זיך אָן און זאָג מיר וועגן וואָס ביסטו געקומען.

— עס איז מיר נישט קאַלט. איך בין געקומען — האָב איך געשטאַמלט — נאָך דעם זיידנס חנוכה־לאָמפּ. היינט...

— האָסט געבראַכט דאָס געלט? איך מיין פאַרן משכון. דער טאַטע...

איך האָב איבערגעהאַקט זיינע רייד:

— נישט געבראַכט קיין געלט! מיר האָבן נישט היינט, אפשר נאָך חנוכה. אפשר...

דער ייִד האָט געקוקט אויף מיר און געשוויגן. אַ רחמנות האָט מיך אַרומ־גענומען אויף דעם הויכן מאַן, וואָס האָט געלט, אַ וואַרעמע שטוב און אונדזער זילבערנעם, שיינעם חנוכה־לאָמפּ. עס האָט מיר געדאַכט, אַז ער וויינט, אַז אים איז אויך נישט גוט מיט דעם אַלעם וואָס ער פאַרמאָגט. ער האָט אַלץ שטיל גערעדט:

— דייַן טאַטע האָט דאָס לעמפּל איינגעלייגט ביי מיר. איך האָב אים גע־באָרגט שיין געלט אויף דעם, ער זאָל קענען פירן אַ שטיקל מסחר. איך האָב אים געבאָרגט אַ סך מער ווי דאָס חפץ האָט די ווערט, נאָר ווייזט אויס, גיט אים דער רבונו של עולם נישט קיין מזל און, און...

— דער טאַטע וועט אָפּצאָלן, ער וועט פאַרדינען. ער וועט מצליח זיין.

— הלוואי, בחור. עס איז גוט, אַז אַ ייִד האָט בטחון, עס איז די שענסטע מידה. דורך בטחון קען מען אַלץ דערגרייכן, אַפילו צום טויער פון רחמים קען מען דערגרייכן...

— באָרגט אונדז אויס דעם לאָמפּ אויף די אַכט טעג חנוכה. דער טאַטע און די מאַמע זיינען זייער באַזאָרגט, אַ פאַרשעמטער יום־טוב ביי אונדז אין הויז.

— איך קען דיר נישט צוריקגעבן דאָס לעמפּל.

— עס איז נישט קיין לעמפּל — האָב איך גענומען שרייען — פאַר דעם געלט, וואָס דער זיידע האָט אַמאָל באַצאָלט פאַר דעם לאָמפּ, האָט מען אויס־געלייזט ייִדישע געפאַנגענע.

— איך ווייס, גמרא־בחור, דאָס האַרץ טוט מיר ווי און איך האָב גרויס צער, וואָס דער יום־טוב איז ביי אייך אַ פאַרשטערטער, גרויס צער... גלייב מיר, איך בין גרייט דיר אַוועקצוגעבן דאָס חפץ און אַפילו נישט איינמאָנען דאָס געלט פון דער הלוואה, אָבער...

— דער טאַטע וועט אָפּגעבן, איך וועל דעם לאָמפּ היטן און צוריקברענ־גען אין צייט.

שלום־בערס פנים איז געוואָרן רויט און בלייך, די באָרד האָט ביי אים אונטערגעציטערט. ער האָט גענומען גיין הין און צוריק איבער דער שטוב. פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט האַרט לעבן מיר, געגעבן מיר אַ גלעט אי־בער די באַקן מיט זיינע ביינערדיקע קאַלטע פינגער. זיי זיינען געווען זייער קאַלט.

— דו ברענגסט מיך צו רעדן וואָס איך דאַרף נישט. איך קען דיר דעם לאָמפּ נישט געבן, אַ נדר...

— אַ נדר? פאַר וואָס?

— ווען דער טאַטע דיינער האָט פאַרמשכונט, האָט ער זיך געטאָן אַ נדר, אַז ער וועט נישט קומען נאָך דעם חפץ, ביז ער וועט האָבן דאָס געלט, כדי ער זאָל נישט דאַרפן ווידער אַ מאָל דאָס חפץ פאַרזעצן. פאָלג מיך, גמרא־בחור, פאַרשאַף נישט דעם טאַטן קיין צער. דאָס חפץ געהער צו אייך, קיינער וועט עס נישט רירן. ברענג נישט דעם טאַטן צו עצבות, פאַרשטייסט?...

— איך פאַרשטיי... עס האָט מיר גענומען שטיקן אינעווייניק. איך האָב ערשט פאַרשטאַנען מיין טאַטנס מעמד, זיין טרויער. איך האָב שוין געוואָלט אַרויסלויפן פון שלום־בערס שטוב, נאָר אַ ווילדער חשק איז מיר באַפאַלן אַ קוק צו טאָן אויף דעם חנוכה־לאָמפּ.

— ר׳ שלום־בער, לאָזט מיך בלויז אַ קוק טאָן אויף אונדזער... אונדזער לאָמפּ.

שלום־בער איז צוגעגאַנגען צום קאַסטן און מיט אַ גרויסן אייזערנעם שליסל געדרייט הין און צוריק און געעפנט. עס האָט אַ בלענד געטאָן פאַר מיינע אויגן: זילבער, מעש, קרישטאָל, לייכטערס, בעכערס, בשמים־ביקסן, וואַזעס, אתרוג־פושקעס, לעפל, גאָפּלען, שבת־מעסערס, אַלץ איז געלעגן צוזאַמענגעפּלאָנטן. די ליכט פון דעם בליך־לאָמפּ איבערן סופיט איז געפאַלן איבער די חפצים אין קאַסטן און אָנגעצונדן וועלטן מיט פלאַמיקע שטראַלעכלעך. עס האָט אויסגעזען ווי אַ כישופמאַכער וואָלט דאָ צוזאַמענגענומען אוצרות און באַהאַלט זיי פאַר דער דרויסנדיקער וועלט און די טייערע פינקלדיקע חפצים זיינען פאַרמשפּט צו ליגן אין דעם פינצטערן קאַסטן. שלום־בער האָט געזוכט צווישן די חפצים און אַרויסבאַקומען דעם פאַרפאַקטן חנוכה־לאָמפּ, צוגעטראָגן צום טיש, אַראָפּגענומען די פאַרפאַקונג. דער לאָמפּ האָט אַ פלייץ געטאָן מיט ליכטער מיר אין די אויגן אַריין. איך האָב נישט ווילנדיק געשפיגלט מיין פּנים אינעם זילבער. באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער לאָמפּ איז פאַרמשפּט צו ליגן אין קאַסטן ווער ווייסט ווי לאַנג. איך בין שנעל צוגעלאָפן צו דער טיר אַרויס אין דרויסן, און געלאָפן אַ היים.

אין שטוב ביי אונדז איז געווען קאַלט. דאָס נאַפט־לעמפּל האָט געקאָפּטשעט.

— ווו ביסטו אַהינגעקומען? מען וואַרט דאָך אויף דיר — האָט דער טאַטע געזאָגט — מיטן צינדן דאָס ליכטל.

— ווו ביסטו געווען אין אַזאַ פראָסט? — האָט די מאַמע אַ דערשראָקענע געפרעגט.

— איך... איך בין נאָר אַרויסגעלאָפן אַזוי זיך אַ ביסל גליטשן אין גאַס.

דער טאַטע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן זייטיק, אָנגעצונדן אַ שוועבעלע

און איין חלבן ליכטל האָט אַ פּלאַם געטאָן ביי אים אין האַנט. דאָס צווייטע האָט שוין געשטעקט אין דער קאַרטאָפל. ער האָט עס אויך אָנגעצונדן. ער האָט גענומען זאָגן די ברכות מיט אַ געזאַנגל.ביידע ליכטלעך האָבן זיך פריילעך צעפלאַקערט.

איך האָב געקוקט אויף דער רויער קאַרטאָפליע, וואָס האָט איצטער, אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי דעם זיידנס לאָמפּ, מיט די לייבן, אָדלערס, טויבן און דער פייערדיקער ווייסער זילבער שיינט און ברענט; באַלייכט דעם טאַטנס קאָפּ, זיין פּנים, די אויגן זיינע, וואָס קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין בושה און דער שטאָלץ זיינער איז פון אַ קעניג.

איך האָב געשוויגן, דער טאַטע האָט געזונגען די ברכות, די לייבן, די אָדלערס האָבן געשוועבט פאַר מיינע אויגן אין אַ גאָלדיקן זילבער.

דער מאַמעס קול האָט מיך אויפגעוועקט:

— איבער אַ יאָר, אם ירצה השם, וועט מען צינדן חנוכה־ליכט אין זיידנס זילבערנעם לאָמפּ!... וואָס קען מען טאָן? אַ זילבערן, צי אַ גאָלדן חפץ איז אַלע מאָל אויסגעשטעלט פאַרמשכונט צו ווערן, אַזוי איז שוין אין דער וועלט. אַלץ בעסער ווי מען זאָל, חלילה, פאַרמשכונען אַ מענטש און מען קען אים נישט אויסלייזן.

איך האָב דער מאַמעס רייד נישט געקענט אויסטייטשן נישט צום בייזן און נישט צום גוטן.

# פרעמדע אותיות

עטלעכע מענטשן זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך איבער דער לענג פון דער גאַס. זייער גאַנג איז געווען פויל, זייער געמיט דרימלענדיק, די בליקן — פאַרטראַכטע. זיי האָבן נישט געהאַט וואָס זיך צו איילן, ווייל אַלץ האָט מען דאָך שוין געזען, אַלץ געהערט, שוין זיך אויסדערציילט אין ליידן און פריידן און אַלץ אונטער דער זון איז דאָך שוין אַמאָל, אַמאָל געווען, היינט וואָס קען מען שוין מחדש זיין נאָך?

די קרעמערס, געהילטע אין לייכטע צייגענע כאַלאַטלעך איבער העמד און הויזן, אַנדערע אין שפּענצערס, זיינען געשטאַנען אין איינגאַנג פון זייערע קרעמלעך און שוין געווען מיד פון אַריינקוקן אין די ספרימלעך, מיד פון בלאָנדזשען מיט די אויגן איבער די בלוילעך געלבע בלעטער און איבער־קייען די איבערגעקייטע דריבנע אותיות, וואָס האָבן שוין אַפילו אין ערגעץ נישט אָנגעשפּאַרט און דעם לאַנגוויל נישט פאַרטריבן אויף אַ האָר די גרויס נישט.

אין אַ ווינקל פון אַ געסל, צווישן אַן אָנגעוואָרף פון אַלטע שטוב־חפצים, איז געשטאַנען ראובן דער סטאָליער ביי אַ דעמבענער ספרים־שאַנק, געפּאָ־רעט זיך מיט זיינע רמ״ח אברים און שטאַרק חשק געהאַט איבערצוניצעווען די שאַנק, וואָס איז שוין אפשר עלטער ווי ער אַליין, שוין אויסגעדינט אין אַ ייִדישער שטוב מיט גוטן און מיט בייזן. דער סטאָליער האָט זיך געקליגט און געוואָלט איבערקליגלען די אַלטע חכמה: איבעראַרבעטן די שאַנק, אויפפרישן זי זאָל זיין פאַר אַ דרשה־געשאַנק פאַר אַ יונג פּאַר־פאָלק צו זייער חתונה. אין אַן אַנדער ווינקל פון דעם געסל איז געזעסן פישל־אהרן, דער שוסטער און מיט טרויעריק־צעווייטיקטע אויגן באַטראַכט אַ פּאָר שיך, ייִדישע שיך און נישט געעקנט דערגיין צום אויספיר, צי קען מען נאָך פון זיי מאַכן עפּעס אַ „לייט", אַ לאַטע דאָ, אַ פלעקל אָט־אָ דאָ און פאַרנייען אָט־אָ דאָ, וואָס וועט שוין אַרויסקומען? פאַר אַ בלאָטע וועלן זיי שוין נישט טויגן, פאַר אַ טרוקן

וועטער אפשר? און וואָס איז שוין די נפקא מינה פון אָט א די שיך און דער מענטש אַליין? און פון אַ מענטש קען מען מאַכן אַ „לייט“, שוין מיט אַלע לאַטעס און פאַרבייעכצן צוזאַמען?

די קליינע פענצטער פון די הייזער אינעם געסל, זיינען געווען אָפן אין די הייף אַריין. פון איין פענצטער האָט זיך געטראָגן אַ דין געוויין פון אַ קינד; פון אַ צווייטן — געשרייען צוליב אַ כזית ברויט, אַ נאַקעטע קאַרטאָפליע, פון דריטן — אַ גערויש פון אַ ניימאַשין, אַ געקלאַפּ פון האַלץ און אייזן. פון אַן אַנדער פענצטער גאַר האָט זיך געטראָגן אַ מעלאָדיש באַגנדיקער ניגון, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אַן אָפענער גמרא. דער ניגון האָט זיך גע־קייקלט אַרויס אין גאַס און אַ פאַרגאַפּטער געזונקען צווישן הייזער, טירן, לאַדנס, אין אַ גאָלדיק זוניקער וועלט.

אויף אַ שטול ביי דער שוועל פון הויז, איז אינעם שאָטנדיקן דרויסן גע־זעסן די באָבע מינדל און געלייענט פון דער פאַרגעלטער צאינה־וראינה אַרויס. זי איז געווען פאַרטאָן אין אַ ווייטער, ווייטער וועלט פון לויטער ווונדער און דעם באַשעפערס שיינקייטן, אין אַ וועלט פון ניסים און אויסטערלישע טועכצן. פלוצעם האָט זי אויפגעהויבן איר שיינעם גרוילעכן קאָפּ, דערביי האָט זי מיט אַ פינגער פון אַ האַנט געטייטלט איבער דעם בלאַט, געמאַכט זיך אַ סימן ווו זי האַלט און צוגערופן איינס פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין מיטן גאַס:

— חנהלע! — האָט זי גערופן און געמאַכט אַ דעכעלע איבער די אויגן — קום נאָר אַהער!

דאָס מיידעלע האָט זיך אַוועקגעריסן פונעם שפּילן, ווו זי איז געווען פאַר־טאָן מיט אַנדערע יינגלעך און מיידלעך, געלאָפן מיט אימפעט, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז די באָבע מינדל האָט אַלע מאָל אַ קליינינקע מתנה: אַ מעשהלע, אַ צוקערל, אַ גלעט איבער די באַקן. זי איז צוגעלאָפן צו דער אַלטער מיט אַ געלעכטערל און נייגעריקייט.

די לענגלעכע גאָלדענע אויערינגלעך, מיט אַ דימענטל אין דער מיט, האָבן זיך געשאָקלט צום ריטעם פון דער באָבעס קאָפּ־באַוועגונגען. די צוויי דימענטלעך אין מיטן גאָלד האָבן געברענט מיט שימערירנדיקע פייערלעך קעגן דער זון.

— חנהלע — האָט די באָבע געזאָגט און מיט אירע פינגער אַ גלעט געטאָן דעם קינדס קעפּל — ווילסט צולויפן אויף דער פּאָסט זען צי עס איז אָנגע־קומען אַ בריוועלע פאַר מיר? עפּעס זעט מען נישט היינט דעם פּאָסט־טרעגער, שוין באַלד זון־אונטערגאַנג און מען זעט אים נישט און מען הערט אים נישט.

— באָבעשי, ער איז שוין פאַרבייגעגאַנגען פריִער, פריִער, די באָבעשי האָט געדרימלט. ער איז דאָ געווען, געווען.

— עס האָט זיך דיר בלויז אויסגעדוכט, קינד מיינס, ער איז נאָך היינט דאָ נישט געווען. ער וואָלט מיר זיכער געוועזן געבראַכט אַ בריוו... גיי צו אויף דער פּאָסט און גיב אומישנע אַ פרעג, גיי צו.

— איך וועל גיין — האָט דאָס מיידעלע נאָכגעגעבן — אויב די באָבעשי וועט דערציילן אַ מעשהלע, באַדאַי אַ קליין מעשהלע.

— היינט, אין אַזאַ הייסן טאָג? וועסט בעסער זיך שפּילן אין באַהעלטער־לעך. ווייסטו וואָס, אויב וועסט מיר ברענגען אַ בריוועלע, וועל איך דיר דער־ציילן אַ שיינע מעשה וועגן דעם ציגעלע אין קייזערס וואַלד.

— גוט, באָבעשי, איך לויף שוין אויף דער פּאָסט.

חנהלע איז אַוועק, די באָבע מינדל האָט זיך דערמאָנט, ווי זי האָלט אין „טייטש־חומש", האָט זי זיך ווידער פאַרטיפט אין לייענען די סדרה, וואָס זי האָט נישט פאַרענדיקט שבת מיט אַ כיוון, כדי הנאה פון דער וווּנדערלעכער מעשה זאָל זיך ציִען אויף איבער די טעג פון דער גרויער וואָך, יעדן טאָג אַ טראָפּעלע פרייד.

איר לעבן פון אַריבער זעקס צענדליק יאָרן איז געווען אַ לאַנגע מעשה מיט אַ סך קאַפּיטלעך, רינגעלעך און איבערגאַנגען זייער טרויעריק־טראַגישע, זעלטן ווען עס איז אין אַזאַ קאַפּיטל אַריינגעפאַלן אַ טראָפּן פרייד.

הגם אַלע אין שטאָט האָבן זי גערופן באָבע, האָט אָבער די באָבע מינדל נישט געהאַט קיין אייגענע אייניקלעך און געמוזט זיך באַניגענען מיט פרעמדע קינדער, וואָס האָבן זי ליב געהאַט ווי דאָס אייגענע לעבן און שטענדיק זי אַרומגערינגלט מיט שפּרודלדיקן געלעכטער, ברויזנדיקע רייד און קינדער־שער נייגעריקייט.

ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט איר צווייטן מאַן, דעם אלמן יעקב־מאיר פינגערהוט, האָט זי געהאַט צוויי שיינע דערוואַקסענע זין. ר' יעקב־מאיר, אַ ייִד אַ גביר, אַ בעל־גוף, וואָס איז געווען מיט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר עלטער פון איר, האָט שוין דעמאָלט געהאַט אויסגעגעבענע זין און טעכטער און אַ שפּאָרע צאָל אייניקלעך פון זיינע ערשטע צוויי ווייבער. פאַר דער שטאָט איז ער געווען אַ „קטלן", די ווייבער האָבן זיך ביי אים נישט געהאַלטן, כאָטש נעם און צערייס זיך. מינדל איז אַריין אין אַ נגידיש הויז, געוואָרן אַ באַלע־באָסטע איבער אַ פאַרמעגן, אַ נגידיש הויז מיט כל־טוב, פון שענסטן און בעסטן הייסט עס און דאָס ווייב פון אַ ייִד אַ כעסן, אַ סוחר פון וואָל און ביינוול מיט אַ תקיפדיקן גאַנג, דיקע, שווערע ברעמען איבער די אויגן, אַ פרומער אַזאַ, וואָס קיין שום כשרות, אַפילו גלאַט־כשר, און שפּייז וואָס עס מעגן עסן

די מהדרין מן המהדרין, איז ביי אים אַלץ נישט געווען געווען כשר גענוג, און אַן איינגעעקשנטער איז ער געווען, אַז די גאַנצע וועלט, מיט קהל צוזאַמען מוזן זיך נאָר צו אים איינהערן. ער האָט מיט תקיפות געהיט זיין מזרח־וואַנט אין בית־המדרש און זיין ווייכע אויסגעבעטע שטול ביים אויבנאָן פון טיש אין זיין רחבותדיק הויז. ער האָט געשמעקט טאַבאַק פון אַן עכט זילבערן טאַבאַק־שקעטעלע אין די שבתים און ימים־טובים, און אין די וואָכן טעג פון אַ העלפאַנט־ביינערנעם שקעטעלע. ער האָט אויך געהאַט אַ טבע צו קלאַפּן מיט דער פויסט איבערן טיש, אַז מ'זאָל זיך צוהערן צו זיינע רייד אָן שום אַנ־דערע גערעדעכצער.

מינדל האָט געשמט אין שטאָט פאַר זייער אַ שיינע. זי איז געווען אַ הויכע, אַ פולע מיט אַ ריטמישן קערפּער־בוי, געהאַט אַ שיינעם פּנים מיט אַ הויט־גלאַטקייט, וואָס האָט נישט צוגעלאָזן דאָס וויאַנען פון אַנקומענדיקן עלטער. איר גאַנג איז אַלע מאָל געווען אַ גלייכער, די האָר אירע זיינען געוואָרן זילבער־בלוילעך. זי האָט זיך געקליידט נגידיש און געהאַט דאָס אויסזען פון אַ געבוירענע אַריסטאָקראַטקע.

זי האָט חתונה געהאַט מיט יעקב־מאיר פינגערהוט בלויז דערפאַר, וואָס יענער איז ביי אַלע זיינע חסרונות געווען אַ גוואַלדאַוונער פּזרן, געגעבן צדקה מיט ברייטער האַנט, קיין מאָל נישט פאַרשעמט אַן אָרעמאַן, אויפגענומען יעדן נצרך בסבר־פּנים יפות און שטילערהייט געשטיצט אָרעמעלייט פון שטאָט און אויסגעמיטן, אַז מען זאָל זיך פון דעם נישט דערוויסן און דער עיקר, אַז דער וואָס נעמט די נדבה זאָל נישט פאַרשעמט ווערן אין מענטשנס אויגן און נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך חלילה.

דער באָבע מינדלס ביידע זין, אריה און דוד, זיינען מיט דער מאַמען זייערער געקומען נאָך איר חתונה אינעם הויז פון דעם שטיף־פאָטער, יעקב־מאיר, ווי געוויינלעך עס פירט זיך ביי לייטן, אָבער צווישן דעם סוחר פון וואָל און ביינוול און די ביידע בחורים — פאַרחלומטע, אויסגעאיידלטע איז נישט געווען קיין שלום־בית. די ביידע בחורים זיינען נישט געגאַנגען און האָבן נישט געוואָלט גיין אין די אָפּגעהיטענע וועגן, אין די סטעזשקעס פון מוראַדיקער פרומקייט פון זייער שטיף־פאָטער און עס איז דעריבער אַלע מאָל געקומען צו מחלוקתן, געשרייען און דראָענדיקע רייד מצד יעקב־מאירן, וואָס האָט בנוגע זיינע אייגענע נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום פשרות. די מאַמע, מינדל, האָט מיט לייב און לעבן באַשיצט אירע צוויי זין קעגן איר שטרענגן צווייטן מאַן. אַלע מאָל מיט איר ליבלעכן שמייכל געפּרוווט אויס־מיידן אַ קריגעריי. מען האָט זי אין דעם רייכן הויז שטאַרק ליב געהאַט און די שטיף־אייניקלעך האָבן זי אַרומגערינגלט מיט אַ צערטלעכער וואַרעמקייט

און זי געקרוינט פּאַר אַ באָבע. מען האָט נישט צוגעלאָזט, אַז עס זאָל ווער זי קריוודען, אַפילו נישט איר אייגענער מאַן זאָל איר אַן עוולה טאָן און אין אַ מלחמה מיט איר מאַן וועגן די צוויי בחורים איז זי אַרויס די גערעכטע.

קיין גרויס נחת איז דער באָבע מינדל נישט באַשערט געווען. קוים האָט זי אָנגעהויבן געניסן אַ טראָפּן פון דעם גאָלדיקן ווייִן, וואָס איז משפחה-גליק, האָט זיך דער בעכער איבערגעקערט: דער עלטסטער זון, אַריה, איז דער ערשטער אַוועק פון דער היים, אַוועק קיין ארץ־ישראל. יעקב־מאיר, דער שטיף־פאָטער איז געווען שטאַרק קעגן אַזאַ נסיעה, ער איז געווען להשמיד ולהרוג. בכן דער יונג איז אַ סורר־ומורר און האָט זיך אָפּגעקליבן אַ וועג וואָס פירט גלייך אין גיהנום אַריין און נישט אַנדערש. אַלס ענטפער אויף דעם ערשטן בריוו, וואָס אַריה האָט געשריבן פון ארץ־ישראל און וועגן זיין שווע־רער נסיעה, האָט יעקב־מאיר אים פּשוט געאָסרט צוריק צו קומען אין זיין הויז אַריין. די מאַמע, מינדל, האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן, און איך — איר ייִנגסט אייניקל פון יעקב־מאירס צד — האָב פאַר איר געשריבן די בריוו צו אַריהן קיין ארץ־ישראל און אין איר נאָמען אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך מרחם זיין און צוריק קומען. אַריה האָט נישט געוואָלט הערן פון זיין מאַמעס געבעטס און נישט געוואָלט פאַרנעמען איר געוויין פון די בריוו אַרויס. ער איז דאָרטן געוואָרן אַ שומר און געשריבן פלאַמענדיקע בריוו מיט ליבשאַפט צום הייליקן לאַנד. די באָבע מינדל האָט געוויינטקט אין די טעג און נעכט, עס איז איר געווען שווער צו פאַרטראָגן, וואָס אירס אַ קינד איז אַוועק אין אַזאַ ווייטן לאַנד, טאַקע אַ לאַנד ווו ייִדן זיינען אַמאָל געווען די געוועלטיקער, אָבער אַלץ איז דאָך וויסט געוואָרן, די שונאים האָבן זיך באַזעצט דאָרטן. זי האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס ער איז כאָטש מיט נאָך אַ פּאָר ייִדן דאָרטן און ער געפינט זיך אין שכנות מיט דער מאַמע רחלס קבר, וואָס אַריהן זאָל חלילה נישט געשען, וועט די מאַמע רחל אים באַשיצן, זי באַשיצט דאָך אַלע ייִדישע קינדער, אירע קינדער.

דער צווייטער זון אירער, דוד, האָט אויך נישט געוואָלט בלייבן אינעם הויז פון זיין בייזן שטיף־טאַטן, האָט ער זיך אין איין שיינעם טאָג אויפגע־הויבן און אַוועק קיין פראַנקרייך. די באָבע איז געבליבן אַליין אין דעם רחבותדיקן הויז ווו עס האָט געווימלט מיט קינדער און אייניקלעך פון די צוויי פאַרשטאָרבענע ווייבער. זי האָט געליטן און געוואַרט אויף גוטע בשורות.

טעג האָבן זיך געקייטלט אין וואָכן, חדשים אין יאָרן. אַריה איז געווען אינעם הייליקן לאַנד פאַרהאָרעוועט טאָג און נאַכט, געליטן פון היץ און קעלט, געהאַקט שטיינער, געגראָבן פאַרהאַרטעוועטע ערד, געטרוקנט זומפּן און בלאָ־טעס, געשלאָגן זיך מיט ווילדע בעדויִנער, אָבער בשום אופן נישט געוואָלט

אַהיימקומען. עס האָבן נישט געהאָלפֿן אַלע בריוו וואָס מען האָט געשריבן צו אים אין אַ מליצהדיקן לשון קודש. לכתחילה האָט ער אַפֿילו אין זיינע בריוו נישט דערמאָנט מיט אַ וואָרט וועגן היים, דאָך נאָך אַ סך געוויין, האָט מינדל אויסגעפּועלט ביי אים, ער זאָל כאָטש קומען אויף אַ שטיקל צייט. אַריה האָט צוליב געטאָן און איין מאָל אין אַ האַרבסטיקן פֿאַרנאַכט איז ער געקומען — אַ שלאַנקער, מיט אַ פּנים פֿאַרברענט פֿון דער זון און צעאַקערט פֿון מדבר־ווינטן, זאַמד־שטורעמס, טריקענישן. די באָבע מינדל האָט אים גענומען קעכלען, צערטלען און געווען גרייט אַראָפּצוברענגען פֿאַר אים דאָס טעלערל פֿון הימל, ער זאָל נאָר וועלן.

יעקב־מאיר פֿינגערהוט האָט אַוועקגעקוקט אין אַ זייט, ווייל זיין שטיף־זון, אַריה, האָט אים געבראַכט אַ מתּנה, אויב מען וויל איז עס אַן אָנגעלייגטע מתּנה: אַ זעקל ווייסע ארץ־ישראל ערד אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ ביסל אָנגעזען אין זיינע אויגן, מחמת וואָס טוט ער, יעקב־מאיר, ווען דער יונג ברענגט חלילה־וחס אַהיים אַ שטיק טומאה? אַזוי כאָטש זעט מען, אַז אַריה האָט אַ ייִדיש האַרץ און איבער הונדערט און צוואַנציק, וועט ער, יעקב־מאיר, ליגן מיט ארץ־ישראל ערד אונטערגעלייגט צוקאָפּנס און נישט דאַרפֿן קאָלערן זיך אונטער דר'ערד אַזאַ מהלך־רב.

אַריה האָט דערציילט חידושים פֿון זיין לעבן אין ארץ־ישראל צווישן ווילדע אַראַבער און יונגע חלוצים. ער האָט געוויזן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, ווי ער זיצט אויף אַ פֿערד געהילט אין אַ ווייסער אַבאַיע מיט אַ טורבאַן אויפֿן קאָפּ און האַלט אַ ביקס אין האַנט. די באָבע מינדל האָט אויסגעשפּיגן דריי מאָל, ווען זי האָט געזען די פֿאָטאָגראַפֿיע, אַ שרעק איז איר באַפֿאַלן פֿון דער ביקס אין האַנט פֿון איר אַריהן. זי האָט דאָס פֿאַרענטפֿערט, וואָס עלעהיי פּורים־שפּילער פֿאַרשטעלן זיך און זיינען משׂמח ייִדן, אַזוי טוט זיכער דאָרטן איר אַריה, ער איז משׂמח ייִדן אַזוי פֿאַרשטעלטערהייט און טאַקע מיט אַ ביקסל אין האַנט.

אָפּגעוועזן אַ פּאָר וואָכן האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ווילדע בענקשאַפֿט צו ארץ־ישׂראל, האָט ער נישט רעדנדיק קיין וואָרט גענומען איינפּאַקן זיינע בעבעכעס, און שוין, ער פֿאָרט שוין צוריק, הייסט עס. אין מיטן דעם פּאַקעכץ איז ער גאָר קראַנק געוואָרן און איינס און צוויי האָט ער באַקומען גאָר הויכן פֿיבער, מען האָט אים צוגעדעקט מיט ליילעכער, קאָלדרעס, בעטגעוואַנטן, פּעלצן, עס איז אים אַלץ געווען שווידער'לעך קאַלט און עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, נישט איינצוהאַלטן. איז געקומען אַ דאָקטאָר געגעבן אים שפּאָרע פּאָרציעס כינין און געזאָגט, אַז אַריה האָט דעם אמתן מזרח־פֿיבער, וואָס מען רופֿט: מאַלאַריע. די באָבע מינדל האָט זיך נישט אַזוי שנעל געכאַפּט, וואָס

איז די נפקה מינא פון דאָרטיקער היץ אין אַ מענטשנס לייב און — היגע, נאָר מן הסתם האָט דער רבונו של עולם אָנגעברייט חולאתן פאַר יעדן לאַנד באַזונדער און אַזוי דאַרף עס זיין.

אין עטלעכע וואָכן צייט איז ער געזונט געוואָרן. ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט שוין אַ צייט לאַנג די דאַזיקע קראַנקייט. דאָס איז געקומען, האָט ער געזאָגט, פון גראָבן זומפּן, אָבער ער האָט דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, אויף דער שנעל איינגעפּאַקט די פּאָר לאַכעס און אַט פאָרט ער שוין קיין ארץ־ישראל. די באָבע האָט אים געקושט, געהאַלדזט און מיט געוויין געבעטן, ער זאָל בלייבן אין דער היים. ער וועט חתונה האָבן מיט אַ ליטישער מיידל און אַריינגיין אין ר׳ יעקב־מאיר פינגערהוטס געשעפטן, ער וועט פּשוט ווערן אַ מענטש מיט אַלע ייִדן צוגלייך. מען האָט ביי אים גאָר נישט געקענט פועלן, ער האָט געהאַט איין ענטפער:

— איך וויל נישט ווערן אַ ליטישער מענטש און נישט קיין סוחר פון וואָל און ביינוול, און נישט אַ קראָם אין מיטן מאַרק און נישט קיין ליטיש מיידל.

— אָבער קיינער פאָרט דאָך דאָרטן נישט אַהין. — האָט די באָבע מינדל געפּרוּווט זיך דינגען — פאַרשטעלן זיך פאַר אַ פּורים־שפּילער מיט אַ היל־צערן ביקסל אין האַנט קענסטו דאָ אויך, קיינער וועט דיר נישט שטערן, און אַ היטל אויפן קאָפּ קענסטו דיר אויך מאַכן ווי דאָרטן, נעם למשל אַלע ייִדן אין שטאָט. זיי האָבן דאָ חתונה, האָבן קינדער קיין עין־הרע און זיינען טייע־רע ייִדן.

אַריה האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, אויפגעהויבן זיך און אַוועק.

מיט אַ צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז איר זון, אַריה, איז געפאַלן אַלס שומר אויף דער וואַך פאַרן ייִדישן לאַנד. נאָך איז געווען גע־שריבן אין אַזאַ בויגן פּאַפּיר, מיט חתימות, צייכענונגען און קלאָרע אותיות, אַז אין אַ יזכור־בוך וועט פאַראייביקט ווערן אַריהס נאָמען און אויך זיינע אַ פאָטאָגראַפיע וועט דאָרט זיין, מען וועט דאָס איר צושיקן.

די באָבע מינדל האָט אויפגענומען די ידיעה מיט אַ סטאָאישער קאַלטקייט. זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין טרויער און זי האָט נישט געוויינט, נאָר איבער נאַכט איז איר פּנים בלייך געוואָרן ווי דאָס בלוט וואָלט דערפון אין גאַנצן אויסגערונען, און די שכנהשע ווייבער האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז דער באָבע מינדלס האָר זיינען ווייס געוואָרן ווי ביי אַ טויב. מיר, קינדער, האָבן די ווייסקייט נישט געקענט זען, ווייל אַ סאַמעטיק הייבל מיט קאַלירקע פּע־רעלעך אויסגענייט איבערן סאַמעט, האָט אַלע מאָל פאַרשטעלט אירע האָר. מיר האָבן נאָר געזען די טיפע קנייטשן און די שוואַרצע רעדער, וואָס האָבן

זיך פלוצלינג איינגענעסטיקט אין איר פנים און אַרום אירע שיינע אויגן, פון נעכטן ביז היינט איז דאָס שיינע פנים געוואָרן — צעקרומטע מאַסקע.

נאָך דעם איז ר׳ יעקב־מאיר געשטאָרבן. זיין פאַרמעגן איז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה צערונען געוואָרן, אַ סך האָט ער צעטיילט צו הונגע־ריקע, צו אביונים און פון זיין גאַנצער תקיפות איז ער געשטאָרבן אַ יורד.

דער באָבע מינדלס איינציקע טרייסט איז איצט געבליבן איר יינגערער זון, דוד. ער האָט אין פּאַריז געהייסן דאַריעל און ער האָט פון צייט צו צייט געשריבן אַ בריוול אין יידיש — מיט אַ סך פראַנצויזישע ווערטער. די באָבע האָט אים געמוזט צושטעלן בריוו מיט ריינעם לשון ער זאָל קענען לייענען. אירע בריוו זיינען געווען פול מיט ליבע און געבעט, אַז ער זאָל דאָרט — ווו ער געפינט זיך — חתונה האָבן מיט אַ יידישער טאָכטער, און אַז אומעטום אין דער וועלט געפינען זיך יידישע מיידלעך, זאָל ער אויך איינזען, אַז אומע־טום איז איין וועלט געפירט פונעם באַשעפער, קען ער דאָך אויך אַ היים קומען, וואָס איז די נפקה־מינא, דאָרטן צי דאָ?

ער האָט געדינט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי און געוואָרפן געוואָרן פון איין שלאַכטפעלד צום אַנדערן. ער האָט אַפילו אַהיים געשיקט אַ פאָטאָ־גראַפיע ווידער מיט אַ ביקס אין האַנט און די באָבע האָט שוין דאָס מאָל נישט אויסגעטייטשט, אַז עס איז אַ פורים־שפּיל, אַ פאַרשטעלעניש, אין שרעק האָט זי געטראַכט, אַז וואָס דאַרף ער אַ ביקס צו טייטן מענטשן, אַז ער וואָלט זיי גאָר געקענט מיט זיין צונג פריילעך מאַכן? אין דער היים האָט ער טאַקע אַלעמען פריילעך געמאַכט מיט זיינע תנועות, חוזק־שפּיצלעך, לצוואַטע שטיק־לעך. דערווייל איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין גיהנום אויף די שלאַכט־פעלדער ביי ווערדען און דאָרט איז ער אומגעקומען. עס זיינען שוין מער צו דער באָבען נישט אָנגעקומען קיין בריוולעך. נישטאָ מער קיין אַריה און נישטאָ מער קיין דוד. אַלץ איבערגעהאַקט, טאַקע נאָר ווי מיט אַ האַק און נישט אַנדערש.

אין יענער צייט איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו צו איר, אַ לענגלעכער קאָנווערט איז דאָס געווען, ווידער סטעמפּלעך, חתימות, צייכענונגען און קלאָרע מאָדנע אותיות אויף פראַנצויזיש. די פרעמדע אותיות האָבן אָנגעזאָגט די וויסטע בשורה.

די באָבע מינדל האָט נישט געוואָלט גלויבן די פרעמדע אותיות און נישט די אונטערשריפטן. זי איז געווען זיכער, אַז אירע ביידע זין לעבן ערגעץ אין דער וועלט. זי האָט נישט געקענט שלום מאַכן אין איר מוח, אַז אויף גאָטס וועלט איז דאָ אַזוי פיל אַכזריות און רציחה, דער באַשעפער איז אַ דערבאַ־רעמדיקער, ער וועט דאָס נישט דערלאָזן.

זי האָט זיך נישט געקענט דערוואָרטן אויף אייגענע אייניקלעך די באָבע,

מינדל. אירע פלייצעס זיינען געוואָרן געבויגענער און געבויגענער איבער דער צאינה־וראינה, איבער איר פאַרגעלטן, מיט טרערן דורכגעווייקטן קרבן־מנחה־סידור, ווו זי האָט געבעטן פאַר ייִדן אַל דאָס גוטס און די זין אירע זאָלן צוריקקומען, ביים באַשעפער איז דאָך אַלץ מעגלעך, אפשר איז דער אָנזאָג וועגן טויט פון אַריהן און דודן בלויז געווען אַ שלעכטע בשורה. על־כל־פנים זאָלן זיי כאָטש שרייבן אַ בריוול צו איר, זאָלן זיי זיך נעמען צייט.

איר טרויער האָט זי געשטילט און פאַרוויגט אין דערציילן מעשהלעך וועגן גוטע ייִדן, וועגן חיהלעך אין די וועלדער, וואָס זיינען אומבאַשיצט קעגן דער קויל פון בייזן יעגער מיט זיינע הינט. זי האָט שיין דערציילט, אויסגע־שפילט רייכע ניגונים אויף אַ פאַרכישופטער פלייט.

**
*

מיט די פינגער האָט די באָבע מינדל געטייטלט איבער די פאַרגעלבטע בלעטער פון „טייטש־חומש" און זיך אונטערגעזונגען: „דער רבינו בזיי טייטשט, און דער מלאך פון גאָט האָט געזאָגט צו בלעמען, פאַר וואָס האָסטו דיין אייזל געטאָן שלאָגן"... חנהלע איז אַ צעיאַכמערטע, אַ צעפלאָמטע געקומען צו לויפן מיט ליידיקע הענט און אַ טרויעריקע מינע אויפן פנים. זי האָט אויסגערופן קלינגענדיק, אָנזאָגעריש און עפּעס ווי פאַרשעמט:

— נישטאָ קיין בריוו, באָבעשי! די פּאָסט זאָגט נישטאָ היינט, נישטאָ פאַר אייך קיין בריוו פון קיינעם נישט און פון ערגעץ נישט!

— מילא, וועט גאָט העלפן, וועלן אם ירצה השם מאָרגן זיין גוטע בריוו פון די ייִנגלעך און אפשר איבערמאָרגן...

— דערצייל אַ מעשהלע, באָבעשי, כאָטש די פּאָסט האָט גאָרנישט.

— ביסט גערעכט, מיין קינד, אָבער עס ווערט דאָך שפּעטלעך, מען וועט באַלד דאַרפן דאַווענען מנחה, אויפוואַרעמען אַ ביסל גריץ צו וועטשערע... וואָס פאַר אַ מעשהלע זאָל איך דיר דערציילן? שאַ, זאָל זיין וועגן די צוויי ייִנגלעך . . .

— וועלכע צוויי ייִנגלעך, באָבעשי?

— דו ווייסט נישט, חנהלע? אַמאָל זיינען געווען צוויי שיינע ייִנגלעך, האַרציקע ייִנגלעך. איינער הייסט אַריה, דער צווייטער, דוד. געוואַקסן שיין, געזונט, פרום, געלערנט גאָטס תורה, גרויס געוואָרן און...

— דערצייל ווייטער, באָבע מינדל, ביסט אַנטשלאָפן געוואָרן! דערצייל, ווו זיינען זיי?

— ווער ?

— די ייִנגלעך, באָבעשי.

— איינגעדרימלט, יאָ ווו האַלט איך? די ייִנגלעך? גאָטס גזר, אָדער זיי זיינען אפשר, ווער ווייסט, און קיין בריוו פון זיי איז היינט נישטאָ, נישטאָ...

שטיל געווען אין גאַס. די זון וועט באַלד פלאַקערן אין רויטן גאָלד. אין די בתי־מדרשים וועט אָפּהילכן אַ וואָכעדיקע מנחה. די באָבע מינדל איז איינגעשלאָפן איבער איר „טייטש־חומש" אין מיטן דערציילן דאָס מעשהלע, וואָס האָט געציטערט און געפלאַטערט אין איר געמיט און אויף אירע ליפּעצן, באַלד וועט זי זיך אויפכאַפּן, אויף דאַוועגען מנחה, אָפּקאָכן אַ גריץ און ווייטער שפּינען איר חלום, איינקלעמען זיך אין אים, דעם חלום, וועגן איר צווייי ייִנגלעך.

# פאַרשפּילט

דאָס רייך מעבלירטע אויפנאַם־צימער פון דעם ניו־יאָרקער לאָיער נאָרמאַן פיין איז אין דעם האַרבסט־פאַרנאַכט געווען באַלויכטן מיט אַ ראָזלעכן ליכט פון דער אונטערגייענדיקער זון, וואָס אירע שטראַלן — שטיקער פלאַמענדיק גאָלד — האָבן זיך געלאָשן אין דעם גרינלעך־בלויען שפּיגל־פלאַך פון האָד־סאָן טייך.

די ווענעציאַנער פענצטער פון דעם גרויסן צימער זיינען געווען אָפן צום טייך, וואָס האָט זיך געוויגט אין לייכטע כוואַליעס. די שפּילעוודיקע זון־שטראַלן האָבן געציטערט איבער דער קאָלירפולער באַרגיקייט אויף יענער זייט פון האָדסאָן — אַ שטעטל פון ניו־דזשוירדזי, וואָס איז אויסגעלייגט אין געביידעס, איבער וועלכע עס טאַנצן רעקלאַמעס מיט נעאָן־ליכטער און צווישן די געביידעס — ביימער אין סאַמעטדיקן, גרינעם גראָז. אַלץ אין איינעם שאַפט דעם איינדרוק פון אַ שווייצאַרישע לאַנדשאַפט אין האַרץ פון ניו־יאָרק.

דאָס פּנים פון נאָרמאַן פיין האָט אויסגעזען ווי קנייטשנדיקער פּאַרמעט, און די הויט פון אַ מאַטער זילבער געלבלעכן קאָליר. ער איז געזעסן אין אַ טיפן שטול ביי איינעם פון די פענצטער, ער איז געווען געהויקערט, די אויגן האָבן געקוקט אויף דער שיינער לאַנדשאַפט און אין מוח ביי אים האָט גע־ווימלט מיט אַנלויפנדיקע געדאַנקען, איינער שפּיציקער פונעם אַנדערן. ער האָט אין דער פאַרנאַכט־שעה געטראַכט וועגן דעם סוף פון זיין לעבן, וואָס דערנענטערט זיך, און עס פאַרגליכן צו דעם טאָג־פאַרגיי: אָט, אָט, און עס ווערט פינצטער.

דער אַמאָל האָט זיך אין זיין מוח צונויפגעגאָסן מיטן היינט. עס איז אויסגערונען צייט און רוים. ער האָט געוואָלט דערכאַפּן, דערמאָנען זיך שטי־קער פון זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן און עס זיינען אַרויסגעשווומען פאַרנעפּלטע ברעקלעך. ער איז געווען אַליין אין הויז, אין דער גאַנצער גרויסער וווינונג איז געווען מיט אים בלויז אַ הונט — אַ פּעטער, פוילער בולדאָג, וואָס האָט

געדרימלט אינעם ווינקל פון דעם סאַלאָן. די אויגן־שפּעלטלעך זיינען ביי אים געווען פּיכטלעך און די הויט פון אָנגעגאָסענעם קערפּער האָט לייכט אונטערגעציטערט.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט עס פּאַסירט: דער באַקאַנטער ניו־יאָרקער לאָיער, נאָרמאַן פּיין, האָט באַקומען זיין ערשטע האַרץ־אַטאַקע אינעם געריכט־זאַל, ריידנדיק צו די דזשורי־לייט, וועגן איינעם אַ מענטשן, וועלכער איז, צוליב דער צעריסנקייט פון זיין נשמה און דער געשפּאָלטנקייט פון זיין איך, באַגאַנגען אַ מאָרד. דער לאָיער האָט מיט אַלע אָראַטאָרישע קונץ־שטיק, מיט דער גאַנצער לאָגיק און אויך פּסיכאָלאָגישע אָנווענדונגען און באַווייזן, געוואָלט איבערצייגן די ריכטער און די דזשורי־לייט אין יענעמס אומשולד.

מען האָט דעם לאָיער אַרויסגעטראָגן פון געריכט, און אַן אַמבולאַנס האָט אים צוגעפירט צו זיין וווינונג אויף ריווערסייד־דרייוו. זינט יענעם טאָג איז זיין פרוי קלעיר געוואָרן פרום, זי האָט אויף איר האַלדז צוריק אָנגעטאָן דאָס דינע גאָלדענע קייטעלע מיטן שווערן גאָלדענעם צלמל, וואָס איז שוין יאָרן לאַנג געלעגן ערגעץ באַהאַלטן פאַר יעדן אויג. זי כאַפּט זיך אויך אַריין פון צייט צו צייט אין דעם דערבייאיקן קלויסטער, וואָס אויף איינעם פון די גאַסן, וועלכע ציִען זיך פון דרייוו, און זי איז מתפלל פאַר איר מאַן נאָרמאַן ער זאָל צוריק געזונט ווערן.

און געשען איז דאָס ווען ער האָט דערגרייכט דעם עלטער פון די הויכע זעכציקער יאָרן. ער האָט געוואָלט אָנגיין מיט זיין דערפאָלגרייכער קאַריערע ביז ער וועט ווערן פולע זיבעציק. דאָס ווערק וועט דעמאָלט זיין פול, ווי אַ בוים מיט פּירות אין דער פולער צייטיקייט.

ער איז נישט דערגאַנגען. דאָס האַרץ האָט אויפגעהערט צו דינען. די רעדע וואָס איז איבערגעהאַקט געוואָרן אין מיטן איז געווען די — לעצטע.

* * *

אין די שבתים און זונטיקן האָט מען אינעם פּאַרק פון ריווערסייד־דרייוו געזען שפּאַצירן דעם לאָיער נאָרמאַן פּיין מיט זיין פרוי. אויף ביידן האָט די עלטער געערוט מיט פּייערלעכן אויסזען. ביי אים, אין לאַץ פון מאַנטל, אָדער פון ראָק, האָט אַלע מאָל געשטעקט אַ ווייסע רויז. די בלום איז געווען פריש, צאַרט און רייצנדיק. זיינע זילבער גרויליכע וואָנצעס אונטער אַ פּאַררונדיק־טער אָדלער־נאָז האָט דערציילט פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער, זיין פּנים האָט אויסגעדריקט ענערגיע און ווילן. דאָס ווייב האָט אויסגעזען עלטער פון אים, אירע האָר זילבער־גרוי, זיינען געקעמט אַרויפגעטורעמט, די הויט פון איר

פנים — פון אַ מאַטער בלייכקייט, דין און ביינערדיק, בלויז אירע אויגן זיינען געווען פרישע, שוואַרצע, פולע. זי איז געגאַנגען אין שוואַרצע קליידער, בלויז דאָס שטרויענע זומער־היטעלע אויפן קאָפּ, איז געווען באַדעקט מיט פאַרביקע בלומען, וואָס האָט איר געשטאַלט צוגעגעבן אַ געוויסן קאָנטראַסט פון יונג־קייט, פון אַ ווייטן פרילינג, און אין די ווינטער טעג, איז אויך איר הוט געווען באַדעקט מיט עפּעס אַ קאָליריקן ניואַנס.

זיי האָבן שפּאַצירט שווייגנדיק, ווי דער קוואַל פון רייד וואָלט זיך שוין ביי די געווען אויסגעשעפּט און געבליבן איז בלויז דאָס קלוגע שווייגן.

דער אָפּיס פון נאָרמאַן פיין האָט זיך געפונען אויף איינער פון די גאַסן, אָנהייב בראָדוויי. זיין נאָמען אַלס קרימינאַל־לאָיער האָט ביי אַלעמען אַרויס־גערופן רעספּעקט, ווייל ער איז געווען אַ מאַן מיט אַן אייזערנעם ווילן. זיינס אַ וואָרט האָט געקאָנט דורכברעכן שטאָלענע טירן. זיינס אַ רעדע אין געריכט האָט געקאָנט ראַטעווען מענטשלעכע לעבנס, זיינס אַ בליק האָט געקאָנט ביים פאַרברעכער אַרויסרופן דאָס פאַרלאַנגען געוויסן, ער זאָל זיך מודה זיין. נישט געווען אַ טאָג, אַז זיין נאָמען זאָל נישט ווערן דערמאָנט אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע. ער איז געווען באַשאָנקען מיט כבוד, רייכקייט און רום. ער האָט פאַרמאָגט אַלץ, צו וואָס אַ מענטש מיט ווילן, ענערגיע, אינטעליגענץ קאָן זיך דערשלאָגן אינעם גרויסן ניו־יאָרק.

ער איז דאָ אָנגעקומען אַלס אַ קליין יינגל. ער איז געווען איינער פון פינף קינדער ביי אָרעמע אימיגראַנטן. דער פאָטער האָט געהאָרעוועט אַ פולע וואָך, און טייל מאָל ביז אין די האַלבע נעכט, כדי אַרויסצושלאָגן פּרנסה פאַרן הויזגעזינד. אַ גאַנצע וואָך נישט געהאַט קיין צייט זיך אומצוקוקן אויף די קינדער, בלויז אין שבת האָט ער מיט דעם קליינעם נח, דעם יינגסטן — וואָס איז געוואָרן נאָרמאַן — געלערנט די פּרשה חומש פון דער וואָך און אַ ביסל יידישקייט.

נח האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן אין דער ענגער שטוב פון די זיבן נפשות. ער איז אַוועק פון דער היים, געטאָן אַלערליי אַרבעטן, געשלעפּט פּעק ביים באַן, געוואַשן טעלער אין ביליקע רעסטאָראַנען, פונאַנדערגעטראָגן טע־לעגראַמעס, אין די אָוונטן זיך געלערנט און דורך שווערע יאָרן פון פאַרליי־קענען אַלע הנאות, וואָס ווערן אונטערגעטראָגן מענטשן וועלכע „מאַכן אַ לעבן", האָט ער זיך דערשלאָגן צום ערשטן שטאַפּל פון אַ לאָיער אין ניו־יאָרק.

ער האָט ערשט חתונה געהאַט ווען ער איז שוין געווען אין די הויכע דרייסיקער און שוין געהאַט אַ נאָמען אַלס פּעיקער לאָיער. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון אַ רייכן איירישן ביזנעס־מאַן. איר נאָמען איז געווען קלעיר. זי איז געווען שיין, איידל, גראַציעז און קריסטלעך פרום. די

חתונה איז געווען אַ שטילע, אַ קליינע צערעמאָניע, אַן אינטימע סעודה פאַר פריינט. איבער דעם פאַרפאָלק האָט געפלאַטערט דער שאָטן פון גליק און דער אָנזאָג פון אַ דויערהאַפטער צוקונפט. אַלץ האָט זיך אויסגעלייגט גלייך אַן איין זיג־זאַגיקע ליניע. פון זיין משפחה איז קיינער נישט געווען ביי דער שטילער חתונה־צערעמאָניע און קיינער האָט נישט גענאָסן פון דער רייכער אינטימער חתונה־סעודה.

נאָרמאַן פיין האָט זיך געשטעלט אויפן צווייטן שטאַפּל פון דערפאָלג.

זיין ווייב איז געווען גוט צו אים. ער איז געווען צופרידן מיט זיין קאַריער־רע און זי — מיט איר אינטימען פאַמיליען־לעבן, מיט דעם מאַנס דערפאָלג און מיט די שעהן פון די טעג אין וואָך, וואָס זי האָט אַוועקגעריסן פאַר זיך און פאַרבראַכט אין אַ קירכע אין שטילן געבעט פאַר שוץ און ווילזיין.

זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער. אין זייער באַקוועמער, עלעגאַנטער וווינונג האָט מען נישט געהערט קיין קלאַנג פון קינדערשן געלעכטער, אָדער געוויין. זיי אַליין — דאָס יונגע פאַרפאָלק האָבן פאַרהילכט די וווינונג מיט רייד וועגן אַזוי פיל קליינע זאַכן וואָס בינדן צונויף טעג, וואָכן, חדשים פון צוויי פרעמדע מענטשן, וועלכע ווערן אייניק און צופרידן איינער מיטן אַנדערן.

ער האָט יאָ באַמערקט דאָס צלמל אויף איר האַלדז און עפּעס נישט באַ־מערקט. טיילמאָל פלעגט דאָס אידעלע שטיקל גאָלד אויף איר ווייסן צאַרטן נאַקן אים אַ ברי טאָן, ווי עפּעס אַ פאַרבאָרגענער קלאַנג וואָלט זיך אין אים אָפּגערופן, און אינעווייניק געגומען וויברירן. ער איז אָבער געווען טאָלעראַנט צו אַן אַנדערנס גלויבן און צו שטאַרק פאַרנומען מיט זיין דערפאָלג, מיט זיין אויפשטייג.

ער האָט געוווינען פּראָצעסן אין ניו־יאָרקער געריכטן. ער האָט געמאַכט רייזעס מיט זיין ווייב אין ווייטע לענדער, פאַרבראַכט אין טייערע האָטעלן, געזען אַלערליי מענטשן אין זייער שוואַכקייט און דערהויבנקייט, אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן און אין זייער יום־טוב. יעדעס מאָל נאָך אַזאַ רייזע, האָט ער באַקומען מער ענערגיע, מיט אַ צעפלאַקערטן ווילן אַריינצוּוואַרפן זיך אין דער אַרבעט, געהאַלטן מייסטערהאַפטע רעדעס, פאַרכישופט די דזשורי־לייט, די ריכטער, די עדות.

איינזאַמקייט און עלטער האָבן זיך פּאַמעלעך אָנגערוקט אויף מאַן און ווייב. צווישן די קונסט־בילדער, די מייסטערווערק, וואָס ער האָט זיך אייב־געשאַפט אויף די רייזעס אין פרעמדע לענדער פאַר זיין וווינונג — האָט די איינזאַמקייט זיך איינגעניסטיקט, צעלייגט זיך אין די ווינקעלעך מיט אַ דינעם שלייער פון טרויער.

נאָרמאַן פיין האָט נישט פאַרגעסן זיינע עלטערן. ער האָט געשטיצט טאַטע־מאַמע ביי זייער לעבן מיט געלט און מיט ברעקלעך פון זיין רום, וואָס איז אויך צו זיי דערגאַנגען. די עלטערן האָבן עפּעס יאָ אָנגענומען זיין שטיצע און עפּעס זיך געקווענקלט. דער זון האָט דאָך חתונה געהאַט מיט אַ נישט־יידישע, אַ ריס געמאַכט אין דער משפחה, פון אַזאַ ריס ווערט אַן אָפּגרונט, וועלכן עס איז שווין שווער אַריבערצושפּרינגען. דאָך זיינען זיי איינגעגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסן. פאַרט אַמעריקע; אַנדערע צייטן; שווערע צייטן; די כוחות האָבן זיך שוין אויסגעלאָזט, די אויגן דינען נישט מער, עס בלייבט איבער בלויז דער מושב־זקנים; די נויט, וואָס איז ערגער ווי דעם מלאך־המותס טויזנט אויגן — דעריבער האָבן די עלטערן אָנגענומען די שטיצע פון זייער זון נח — נאָרמאַן פיין.

פאַרן טויט האָט דער פאָטער פאַרזאָגט אין דער צוואה, אַז זיינע ספרים פון דער אַלטער ספרים־שאַנק, וואָס גייען איבער בירושה און וואָס ער האָט זיי אַריבערגעפּעקלט מיט זיך פון דער אַלטער, ווייטער היים, זאָל מען איבער־שיקן נחן. דער באַרימטער לאָיער איז געקומען צו דער לוויה פון זיין פאָטער. אַלע באַגלייטער האָבן פיינען אַקעגנגעטראָגן אונטערטעניקע בליקן און רעס־פּעקט. עטלעכע טעג נאָכן פאָטערס טויט איז צו אים אָנגעקומען אַ פּאַק מיט ספרים, אַלטע, האַלב־געבונדענע, האַלב־צעשאָטענע. די בלוילעך געלבלעכע בלעטער פון די חומשים, מחזורים, משניותן, האָבן אין אים אויפגעוועקט אַ ווייטע פאַרגאַנגענע וועלט, ווייטע טעג. אַ בענקשאַפט האָט אין אים אויפגע־פלאַמט נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן, אַ בענק־שאַפט נאָך עפּעס זייער טייערס, וואָס ער האָט אויף זיין לאַנגן וועג פאַרלוירן. דער פלאַם האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דער הויך און זיך איינגעלאָשן, איבער־געלאָזט אַ טליִענדיקן פונק.

ער איז געווען זאַט מיט יאָרן, מיט געלט, מיט כבוד. מאַן און ווייב האָבן באַוווינט אַ צאָל צימערן. אויף די דילן — קאָלירטע פּערסישע טעפּיכער, פונעם סופיט זיינען אַראָפּגעהאַנגען קרישטאָלענע קאַנדעליאַברן און איינגע־זאַפּט בליציקע רעגנבויגן־שטראַלן מיט מיליאָנען רעפלעקס־קאָלירן; אויף די ווענט — צייכענונגען, מאָלערייען, אָריענטאַלישע געוועבן. אין אַ ווינקל פון איינעם פון די צימערן זיינען אין אַ פיינער פאַרפּאַקונג געלעגן דעם — טאַטנס ספרים. אין די צימערן צווישן קאָלירן, שטילקייט, אויפגייענדיקן עלטער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פּעטער, אָנגעגאָסענער, פוילער בולדאָג, מיט אַ פאַררי־סענער מאָרדע, פאַרריסענער נאָז, בייזע אויגן און שמאָלע שפּעלטלעך. דער הונט איז אויך געווען אַ שטילער, געהאַלטן דעם קאָפּ נידעריק צום דיל, אויסגעמיטן די קאָלירן אין די טיפע ווייכע טעפּיכער, נישט געקאָנט פאַרטראָגן

דעם פריילעכן פאַרבן־שפּיל פון טענער און געדרימלט אין די געזעסן פון די באַקוועמע שטולן.

דאָס ווייב איז געווען אַ שטילע, אַ צאַרטע, אַרויפגעקוקט צום מאַן. זי האָט אין זיך געטראָגן דריי ליבשאַפטן: צום מאַן, צו דער קירכע און — צום הונט.

נאָך דער ערשטער האַרץ־אַטאַקע אינעם געריכט, האָבן די דאָקטוירים אים געהייסן ליגן אין בעט, נישט באַוועגן זיך, נאָר רוען. אַלע אברים פון קערפּער האָבן אויסגעפאָלגט די צאַרטע בליקן און דאָס שעפּטשען פון ווייבס ליפּן. די שטילע באַפעלן פון דער קראַנקן־שוועסטער, נאָר דער מוח האָט נישט אויסגעפאָלגט. אָן אַ שיעור מאָל — אַזוי ווי קערנער אונטער מיל־שטיינער — האָבן די געדאַנקען זיך צעריבן אונטערן לאַסט פון אַ שווערקייט, אַ פּלאָנ־טער, אַ געאיילעניש, וואָס עס איז שווער געווען צו צוימען: פאַר וועמען איבער־לאָזן אָט דאָס אַלץ — דעם נאָמען, דאָס פאַרמעגן, די פּראַקטיק? ווי אַזוי אויס־שטעלן די צוואה? ער האָט זיך קיין מאָל וועגן דעם נישט פאַרטראַכט. זיין ווייב וואָלט באַשטאַנען, אַז ער זאָל זיין פאַרמעגן איבערלאָזן פאַרן בולדאָג, וואָס גייט זיי נאָך מיט אונטערטעניקע בליקן שוין עטלעכע יאָר, אָדער איבער־לאָזן דאָס פאַרמעגן פאַר טשאַריטיס, פאַר דער קירכע, פאַר ייִדישע טעמפּלען — עס קומען אָן אַזוי פיל בריוו פון ייִדישע קאָנגרעגיישנס, אינסטיטוציעס — ער האָט דאָך נאָך קיין מאָל נישט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם און דאָס איז דאָך די פולקייט פון בוים, וואָס ער היט אָפּ אַלע זיינע יאָרן...

זיין גאַנצן לעבן האָט ער דורך זיינע רעדעס און לאָגישע באַווייזן געראַ־טעוועט מענטשן פון טויט, פון שווערע שטראָף. ער האָט זיך יעדעס מאָל באַמיט אויפצובויען אַ פאַל, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ קייט מיט פּסיכאָלאָגישע סיבות, וואָס זאָלן האָבן דעם מענטשן געטריבן צו באַגיין אַ מאָרד, אָדער וועלכן עס איז פאַרברעכן. אויף דעם לעצטן פּראָצעס אין געריכט, ווען ער האָט אין מיטן דער רעדע באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע און עס האָט זיך אָנגע־הויבן זיין סוף, האָט ער געוואָלט ראַטעווען אַ מענטשן, וואָס האָט נישט גע־קאָנט שלום מאַכן מיט זיך אַליין, אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז באַגאַנגען אַ מאָרד. ער האָט דעם גאַנצן געריכט־פאַל אויפגעבויט אַרום דעם, אַז דער מערדער איז אַ מענטש מיט אַ געשפּאָלטענע נשמה, עס געוועלטיקן אין אים צוויי נאַטורן...

צי איז ער אַליין, נאָרמאַן פיין, נישט איינער פון די געשפּאָלטענע נשמות? דאָפּלטע נאַטורן? צי האָט ער זיך שוין אַ מאָל פאַרטראַכט וועגן זיין אייגענעם צושטאַנד? ער איז דאָך דאָס גאַנצע לעבן געווען איינזאַם, אין אַ הויז וווּ דער טרויער האָט די אויבערהאַנט. ער האָט נישט ליב זיין ווייב, זי האָט אים גאָר־

נישט געגעבן און דאָך האָט ער נישט פּראָטעסטירט קעגן דעם. געווען פאַר־שטעלט און געשפּילט אַ דאָפּלטע ראָלע. פאַר וואָס? ווייל ער אַליין האָט נישט געוווּסט וואָס ער איז, וואָס ער טוט דאָ אין דעם הויז, וואָס איז זיין ציל? צי האָט ער אַ ציל?...

***

דער טאָג האָט זיך געלאָשן. אין צימער איז געוואָרן טונקעלער און שאָטנ־דיקער. זיין פרוי איז אַנגעקומען. אירע טריט זיינען געווען שטילע. דער הונט האָט זיך אויפגעריסן פון זיין דרימל און מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו איר. זי האָט אים אַ גלעט געטאָן איבער דער פעל. זי איז צוגעקומען צו דעם שטול, ווו דער מאַן איז געזעסן געהויקערט מיט אַ ווימלדיקן מוח געדאַנקען.

— נאָרמאַן, עס איז קילבלעך, אַ צו שטאַרקער ווינט פון האָדסאָן, אפשר צומאַכן די פענצטער? די נוירס וועט באַלד קומען. דו זיצסט די גאַנצע צייט ביי די אָפענע פענצטער, מיין גאָט! אָט מאַך איך צו.

— מען דאַרף נישט, קלעיר. איך קוק און זע, ווי עס שטאַרבט אָפּ אַ טאָג. דו ווייסט דאָך, איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין צייט צו אַזעלכע זאַכן. איך האָב קיין מאָל נישט געזען דאָס אויפגיין פון טאָג און נישט זיין אונטער־גאַנג. אָט אַזוי איז גוט. לאָז אָפן די פענצטער.

— ווּעסט געזונט ווערן, וועלן מיר אַוועקפאָרן פון ניו־יאָרק. ווּעסט רוען און צוריקקומען צו די כוחות. און איצטער גיי אין בעט. די נוירס דאַרף שוין דאָ זיין. מיר וועלן פאָרן אין אַריזאָנאַ, קויפן אַ הויז און אַלץ וועט גוט זיין. איך בעט גאָט פאַר דיר.

— מען דאַרף נישט — זיין קול איז געווען אַן אויסגעשריי — דאַרפסט פאַר מיר נישט בעטן. איך קאָן אַליין בעטן גאָט. איך דאַרף נישט קיין געהילף!

— נאָרמאַן, רעג זיך נישט אויף, דו טאָרסט נישט.

זי האָט נישט געזען די שאַרפע בלייכקייט אויף זיין געזיכט. דער הונט האָט זיך געדרייט צווישן ביידן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— פיל פראָצעסן האָב איך געוווּנען, קלעיר — האָט ער גערעדט מיט אַן אָנגעשטרענגטן קול, — און מיין אייגענעם פאַרשפּילט, אַלץ פאַרשפּילט.

— פאַר וואָס רעדסטו וועגן דעם, נאָרמאַן? וואָס האָסטו פאַרשפּילט? דו ביסט אַ באַרימטער לאָיער, האָסט געראַטעוועט פיל מענטשן פון די ערגסטע שטראָף...

— און זיך אַליין פאַרשפּילט, אומגעבראַכט, פאַרלוירן.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרץ. עס איז אים געווען שווער צו אָטעמען.

זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אויפרעגונג, פאַר זיינע רייד. זי איז צו־

געלאָפן צום טעלעפאָן און אָפּגערופן דעם הויז־דאָקטאָר. די קראַנקן־שוועסטער איז אָנגעקומען.ביידע פרויען האָבן דעם קראַנקן מאַן אויפגעהויבן פון שטול, צוגעפירט צום בעט. דער הונט האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן זייערע פיס.

זיין געזיכט איז געווען געלבלעך בלייך, ווי אָפּגעריבענער זילבער. דאָס אָטעמען איז אים שווער געווען. ביידע פרויען האָבן אים געמאַכט באַקוועם אין בעט. די קראַנקן־שוועסטער האָט אים געגעבן טראָפּנס, אים געמאַכט אַן איינשפּריצונג. זיין קאָפּ איז געפאַלן שווער איבערן קישן. ער האָט אָנגעכאַפּט די האַנט פון דער נוירס, איר אָנגעוויזן אינעם ווינקל אויף אַ גלעזערנעם אַנטיק־שענקל. ער האָט געשעפּטשעט:

— נעמט אַרויס איינס פון די ביכער דאָרט און גיט עס מיר.

די קראַנקן־שוועסטער האָט געעפנט די טירלעך פון שענקל, איר בליק האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אָפּגעריבענע רוקנס פון אַלטע ספרים. זי האָט אַרויס־גענומען דאָס ערשטע ספר און עס צוגעטראָגן צום בעט.

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס ספר, געעפנט, די בלעטער האָבן געשאָרשעט. עס איז געווען אַ חומש. פון אינעווייניק האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ ווייטע ווייט. די געלבלעך בלוילעכע בלעטער האָבן געקוקט צו אים, ער האָט זיי נישט געזען. נאָרמאַן פיינס האַנט האָט געפירט איבער דער אַלטקייט פון די בלע־טער. אַ מידער שמייכל האָט געגליווערט איבער זיין פּנים. דאָס ווייב האָט אים אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. ביים בעט האָט געהויערט דער הונט. איבערן בעט, אויף דער וואַנט, איז געהאַנגען אַן אָריגינאַל פון מאָדיליאַני: אַ לענגלעך פּנים פון אַ פרוי מיט אַ צאַרטן האַלדז, ווי ביי אַ שוואַן, שוואַרץ, טונקעלער רויט, טונקל גאָלד, אַזאַ שטילער בלוי. דאָס בילד האָט זיך געזען אין שפּיגל קעגנאיבער דעם בעט. ער האָט מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף דעם שפּיגל און געבעטן מען זאָל אים פאַרהענגען.

דער דאָקטאָר איז אָנגעקומען האַסטיק. ער האָט באַטראַכט דעם קראַנקן. געהייסן אים געבן אָטעם־לופט, ווידער געמאַכט אַן איינשפּריצונג. נאָרמאַן פיין האָט אויפגעמאַכט די אויגן. זיין פרוי האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ צו אים. זי האָט געשעפּטשעט אַ תפילה. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. דער הונט האָט געוואָיעט צום אָפענעם פענצטער.

דאָס אַלטע חומש האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון בעט. די קראַנקן־שוועס־טער האָט עס אויפגעהויבן און נישט געוווּסט וואָס מיט דעם צו טאָן. דאָס ווייב האָט געקניט ביים בעט און הייס געבעטן פאַר איר מאַן, וועמענס לעבן איז פאַרגאַנגען צוזאַמען מיטן טאָג. די לעמפּלעך ביים האָדסאָן־טייך אויף יענער זייט זיינען געווען איצט פייערדיקע שנירן קרעלן, פלאַקערנדיקע אויגן, וואָס קוקן אַריין אין די אָפענע פענצטער...

# דער ברונעם

דער ברונעם איז געשטאַנען אַ פאַרלאָזענער אין מיטן פון אַ פלאַכן קאַרטאָפל־פעלד. פון די קלײנע הײף אַרום דעם פעלד האָט מען געקענט זען דעם הילצערנעם סלופ פאַרריסן צום הימל אין אַ קרומלעכן אויסבויג. פון דעם שפּיץ אין דער הויך האָט אַראָפּגעהאַנגען אַ דרענגל מיט אַן אײזערנעם, פאַרזשאַווערטן הוק גלײך איבער דעם מויל פון ברונעם, אויף װעלכן עס האָט געהאָנגען די װיאַדרע, װאָס לאָזט זיך אַראָפּ אין די טיפענישן נאָך װאַסער.

דאָס מויל פון ברונעם איז געװען פירעקיק און װאָס טיפער צום קװאַל — אויסגערונדיקט װי אַ גראָבבײכיקער פאַס און די װענט זײנען אין די זומערן געװען באַװאַקסן מיט אַ גרינעם, פײכטן שימל־מאָך, געטריקנט פון דער זון און געװען גוט פאַר אַלע נעסטן, װוּ עס װידמענען זיך אַלערלײ פעלד־ און װאַסער־װערעם, יאַשטשערקעס און זשאַבעס. אין די װינטערן זײנען די אויסגערונדיקטע װענט געװאָרן באַדעקט מיט שיכטן זילבער־בלויען געפרירעכץ.

אין די קלאָרע נעכט איז די פולע לבנה געלעגן װי אַ זילבערנער טעלער אין דער טיפעניש פון קװאַל און צוריקגעגעבן אַן אויסטערליש ליכט, אַ ליכטיקײט אַזאַ, װאָס האָט מענטשן געמאַכט רײדן װעגן שדים, רוחות און אַלערלײ נישט־גוטע, װאָס מערן און פרוכפּערן זיך אין די טיפענישן פון דעם פאַרלאָזענעם ברונעם.

קײנער האָט פון דעם ברונעם נישט געשעפּט קײן װאַסער. דער הויכער סלופ האָט גערוט אין זײן קרומלעכן אויסבויג פון פאַרריסנקײט צו דעם װײטן אַרום. דער קװאַל — אַ קלאָרער, אַ גרינלעך־בלויער האָט געװאַרט, אַז עס זאָל װער געניסן פון זײן קװיקנדיקן טעם, אָבער מענטשלעכע הענט האָבן די הילצערנע װיאַדרע נישט אַראָפּגעלאָזט צום קװאַל.

דערצײלט האָט מען, אַז דער ברונעם איז אויסגעגראָבן געװאָרן מיט כמה יאָרן צוריק, בשעת אַ מגיפה, װאָס האָט פאַרלענדט אַ סך לעבן, און סײ די ייִדן, סײ נישט־ייִדן האָבן מורא געהאַט צו באַנוצן דאָס װאַסער פון די אַלע

ברונעמער אין שטאָט. האָבן זיך מענטשן געקליגט און אויסגעגראָבן דעם ברו־נעם אין מיטן פעלד, געמאַכט די שטיינערנע ווענט און יעדער האָט געקענט שעפּן דאָס פרישע קוואַלנדיקע וואַסער. געהאָלפן האָט עס נישט. ווען די מגיפה האָט זיך איינגעשטילט איז דער ברונעם געבליבן אַ פאַרלאָזענער, געוואָרן פּשוט אַ סטראַשידלע פאַר פרעמדע פאַרבייגייער, אַ שרעקעניש פאַר קינדער און אַן אייביק וווינאָרט פאַר שדים און אַלערליי וואַסער־מחבלים.

אָבער אַזוי ווי אַ מענטשלעכע שאַפונג ווערט זעלטן פאַרלוירן, איז דעם ברונעם דאָך באַשערט געווען אַמאָל צו פּסח־צייט צו ברענגען נוצן פאַר מענטשן, זיי זאָלן געניסן די שפּרודלדיקע רייכקייט פון דעם קוואַל.

אין איינעם אַ הויף נאָענט פונעם פעלד מיט דעם פאַרלאָזענעם ברונעם, האָט געוווינט אָשר־יוסף, אַ ייִד אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט גלײַענדיקע שוואַר־צע אויגן און אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד אַרום פּנים. געווען איז אָשר־יוסף אַ שטיקל לערער און אַ שטיקל מלמד. ער האָט געלערנט מיט אַ צוויי צענ־דליק ייִנגלעך חומש מיט רש״י און שרייבן ייִדיש מיט אַ שיינער האַנטשריפט, ווי געעכתיבהט. פון דיביידע מלאכות האָט ער נישט געקענט שפּייזן זיין גרויס הויזגעזינד, דעריבער האָט ער געמוזט אָנקומען צו נאָך עפּעס אַ קרישעלע פּרנסה. דאָס איז געווען: באַקן מצות פאַר ייִדן אויף פּסח.

אַ טאָג צוויי נאָך פּורים פלעגן אין אָשר־יוספס דירהלע פאָרקומען אויס־טערלישע געשעענישן:

אַ גאַנץ יאָר איז די פאָדערשטע שטוב פאַרקלונגען פון אַ גאַמע־טענער: באַס, סאָפּראַן, אַלט, באַריטאָן; הייזעריקע קולות, קוויטשיקע, כליפּענדיקע, העשנדיקע. די קולות פון די חדר־ייִנגלעך טראָגן זיך צווישן די גרויע פיר ווענט און קענען נישט אַרויס, ווי איינגעפּענטעטע־טענער אין אַ פאַרשטיקטן האַלדז.

אין די זומער־טעג ברענט די זון דורך די צוויי קליינע פאַרמאַכטע פענצ־טער. איבער די שויבן זשומען פעטע פליגן און רייסן זיך צום זוניקן דרויסן; זיילן שטויבעלעך טאַנצן אין די גאָלדענע זון־שטראַלן. אָשר־יוסף חלשט דע־מאָלט פאַר אַ טראָפּן שלאָף, אין די אויגן — אַ מידע רויטקייט. דורך דער אָפענער טיר שפּאַצירן אַריין און אַרויס הינער און העגער און עס רייסט זיך אַריין דאָס געפּילדער פון הויף און די אָרעמקייט פון גאַס. טייל מאָל קומען אויפן הויף קונצן־מאַכערס, ציִען פון די מיילער שווערדן, סטענגעס פייער, מאַכן פון קערפּער אַ בייגל און פאַקן זיך אַריין אין אַ פעסל, אָדער ציגיינער קומען אין שטאָט אַריין און גנבענען פון הויף אַוועק אַ הון, אָדער אַ שייטל האָלץ.

אין די ווינטער־טעג זיינען די פענצטער פון חדר פאַרקאָוועט פון פראָסט

און שניי. אין שטוב איז חושכדיק און קאַלט. אין די אָוונטן,ביים ליכט פון נאַפּט־לעמפּל טאַנצן איבער די ווענט שאָטנס און וואַרפן־אָן אַ וויסטן פחד. די חדר־יינגלעך גייען אַהיים מיט לאַמטערנעס אין די הענט און אָשר־יוסף מוז זיי צובאַגלייטן צום ראַג פון גאַס. ווייטער גיין האָט ער קיין כוח נישט.

באַלד נאָך פורים אָבער פלאַטערט אַריין אין אָשר־יוסעפס דירה די פרייד פון עפּעס נייעס, פון אַ יום־טובדיקער שטיפערישקייט. צוזאַמען מיטן אָנקו־מען פון פרילינג וועקט זיך דאָ אַלץ אויף. אין דרויסן איז שוין צעגאַנגען דער שניי, וואָס האָט אַ גאַנצן ווינטער איינגעקאָוועט די שטאָט מיט אַ זיל־בער־בלויען צודעק. איצט איז די זילבער־בלויקייט געוואָרן גרוי און פינצטער־ברודיק. שטראָמען וואַסער פליייצן איבער די געסלעך, הויפן, פעלדער, וועל־דער צום גרויסן גרינלעך־בלויען טייך, וואָס רינגלט אַרום די שטאָט. דאָ און דאָרטן האָט זיך פון דער ערד אַרויסגעריסן אַ ציטערדיק גרין גרעזל, איבער אַ נאַקעטן צווייג פון אַ בוים האָט שוין אַ פויגל אַ זינג געטאָן און אָנגעזאָגט קהל, אַז עס גייט צו פסח.

אין אָשר־יוסעפס דירה איז די פּעטע קאַץ אַראָפּ פון אויוון, אויסגעשווי־בערט זיך, אָנגעשטעלט אויף אַלעמען אירע גרינע פאָספאָר־אויגן און פאַר־גאַנגען אין אַ פריידיקער קלאָגעריי. איינער פון אָשר־יוסעפס צוויי זין מיטן נאָמען פנחס-אהרן, אַ האַלבער תּם און אַ האַלבער גולם, האָט זיך אויך אַזוי ווי די קאַץ צעשויבערט פון פרייד, וואָס זיין צייט איז ווידער געקומען: ער וועט ברענגען פון ברונעם וואַסער פאַר מצות. ער וועט צוהעלפן ביים אויוון, ביים גלייכלייגן די מצות און מען וועט אים אפשר דורך דער צייט נישט שטורכן, נישט שטויסן, ווי מען טוט אַלע וואָכן פון אַ גאַנץ יאָר.

אין אַלע טעג פון קיילעכדיקן יאָר זיצט פנחס־אהרן מיט אַן אָפן מויל, גלאָצט אויף אַלעמען מיט גרויסע קעלבערנע אויגן, שמייכלט טאַמעוואַטע און שפּילט זיך מיט אַ שטראַל זון, מיט דער קאַץ, מיט אַ קנעפּל. ער בעטלט אויס ביי די יינגלעך אַ ביסן ברויט, אַ שטיקל עפּל, אַ צוקערל. זיין פּנים איז אַלע מאָל טרויעריק און טעמפּ, הגם ער שמייכלט שטענדיק. ער איז אַלע מאָל הונ־געריק, וואָלט געקענט אויפעסן אַן אָקס מיט די קאָפּיטעס צוזאַמען און איז דערצו פויל און שווער. ער איז שוין אַ יונגאַטש, אַריבער די „בן שמונה עשרה לחופּה" און אַלע רופן אים גולם. וואָס מען הייסט אים טאָן טוט ער. די מאַמע שרייט פון קיך צווישן די טעפּ און אָנגעוואָרף:

— גולם, צעהאַק אַ בינטל האָלץ! אויף וואָס וואַרטסטו?

נעמט ער אַפּיר פון אונטערן בעט די האַק, גייט אַריין אין פאָדער־הייזל און צעהאַקט דאָס בינטל האָלץ, ברענגט עס אַריין אין שטוב און וואַרפט עס פאַר דער מאַמעס פיס.

בייזערט זיך ווידער די מאַמע:

— נישטאָ קיין טראָפּן וואַסער אין פּעסל, גולם! אויף וועמען וואַרטסטו?

גייט פּנחס־אהרן אַרויס אינעם הויף און שלעפּט אַריין וואַסער, פּילט אָן דאָס פּעסל ביזן אויג, אַזש עס רינט אַריבער.

די מאַמע לאָזט נישט אָפּ. זי האָט אַליין נישט קיין כוח צו באַשפּייזן דאָס גרויסע הויזגעזינד. אירע הענט זיינען דאַר און קוואַר, בלויע אָדערן אָנגעלאָפענע שטאַרן אַרויס, די פּיס אָנגעדראָלן, מיד, כאָטש נעם און פאַל אין מיטן טאָג. די ביינער אין לייב — ברעכן און שטעכן, אַ גליק טאַקע, וואָס דער זון אירער, דער גולם, דרייט זיך אַרום שלינג און שלאַנג:

— שייל־אָפּ אַ טעפּל קאַרטאָפל, נאָר שייל נישט צו גראָב, גולם־קאָפּ, וואָס דו ביסט!

פאָלגט ער און שיילט די קאַרטאָפל דיק, ווי די מאַמע האָט באַפוילן.

זיינע אויגן זיינען בלויע און וואַסערדיקע. זיינע ליפּן הענגען־אַראָפּ, די נאָז — צעפּלאַטערט, גראָב, מגושמדיק, איבער דער הויט פון פּנים — קליינע, פולע בלעטערלעך.

ביים דאַווענען קלאָגט אָשר־יוסף אויס זיין צער און ווייטיק צו גאָט, וואָס ער האָט אים געשטראָפט מיט אַזאַ חסר־דעה, אַ שוטה, אַ קאַליקע נעבעך, פאַר וועלכע זינד?

ב.

אין די טעג נאָך פּורים נעמט אין אָשר־יוסעפס דירהלע ברויזן, קאָכן, אַ ים־כוואַליע האָט אַ ריס געטאָן און אַלץ צעוויגט מיט ניגון און שטורעם. עטלעכע וואָכן וועט אָשר־יוסף לערנען מיט די יינגלעך אין פאָדער־הייזל, אין דער הינטער־שטוב, צווישן די בעטען, אָדער מען וועט זיך גאָר אַריבער־קלייבן אין בית־המדרש אַריין, נאָר דאָס איז שוין גאָר זעלטן. דאָס מיידל, צירל, איינע פון אָשר־יוסעפס טעכטער, די יפת־תואר, מיט די שוואַרצע ברע־נענדיקע אויגן, מיט דער ברוינלעכער זיידענער הויט, מיט דעם געטאָקטן נעזל און אַ מויל, ווי אַ קליינער שניט צווישן די זאַפטיקע ליפּן. די וואָס גייט אַ גאַנץ יאָר אַרום איבער די צוויי שטיבן ווי אַ שטאָלצע פּאַווע, אויך זי ווערט אַנדערש אין די טעג. מיט איר אויסזען וואַרפט זי אָן אויסטערלישע געדאַנקען אין די קעפּ און מוחות פון די חומש־יינגלעך, איר רויט געבלימלט בלוזקעלע, מיט די צעלאָזענע האָר איבער איר ווייסן נאַקן, מאַכט איר אויסזען ווי עפּעס אַ דלילה. אין די טעג נאָך פּורים זעט צירל אויס ווי שולמית פון שיר השירים אַרויס, זי שוועבט מיט אירע באָרוויסע פיס, צעלאָזענע האָר און גאַרט נאָך איר געליבטן, דעם קעניג, פּונקט ווי אויף די בלעטער פון שיר השירים...

פריילעכער פון אַלע, שטיפעריש און מיט עכט קינדערשער פרייד, איז דער איבערגעוואַקסענער יונג, פּנחס־אהרן. אַלע וועלן מוזן ווערן אונטערטעניק אים, מחמת אויף אים וואַרטן עטלעכע גרויסע, ליידיקע פעסער, ווי דורשטיקע מיילער, וואַרטן זיי שוין עלף חדשים צייט — אויף וואַסער. זיי שטייען, די פעסער, געכשרטע, מיט אומהיימלעכע טונקעלע מיילער און אַרומגעריפּטע בייכער און זיי וואַרטן. אָט אין די צוויי פּאַרנאַכטן וועט דער גולם זיי אָנפילן מיט קוואַלענדיק וואַסער, מיט ווילדן שטיפערישן געזאַנג וועט אַריינפּאַלן איין וויאַדרע וואַסער נאָך דער אַנדערער, אַזוי ווי די כוואַליעס, וואָס שפּרינגען ווי די אינגדן אין הלל, אַזוי וועלן די פולע וויאַדרעס אָנפילן די פעסער.

דאָס קאַרטאָפל־פעלד מיט דעם פּאַרלאָזענעם ברונעם און אויך דער הויף מיטן הויז, ווו עס וווינט דער לערער און מלמד אָשר־יוסף, געהערט צו דעם באַנדער, דעם בייזן איטשע בינעם, אַ ייִד אַ קאַרגער, מיט אַ פאַרמעט פּנים, פון וועלכן עס קוקן אַרויס צוויי שמאָלע גרויע אויגן, שאַרפע, כעסדיקע. איטשע בינעם איז צעקריגט מיט דער וועלט, מיט זיינע שכנים, מיט זיך אַליין און אַפילו מיטן רבונו של עולם. ער האָט צו אַלעמען טענות, הלמאי, וואָס דריי ווייבער זיינען אים שוין אָפּגעשטאָרבן רחמנא ליצלן און קיין איינע פון זיי האָט אים נישט איבערגעלאָזט אַ קדיש אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, בלויז טעכטער אַ פולע שטוב, הלמאי דער יקרות וואַקסט, הלמאי ער האָט נישט קיין צייט אויסצוזאָגן יעדן טאָג גאַנץ תהילים? עס האָט דען אַ שיעור וויפל טענות דער ייִד האָט?

ער לאָזט נישט נעמען קיין וואַסער פון דער פּלומפּ פון הויף פאַר אָשר יוספס מצה בעקעריי. זיינען טענות זיינען:

— די רערן זיינען געפרוירן און וועלן פּלאַצן, אויב מען וועט אַזוי עטלעכע שעה דורכאַנאַנד פּלומפּען וואַסער. עס וועט נישט סטייען פאַר די איינוווינער און דאָ גייט צו פּסח; און... מער פעלט מיר נישט...

צווייטנס, איז עס גאָר אַרויסגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען די פּלומפּ איז אויף אַן אמת געווען געפרוירן. מען האָט זיך דעמאָלט גוט גע־קריגט אויפן הויף און אָשר־יוסף האָט נאָך דעם געלאָזט מאַכן רייפן אַרום זיינע אַלטע פעסער ביי אַ צווייטן באַנדער אין שטאָט. איטשע בינעם איז דעמאָלט אַרויס פון די כלים און זיך געגעבן אַ וואָרט נישט צו לאָזן דעם מצה־בעקער נעמען וואַסער פון דער הויף פּלומפּ. פון דעמאָלט אָן שעפּט מען וואַסער פאַר די מצות פון דעם פּאַרלאָזענעם ברונעם אין פעלד.

שוין עטלעכע יאָר אַזוי: די מצווה פון שעפּן וואַסער אין די בלויע פאַר־נאַכטן פירט אויס דער גולם, פּנחס־אהרן. אַזוי ווי די זון נידערט צום ראַנד פון הימל, אַ גאָלדיק־פייערדיקע, גייט פּנחס־אהרן אַרויס מיט צוויי הילצערנע

וויאַדרעס צום ברונעם. די וויאַדרעס זיינען נייע און געכשרטע. ער גייט אַ האָפּערדיקער אַ טענצלדיקער. די שווועריקייט פון זיין אָנגעגאָסן לייב, האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן ווי אַ כישוף ממש. זיינע טריט זיינען — לייכטע, די אויגן גלי׳ען ביי אים ווי ביי אַ קאַץ, דאָס מויל איז אָפן מיט גולמשער פרייד. ער קומט צו צום ברונעם, כאַפּט אָן דעם אייזערנעם הוק ביים דרענגל, וואָס איז פאַרזשאַווערט און אייז־קאַלט, ער הענגט אָן איין וויאַדרע. דער סלופּ פון זיין גאַנצער הויך ביז דעם קרומלעכן אויסבויג, גיט זיך אַ ריר און עס הערט זיך אַ פאַרשטיקטער קרעכץ, ווי פון אַ געשאָכטענעם אָקס, אָדער ווי מען וואָלט אונטערגעזעגט אַ בוים. אפשר וועקן זיך אויף מיט קרעכצן און גע־וויינען זינדיקע נשמות, שדים — אַזוי טראַכט דער גולם — ווער ווייסט? אַן אַ־נדערער אויף פּנחס־אהרנס אָרט וואָלט זיך פון אַזאַ קרעכץ דערשראָקן און וואָלט אַנטלאָפן ווו דער פעפער וואַקסט, אָבער נישט ער. דער קרעכץ מונ־טערט אים גאָר אויף, עס הערט זיך אָן אין זיינע אויערן ווי אַ געזאַנג, ווי אַ תפילה, ווי דער געזאַנג פון אַ גוטער סעודה ביי אַ געגרייטן טיש. ער גיט אַ שטאַרקערן ציִ דאָס דרענגל און דער סלופּ גיט זיך אונטער זיינע שטאַרקע הענט. דער סלופּ קרעכצט, העשעט, אָבער די שווועריקייט גייט אַרויף צום הימל און דער עמער נידערט אַראָפּ צום קוואַל. אָט האָט שוין די וויאַדרע זיך אָנגעשלאָגן אין דער טיפעניש פון וואַסער. דער גולם הערט דאָס בלעזלען, דאָס קוואַקען, אַ כראָפּעניש און הוסטעריי דאָרטן אונטן. מען האָט אויפגע־וועקט דעם שלאָפנדיקן קוואַל, מען האָט געשלאָגן דאָס וואַסער פון דעם איינזאַמען פאַרלאָזענעם ברונעם. דער גולם גיט דעמאָלט שנעל אַ הייב דאָס דרענגל און ער פילט, ווי דאָס האַלץ גליטשט זיך אַזוי גראַציעז, שלענגלדיק, קילבלעך צווישן זיינע פינגער אַרויפצו, העכער, העכער, וועט אפשר באַלד אַ שפּרונג טאָן צום הימל מיט אַ געזאַנג און אָט... דער הוק איז דאָ און די וויאַדרע איז פול מיט טונקעלער בלויקייט.

פּנחס־אהרן כאַפּט שנעל די פולע וויאַדרע וואַסער, שטעלט זי אַוועק ביי די פיס און בינדט אָן די צווייטע. ווידער גיט ער אַ ציִ דעם סלופּ, איצט קרעכצט ער נישט אַזוי וויינענדיק, דער סלופּ. ער גיט זיך עלאַסטיש און גלאַטיק אַ ציִ אַראָפּ, ווי צו אַ טאַנץ, די וויאַדרע נידערט אַראָפּ אין דער טי־פעניש צום קוואַל נאָך וואַסער פאַר מצות, פאַר ייִדן אויף פּסח.

אַזוי גייט ער איבער אַ שעה צייט הין און צוריק, פון דער שטוב צום ברונעם און — צוריק, די פעסער ווערן פאַמעלעך אָנגעפילט ביז צו די ראַנדן. אשר־יוסף מיטן ווייב פאַרדעקן די מיילער מיט טיכער און מאָרגן, אם ירצה השם, וועט מען פאַרקנעטן טייג אויף מצות.

שפּעט אין אָוונט, ווען די פעסער זיינען שוין פול און פּנחס־אהרן פילט

אַ זיסע מידקייט אין די גלידער און אַ פרייד אין לייב פון דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, כאַפּט זיך דער טאַטע אָשר־יוסף ערשט, וואָס דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרן בלויז פון גולם אַליין, אַ קלייניקייט דריי פעסער גענוג פאַר אַ גאַנצן טאָג צו פאַרקנעטן טייג, גיט ער דעריבער אַ זאָג:

— מעגסט שוין לייענען קריאת־שמע און גיין שלאָפן, פּנחס־אהרן! שלאָף זיך אויס, ווייל מאָרגן איז אויך אַ טאָג, אם ירצה השם.

דאָס ערשטע מאָל אין גאַנצן יאָר, וואָס דער טאַטע רופט אים נישט גולם, נאָר ביים פולן אמתן נאָמען. פּנחס־אהרנען ווערט וואַרעם אינעווייניק פון דעם טאַטנס צערטלעכקייטן. ער איז גרייט צו כאַפּן די וויאַדרעס און ווי־דער לויפן צום ברונעם, אַ גאַנצע נאַכט טראָגן וואַסער פאַר אַלע יידן אין שטאָט. ער בייגט אָבער אַראָפּ דעם קאָפּ, גיט אַ הירזשע אין דער זייט און נעמט אַרויסוואַרפן פון מויל ווערטער פון קריאת־שמע, וואָס צעפאַלן זיך איבער דער טונקלקייט פון דער אָרעמער שטוב, ווי ווייסע פלאַטערנדיקע טויבן . . .

ג.

דער ווינטער אין דעם יאָר איז געווען אַ שווערער, אַ ביטערער פראָסט האָט געהאַלטן איינגעשמידט די שטאָט וואָכן לאַנג. עס האָט זיך נישט אָנגעזען קיין צייכן פון קומענדיקן פרילינג, קיין סימן אַז דער פראָסט זאָל פּלאַצן, די שנייען זאָלן צעגיין און עס זאָל ווערן אַ ביסל וואַרעמער. די שויבן זיינען געווען פאַרוואַקסן מיט פראָסט־בלומען אוןביימער. עס האָבן זיך געטראָגן שניידיקע ווינטן, וועלף זיינען אַרומגעלאָפן אויף די וועגן און פאַרצוקט פאַר־בלאָנדזשעטע חיות און מענטשן. אַלטע לייט האָבן נישט געדענקט אַזאַ ביי־טערן ווינטער.

ביי אָשר־יוספן אין דער ענגער דירה האָט מען זיך געגרייט צו באַקן מצות. מען האָט צוגערוקט די בענק צו די ווענט, דעם לאַנגן חדר־טיש גע־נומען אין פאָדער־הויז אַריין. פאַרנאַכט, אַזוי גוט ווי אַלע יאָר, האָט פּנחס־אהרן אָנגעטאָן אַ קוטשמע אויפן קאָפּ איבער די אויערן, דעם אויסגעריבענעם פּאַלטן פאַרבונדן מיט שטריק אַרום לייב, גענומען די צוויי וויאַדרעס און זיך געלאָזט אין פעלד צום ברונעם. ער איז געווען פריילעך פון דעם וואָס ער וועט היינט אויפטאָן. עס איז געווען בלוילעך טונקל. דער וועג איז געווען גליטשיק, אַרום אים איז געווען מוראדיק שטיל, בלויז דער ווינט האָט גע־פּיפן, געוואָיעט און פּנחס־אהרן האָט זיך געוווּנדערט פאַר וואָס דער ווינט וויינט היינט, וועך אין אים צעשפּאַרט אַ פרייד גאָר צום לאַכן. אַרום דעם

ברונעם איז געווען אַלץ פֿאַרפֿרוירן. ער האָט אָוועקגעשטעלט די וויאַדרעס ביי די פֿיס. אַלץ אין אים האָט געציטערט פֿון אַ ווונדערלעכער איבערלעבונג: ער מוז היינט אָנפֿילן אַלע פּעסער מיט וואַסער. די לבנה האָט זיך גענומען אַרויסשיילן פֿון די שטיקער וואָלקנס. עס איז אַ ליכטיקער אָוונט. ער וועט זען דעם וועג היין און צוריק, כשר וואַסער וועט עס זיין פֿון אָוונט־צייט.

ער האָט געכאַפּט אַ קוק אין דער טיפֿעניש. עס האָט זיך אים אויסגע־דוכט, עס איז אַ שפּיגל און ער זעט דאָרטן זיין פּנים. עס זעט גאָר אַנדערש אויס זיין פּנים, אַנדערש ווי אַ גאַנץ יאָר, דין און לאַנג און פֿריילעך. ער האָט קוים געקענט איינשטיין. אַרום שטיקער שניי, געפֿרוירענער זילבער, דער שניי טורעמט זיך אַרויף צום מויל פֿון ברונעם. ער האָט מיט איין האַנט זיך אָנגע־כאַפּט אין אַ שטיין ביי דער עפֿענונג, מיט דער צווייטער האָט ער אָנגעכאַפּט דאָס דרענגל. ער האָט אַ ציִ געטאָן, עס האָט נישט גערירט. עס האָט אים געבריט די האַנט פֿון קעלט, זיך צוגעקלעפּט צום האָלץ. ער האָט אָנגעטאָן גראָבע הענטשקעס. איצט האָט ער מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט דאָס דרענגל און דער קערפּער האָט זיך געגליטשט אַראָפּ צום שניי־אָנשיט. דער סלופּ האָט נישט נאָכגעגעבן, אַפֿילו קיין קרעכץ נישט געטאָן. פּנחס־אהרן האָט מיט ביידע הענט געשלעפּט דאָס דרענגל צו זיך. זיין צעיִאַכמערט פּנים איז געווען אַראָפּ־צו צום קוואַל. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט מאָדנע פּרצופֿים אין שפּיגל, וואָס לאַכן, שפּאָטן און שטעקן אים אַרויס אַ גרויסע צונג.

מיט ביידע הענט איז ער געהאַנגען איבערן דרענגל. פּלוצלינג האָט דער סלופּ זיך אַ ריר געטאָן, מיט אַ בייזן קרעכץ. ער האָט דאָס דרענגל געקלאַ־מערט אין זיינע הענט. דאָס געפֿרירעכץ האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזן און אין דער זעלבער רגע האָט דער סלופּ געגעבן אַ ציִ אויף צוריק און זיין קערפּער האָט זיך געגעבן אַ ציִ איבער דעם מויל פֿון ברונעם. ער האָט געוואָלט כאַפּן אויף צוריק, אָבער צוליב דער גליטשיקייט פֿון אונטער די פֿיס איז ער ראַפּטום געפֿאַלן מיטן פּנים צום מויל פֿון ברונעם. דאָס דרענגל איז אַרויס פֿון זיינע הענט און דער קערפּער איז מיטן קאָפּ געפֿאַלן אַראָפּ אין דער חושכדיקער טיפֿעניש. אַ וויסטער געשריי האָט זיך געהערט פֿון דער טיפֿעניש, מיט אַ פּליוכן און קאָכעניש. דאָס געשריי האָט געשפּאָלטן די שטילקייט און דאָס דרענגל האָט זיך אומהיימלעך געוויגט.

ד.

ייִדן האָבן זיך געוווּנדערט, היתכן? דער גולם פּנחס־אהרן איז דאָך גע־גאַנגען טאָן אַ מצווה, היינט פֿאַר וואָס איז ער גאָר אומגעקומען? עס שטייט

דאָך בפירוש: „שליחי מצווה אינן נזיקין", היינט ווי שיקט זיך עס? נאָר גיי פרעג קשיות. דער ברונעם איז איצט שוין פאַרמשפּט געוואָרן אויף אייביקע שטילקייט און פאַרלאָזנקייט, אַפילו וואַסער צו מצות האָט מען שוין פון אים נישט געשעפּט. בלויז די לבנה האָט אים נישט פאַרלאָזן און אין די אָוונטן אין די נעכט אָנגעפילט דאָס מויל פון ברונעם און דעם קוואַל מיט זילבער און חלום.

# געסט

דאָס הויז געפינט זיך אויף איינע פון די אָנגעזעענסטע גאַסן אין ניו־יאָרק און האָט איבער הונדערט איינוווינער, גרויסע משפּחות און קליינע. די מענטשן דאָ ווייסן זייער ווייניק איינער פון אַנדערן, ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך ביי יענעם איבער דער וואַנט. די פּרעמדקייט שפּאַרט אַרויס פון טיר צו טיר און לאָזט נישט צו קיין שאַרף און קיין זייטיקן בליק.

די איינוווינער זיינען שטילע, גוט־דערצויגענע, מיט פיינע מאַנירן און העפלעכקייט. זיי באַגריסן זיך איינער מיט דעם אַנדערן אין חלל פון הויז בלויז מיט אַ שאָקל פון קאָפּ און אין דורכגאַנג פון הויז איז אַלע מאָל אַן אָמפּערניש, ווער עס זאָל מאַכן דעם ערשטן טראָט אין דער טיר אַריין, אָדער אַרויס. אויך דאָס מזל שמייכלט צו די מענטשן מיט וווילטאָג, פּאַרגיטיקונג און זאַטקייט.

צווישן די איינוווינער איז פאַראַן אַ פּאָרפּאָלק, מאַן און ווייב, וואָס די העפלעכקייט טראָגט זיך פון זיי גאָר שטאַרק. ער איז אַ מיטל־וווקסיקער, פול געפּאַקטער מאַנספּאַרשוין. דאָס פּנים איז ביי אים אויסגערונדיקט, אַן אָדלער־נאָז איבער גרויע, דיקע וואָנצעס. אַלע מאָל איז ער געקליידט ציכטיק, עלעגאַנט, אין שיינע טעג טראָגט ער אַ שטעקן אין האַנט. אין כמורנע טעג — אַ רעגן־שירעם. אין לאַץ פון זיין ראָק שטעקט אַלע מאָל אַ פרישע בלום און דאָס זיידענע טיכעלע אין דער קליינער טאַש פון ראָק איז אויסגעפּרעסט און ליגט מיט שפּיצעלעך אַרויס. זיין פּנים איז שמייכלענדיק און אויסגערוט. עס זעט אויס ,אַז דער מענטש האָט נישט קיין זאָרגן, נישט קיין פּיין, אָדער גריזשעניש.

זיין ווייב איז אַ הויכע, אַ דינע. דער קאָפּ אירער האַלט זיך קוים אויף דעם דינעם האַלדז. די קליידער הענגען אויף איר ווי אויף אַ נישט־פּאַסיקן מאַנעקען. דאָס פּנים — צעקנייטשט, וויאַנעוודיק און ווייבענדיק. די ליפּן זיינען דינע, פּאַרפּרעסטע און אין דעם שניט פון מויל ליגט — כעס און ביטערניש.

דאָס פּנים איז ביי איר באַשמירט מיט אַלערליי זאַלבן און שמירעכצן און איבער דעם אַ דיקער שיכט מיט פּודער, דעריבער זעט מען שוין נישט די גערינצלטקייט פון דער הויט.

אין די פאַרנאַכטן קומען ביידע אַרויס פון הויז. אויף איר קערפּער — אַ גרין, גרוי, רויט, אָדער בלוי קלייד; אַ היטעלע איבער די גרויע טורעמדיקע האָר. דאָס פּנים — צעאַקערט און האַרבסטיק. ער — דער שטעקן, אָדער רעגן־שירעם פאָרויס. דער שמייכל און דאָס פולע פּנים — פאָרויס. אונטערן אָרעם האַלט ער אַ קליין פּעקעלע פאַרבונדן מיט אַ ספּעציעלן פּאַפּיר, מיט וועלכן מען פאַרפּאַקט מתנות און אַ זילבערן בענדל אַרום דעם פּעקעלע. דער צווייטער אָרעם זיינער איז פאַרפלאָכטן אינעם אָרעם פון ווייב.

מאַן און ווייב גייען געאָרעמט אַדורך דעם האָל פון הויז צו דער גאַס...

פאַר דער גאַס און פאַר לייטן הייסט עס, אַז זיי זיינען איינגעלאַדן ערגעץ־ווו אויף אָוונטברויט און איצטער גייען זיי דאָרט אַהין און טראָגן מיט זיך אַ פיינע מתנה פאַר די גאַסט־געבער. גליקלעכע מענטשן די צוויי — טראַכטן אַנדערע — זיי האָבן אַזוי פיל פריינד, קויפן שיינע מתנות און אָט ווי זיי גייען געאָרעמט, ווי יונגע פאַרליבטע...

יעדן אין דער פרי גייט ער אַרויס פון הויז מיט אַ טעקע אין האַנט. ער איז פריש ראַזירט, אויפגעלייגט און מונטער. ער פאַרפאָרט ערגעץ ווו צו זיין ביוראָ. ער איז אַן אייגנטימער פון אַ קליין געשעפט פון פּאָסט־מאַרקעס, גע־נוצטע, אויסטערלישע פון ווייטע און נאָענטע לענדער, פון ווייטע, פאַרגאַנ־גענע יאָרן און היינט־צייטיקע. ער דיקטירט בריוו צו זיין סעקרעטאַרין פאַר טויזנטער מענטשן פון גאַנץ ניו־יאָרק. זיין קערפּער איז דעמאָלט אַריינגערוקט טיף אין דער ווייכער שטול, די אויגן זיינען אים פאַרמאַכט, ער גלעט זיך טייל מאָל די וואָנצעס און דער עיקר האָט ער ליב זיך צו שפּילן מיט גאָל־דענע מטבעות, וואָס ער לאָזט נישט אַרויס פון צווישן די פינגער...

אין די בריוו גיט ער אָן נייע אַנטדעקונגען, אוצרות, זעלטענע מאַרקעס, וואָס זיינען אין זיין באַזיץ און ער פאַרקויפט זיי פאַר ביליקע פּרייזן. ער רעכנט אויס לענדער און דאַטעס, וואָס קלינגען אויסטערליש. ער רייסט טייל מאָל איבער דאָס דיקטירן, נעמט ריידן אויפן טעלעפאָן צו „פריינד", ביי וועלכע ער האָט נעכטן ערשט געגעסן אָוונט־ברויט. ער דאַנקט העפלעך און מאַכט קאָמפּלימענטן די גאַסט־געבערין. נאָך דעם גיסט ער אָן וואַסער אין די קעסט־לעך און טעפּלעך, וואָס זיינען צעשטעלט אין ביוראָ מיט לעבעדיקע בלומען, ער מאַכט קאָמפּלימענטן זיין סעקרעטאַרין און נעמט גלעטן אירע האָר פון קאָפּ אַ ביסל פאָטערלעך, צוריקגעהאַלטן און אַ ביסעלע צעלאָזן, פאַרשייט.

זי לאָזט זיך נישט, שטופּט אַוועק זיינע הענט, זיינע פולע פולכנע פינגער,

וואָס בלאָנדזשען פון די כוואַליעס האָר צום האַלדז, איבער דער זיידיקער גלאַטקייט פון איר נאַקן צו די פּלייצעס. ער כאַפּט זיך באַלד צוריק, אַנטשולדיקט זיך זייער העפלעך, בייגט זיך איבער איר פּנים און גיט איר אַ קוש איבער די ליפּן. זי ווערט שטאַרק רויט, שטעלט זיך אויף פון שטול, ביי־זערט זיך:

— איר זענט זייער אַראָגאַנט... מיסטער עמ...

— אַ מענטש פאַרגעסט זיך. דו ביסט זייער אַ שיינע, אַ פולכנע, אַזאַ אויסגערונדיקטע און דער האַלדז, דער נאַקן אַזוי ווי מאַרמאָר...

איר קענט זיך נישט באַנעמען, מיסטער עמ!... עס איז דאָך אַ ביוראָ, איר האָט אַ ווייב. עס איז נישט שיין!

— איך ווייס דאָס אַלץ.

— איר דאַרפט מער דאָס נישט טאָן. איר זענט מיט אַזוי פיל יאָרן עלטער פון מיר און יעדעס מאָל פאַרגעסט איר זיך!...

עס ווערט שטיל. ער רוקט זיך אַריין טיפער אין שטול און נעמט ווייטער דיקטירן:

— עס איז מיר געלונגען צו באַקומען בלויז איינצלנע קאָפּיעס. אינעם יאָר 1873 האָט מען בלויז געדרוקט עטלעכע פון דער איינציקער מאַרקע... אַפילו אין אינטערנאַציאָנאַלן אַלבום נישט פאַראַן...

זי רייסט אים טייל מאָל איבער. ער האָט שוין דאָס דאָזיקע איין מאָל געזאָגט. ער קוקט אויף איר מיט דאַנקבאַרקייט און שיכורע בליקן.

ער שליסט זיין אָפיס זייער פרי. ער קוקט צו ערשט איבער די פּאָסט, וואָס דאַרף מאָרגן פרי אַרויסגיין. ער פרעגט די סעקרעטאַרין צי זי וואָלט נישט אַרויסגעגאַנגען היינט אָוונט מיט אים פאַר דינער, נאָך דעם אויף בראָדוויי צו — אַ פאָרשטעלונג. זי זאָגט אים אָפּ שאַרף און זייטיק. ער האָט נישט קיין מזל צו זיין סעקרעטאַרין. זי האָט אַנדערע אַמביציעס, זי איז יונג, שיין.

ער קומט אַהיים פרי. אַ גאַנצן טאָג איז געווען שטיל אין דער וווינונג פון דעם פאַרפאַלק, איצטער איז אומהיימלעך שטיל.

זי איז דאָס דריטע ווייב זיינס. די ערשטע צוויי זיינען געשטאָרבן טאַקע דאָ אינעם בכבודיקן הויז. קיינער פון די איינוווינער האָט נישט געהערט, נישט געזען, נישט געוווּסט אַפילו. עס זיינען געקומען צוויי מענטשן, מיט ערנסטע פּנימער. פאַרן הויז האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ שוואַרצע לימוזין, מען האָט אַראָפּגעטראָגן דעם טויטן קערפּער. דער הויז־וועכטער, האָט נאָך דעם געלאָזט פאַלן אַ וואָרט אין הויז, אַז מיסטער עמ... האָט געליטן אַן אומגליק.

שוין עטלעכע יאָר איז די הייַנטיקע, דאָס דריטע ווייב ביי אים.

ער איז העפלעך צו איר ביז גאָר: אין די פֿאַרנאַכטן, ווען זיי גייען אַרויס ביידע געאָרעמט און מיט דעם מתנה־פּעקעלע און שמייכל, פֿאַרפֿאָרן זיי נישט צו פֿריינד, קיינער האָט זיי נישט איינגעלאַדן, זיי האָבן אַפֿילו נישט צו וועמען צו גיין. זיי עסן אָונט־ברויט אין אַ רעסטאָראַנדל שטיל און שאַטנדיק, אָבער זיי שפּאַצירן שווייגנדיק לענגאויס דעם האַדסאָן, אָדער זיי לאָזן זיך אַראָפּ אין דער אונטערערד־באַן און פֿאָרן הין און צוריק איבער אַ שעה צייט. ער זיצט דעמאָלט אין וואַגאָן זייער אַן ערנסטער, לייענט אַ צייטונג. זי ביי זיין זייט קוקט פֿאַר זיך און זעט גאָרנישט. נאָך דעם פֿאַרפּאַקט ער דאָס פּעקל — די מתנה פֿאַר די „פֿריינד", אין דער צייטונג און זיי לאָזן זיך גיין אַהיים.

עס איז שוין שפּעטלעך. דאָס פֿאָרפֿאַלק עמ... קומט צו גיין צוריק אין הויז צו זייער היים. ער — זיין פּנים אויסגערוט, די גרויע האָר פֿון קאָפּ, זאָרגפֿעלטיק פֿאַרקעמט, דער שטעקן — פֿאָרויס און מיט חשיבות. אין דער צייטונג ליגט פֿאַרפּאַקט דאָס מתנה־פּעקל אין דעם גלאַנציקן פֿיינעם פּאַפּיר מיטן זילבערנעם בענדל אַרום. זי — אַ חורבה טרויער, אַלטקייט, געוויין אין די אויגן. ער איז נישט צופֿרידן, וואָס זי איז אַזוי טרויעריק, דעריבער זאָגט ער צו איר פֿאַרן איבערטרעטן די שוועל פֿון הויז:

— מאַך אַ פֿריילעך געזיכט, עמאַ... איך וויל נישט מען זאָל דיך זען אין אַזאַ צושטאַנד.

זי באַמיט זיך צו מאַכן אַ פֿריילעך פּנים. זי האָט מורא פֿאַרן מאַן און פֿאַר זיינע באַפֿעלן. ער איז געזונט, מונטער, דער קאָפּ איז ביי אים פֿול מיט טונקעלע און ליכטיקע פּלענער. ער שלאָפֿט רויִק אַדורך די נאַכט, עסט און טרינקט און טרייבט פֿון זיך יעדע זאָרג, ווי מען טרייבט פֿון זיך בייזע אינזעקטן. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, ווייל זי האָט אים געבראַכט אַ רייכע ירושה פֿון איר ערשטן מאַן. זיי האָבן זיך באַקענט ערגעץ אין אַ זומער־אָרט ביים ים, פֿון אים האָט זיך געטראָגן די העפֿלעכקייט, דער שמייכל, די אָפֿנהאַרציקייט און זי האָט זיך אין אים פֿאַרליבט. איבער אַ צענדליק יאָרן זיינען אַפּגעלאָפֿן. די וועלט, די גאַס זעט, אַז זיי זיינען אַ גליקלעך פֿאָרפֿאַלק. יעדן אָונט זיינען זיי איינגעלאַדן צו „פֿריינד", ברענגען מתנות און קומען צוריק פֿריילעכע און מונטערע...

דער הויז־וועכטער פֿאַרנייגט זיך פֿאַר זייער חשיבות. ער איז אין זיין בלויען אוניפֿאָרם אַזוי אָנזעעוודיק ווי אַ גענעראַל. זיינע רייד — געמאָסטענע:

— גוט פֿאַרבראַכט? — פֿרעגט ער מיט אַ נידעריקער שטימע — איך האָף איר האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכן אָונט.

— ווי יעדעס מאָל. אויסגעצייכנט! — ענטפֿערט מיסטער עמ... — געווען

ביי נאָענטע פריינד. זיי ווילן דיך גאָרנישט אַוועקלאָזן, זיי רעכענען זיך נישט מיט דעם, אַז מאָרגן פרי הייבט זיך ווידער אָן אַ טאָג אַרבעט, פאַרנומענקייט!

— זייער גוט צו האָבן פריינד, וואָס זאָרגן צו מאַכן יענעם באַקוועם — ווערט דער הויז־וועכטער פילאָסאָפיש אין זיין אָנגעצויגנקייט — זייער גוט!

— נו, אַ גוטע נאַכט, דזשימי!

דאָס פּאָרפאָלק גייט אַריין אין הויז. אים באַפאַלן געדאַנקען, אַ ביסל נישט־פריילעכע. ער קוקט אויף איר: עס איז אים מיט איר אַ שפּאָר ביסל שווערלעך. זי איז הוילעביינער, די הויט פון איר לייב איז געריינצלט. ער איז אין די אָנהייב זעכציק, פול מיט ענערגיע, קאָכעדיק בלוט. ער האָט פלע־נער רייך צו ווערן, פלענער פון בויען, שאַפן. ער אַרבעט איצט איבער אַ וויסנשאַפטלעך ווערק. שוין עטלעכע יאָר שרייבט ער עס. דאָס געשעפט פון די אַלטע פּאָסט־מאַרקעס וואָס ער האָט איז נאָר, כדי צו פאַרבלענדן די וועלט. ער האָט געלט אין פאַרשיידענע בענק. אַלע דריי ווייבער זיינע האָבן אים געבראַכט געלט. ער האָט זיי גאָרנישט געגעבן, נאָר יענע זיינען אַוועק פון דער וועלט שטיל. די־אַ בונטעוועט זיך. נישט קעגן אים בונטעוועט זי זיך. זי האָט אים גאָר שטאַרק ליב, וואָס דאַרף ער איר ליבשאַפט? זי בונטעוועט זיך קעגן איר אייגענעם גורל...

אויך זי איז פאַרזונקען אין געדאַנקען:

צו דער חתונה זייערער האָט זי אים געבראַכט אַ שיינע סומע געלט. ער איז דאָך אַזאַ פעסט־געבויטער מאַנספּאַרשוין, מיט אַזוי פיל קראַפט. אויך זי איז געווען שיין, פול מיט לוסטיקייטן, נאָר אַלץ איז געוואָרן אויסגעלאָשן אין איר. זייער צוזאַמענלעבן איז אַ — שווינדל, אַ הוילע אָפּנאַרעריי איינער דעם אַנדערן. זיי האָבן נישט קיין קינדער און וואָרפן די שולד, איינער אויף דעם אַנדערן, האָבן נישט קיין יורשים, נישט קיין פריינד. דער מאַן אירער, זינט ער איז אין אַמעריקע פון זיין יוגנט אָן, און געקומען איז ער פון דייטשלאַנד, אַ געבוירענער דייטש — האָט זיך דאָ קיין מאָל נישט איינגעשאַפט קיין פריינד.

פאַר דער אויסערלעכער וועלט איז ער אַן אָנשטענדיקער, פיינער מאַן מיט מאַנירן פון אַ קולטורעלער איינגעבוירנקייט, אָבער צווישן די ווענט פון די זעקס צימערן איז ער אַן אַכזר, אַ טיראַן. ער וויל אויף מענטשן אָנוואַרפן זיין שטאַרקייט, זיין מאַכט און וואַרפט עס אָן אויפן ווייב. עס איז אומהיימלעך מיט אים. זי מוז אויספאָלגן, וואָס ער וויל. זי מוז גיין מיט אים יעדן פאַרנאַכט אויף די אויסגעטראַכטע איינלאַדונגען, מענטשן זאָלן זען, דער הויז־וועכטער זאָל עס דערציילן פאַר די שכנים. אין דעם פּעקעלע פאַר מתנות ליגט אַ שטיק

צייטונג־פּאַפּיר. ער שרייבט אַ וויסנשאַפטלעך ווערק וועגן מאָרד. ער שווייגט אַלע מאָל, קוים צערעדט ער זיך איז נאָר וועגן מאָרד...

זי איז אַ געבוירענע אין אַמעריקע. ער איז שוין איבער פופציק יאָר אין לאַנד, איינגעזאַפּט אין זיך די קולטור פון לאַנד, די שפּראַך, אַלץ וואָס אַ מענטש קען איינזאַפּן אין זיך און דאָך, איז ער געבליבן אַ דייטש. אַלע אין הויז האַלטן, אַז דער מיסטער עמ... מיט זיינע העפלעכע מאַנירן, מיט זיין באַגריסן, מיט זיין גאַנג און שטייפקייט, איז אַ דייטש.

זיי קומען אַריין אין זייער וווינונג. אַלץ איז דאָ ציכטיק און אויסגע־שטעלט מיט דער געניסטער פּינקטלעכקייט: בילדער אויף די ווענט, אַ סקולפּ־טור־פיגור אין אַ ווינקל אויף אַ שוואַרץ טישל, אַ טישל מיט זעקס שטילן אַרום, אַ בופעט, שענק מיט גלעזערנע טירן און פענצטער. אַ פּיאַנע וואָס שווייגט. טייל מאָל גיט ער אַ פּאָר מיט די פינגער איבער די קלאַווישן און עס הערט זיך: רוגזה, באַפעל, געשריי. ציכטיקע איינריכטונג. אין צוויי וואַזאַנעס — לעבעדיקע בלומען. ער זאָגט איר „אַ גוטע נאַכט“ און גייט שלאָפן. זי ווערט אים שוין אין דער פרי צוגרייטן דעם פרישטיק אַזוי ווי ער האָט ליב.

אין איר לייב גייט אויף אַ געוויין. זי נעמט פילן צו באַרויקן די נערוון, נאָר עס העלפט נישט. די קאָשמאַרן רייסן אויף דעם מוח און לאָזן נישט שלאָפן.

צומאָרגנס איז ער ווידער אין ביוראָ, אויסגערוט און אויסגערונדיקט. ער רעדט בלומענדיקע רייד צו דער סעקרעטאַרין און קושט איר אין די באַקן, אין האַלדז. זי לאָזט זיך נישט, דראָט, אַז זי וועט פאַרלאָזן די שטעלע. ער אַנטשולדיקט זיך איין מאָל און נאָך אַ מאָל...

***

איין מאָל אין אַ זונטיק. אין דעם גרויסן הויז איז געווען שטיל. מענטשן זיינען געגאַנגען צו גאַסט, געקומען געסט. אויף דער גאַס האָבן געשפּילט קינ־דער, געלאַכט, געשריגן, און פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ ווילד געשריי פון די אייבערשטע שטאָקן אינעם הויז. עס האָט זעלטן געטראָפן, אַז די שטילקייט אין דעם רייכן הויז זאָל אויפגעריסן ווערן מיט אַזאַ געשריי. טירן האָבן זיך געעפנט, קעפּ האָבן זיך געשטרעקט פון די טירן. דאָס געשריי איז געקומען פון דער וווינונג פון דעם פּאָרפאָלק עמ...

זי האָט געשריגן דורך דער טיר און דורך די פענצטער:

— ער האָט מיך געוואָלט פאַרסמען! ער איז אַ מאָנסטער! ראַטעוועט! אָט איז דער סם!

דער הויז־וועכטער און מענטשן פון דער גאַס זיינען געלאָפן אַרויף, גע־ריסן זיך צו דער טיר. ער האָט פאַרהאַקט די טיר, קיינעם נישט געלאָזט אַריינגיין און רויִק געוועדט פון אינעווייניק אַרויס צו די באַלאַגערער:

— איר האָט נישט קיין רעכט אַריינצוקומען אין מיין וווינונג. איך וועל אייך אָנקלאָגן!

מיט צעשויבערטע האָר און צעפלאַמטן פּנים, האָט זי געשריגן דורך די פענצטער, מען זאָל זי ראַטעווען.

צוויי פּאָליציי־לייט זיינען אַרויפגעקומען. ער האָט געעפנט די טיר און מיט אַן אויסטערלישע רויִקייט דערקלערט, אַז זיין ווייב ליידט פון פאַרפאַל־גונג־אָנפאַלן, זי איז נערוועזיש צעטרייסלט. זי האָט געקלאַמערט אין האַנט אַ גלאָז מיט אַ פליסיקייט. אין דער פליסיקייט איז געווען סם.

— זי האָט עס אַליין געטאָן — האָט מיסטער עמ... גערעדט געלאַסן. זי טוט עס אַלע מאָל און וואַרפט די שולד אויף מיר. איך וואָלט געדאַרפט זי אַריינגעבן אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע.

זי האָט היסטעריש געשריגן:

— ער האָט זיינע ערשטע צוויי ווייבער אויך אומגעבראַכט! ער איז נישט קיין מענטש, אַ חיה, אַ פאַרברעכער! אַ מאַניאַק! ער טראַכט נאָר וועגן מאָרד!

אין דעם רייכן, שטילן הויז איז געווען אַ סומאַטאָכע, אַ שטורעם, אַן אויפרייסעניש.

ער איז אַראָפּ מיט די צוויי פּאָליציי־לייט. אַ פרישע בלום האָט געשטעקט אין לאַץ פון זיין ראָק. דעם שטעקן האָט ער געהאַלטן פעסט אין האַנט, דאָס פּנים איז געווען גלאַט ראַזירט און אויסגערוט. ער איז אַדורך דעם האָל פון הויז און מיט זיין געווײנלעכער העפלעכקייט אַלעמען באַגריסט.

נאָך דעם איז אָנגעגאַנגען אַן אויספאָרשונג פאַר לאַנגע וואָכן. די וווינונג איז געווען פאַרהאַקט, דאָס ווייב איז אַוועק וווינען אין אַ האָטעל. דער אָפיס פון אַלטע מאַרקעס איז געווען פאַרמאַכט און שיכטן שטויב האָבן זיך געלייגט איבער די אַלבומען, טעלעפאָנען, ביכער, פּאַפּירן און איבער די פאַרוויאַנעטע בלומען אין די קעסטלעך און וואַזאָנעס.

די אויספאָרשונג: ער האָט זיינע ערשטע צוויי ווייבער אויך אומגעבראַכט... פּאַמעלעך זיי פאַרסמט.

מיסטער עמ... איז שוין מער אין דעם רייכן הויז נישט צוריקגעקומען.

אין הויז איז ווידער שטיל. פון טיר צו טיר טראָגט זיך אַ פרעמדקייט. די איינוווינער באַגריסן זיך מיט העפלעכקייט און דיסטאַנץ, קיינער ווייסט

מ ש ה ד ל ו ז ש נ אָ ו ו ס ק י

נישט און וויל נישט וויסן, וואָסביים אַנדערן איבער דער וואַנט טוט זיך. טייל מאָל קומען מענטשן צו גאַסט, אָדער גייען צו אַנדערע. קיינער דערמאָנט נישט מער יענעם זונטיק פון דעם פאָרפאָלק עמ... טייל מאָל הערט זיך פון ערגעץ אָ טיר אַ דין געוויין, אַ כליפען און טייל מאָל אַ הילכיק געלעכטער. אין די דורכגענג־טירן פון הויז איז אַן אַמפערניש, ווער עס זאָל דורכגיין פריִער. איינער דעם אַנדערן טראָגט אַקעגן דרך־ארץ און ווירדע.

# די גרינע באַנק

די גרין־געפאַרבטע באַנק אונטער דעם אַלטן קאַשטאַן־בוים אין פּאַרק איז יעדן פאַר נאַכט באַזעצט פון צוויי עלטערע פרויען.ביידע זעען אויס ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, נאָר אַ געניט אויג וואָלט געקאָנט אויפכאַפּן אַ שטרי־כעלע, אַ קנייטשעלע פון איין פּנים, וואָס עס זאָל זיך נישט געפינען אויפן צווייטן. די הויט פון זייערע פּנימער איז געריבּצלט און פול מיט קאַרבן און אַ נעץ מיט דינינקע קנייטשלעך, ווי לייכטע שניטן און איז באַשאָטן מיט אַ דיקער שיכט ווייסן פּודרע. די נעזער זיינען ביי זיי לענגלעך פאַררונדיקטע מיט ראָזעווער, קרענקלעכער פליישיקייט. די גאָמבעס מיט די גוידערס ציטערן לייכט. אַן אויג קען נישט אָפּשאַצן זייערע יאָרן, ווייל די עלטער איז אַריינגעוואָקסן דורך אַ ביטערן קאַמף, וואָס די צוויי פירן אַן שוין אַ זייער לאַנגע צייט מיט אַלערליי וואַסערלעך, קרעמען, זאַלבן. מען קען אויך נישט אָפּשאַצן און דערגיין זייער אַמאָליקן אויסזען, צי זיינען זיי געווען אַמאָל שיין, אָדער געהאַט מיאוסע פּנימער, למשל, פאַרזעעניש.

די קליידער, וואָס זיי טראָגן זיינען די זעלבע. אַפילו דער שניט, געוואַנט, קאָליר. די היט איבער זייערע קעפּ — טיפּע, ברוינלעכע פון אַ דיקן טוך־געוואַנט, די מאַנטלען — סיי אין זומער, סיי אין ווינטער — לאַנגע, ברוינ־לעכע, שוואַרצע קרעלן וויגן זיך אויף זייערע דאַרע העלדזער.

זיי זיצן אויף דער באַנק שעהען גאַנצע, און שווייגן, ווי אַלע רייד פון זייערע מיילער וואָלטן שוין געוואָרן אַמאָל, אַמאָל אַרויסגעזאָגט און איצטער זיינען די רייד געהאַמעוועט געוואָרן פון אַ טעמפּער מידקייט. זיי באַטראַכטן די דורכגייער אין דעם ניו־יאָרקער „ריווערסייד־דרייוו" פּאַרק מיט דורכנע־מענדיקע בליקן אָן אַ שמייכל, אָן אַ באַוועג מיט די אויגן און שפּעטער, ווען זיי קומען אַהיים צו זיך האָבן זיי וועגן וואָס צו רעדן. די שפּאַצירנדיקע מענטשן פון פּאַרק, וואַקסן אויס אין זייער איינזאַם דירהלע אין דער גאַנצער לעבעדיקייט און די צוויי פרויען האָבן איצטער מיט וואָס צו פאַרשפּילן דאָס געמיט, צוזאַמען מיט מאַכן דעם חשבון פון אַ טאָג לעבן.

אַלע אין דער געגנט קענען די צוויי פרויען אַלס דעם צווילינג פון דער דריי און אַכציקסטער גאַס, אָדער די צוויי פּאַרזעסענע מוידן איבער וועלכע דאָס מזל־ראָד האָט זיך אַריבערגעקייקלט מיט טרויער און אפשר אויך מיט טראָפּנס פרייד, פּאַרוויאַנעט די שפּורן פון דער אַמאָליקער שיינקייט, חן, גראַציע און אפשר נישט קיין שיינקייט, נישט קיין חן, נישט קיין גראַציעזן אויסזען...

שוין אַ סך יאָרן וווינען די צוויי פרויען אין דער קליינער ציגלנער געביידע פון אַ טומלדיקער גאַס אויף דער מערב־זייט פון ניו־יאָרק. זיי לעבן מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ זייגער, מיט דער קרענקלעכער איינגעגעסנקייט פון מענטשן, וואָס ווילן שוין אויף גאָרנישט האָפן, וואָס האָבן שוין שלום געמאַכט מיט דעם טרויער און גרויקייט, וואָס וועבט זיי אַרום ווי די שפּין איר קרבן. אַלע חלומות — אויסגעלאָשענע; די אילוזיעס — ליגן פּאַר זייערע פיס צעטראָטענע; יעדעס ברעקל פרייד אַוועק מיטן ווינט, איז די אַפּאַטיע און רעזיגנאַציע דער איינציקער אויסגאַנג.

איינע הייסט דזשעיני, די צווייטע — עדנאַ. בלויז די נעמען שיידן פּונאַנדער די עקסיסטענץ פון דעם צווילינג. ווען נישט די נעמען, וואָלט עס געווען איין געשטאַלט פון אַ פרוי מיט צוויי קערפּערס, וואָס באַוועגן זיך בלויז דערפאַר, ווייל עס איז אין זיי דאָ — לעבן.

די שכנים פון דער גאַס, אַזוי גוט ווי די פענצטער, טירן, שטיינער וואָס זעען די צוויי פרויען אין די פאַרנאַכטן שפּאַצירן צום פּאַרק, ווייסן וועגן דעם צווילינג שטוינענדיקע זאַכן: אַז זיי לעבן מוראדיק קאַרג און האָבן אַ צאָל באַנק־ביכלעך, צירונג אין באַנק־סעיפן, הייזער, פּאַרמעגנס און אַזוי טאַקע מיט זייער חרובדיקן אויסזען, האָבן זיי אויך שוין געפירט ליבעס, עטלעכע מענער זיינען אַוועק פון זייערע ווייבער צוליב דעם צווילינג און איינער אַפילו, אַ מאַן מיט אַ שטאַנד, חשיבות איז גאָר גרייט געווען צוליב איינער פון זיי, אָדער צוליב ביידן צו באַגיין זעלבסטמאָרד, אָדער אפשר טאַקע זיך גענומען דאָס לעבן, אין אַזאַ ווייטער אַריינגריבלעניש זיינען נאָך די שכנים נישט דערגאַנגען.

און ביי ביידע פרויען זיינען די מאַנטלען זייער אָפּגעבליאַקעוועט, אָפּגענוצט פון צייט, זון און רעגנס, די היט אויף די קעפּ זיינען געוואָרן שמאַטעדיק און די שוואַרצע קרעלן זיינען פון צייט און אַלטקייט אַריינגעפאַלן אין אַ טונקעלן גרין און וויגן זיך שלאַבעריק איבער די דאַרע העלדזער.

אין די ווינטער־חדשים לעבן די צוויי שוועסטער ווי אין אַ הערמעטיש פּאַרמאַכטער קאַמער, שטעקן נישט אַרויס די נעזער אינעם דרויסן, די טיר פון זייער דירהלע איז פּאַרהאַקט אויף זיבן ריגלען. זיי האָבן אַפילו נישט

קיין טעלעפאָן און אויב דער בריוו־טרעגער וואַרפט אַ מאָל אַריין אַ קאָנווערט אין הויז פאַר זיי איז עס פון אַ „פיונעראַל פּאַרלאָר“, פון אַ פאַרזיכערונגס־קאָמפּאַני און פון קאָמפּאַניס, וואָס גיבן עצות ווי אַזוי און אין וואָס מען זאָל אינוועסטירן דאָס געלט, כדי עס זאָל ברענגען און ברענגען ריזיקע פאַרמעגנס נתעשר צו ווערן. דאָס יינגל פון דערגעבנדיקן שפּייז־געוועלב שטעלט זיי צו אַלץ אין וואָס זיי בייטיקן זיך, אַפּילו אין אַ ביסל רכילות, וואָס ער טראָגט אונטער מיט אַ געזאַלצן, גנבהשן שמייכל פון דער גאַס, פון די שכנים. די שוועסטער כאַפּן אויף דאָס ביסל רכילות מיט אַ זשעדנעדיקן הונגער, די דרוי־סנדיקע וועלט פלאַטערט אַריין מיט אַ ביסעלע היימישקייט אין דעם יינגלס רייד...

פאַר דער גאַס — מייגסטנס אויף איינזאַמע מענטשן פון די מעבלירטע צימערלעך צעטראָגט דאָס יינגל ווידער אַ פולע מאָס מיט רכילות פון די צוויי שוועסטער דעם — צווילינג. די רייד צעטראָגן זיך מיט דעם זעלבן געזאַל־צענעם און גנבהשן שמייכל און אַלע זיינען צו ביסלעך צופרידן.

קוים קומען די פרילינגס־טעג, קריכן די שוועסטער פאַרזיכטיק אַרויס פון זייער וווינונג, אַזוי ווי די טויב פון נחס תיבה, קוקן זיך גוט אַרום, שמעקן די לופט צי מען קען שוין דעם דרויסן אַנטרויען דאָס ביסל געזונט. די זון וואַרעמט שוין אויס דאָס שפּראָצנדיקע גראָז, וואָס ציטערט איבער דער ערד מיט אַ סאַמעטיקן גרין, די ביימער אין פּאַרק ווערן אָנגעגאָסן מיט צאַרטן בלימעכץ, קומען ביידע שוועסטער אַרויס אין פּאַרק, זעצן זיך אויף דער גרינ־לעכער באַנק זייערער אונטער דעם אַלטן בוים, וועמענס צווייגן זיינען נאָך באַקעט, און שטרעקן זיך צו זיי ווי גאָפּלען, טייל מאָל ווי הענט אין אַ געבעט, אָדער פינגער צו וואַרגן זייערע העלדזער. זיי שרעקן זיך טאָקע פאַר די צווייגן פון בוים, וואָס באַשיצן די גרינע באַנק, נאָר די שרעק ווערט פאַר־טייעט אין זיך. זיי היטן זיך שטאַרק אויס נישט צו כאַפּן קיין זונען־שטאָך, טוען נישט אויס די מאַנטלען, נישט די היט, טרויען בלויז אָן דעם שפּילעוור־זיקן דרויסן וואָס זיי שפּיליען אויף די מאַנטלען, כדי דורכצוולופטערן די קליידער.

די באַנק אין פּאַרק ווערט דאָס אייגנטום פון דעם צווילינג. זיי וועלן שוין אויסוואַרעמען דאָס הילצערנע געזעס פאַר לאַנגע, לאַנגע וואָכן אַרויס. פאַרביי זייערע אויגן וועלן שווימלען קינדער מיט שפּילעוודיקייט, פרייד, פאַר־כליניעטע געלעכטערן. טייל מאָל וועט אַ האַנט פון די צוויי פרויען זיך אויס־שטרעקן און אָנכאַפּן אַ פּוכקן אָרעם פון אַ קינד אין ציטערדיקער גערירטקייט. די קאַלטע ביינערדיקע פינגער וועלן גלעטן איבער די האָר און פּנימל פון דעם קינד, איינזאַפּן אין דער ביינערדיקער קילקייט דעם קוועק־זילבערדיקן

צאַפּל, דאָס וויברירנדיקע געלעכטער פון דעם קינד. די יונגע מאַמע וועט צוקומען און זיך אַנטשולדיקן, וואָס דאָס קינד אירס שטערט זיי ביידן, נאָר עס איז דאָך אַ פּאַרק...

די צוויי שוועסטער וועלן נעמען שטאַמלען, איבער זייערע וויאַנענדיקע פּנימער, וועט זיך לייגן אַ פאַרשעמטע רויטקייט, אַז ניין, פּונקט פאַרקערט, דאָס קינד שטערט נישט, עס קען זיך שפּילן און שטיפן וויפל עס וויל נאָר...

נאָך די עטלעכע שעה שוויגעניש און אויסמעסטן און אָפּמעסטן מיט די אויגן אַלע פאַרבייגייער, איינזאַפּן פון דעם אַ בליק, פון דעם אַ ברעקל מיט רייד, אַ שמייכל, אַ קוק מיט באַדויער, אַנגעשעפּט שוין מיט לופט, וועלן זיי אַהיים גיין צו זיך. פאַרן אויפהייבן זיך פון דער באַנק, וועט יעדע עפענען דעם גרויסן, שווערן האַנט־בײטל, אַרויסנעמען אַ שפּיגל און באַגלעטן דאָס פּנים מיט פּודער, די נאָז־רויטקייט איינבלאָזן, אויפהייבן זיך שווער און מעסטנדיקע טריט וועלן פירן עטלעכע בלאָק צו דעם אַלטן, מידן, שטילן הויז...

עס איז שוין אָנהייב אָוונט. די צוויי צווילינג שוועסטער וועלן אָנהייבן אַרויסשלעפּן ברעקלעך מיט רייד, וועגן זייער אַמאָל, דעם ווייטן און נאָענטן, וועלן דאָס צעלייגן אויף טעלערלעך, כדי אַליין צו גריזשען די אייגענע ווונדן, ווייל מער ווי ווונדן האָט די עקסיסטענץ זייערע נישט געבוירן. פון די ברעקלעך רייד קומט אַרויס:

דזשעיני איז איבער דריי יאָר צייט געווען אין אַ משוגעים־הויז ערגעץ אין אַ פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק, געווען איז דאָס נאָך דעם ווען איר געליבטער, אַ מאַן אַ שטילער, אַ באַשיידענער מיט בלוילעכע אויגן און אַ האַרץ פון גאָלד, אַ טעקסי־שאָפער אין ניו־יאָרק איז אומגעקומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט נאָך אַן אויטאָמאָביל. זי האָט אַפילו נישט דערקענט זיין פּנים אַזוי צעשעדיקט איז עס געווען. צוריקגעקומען איז זי נאָך די דריי יאָר זיין אין דעם אַנשטאַלט, אין גאַנצן אַן אויסגעלאָשענע און חרובע. די שוועסטער אירע עדנאַ, האָט אין דער זעלבער צייט זיך אַריינגעלאָזט אין טרינקען, געוואָרן אַ שיכורטע און טאַטע־מאַמע זיינען פאַר גרויס יסורים אַוועק פון דער וועלט.

דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ פאַרזיכערונגס־פּאָליסי, וואָס האָט גע־קענט אויף יאָרן לאַנגע געבן אַ באַשיידענעם אָנהאַלט ביידע שוועסטער.

ביידע זיינען ווי עס איז געוואָרן אויסגעהיילט. די פּנימער זייערע האָבן ווידער געהאַט דאָס אויסזען ווי אײן פּנים, דורך יסורים געוואָרן געשטאַלטיקט. דזשעיני האָט געקראָגן עפּעס אַ באַשעפטיקונג אין אַ בלומען־געשעפט און עדנאַ — אַ נאַכט־טעלעפאָניסטין. זיי האָבן זיך געטראָפן אין די אָוונטן, נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן, געוואָרן זייער פּינקטלעך און פּעדאַנטיש אין אויס־

זען, קליידונג, עסן. אַ בענקשאַפט האָט געגריזשעט לייב און לעבן, און די איינזאַמקייט האָט פאַרפייניקט די לעצטע פונקען האָפענונג.

נאָך דעם איז באַפאַלן אַ מידקייט: יאָרן, יסורים, איינגעטריקנטקייט. דאָס ווייַנוגל אין דעם אַלטן ציגלנעם הויז, די קלאַנגען און שעפּטשערייען פון שכנים, אַז זיי, די צוויי שוועסטערס זייַנען שטיין־רייך, האָבן באַנק־ביכלעך, הייזער, צירונג. די קלאַנגען האָבן זיך צעוואַקסן אין אַ זיכערקייט. צוויי אַלטע מיידן, מיליאָנערשעס, זייַנען קאַרג, פּענסיאָנירט, פאַרגינען זיך נישט דעם ביסן פון מויל, נישט קיין קלייד.

די גרינע באַנק אין פּאַרק איז געוואָרן זייער איינציקע אָנשפּאַרעניש.

ווידער און ווידער רעדן די שוועסטער איבער דאָס לעצטע גרויסע געשעעניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פריידיקן פאַרשפּיל און די גאַנצע גאַס האָט אויפגעכאַפּט דאָס פאַרשפּיל מיט דער חתונה, אויפגעכאַפּט גוטמוטיק און מיט ווינטשעוואַניעס, פאַרגינעריש און מיט דער האָפענונג אויף אַ פרייַלעכן סוף, אויף אַ בשורה, וואָס איז אָנגעברייט פאַר יעדן.

איין מאָל, אַ פאַרנאַכט איז עס געווען: אַ מאַן האָט זיך צוגעזעצט אויף דער באַנק אונטער דעם אַלטן קאַשטאַן־בוים, וווּ די צוויי שוועסטערס זייַנען געזעסן אין טיפן דרימלענדיקן שווייגן.

געווען איז דער מאַן זיכער אַ פרעמדער, דאָס ערשטע מאָל איז דעם ניו־יאָרקער פּאַרק. ער האָט זיך צוגעזעצט דאָ צי דערפאַר ווייל אַלע בענק זייַנען אין דעם שפּעט־זומער־פאַרנאַכט געווען פאַרנומען, צי ווייל עס איז אים געווען אומעטיק און דאָ זיצן צוויי פרויען, נישט זייער יונג, נישט זייער אַלט. ער איז געווען הויך, מאַנצביליש גוט געבויט, די אויגן אַ ביסעלע כיטרע, אַ ביסעלע פאַרחלומטע. ער האָט פאַררויכערט אַ פּייקע, די קייקעלעך רויך האָבן איינגעהילט זיין פּנים און אים געגעבן אַ ראָמאַנטישן אָנבליק.ביידע שוועסטערס האָבן אויפגעצאַפּלט. זיי האָבן איינס די אַנדערע געצופּט די קני, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט די הענט, געוואָרן אויסטערליש בייגעריק. אָנגעשטעלט מינעס ווי הינער אין גאַפונג איידער דאָס קוואָקעריי וועט קומען. די ערשטע מינוט האָט עס זיי פאַרדראָסן. וואָס הייסט אַ פרעמדער מאַן רייסט זיך אַזוי, נישט מיר, נישט דיר, אַריין אין זייער נעסט? אָבער עפּעס דאָרט אינעווייניק האָט אויפגערודערט די געבליטן, דאָס געמיט...

נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט דער מאַן אָנגעהויבן ריידן אַזוי זיך. דאָס הייסט: צו זיי, צו זיך אַליין און צו קיינעם נישט:

— דער פּאַרק דאָ איז זעלטן שיין.

ער האָט געזויגן די פּייקע און עדנאַ האָט מיט אַ ציטערדיק קול, וואָס איז געוואָרן הייזעריק געזאָגט:

— זייער שיין. איר האָט דאָ אַלץ אין דעם פּאַרק. אָט איז דער האָדסאָן; זעט ווי טיף בלוי עס איז דאָס וואַסער און אָט איז ניו־דזשוירזי.

— אַ שווייצאַרישע לאַנדשאַפט — האָט דזשעיני אונטערגעכאַפּט — ניו־יאָרק פאַרמאָגט אַלץ.

ביידע שוועסטערס האָבן זיך געוווּנדערט פון וואַנען עס האָט זיך צו זיי גענומען אַזוי פיל מוט צו עפענען די מיילער און רעדן.

דער מאַן האָט געכאַפּט אַ זייטיקן בליק אויף ביידע, געשמייכלט מיט דער פּייקע אין מויל און ווייטער גערעדט עפּעס ווי צו קיינעם נישט:

— מען קען דאָ גוט אָפּרוען. איך בין אויף עטלעכע טעג געקומען קיין ניו־יאָרק. איך וווין אין אַ האָטעל דאָ דערנעבן. טאַקע זיך געוואָלט מיט וועמען באַקענען, באַפריינדן. איך בין געקומען צוליב ביזנעס. מיין נאָמען איז מאַרווין.

ביידע שוועסטער האָבן זיך גענומען חנדלען. אויף דער שנעל געפּודערט די פּנימער, אויך אַזוי זייטיק, איינע האָט געקוקט אויף דער אַנדערער — דער גרעסטער נס שפּילט זיך דאָ אָפּ פאַר זייערע אויגן. ער האָט ווידער אָנגע־שטאָפּט מיט טאַבאַק די פּייקע, פאַררויכערט, ווידער זייטיק געקוקט אויף ביידן, אַרויסגעברומט אַ „גודבאַי", זיך געזעגנט און אַוועק.

זיי זיינען געבליבן זיצן ווי צוויי צעשויבערטע הינער, קורטשענדיק זיך אין אייגענער שטוינונג און זיינען שנעל אַוועק אַהיים.

די נאַכט זיינען שוין ביידע שוועסטער נישט געשלאָפן. חלומות האָבן זיך גענומען וועבן, פאַרלאָשענע האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלייגט צום גוטן און צום בייזן. אין דער טיר האָט געקלאַפּט אַ ווייט געשריי, אַ ווייט גליק און געוואַרט אויפגענומען צו ווערן.

צו מאָרגנס פאַרנאַכט, אין דער זעלבער שעה איז מאַרווין ווידער געקומען. ער איז היינט געווען דרייסטער, געררויכערט סיגאַרעטן אַנשטאָט דער פּייקע, אַפילו מכבד געווען ביידע שוועסטערס מיט סיגאַרעטן. אַלע דריי האָבן פאַר־רויכערט. פאַרבייגייער אין פאַרק האָבן געשטוינט: נישט אַנדערש, נאָר מען האָט אָנגעטאָן אַן אויסטערליש כישוף דער גרינער באַנק אונטערן אַלטן בוים.

מען האָט געגאַפט, אַז דאָ אין דעם פּאַרק צווישן מענטשן ניכטערע, פאַר־האַרטעוועטע. אויף דער דלאַניע פון ניו־יאָרק זאָל זיך פלוצלינג פון זיך אַליין אויסשפּילן אַ כישוף־מעשה אָן אַ כישוף־מאַכער. דאָס איז אויסטערליש — ווונדער.

מאַרווין האָט דערציילט וועגן ווייטע שטעט, ביזנעס, ער איז אַליין, שטענ־דיק אין אַנדערע האָטעלן. עס איז נישט גוט צו זיין אַליין. די שוועסטער האָבן מסכים געווען מיט אָפּגעהאַקטע טענער, צעשראָקענע, פאַרוויגטע אין מורא

און אין פרייד. ביים געזעגענען זיך האָט ער צוגעזאָגט מאָרגן פאַר נאַכט ווידער צו קומען. ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט, אָפּגעהיט די שעה.

איין טאָג האָט גערעגנט. איז ער אַרויפגעקומען צו זיי אין דער וווינונג. דאָס האָט אים עדנאַ מיט אַ מוראדיקער ספּאָזמאַטישער שנעלקייט געגעבן דעם אַדרעס. די שוועסטער האָבן זיך געשעמט, גערויטלט, פאַרענטפערט זיך, אַז אַזוי און אַזוי... דאַרפן טוישן די מעבל, זיי ווילן צוערשט מאַכן אַ רייזע איבער דער וועלט, זיי האָבן נישט געוווסט ווו אַהין צו טאָן דעם גאַסט און ווו זיך אַליין אַהין צו טאָן.

ווידער עטלעכע פאַר נאַכטן, אָוונטן. מאַרווין האָט זיך פאַרליבט אין עדנאַן; אַזוי האָט ער געזאָגט, און אַזוי האָט זי פאַרשטאַנען. דזשעיני האָט קיין מאָל נישט איבעריק ליב געהאַט עדנאַן, ווייל יענע איז אַלע מאָל געווען נאַזיו, אַלעמען געגלויבט. איצטער האָט עס איר גענומען ברענען: פאַר וואָס האָט מאַרווין אויסגעקליבן עדנאַן? אַז מען וויל גוט זיך איינקוקן, האָט גאָר זי, דזשעיני, אַ שענער פּנים, נישט אַזעלכע טיפע קנייטשלעך, דער האַלדז נישט אַזוי דין און דאָס לייב אירס איז פאָרט פולער, די היפטן ביי איר וויגן זיך און ביי עדנאַן זיינען זיי שלאַבעריק. און פאַר וואָס איז עדנאַ גרייט צו פאַרראַטן איר איינציקע שוועסטער, איבערלאָזן זי אַליין אין דעם גרויסן ניו־יאָרק און אַוועק מיט אַ פרעמדן מאַן?

דער פרעמדער האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער געאיילט און געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט אַרויסגענומען בלויז עדנאַן אַ מאָל אין אַ רעסטאָראַן, אין אַ „מוווי", אויסגעפרעגט זיך מיט אַלע פּרטים, זייטיק, וועגן ווערט־פּאַפּירן, באַנק־ביכלעך הייזער אין ניו־יאָרק און געפרוווט געבן פריינטלעכע אָנווייזונגען אין פינאַנץ־זאַכן, נישט חלילה די שוועסטערס, נאָר סתם אַזוי, דאָס הייסט, ווען מען פרעגט אים און געקומען צום אויספיר, אַז געלט דאַרף מען אינוועסטירן אין זיכערע געשעפטן. ער ווייסט פון סאָלידע געשעפטן. עדנאַ האָט געענטפערט נאַזיו, פאַרשעמט און מסכּים געווען מיט זיינע עצות, קלוגע רייד, אַפילו מיט דעם ווונק זיינעם מסכּים געווען.

דער פרעמדער האָט מיט איר אָפּגעשמועסט חתונה צו האָבן.

אינעם טאָג פון דער חתונה האָט דזשעיני דער שוועסטער איינגעשלע־פערט מיט עפּעס אַ געטראַנק פאַר איר טובה וועגן. און אַליין געקומען צו דער חתונה־צערעמאָניע. זי איז געווען אויסגעפּוצט אין איר שענסטן קלייד. מאַרווין האָט נישט דערקענט, אַז עס איז די אַנדערע. די אַלטע מויד, דזשעיני, האָט געשוויגן און אין זיך האָט זי געלאַכט דאָס גרויסע געלעכטער.

זיי האָבן געגעסן אַ גוטן מאָלצייט, נאָך דעם אַ צימער אין אַ האָטעל פאַר דער חתונה־נאַכט. ער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז די צערטלעכקייטן זיינען

איבערגעטריבן, אַ נערוועזשקייט, אַן עקזאַלטירטקייט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס איז די אַלטע מויד אַזוי באַרוישט פון גליק און באַלד צו מאָרגנס וועט ער אַריינקריגן איר גרויס פאַרמעגן. די פלענער זיינע האָבן זיך אויסגעלייגט צום גוטן.

אינעם בלויען פאַרטאָג האָט ער מיט זיסע רייד געגומען אויסלייגן פאַר זיין ווייב דעם פּלאַן, געפרוווט זייטיק אַרויסקריגן פון איר, אין וועלכע בענק זי האָט דאָס געלט, ווער עס האָט די שליסלען פון פאַרזיכערונגס־קעסטל. זי האָט געשוויגן און אַיינגעעזן, אַז זי איז געדעכט. דער פאַרשוין איז אַ שווינדלער. ער דאַרף דערוויל אויף אַ קורצער צייט עטלעכע צענדליק טויזנט דאָלאַר. זי עדנאַ... דאַרף נישט אויסזאָגן דער שוועסטער אירער, וועלכע ער, מאַרווין האָלט פאַר אַ מכשפה, וועגן דעם געלט וואָס זי וועט אים געבן. און דאָס געלט וועט זיין די שוועל צו — פרייד.

דזשעיני האָט געשוידערט פון שרעק און בושה. זי האָט אים געלאָזט רעדן און אַפילו אים צוגעזאָגט דאָס פאַרמעגן, וואָס אַרט עס איר? אַרום און אַרום זיינען זיי דאָך אָרעם, די געלט־פאַרזיכערונג פון טאַטן שרומפּט איין, אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי ביידע, דזשעיני און עדנאַ דאַרפן בעטלען, און דער דאָ, דער מאַן רעדט אַזוי שטיל וועגן צענדליקער טויזנטער.

דעם זעלבן טאָג האָט דער מאַן איינגעזען דעם טעות און דעם חורבן. ער איז נישט געווען דער חכם, זיינע פלענער האָבן זיך אויסגעקרימט, די מכשפה דזשעיני האָט אים איבערגעכיטרעוועט. געדאַרפט בעסער אויסרעכענען...

די שכנים פון דער גאַס, וואָס האָבן געוווּסט, אַז איינע פון דעם צווילינג ווערט אויפגעריכט און דער פאַרשפּיל טראָגט אין זיך פרייד און ניסים און די כישוף־מעשה וועבט זיך — דערגייט צום ווונדער, האָבן זיך אויך פאַר־שעמט פאַר דעם סוף פון אַזאַ נס. דאָס איז שוין אַ צו שטאַרקער קלאַפּ. ביידע האָבן עס נישט פאַרדינט, אַז גאָט זאָל זיי אַזוי שטראָפן און פאַרשעמען...

פאַרשעמען איז נאָך ערגער ווי אומברענגען. די צוויי וועלן פון דער בושה אומקומען.

אַ צייט לאַנג האָבן ביידע שוועסטער געפירט אַ ברוגז. עדנאַ האָט געוויינט און באַשולדיקט דזשעיני, אַז יענע האָט צעשטערט דעם לעצטן אָנהאַלט אירן. דער מאַן האָט געמיינט אַלץ צום גוטן, נאָר זי, דזשעני, האָט מיט איר ביטערקייט און נישט פאַרגינען אַלץ צעשטערט. אַ צייט לאַנג האָט מען זיי ביידן נישט געזען אין פּאַרק צוזאַמען. באַזונדער זיינען זיי געווען ווי צוויי אָפּגעבראָכענע צווייגן פון איין בוים.

נאָך דעם זיינען זיי אין די פאַרנאַכטן ווידער געקומען אין פּאַרק. די רעזיגנאַציע איז שוין געלעגן אויסגעגאָסן אויף ביידנס פּנימער און די יאָרן

האָבן זיך איינגעגעסן אין זייער טרויער, אין זייער ענלעכקייט.ביידע שוועס־טער האָבן אין רעזיגנאַציע און שווייגן געוואָלט דערגיין, ווער פון זיי ביידן איז געווען דער נאַר? צי דזשעיני מיט איר כיטרעקייט, אומצוטרוי, אָדער עדנאַ מיט איר נאַיוויטעט און גלויבן? וואָס האָבן זיי דערגרייכט? אַפילו נישט די פאַרשפּילטקייט פון אַ שווינדל, אַפילו דעם שאָטן פון האָפענונג און אילוזיע האָבן זיי פאַרשפּילט...

עס איז פאַר נאַכט. אויף דער גרינער באַנק אונטערן אַלטן קאַשטאַן־בוים אין פאַרק, דרימלט אַלץ: די ביימער, דער צווילינג, די באַנק. עס קומט שוין קיינער מער נישט צו אָנצינדן אַ חלום. מחמת איידער דער חלום פלאַמט אויף איז ער שוין פאַרלאָשן.

# רכילות

איין מאָל אין אַ פאַר נאַכט האָבן זיך אינעם הויז אַריינגעקליבן צוויי מיידלעך, פאַרנומען דאָס גרויסע צימער ביים אַריינגאַנג, וואָס האָט צוויי ברייטע פענצטער צום הויף אַרויס. אין דעם זעלבן אָוונט איז די הויז־שטילקייט אויפגעריסן געוואָרן דורך קלינגעוודיקע געלעכטערס, רייד און פלאַפּ־לערייען פון מיידלשע מיילער, קולות אַזעלכע וואָס טראָגן אין זיך אַ געמיש פון וואַרעמקייט און שפּילעוודיקער היימישקייט. דעם זעלבן פאַר נאַכט האָט אַ האַנט זאָרגעוודיק אָנגעצייכנט אויפן ברעטעלע אונטערן הויז־טעלעפאָן צוויי נעמען: פרענסיס, לאַראַ.

דאָ אין דעם הויז זיינען צעוואָרפן צימערן און צימערלעך, דאָפּלטע און איינצלנע, וואָס ווערן פאַרדונגען פאַר מאַן און ווייב און פאַר מענטשן גאַנץ אַליין. עס איז דאָ אַלע מאָל שטיל, זעלטן הערט מען געלעכטערס, אָדער הויכע קולות, און אויב מען הערט יאָ, איז עס אין די זונטיקן, ווען די איינוווינער, פאַרברענגען די רו־טעג מיט זיך אַליין און מיט דער גרויער אינטימקייט פון די פיר ווענט פון צימערל. דאָ וווינען מענטשן, וואָס זייערע חלומות זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן אינעם שטויב און טומל פון ניו־יאָרק; מענטשן מידע, רעזיגנירטע, אַפּאַטישע. אין די נעכט הערט מען כראָפּען פון די שלאָפנדיקע, אָדער אַ פאַרשטיקט געזאַנג פון אַ שיכור, וואָס מאַכט זיך היימלעך אין זיין וועלט, אָדער אַ געוויין פון איינעם, וואָס קען נישט שלום מאַכן מיט זיין איינזאַמקייט.

**
*

שוין עטלעכע טעג וווינען דאָ די מיידלעך. זיי שלאָפן ביז שפּעט אין טאָג אַריין, פון זייער צימער צעטראָגט זיך איבערן הויז אַ געדעמפטע ראַדיאָ־מוזיק אינאיינעם מיט אָנגענעמע ריחות פון גוטן זייף, איידעלן אָדעקאָלאָן, פאַרפום און עפּעס פאַרשיכורנדיקס.

די איינוווינער פון הויז, פון דער אַלטער אַקטריסע, מיס מאָדען, ביז דער אַלטער מויד, די נאַכט־טעלעפאָניסטקע מיס קאַלען און די צענדליק איינזאַמע מענער, קענען שוין די צוויי מיידלעך: פּרענסיס, די עלטערע איז אַ שלאַנקע, אירע זיידענע טיציאַן־האָר פאַלן אַראָפּ איבער איר ווייסן נאַקן און צעלויפן זיך אין כוואַליעס מיט קרייזן, אירע אויגן — גרינלעכע, זיינען צעשמייכלט און טרויעריק. איר שיין פּנים האָט אין זיך אַ וואַרעמע צאַרטקייט, וואָס רירט, ווען עס באַגעגנט אַ מענטשנס בליק, די קאַלטע געשניצטע שטריכן פון איר פּנים, דערמאָנען אין אַ מאַרמאָר־קאָפּ.

די יינגערע לאָראַ, האָט אַ טונקעלע אָליוון־הויט, זי איז דיקלעך מיט פאַררונדיקטע פּלייצעס, מיט ברוינלעכע, וואַרעמע אויגן. דאָס פּנים לאַכט און די דיקלעכע ליפּן רעדן מיט אַ ליידנשאַפטלעכער גאַרונג. אין הויז זאָגט מען, אַז זי איז שיין און אַרויסרופנדיק.      מען זעט זיי זעלטן אין די טאָג־שעהן, אָדער זיי ליגן אין ברייטן בעט, קייען עפּל, לייענען ביכער, אָדער האָבן נאָר וואָס דורכגעשוועבט דורכן הויז־אויסגאַנג און אַוועק אין שטאָט. קלינגט דער הויז־טעלעפאָן אין די פאַרמיטיק־שעהן, לויפט אַרויס פּרענסיס אַ צעיאַכמערטע אין אירע זיידענע, קאָלירטע פּאַדזשאַמעס. איר קערפּער פאַרשפּרייט אַ ריח פון מיידלשער ערשט־געוואַשענער הויט, שטיקער לייב אַנטפּלעקן זיך אין ראָזלעכן, ווייסן מוסקול־שפּיל פון פלייש. אין טעלעפאָן רעדט זי לאַנג און מיט אַ לאַכנדיק קול. אין די רייד וואָס זי וואַרפט אַריין אינעם טרייבל פאַר עמעצן אַ מאַן, ערגעץ ווו, פּלאָנטערן זיך צוזאָגענישן און עפּעס אַזעלכעס וואָס מאַכט אויף עטלעכע רגעס אויפברויזן דאָס בלוט ביי אַ צופעליק פאַרבייגייענדיקן איינוווינער אינעם הויז, ווען ער כאַפּט אויף דאָס געזאַנגל אינעם שפּיל פון שנעלע ווערטער.

געענדיקט דעם טעלעפאָן־שמועס, לויפט זי אַריין אַ צופרידענע אינעם צימער און טיילט איר געשפּרעך מיט לאָראַן, גיט איר איבער אַלע איינצלהייטן פון די פראַגעס און ענטפערס, דעמאָלט צעשאַלן זיך צוויי געלעכטערס, אין אַ קלאַנג פון זילבער און וואַסער־פאַלן, איין געלעכטער וויל איבערשטייגן דאָס צווייטע און פּלוצלינג, אין מיטן געשאַל ווערט עס איבערגעהאַקט, ווי מען וואָלט איבערגעשניטן דאָס העלדזל פון אַ פלייט און עפּעס אַ שטומעניש מיט טרויער גיט אַ ווייע אַרויס פון יענעם צימער.

אין הויז ווייסט מען נישט מיט וואָס זיי באַשעפטיקן זיך. די עטלעכע איינזאַמע מענער, וואָס וווינען דאָ שוין יאָרן לאַנג, געפּרוווט אַמאָל קעמפן קעגן זייער גורל און נישט דערגאַנגען, נאָר געבליבן אונטערטעניק דעם גורל, זיי לעבן אין די קליינע מעבלירטע צימערלעך פון אַ הויז אין ניו־יאָרק, וואַרטן אויף אַ טראָפּן פרייד וואָס זאָל פון ערגעץ קומען, זיי אַרט נישט וואָס די

מיידלעך טוען. עס איז געגוג אַז זיי זיינען דאָ, צוזאַמען מיטן געלעכטער, די פּאַרפום־ריחות, דער שמייכל, די באַגריסונג. עס איז דער וווּנדער, וואָס פּלאַ־טערט פון ווינקל צו ווינקל. ווען מען עס אַרט יאָ, איז די אַלטע אַקטריסע מיס באַדען און די אַלטע מויד, די נאַכט־טעלעפאָניסטקע מיס קאַלען.

איידער די צוויי מיידלעך האָבן זיך דאָ אַריינגעצויגן, זיינען די צוויי עלטערע פרויען געווען די איינזאַמלער פון העפלעכקייט, שמייכל און רייד פון די הויז־שכנים.

— וואָס מאַכט איר מיס מאַדען, איר טראָגט היינט אַן עלעגאַנט קלייד, עס איז זייער חנעוודיק. איר זעט אויס גוט. איר ווערט נאָך זיכער אַנגאַזשירט ווערן אין אַ טעאַטער אויף בראָדוויי.

די אַלטע אַקטריסע מיטן פאַרוויאַנעטן פּנים, קנייטשנדיקער הויט און די געטורעמטע פריזור פון בלוילעך זילבער־האָר אויפן קאָפּ, מיט מידע, זייער מידע אויגן און זעט אין גאַנצן אויס ווי אַ וויאַנענדיקע בלום, פאַרציט דאָס פּנים אין אַ שמייכל און זאָגט מיט איר האַלב כריפּענדיק קול:

—אַ דאַנק אייך שכן. אַלץ קען געשען. אַמאָל האָט מען זיך איבער מיר געריסן, מען האָט מיר געגעבן די בעסטע ראָלן, אין גאַנץ שעקספּיר געשפּילט, מען ווערט נאָך אַ פּרווו טאָן. אַלץ איז מעגלעך.

און ביידע שכנים פון דעם אַלטן ציגעלנעם הויז זיינען געווען צופרידן.

אויך די פריילן קאַלען, די איבערגעוואַקסענע מויד מיט דעם בייזן לענגלעך־פאַרשפּיצטן פּנים, וואָס אַרבעט דורך די נעכט אין אַ טעלעפאָן־אָפּ־טיילונג און שלאָפט נאָך דעם אין איר צימער ביז שפּעט אויף טאָג, אויך זי איז געווען אַ שטיק ליבלינג אין הויז. באַקומען קאָמפּלימענטן פון די מענער, צוריק געצאָלט מיט וואַרעמע שמייכלען און אַ האָפענונג האָט געגליט: אַזוי פיל מעגלעכקייטן זיינען דאָך פאַרבאָרגן אין און אַרום דעם מענטשן.

ווען די מענער לאָזן זיך אַרויס פון הויז אין די פרימאָרגנס צו דער באַשעפטיקונג אין ערגעץ ווו אין ניו־יאָרק, באַגעגענען זיי די אַלטע מויד קאַלען אַנקומען. איר פּנים בלייך, די אויגן מידע, די נאָז פאַרשפּיצט, די ליפּן טרוקענע. זי שמייכלט אַקעגן די שכנים ביים אָנקומען און אַוועקגיין:

— אַ שיינער טאָג היינט. עס זעט אויס עס וועט אַזוי אָנהאַלטן.

— איר זעט אויס וווּנדערבאַר, פריילן קאַלען. איך וואָלט אייך איינ־געלאַדן צו אַ קאַפע. גוט? איר וועט שלאָפן אַ ביסל לענגער.

— אַ דאַנק. אַ צווייטן מאָל. אפשר זונטיק, גוט.

— זייער גוט. עס איז אַ טרעפונג!

און ביידע זיינען גליקלעך, אַ שטילע פרייד האָט דורכגעפלאָטערט אין

זייער איינזאַמקייט עפּעס אויפגעמונטערט, אַריינגעזונגען און דער ניגון וועט אָנהאַלטן ביז ער וועט אויסגעלאָשן ווערן...

איצטער האָבן די צוויי מיידלעך לאַראַ און פּרענסיס איינגענומען דאָס הויז מיט זייער געלעכטער, מיט זייער יונגקייט. נישטאָ מער קיין טרייסט־וואָרט און קיין שמייכל פאַר דער אַלטער אַקטריסע און נישט פאַר דער מיס קאַלען. איבערגעהאַקט געוואָרן אין מיטן.

עס איז שוין באַלד האַלבער טאָג. די טעלעפאָניסטקע קען נישט שלאָפן. דער טרויער און די קנאה צעשפּאַרן איר דאָס לייב, פּילן זי אָן מיט שרעק. דער געמיט איז אָנגעלאָדן מיט נישט־זיכערקייט און פּיין. אויך מיס מאַדען איז געררייצט, דער אָרנאַמענטירטער, פּיין געשליפענער שפּיגל, די אייגציקע רייכע זאַך, וואָס איז איר געבליבן פון דער אַמאָליקער גלאָריע, זאָגט איר נישט קיין גוטס. די פּרעציזע געשליפנקייט נעמט אַריין אין זיך איר קנייטשנדיקן פּנים מיט דער גאַנצער מידקייט און עלטער, אַפילו דער געטורעמטער זילבער־האָר־פּריזור פון קאָפּ העלפט נישט און דאָס גלאָז ווייזט איר די גאַנצע נאַקעטקייט מיט איר אילוזיע צוזאַמען. דער שפּיגל זאָגט איר אויס די פאַלשקייט און די אייגענע אָפּנאַרעריי, אָן שום חכמות, נישטאָ וואָס צו באַהאַלטן און די אילוזיע צעשוווימט. מיס מאַדען איז בייז אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט.

אין מיטן הויף שטייט לאַראַ אין אַ פּאָר בלויע אָוועראָלס און העגגט אויף איר וועש אויף די שטריק, וואָס זיינען פאַרבונדן אַרום עטלעכע שיטערע ביימער און שאַפן דאָס אויסזען פון אַ גאָרטן משפּחה. די האָר זיינען ביי איר צעשויבערטע, די ליפּן נישט געפאַרבטע, דאָס פּנים נישט געשמינקט, אַ מאַטע בלייכקייט ציט זיך פון שטערן ביז צו די ליפּן און דאָך איז דאָס הייפל פול מיט איר חן און גראַציעזקייט. די שטיקלעך וועש וויגן זיך אויף די שטריק מיט אַ קאָלירן־שפּילן פון טענער קעגן דער זון און דער ווינט רייסט זיך דורך דעם זייד שטיפעריש פאַרשייט.

אין איינעם פון די צוויי פענצטער, פון זייער צימער, זיצט אין דער אָפּענער ראַם פּרענסיס. איין פוס אַראָפּגעלאָזט, איין פוס אין אַ דריי־עקיקער פּאָזע, אויף דער קני רוט אַ שטיק אָנגעצויגענע לייוונט און זי צייכנט מיט אַ שטיקל קויל איבער אַ ווייסן צייכן־בויגן פּאַפּיר. דאָס פּנים איז ביי איר פאַרכמורעטע און אָנטציקנדיק. די אויגן זיינען אָנגעזאַפּט מיט טרויער און זעען נישט וואָס די האַנט צייכנט; די האָר זיינען ביי איר אַרומגעכאַפּט מיט אַ בלוילעך זיידן בענדל. דאָס שיינע מיידל אין דער אַלטער צעפּרעסענער פענצטער־ראַם זעט דעמאָלט אויס ווי אַ רענואַר מאָלעריי, באַגאָסן מיט ליכט.

לאַראַס מאַן — אַ ווילדער שיכור, אַ שלעגער, געווען פאַרמישט אין אַ מאָרד, פינצטערט ערגעץ אין אַ תפיסה. דער פּסק־דין ליגט איבער אים ווי די

שאַרף פון אַ מעסער — אייביקע תפיסה. אין מוח ביי איר שלאָגט שטענדיק אָן דאָס איין און איינציקע וואָרט, וואָס פאַרדאָפּלט זיך אין מיליאָנען גרויסן: ער איז אַ „לייפּער", אויפן גאַנצן לעבן...

פּרענסיס האָט געהאַט אַ מאַן איז ער אומגעקומען אויף די שלאַכט־פעלדער פון קאָרעאַ. ביידע מיידלעך האָבן זיך באַגעגנט ערגעץ אין ניו־יאָרק. איצטער זיינען זיי אויסגעשטעלט צו די בליקן פון עטלעכע איינזאַמע מענער אין הויז, וואָס בענטשן מיט פרייד זייער זיין אינעם הויז און צו די בליקן פון די צוויי עלטערע פרויען, וואָס ווילן נישט שלום מאַכן מיט זיך אַליין.

די מיס קאַלען איז בייז און לויערט באַהאַלטן און אָפן.

איינעם אַ פרימאָרגן, ווען זי איז געקומען פון דער אַרבעט האָט זי באַמערקט, אַז די טיר פון די מיידלעכס צימער איז אַ ביסל אָפן. די נייגעריקייט, האָט זי געשטויסן צו זען וואָס קומט פאָר אין אַ פאַרטאָג ביי צוויי יונגע פרויען. זי האָט געזען:

לאָראַ און פּרענסיס זיינען געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף פון אויסגעמאַטערטע, דורך די האַלב אָפענע פענצטער רייסן זיך אַריין באַוועגלעכע גאָלדענע שטראַלן פון דער זון, שלאָגן אָן מיט פלעקן ליכט איבער די פּנימער, וואָס זעען אויס ווי געשניצטע בלייכע מאַסקעס, מיט רויטע שניטן אין דער מיט, דאָס איז די ליפּן־פאַרב, וואָס איז נישט אָפּגעוואַשן. די הענט אַנטבלויזטע ליגן צעוואָרפן אין קרייץ־ליניעס. שטיקער ליכט פאַלן איבער דעם אַלטמאָדישן קאַמין, אויף וועלכן עס שטייט אַ קליינע בלויע וואַזע מיט עטלעכע בלומען. אין אַ טראַגישער אומאָרדענונג וואַלגערן זיך שטיקער און שטיקלעך פרויען וועש, אין איינעם מיט אַ מענער הוט. אויף דער וואַנט הענגען צוויי קאָפּיעס: עדגאַר דעגאַס „טענצערינס" און מורילאָס „שוועבענדיקער מלאך". עס זיינען צעשטעלט אויף אַ טישל פאָטאָגראַפיעס פון מענער אין מיליטער מלבושים.

די אַלטע מויד האָט געגאַפט. זי האָט נישט געפילט איר מידקייט פון אַ גאַנצער נאַכט אויפזיין. זי האָט געגאַפט פון דעם אומשולדיקן בילד וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר אירע אויגן, און געווען זיכער איז זי, אַז זי וועט זען זיך אָפּשפּילן שוידערלעכע אָרגיעס און אויסגעלאַסנקייט.

זי איז אַוועק אַ פאַרשעמטע פון דער אָפענער טיר און שטיל ווי אַ קאַץ האָט זי זיך אַריינגעשלייכט אין איר צימער, געלייגט זיך אין בעט אַריין און נאָך אַ שווערן געראַנגל איז דער שלאָף זי בייגעקומען און זי איינגעהילט מיט בייזע און גוטע חלומות

אין די פאַרנאַכטן זיינען לאָראַ און פּרענסיס זעלטן אין הויז. זיי אַרבעטן אין אַ סטודיאָ — צייכענען קליידער. די מענער וואָס קומען פון זייער באַשעפ־

טיקונג, איינזאַמע, פרעמדע איינער דעם אַנדערן, הגם זיי ווײַנען טיר ביי טיר שוין אַ לאַנגע צייט — כאָפּן אַ בליק — פאַרשלאָסן. די שיינע, יונגע פרויען זײַנען נישטאָ. גייען זיי אין די איינזאַמע צימערן מיט אַ געפיל, אַז אָט האָבן זיי ערשט געהאַט אַרום זיך עפּעס נאָענטס און וווּנדערלעכס, טאַקע ווי אַ ניגון האָט איבער זיי געשפּילט און עס איז אויס — — —

די מיידלעך זיינען אין פאַרשיידענע טעג פאַרשוווּנדעריש מיט זייערע גע־לעכטערס, פּלאַפּלערייען, מיט דער שטיפערישער פאַרשייטקייט פון באַוויזן זיך אין חלל פון הויז מיט נאַקעטע שטיקער לייב, מיט דער גראַציעזקייט פון באַוועגונגען, שמייכלען און אַפילו מיט דעם טרויער, וואָס קוקט אַרויס אָפּן פון זייערע אויגן און מאַנט, פייניקט און דערציילט אָפּן פון אַ פאַרהוילענער וועלט פון ליידן, אין וועלכער די צוויי צעזונגענע מיידן זיינען פאַרשפּונען. אַלץ איז פאַרשוווּנדעריש פון זיי, ווי מען וואָלט געוואָרפן גאָלדענע רענדלעך אין מיטן גאַס, רייך גאָלד, אָדער ווי זון־שטראַלן אין אַ קאַלטן האַרבסט־טאָג.

און ווידער איז געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט דער אַלטער מויד קאַלען אויפגעהויבן ווי אויף פליגלען, זי האָט געמיינט, אַז זי דערגרייכט דעם הימל, אַלץ וואָס זי האָט געטראַכט ליגט דאָך אָפּן ווי אויף דער האַנט פאַר אַלעמענס אויגן.

**
*

יענער נאַכט פון אַ קאַלטן האַרבסט:

די אַלטע מויד האָט זיך ביי דער אַרבעט נישט געקענט קיין אָרט געפי־נען, אַלץ איז איבער איר געלעגן מיט אַ בלייענער שווערקייט. זי איז געווען מיד און פאַרשמאַכט, זי האָט געפיבערט און אַלע גלידער פון לייב האָבן איר געבראָכן. זי איז אַהיימגעגאַנגען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען זי האָט דורכ־געשפּאַנט די הויזטיר.

זינט די מיידלעך ווײַנען דאָ, איז איר געהער אַלע מאָל אָנגעשפּיצט אין די פאַרטאָגן. אויך איצטער אין מיטן נאַכט פאַרוועבט אין פיבער, אין מיד־קייט, האָט זי אָנגעשטרענגט איר געהער אויפצוכאַפּן עפּעס פון יענעם צימער, וואָס — ווי איר האָט זיך אויסגעדוכט — לויערט ווי אַ בייזער כוח אויף איר לעבן. אין דעם חלל פון הויז האָט דאָס קליינע עלעקטרישע לעמפּל דאָרט גאָר הויך אויפן סופיט פאַרשפּרייט אַ טונקל, געלבלעך קרענקלעכע ליכט און באַ־לויכטן די גרויע נישט געוואַשענע ווענט און דעם הויז־שפּיגל מיט די ברוינ־לעך־טונקעלע פלעקן.

די מויד קאַלען האָט געהערט אַ געלעכטערל אַ פאַרשטיקטס פון

יענעם צימער. זי איז געבליבן אַ פאַרציטערטע, אַ ווי‌סטע פרייד האָט אין איר אָנגעשפּאַרט. אויף דעם וואַרט זי שוין חדשים לאַנגע. זי האָט זיך שטיל צוגעשאַרט צו דער טיר און אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַלט, געהערט און געזען: צוויי מענער זיינען דאָרט געווען, מען האָט געלאַכט, זיך געשושקעט, געקושט זיך, געטרונקען פון פלעשער, געוואַלגערט זיך אויף דער סאָפאַ און אויפן אויסגעריבענעם טעפּיך אויפן דיל. זי איז געשטאַנען ביי דעם שפּאַלט פון דער טיר אַ באַנומענע, די אַלטע מויד קאַלען. דער פיבער אין קאָפּ, אין די פּלייצעס, האָט פאַרטויזנטפאַכיקט דאָס וואָס זי האָט געזען און געהערט.

די אומרויִקייט האָט זי געטריבן. זי איז אַרויף צו דער אַלטער מיס מאַדען, אָנגעקלאַפּט אין טיר, אויפגעוועקט, אַריינגעשושקעט איר אין אויער אוןביידע זיינען זיי אַראָפּ שטיל און שלייכנדיק, און ביידע האָבן זיי געזען דאָס, וואָס האָט עפּעס אָפּגעקלונגען אין זייערע הערצער ווייטיקדיק און זיס, פרייד און פּיינלעך. אין אַ פרעמד הויז, נעמען זיי זיך אַריין צוויי מענער. עס איז נאַכט. די ליכט איז געדעמפּט אינעווייניק, איבער די פענצטער הויערט אַ שווערער פאָרהאַנג און לאָזט נישט אַריין קיין אויג פון דער דרויסנדיקער וועלט.

לאָראַ האָט געלאַכט, געטרונקען, אַפילו געכאַפּט אַ טאַנץ מיט איינעם פון די יונגע מענער. פּרענסיס האָט געטרונקען, געלאָזט זיך געבן אַ קוש איבערן פּנים.

די צוויי עלטערע פרויען האָבן געוואָלט זען נאָך און נאָך, זיי האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן. אויף אַ געשמאַקער רכילות איז געווען גענוג דאָס וואָס האָט זיך צו זיי אַנטפּלעקט אין מיטן דער נאַכט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעשלייכט פון דער טיר פאַרשעמטע, בייגעריקע פול מיט כעס אויף צוויי יונגע פרויען, בייז אויף זיך אַליין, אויף זייער אייגענער וועלט, וואָס האָט זיי אָפּגעטאָן אַ ווי‌סט שטיקל, אויסגעשטעלט צום נאַר...

דאָס רכילותל איז געגאַנגען פאָרויס: אָנגעקומען צו די אויערן פון דער באַלעבאָסטע. זי איז דעם טאָג געקומען אַ בייזע, אָן דעם שטענדיקן שמייכל, וואָס זי טיילט פּייערלעך צו יעדן איינעם פון די איינוווינערס. זי איז אַריין אינעם צימער פון די מיידלעך. מען האָט געהערט פון דאָרט שאַרפע רייד, שטילע ענטפערס. די באַלעבאָסטע האָט געוואָלט זיי זאָלן זיך שוין אַרויסציִען פון דאַנען. מען האָט איר דערציילט פון שטיפערישער שפּילעריי דאָ אין דער לעצטער נאַכט.

די מיידלעך האָבן געלאַכט, פאַרזיכערט אַז דאָס זיינען געווען צוויי באַקאַנטע, וואָס האָבן זיי אַהיים באַגלייט פון טעאַטער, אַריינגעקומען, געטרונקען, געטאַנצט, פאַרזעסן זיך.

מיט אַ שעה שפּעטער איז דאָס צימער פון לאָראַ און פּרענסיס געווען

גרייט צו פאַרדינגען. די טיר איז געווען אויפגעפּראַלט, אויפן דיל האָט זיך געוואַלגערט אַ זיידענער זאַק, אַ שאַכטל פון פּודער, אַן אָנגעהויבענע צייכע־נונג, עטלעכע בלומען, אַ בישט־דערברענטער סיגאַרעט. דורכן פענצטער האָט מען געזען, ווי עס וויגט זיך אויף אַ שטריק אַ ווייס שטיקל וועש און וועט ווי אַ טויב אין ווינט אַוועקפליען.

אין דער צווייטער שעה האָט אַן אַלטער מאַן געדונגען דאָס צימער. ער איז אַריין מיט צוויי שווערע וואַליזעס, מיטגעבראַכט אַן איבלדיקן ריח פון רפואות און שווייס. ביי נאַכט האָט זיך געהערט פון צימער אַרויס אַ הוסטן, נאָך דעם אַ שנאַרכנדיקער שלאָף.

אין הויז איז געוואָרן שטיל. די מענער־איינוווינער האָבן מיט בייזקייט און כעס געקוקט איינער אויפן אַנדערן. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי האָבן אַ סך פאַרלוירן. ערשט געהאַט אַרום זיך גאַרבן טענער מיט קאָלירן, זון־שטראַלן, גאָמעס פרייד און אַלץ איז געוואָרן איבערגעשניטן. נישטאָ מער קיין געלעכ־טער, נישטאָ דער פיינער ריח פון ווייבלעכקייט, די מרה־שחורה שפּאַנט אין הויז אַרום; די אַלטע מויד קאַלען איז פאַרשעמט, מיידט אויס זיך צו באַגעגענען מיט די שכנים, זי האָט אַלץ פאַרלוירן, יענע וועלט און די וועלט. מיס מאַדען איז געררייצט, ווען די מיידלעך זיינען געווען אין הויז האָט עס דערמאָנט איר אַמאָל, איר גלאָריע, איז געקומען די קנאה און אויסגעלאָשן אַפילו די דערמאָנונג...

אין הויז איז שטיל. קיין האַנט זייעט נישט מער מיט גאָלדענע רענדלעך, קיין מויל לאַכט נישט קלינגענדיק מיט זילבער און רוישיקן וואַסער־פאַל. טייל מאָל קלינגט דער הויז־טעלעפאָן, קולות פרעגן אויף לאָראַ און פרענסיס, עס ענטפערט אַ כריפּענדיק קול בייז און וואָרטשענדיק, דאָס ענטפערט דער בייער איינוווינער מיט כעס, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געהערט די נעמען און זאָל מען אים נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ. ער וועט מער נישט ענטפערן...

# פענצטער

די פענצטער פון דער רייכער וווינונג זיינען געווען ברייט צעעפנט. די בלוילעכע פאַרנאַכט־ליכט האָט איינגעהילט די מעבל־שטיקער, די בילדער אויף די ווענט, די אַנטיק־חפצים, ווי דורכזיכטיקע טיולן וואָלטן זיך געלייגט איינע איבער דער אַנדערע.

די קליינע פרוי איז געשטאַנען ביים שפיגל אַ צערויטלטע, אַ צופרידענע און עפעס נישט צופרידן פון דעם וואָס עס שפילט זיך אָפ פאַר אירע אויגן. זי האָט געוואָלט אַרויסבאַקומען פון שפיגל וואָס מער שיינקייט, די חן־גריבעלעך פון די באַקן ביים קליינעם מויל זאָלן זיך טיפער איינגראָבן מיט פאַרפירערישן שמייכל, אָבער עס וועבט זיך גאָר אַ דינינקער נעץ פון קנייטשן. זי האָט געוואָלט די ליניעס פון קערפער זאָלן האָבן מער ריטמישע גלייכקייט, נאָר זיי ווערן גאָר אָנגעגאָסן מיט אַ שווערער לייביקייט. זי האָט געוואָלט וואָס מער געפעלן ווערן זיך אַליין און דער שפיגל זאָגט איר אַלץ פאַרקערט, דערמאָנט איר יעדע שעה פון טאָג ווו זי האַלט מיט איר קליינער, אייגענער וועלט.

עס איז נאָך געווען גוט ליכטיק און די קליינע פרוי האָט ליב געהאַט די ליכט פון אַ זומער פאַרנאַכט, אַלץ איז אַזוי קלאָר, די געדאַנקען לויפן מיט אַ קלאָרקייט.

זי האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און זיך אַ כאַפ געטאָן מיט שרעק; קעגנאיבער אין אַ פענצטער פון אַן אַלט ברויגלעך ציגלנעם הויז שטייט ווידער דער מאַן און קוקט אויף איר מיט אַזעלכע דורכדרינגלעכע אויגן. ווער ווייסט ווי לאַנג ער קוקט נאָך אירע באַוועגונגען און אירע חנדעלעך אינעם שפיגל. ווער איז ער? זי זעט אים אָפט אינעם הויז פון יענער זייט גאַס.

אין יענע הייזער וווינען די איינזאַמסטע מענטשן פון ניו־יאָרק. די הייזער שטייען צוזאַמענגעפרעסטע, די פענצטער ווערן זעלטן געוואַשן און די געלבלעכע פאָרהאַנגלעך פאַרשטעלן פאַר דער גאַס דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון

די איינוווינער אין די מעבלירטע צימערלעך. די הייזער פונעם בלאָק זיינען ענלעך איינע צו דער אַנדערער ווי סימעטריש אויסגעהאַקטע מצבות. די מענטשן דאָרטן זיינען שטילע און טומלדיקע: אַ צאָל פון זיי זיינען קינסטלער אַנטויש־טע און פאַרלוירענע, אַנדערע זיינען נישט־דערגאַנגענע, איינזאַמע מענטשן וואָס האָבן שוין שלום געמאַכט מיט זייער גורל און אויסגעלאָשענע חלומות.

די קליינע פרוי אין דער רייכער וווינונג האָט מיט שרעק אַ צי געטאָן אַראָפּ די ווענעציאַנישע לאָדנדלעך איבער דעם פענצטער. ער דאָרט האָט זי מער נישט געקענט זען. אַ וואַנט פון הילצערנע לייסטלעך איז אַראָפּגעפאַלן צווישן ביידן. זי האָט אים יאָ געקענט זען און אַפילו גוט באַטראַכטן.

די קליינע פרוי און איר מאַן האָבן געוווינט אין אַ רייכער פיל־שטאָקיקער געביידע, דאָ ווו עס וווינען מענטשן, וואָס איילן זיך נישט, יעדן טאָג ברענגט זיי די פּאָסט פולע בערזע־באַריכטן. זייערע געלטער זיינען אינוועסטירט אין גוט איינגעאָרדנטע געשעפטן, די ווייבער קליידן זיך עלעגאַנט, פירן טייל מאָל אַ הינטל, אָדער פירן דעם מאַן. די מענער שמייכלען העפלעך, דאָס שטיקעלע מזל איז צו זיי אויך זייער גענעדיק און שמייכלדיק.

קעגנאיבער דעם רייכן הויז אין דער זעלבער גאָס ליגן די אַלטע קליינע ציגלנע הייזער מיט די „מעבלירטע צימערן" צו פאַרדינגען. אין די נעכט, ווען די קליינע פרוי קען נישט שלאָפן, ווייל די געדאַנקען וועבן אין מוח אַ קאָש־מאַרן נעץ: איר מאַן איז מיט דריי צענדליק יאָרן עלטער פון איר, אין די בלויע פאַרטאָגנס הוסט ער לאַנג און עקשנותדיק; ביי טאָג פאַרברענגט ער אין די אָפּטיילונגען פון „סטאָק מאַרקעט", אָדער אין זיין אָפיס. אין די פאַר־נאַכטן שפּאַצירט ער אַליין ביים האָדסאָן־טייך, — דעמאָלט הערט זי פון די קעגנאיבערדיקע פענצטער טייל מאָל אַ קריגעריי צווישן אַ מאַן, אָדער אַ פרוי מיט די ליידיקע ווענט, אָדער גאָר מיט זיך אַליין; זי הערט דאָס געזאַנגל פון אַ שיכור, וואָס רעדט וועגן ליבע, פרוי און פרילינג; זי הערט טייל מאָל אַ געוויין פון אַ פאַרליבטער פּאָר. זי שפּיצט דעמאָלט אָן די אויערן: ערגעץ נישט ווייט, בלויז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען איז דאָ אַן אַנדערע וועלט, אָדער קליינינקע וועלטלעך, וואָס די מענטשן דאָרט קעגנאיבער האָבן זיך אַליין אויפגעבויט. דאָרט געשען וווּנדער און טראַגעדיעס.

נאָר ווער איז דער, וואָס טרעט נישט אָפּ פון פענצטער? ער שטייט גאַנצע טעג און לויערט אויף איר? אָט ערשט איצטער: זי האָט פונעם שפּיגל געוואָלט אַרויסבאַקומען וואָס מער שיינקייט, זי איז דאָך נאָך יונג, זי וויל נישט מער פאַרשפּילן וואָס זי האָט שוין פאַרשפּילט; זי איז שיין און ווירקלעך חנעוודיק, און דאָ זיצט זי אין דער רייכער וווינונג אַליין, בלויז מיט די מעבל־שטיקער, מיט די אַנטיק־חפצים און מיט דער פּוסטקייט. שוין באַלד צען יאָר צייט אַזוי.

וואָס וואָלט געווען ווען זי איז אומגעטריי איר מאַן? זי נעמט שפּילן אַן אַנדער ראָלע, בלויז פאַר נייגעריקייט וועגן שפּילן... זי וועט פאַרטרייבן די לאַנגווייל, די פּוסטקייט, און אפשר וועט זי זיך ראַטעווען?

דער מאַן אירער איז אַ דערפאָלגרייכער סוחר אין ניו־יאָרק, ער איז פאַרנומען טאָג און נאַכט אין ציפערן, אין געשעפטן. עס איז איר פיל מאָל אויסגעקומען אים צו זען אין זיין גרויסן אָפיס, ווי אַזוי ער שפּילט אויס דעם גאַנצן טאָג די ראָלע, וואָס דער גורל האָט אים צוגעטיילט. זי טראַכט אין דעם מאָמענט, אַז אייגנטלעך איז דאָך יעדער מענטש אַן אַקטיאָר און מוז שפּילן אַ ראָלע. אַ גרויסע צאָל מענטשן גייען אַרויף אויף דער בינע און שפּילן אויס שטיקער לעבן, טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. דער גרעסטער טייל שפּילט אויס פאַר זיך אין דער איינזאַמקייט, אין דער באַקוועמער, אָדער אָרעמער וווינונג, אין גאַס, אין פּאַרק, אין בעט, אומעטום.

דער מאַן אירער, וואָס איז מיט העכער דריי צענדליק יאָר עלטער פון איר, שפּילט מיטן טעלעפאָן ווי אַ זשאָנגלער, וואַרפט ווערטער ווי פּילקעס און די ווערטער ברענגען צוריק פּראָפיטן, ער רעכנט מיט די הענט, מוח און האַרץ און ווערט רייכער, פעטער, ציינישער און זי — אומגליקלעכער. ער שפּילט זיין ראָל אין אָפיס, אין די אָפּטיילונגען פון „סטאָק עקסטשעינדזש". די ציפערן ברענגען אַרויס פאַר אים געשפּרעכן, וואָרט־שפּיל און אַפילו טעאַ־טער־מימיק.

זי איז די קליינע, שיינע פרוי, וואָס פירט אַ מלחמה קעגן איר עלטער, וואָס איז נאָך די יונגקייט אַליין. זי איז אַ פאַרלוירענע אין דער גרויסער וווינונג. טויזנטער פרויען אַזעלכע זיינען דאָ אין ניו־יאָרק, נאָר זי, די קליינע פרוי, איז זיכער, אַז אומגליקלעכער פון איר איז קיינער נישט...

זי האָט איצטער מיט אַ האַסטיקער און צו־להכעיס שפּיל אַ ציִ געטאָן אַרויף די הילצערנע לייסטלעך איבערן פענצטער. דער מאַן איז נאָך דאָרט געשטאַנען. זיינע אויגן זיינען אַלץ געווען איינגעשפּיזט אין איר. ווייזט אויס, אַז ער ווייסט וואָס עס טוט זיך אין איר מוח און האַרץ, ער לייענט אירע געדאַנקען. ער איז אַ יונגער, ער האָט אַ קנאָכיקן פּנים, ברענענדיקע אויגן. שוין טעג און וואָכן פאַרפאָלגט ער איר. פּונקט מוז איר פענצטער פונעם סאַלאָן זיין קעגנאיבער דער אַלטער אָרעמער געביידע.

די קליינע פרוי האָט זיך צעשמייכלט און ער האָט איר צוריקגעענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל. די פרייד האָט אים צענומען. נאָר אַ מענטש וואָס ליבט קען אַזוי איינעמען אַ פרוי מיט עקשנות און שמייכל.

וואָס אייגנטלעך איז דער פאַרברעכן? אין מוח האָבן זיך איר געפּלאָנ־

טערט געדאַנקען וועגן זינד. עס איז דאָך נישט מער ווי אַ בלויזער פאַרשפּילן זיך און זיין גערעכט צו זיך אַליין און צו דעם אייגענעם פּיין.

דער מאַן אין קעגנאיבערדיקן פענצטער איז שוין געוואָרן היימישער, דער שמייכל פון דער קליינער פרוי, האָט אים געגעבן האָפענונג. איצט איז ער שוין נישט אַזוי איינזאַם, קיינער קען נישט ביי אים צונעמען זיין בענק־שאַפט צו דער פרוי אין וועלכער ער האָט זיך שטומערהייט פאַרליבט.

אַ שאַרפער קלונג האָט זיך געהערט פון דער דרויסנדיקער טיר. די קליינע פרוי האָט אויפגעציטערט, דער קלונג — דער אָנזאָג, אַז דער מאַן אירער איז געקומען, האָט זי אַרויסגעריסן פון איר שיינעם חלום אין וועלכן זי איז געווען פאַרוויגט אין די עטלעכע מינוטן.

אַן אַלטער מאַן מיט אַן ענערגישן פּנים, מיט דער שטאַרקייט, וואָס ווערט אָנגעהאַלטן דורך קראַפט און אויסדויער, איז אַריינגעקומען. ער האָט זיך באַ־גריסט מיט דער פרוי און אויפגעדרייט די ליכט, וואָס האָט אַ פליין געטאָן פון עטלעכע לאָמפּן צעשטעלטע אין ווינקלען. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ ווייכער שטול. פון אַ טישעלע האָט ער גענומען אַ צייטונג און אָנגעהויבן בלעטערן. זי האָט אַ קוק געטאָן דורכן אָפענעם פענצטער, דער מאַן קעגנאיבער איז נאָך דאָרט געווען אין דער ראַם. איר פּנים איז געוואָרן אָנגעגאָסן מיט אַ רויטקייט, זי האָט שוין אין דער מינוט אָפּגעמאַכט צו זען דעם פרעמדן מאַן, רעדן מיט אים. דאָס בלוט פון לייב האָט איר אַ שלאָג געטאָן צום פּנים. זי האָט האַסטיק אַ ציִ געטאָן אַראָפּ די לאָדן־לייסטלעך איבערן פענצטער.

— דער שפּאַציר האָט מיך מיד געמאַכט, — האָט איר אייגענער מאַן געזאָגט און נישט אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון דער צייטונג, — מיר וועלן עסן אָונט־ברויט.

— דו שפּאַצירסט צו פיל, דו שטרענגסט זיך אָן צו פיל מיט דיינע ביזנעס, — האָט זי גערעדט ווי צו קיינעם נישט, — שטענדיק פאַרנומען. דער אָפּיס, די צייטונג, דיינע שטעק־שיך...

— מען קען שוין נישט ענדערן, מיין טייערע.

— מען קען יאָ, — זי האָט געמאַכט אַ בייזע גרימאַסע, — איך וויל עס נישט מער!

— אפשר וועלן מיר פאָרן אין די בערג? — האָט ער געזאָגט, — אָדער צום ים?

— איך דאַרף נישט די בערג, איך דאַרף נישט דעם ים.

— עס וועט דיר גוט מאַכן. קענסט נישט זיין זומער אין ניו־יאָרק. אויב דו ווילסט קענסטו אַליין פאָרן. אפשר גאָר אַ רייזע קיין איראָפּע?

— איך דאַרף עס נישט, — זי האָט עפּעס אַ שליידער געטאָן פון זיך, — איך דאַרף גאָרנישט. איך וויל גאָרנישט פון דיר. אַלץ איז מיר איבעריק און נמאס.

— וואָס האָסטו זיך פלוצלינג אַזוי צעבייזערט? כ'האָב דיך קיין מאָל נישט געזען אין אַזאַ געררייצטן צושטאַנד, — ער האָט אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון דער צייטונג און אַפילו אויף איר נישט געקוקט, — קיין מאָל דיך אַזוי נישט געזען. אפשר וועלן מיר אַרויסגיין היינט אָוונט?

זי איז געווען געררייצט. זי האָט אים נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. דער גאַנצער לאַנגוויל און טרויער וואָס איז געווען אָנגעזאַמלט אין איר געמיט, האָט פלוצלינג גענומען אויפברעכן, נישט אין רייד, נאָר אין שטומקייט, אָט באַלד, באַלד וועט עס אויפרייסן. זי וויל נישט מער שטיקן אין דער רייכער דירה, צווישן אַנטיקן, בילדער און אַ פּוסטקייט, וואָס לייגט זיך אויף איר ווי אַ באַרג און וועט זי אומברענגען. קעגנאיבער וואַרט אויף איר אַ מאַן, אַ שיינער, אַ יונגער, די אויגן ביי אים שמייכלען, בעטן און רופן זי און איר ווייבלעכקייט.

דער מאַן אירער אין דער באַקוועמער שטול האָט נישט געהערט איר שטומען פּיין. זיין קאָפּ איז איצטער געווען איינגעגראָבן אין צוויי בלעטער פון דער אָוונט־צייטונג, וואָס האָט מיט אַ גענויער פּינקטלעכקייט איבערגע־געבן די פּרייזן פון די „סטאָקס" ביים שליסן פון טאָג. די הונדערטער קליינע שורהלעך מיט אָפּהאַקנדיקע ווערטער אַרומגערינגלט מיט כוואַליעס ציפערן, האָבן געטאַנצט פאַר זיינע אויגן, ווי קליינע שדימלעך, פריילעכע, האָפּערדיקע, שפּרינגענדיק איינס איבערן אַנדערן און אויסגעטאַנצט פאַרדינסטלעך און פאַר־לוסטן, ווי שטאַפּלען אַרויף און אַראָפּ. ער האָט נישט געזען די קליינע פרוי אַרום זיך, זיין אייגענע פרוי.

די קליינע פרוי איז געווען אומרויק. אינעם פענצטער קעגנאיבער האָט נישט געברענט קיין ליכט. זי האָט געבענקט אַהין, דאָרטן וואַרט אויף איר עפּעס, פרייד, וואָס זי חלומט אויס טעג און נעכט. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר־איר אַנטפּלעקט.

**
*

די מענטשן פון די מעבלירטע צימערן אין די אַלטע הייזער זיינען צו־נויפגעמישט פון פאַרשיידענע ראַסן און פעלקער. אין די פרימאָרגנס לאָזן זיי זיך אַרויס איבער גרויס ניו־יאָרק יעדער צו זיין אַרבעט, צו אויפשטייג, אָדער פאַל. דער מאַן אינעם פענצטער פלעגט אין די אָוונטן פאָרן איבער אַ שעה צייט צו ערגעץ אַ דריט־ראַנגיקער קאַפע אין ברוקלין, ווו ער האָט אין ז

קוואַרטעט געשפּילט די צווייטע פידל. ער איז געווען אַ דריט־ראַנגיקער שפּי־לער, געלעבט אַ גרויען לעבן און געחלומט פון גרויסקייט, ליבע, שיינקייט, ווערן אַן ערשט־ראַנגיקער שפּילער.

אין די בלוילעך־גרויע פרימאָרגנס איז ער צוריקגעקומען פון זיין באַ־שעפטיקונג, אַריינגעשלייכט זיך אין דעם אַלטן הויז און אָפּגעשלאָפן ביז שפּעט אויף טאָג.

קיינער האָט נישט געוווּסט פון זיין עקסיסטענץ, אַפילו ער אַליין האָט נישט געוווּסט.

די קליינע פרוי פון דער רייכער וווינונג האָט איצטער געבענקט נאָך אים, דעם אומבאַקאַנטן מאַנספּאַרשוין, וואָס שמייכלט צו איר, זאָגט איר צו שטומערהייט פרייד און חלום.

זי האָט נאָך מיט אים נישט גערעדט, נאָר זיינע אויגן, זיין יונגקייט זאָגט דאָס אַלץ צו, ער איז זיכער פאַרליבט אין איר. זי איז דאָך נאָך יונג און רייצנדיק. זי וועט פאַרלאָזן איר מאַן, דאָס רייכע הויז, די אַנטיקן און מעבל־שטיקער און וועט גיין צו דעם דאָרט וואָס וווינט אין דעם מעבלירטן צימערל. אין פענצטער, דאָס צעראַטענע פאָרהאַנגל איבערן פענצטער איז צעריסן, אָפּ־געריבן, עס איז אַלע מאָל איבער דער שויב, נאָר זיכער איז דאָרט דאָ פרייד, יונגקייט, אויך ער בענקט. ער האָט נישט קיין ווייב, ער איז איינער אַליין, ווען זי זאָל צו אים קומען, וועט ער זי אויפנעמען מיט ליבשאַפט און פאַר איר לייגן די גאַנצע אויסגעחלומטע וועלט.

אין די קומענדיקע טעג האָט זי אים נישט געזען אינעם פענצטער. זי האָט געוואַרט אין די פאַרנאַכטן אין אַ פיבערדיקער בענקשאַפט, די גאַנצע האָפע־נונג אין אים אָנגעהאַנגען. זי האָט זיך געפילט איינזאַמער פון אים, ביידע וואָלטן זיי געווען גליקלעך. זי האָט געוואַרט אין אומגעדולד, אויסגעמיטן דעם אייגענעם מאַן, געלאָזט אים מיט זיינע ביזנעס, ציפערן, צייטונג, באַקוועמער שטול מיט אַ גלאָז ברענדי און זיינע פאַרגעניגנס.

איין מאָל אין אַ פאַר נאַכט, עס איז איר געווען אומעטיק אויסצוגיין, זי האָט געטראַכט פון נעמען זיך דאָס לעבן, און נישט געוווּסט וואָס אין אַ מינוט שפּעטער וועט זיין מיט איר. עס איז איר נישט געווען קיין אונטערשייד, עס מוז געשען: זי מוז זען יענעם מאַן. זי וועט אַריבערגיין צו אים. עס איז די זעלבע גאַס, יענע אַלטע הויז האָט פינף פלאָרס מיט צען פענצטער. דאָס הויז ווו זי וווינט האָט זעכצן פלאָרס מיט הונדערטער פענצטער.

די קליינע פרוי איז אַראָפּ אין גאַס. זי האָט נישט געוואָלט וויסן וואָס זי גייט אַנטקעגן: פרייד אָדער אומגליק. זי האָט געשפּרייזט איבער די עטלעכע טרעפּ צו דער טיר פון דעם אַלטן הויז. זי איז אַריין אינעווייניק, געזען אינעם

אַריינגאַנג די נעמען פון עטלעכע איינוווינער. זי האָט זיך געכאַפּט: זי ווייסט דאָך נישט דעם נאָמען פון דעם אומבאַקאַנטן מאַן. ער איז אַ יונגער, אַ שמייכ־לענדיקער, אָבער זי ווייסט נישט זיין נאָמען. זי האָט בלויז געוווּסט: ער וווינט אויפן פינפטן פלאָר, דאָס פענצטער — רעכטס. זי וועט אַרויפגיין די טרעפּ איבער די פינף פלאָרס. די טרעפּ זיינען באַשלאָגן מיט אַן אָפּגעריבענעם, צע־ריסענעם געוואַנט. אין האָל — אַ שטיקנדיקער ריח פון אַלטקייט און שטויב. דער הויז־טעלעפאָן הענגט אַ שווייגנדיקער, אַ דראָענדיקער.

זי איז צוגעקומען צו דער טיר, אָנגעקלאַפּט. אַ קול האָט געענטפערט. זי איז אַריין אינעווייניק. זי האָט געזען: אין בעט איז געלעגן אַ פרוי, מיט אַ פּאַראַליזירטן, אויסגעקרימטן פּנים, שרעקלעך בלייך, די האָר צעשויבערט, די אויגן — אומהיימלעכע. די פרוי אין בעט האָט זיך באַמיט צו ריידן:

— וועמען ווילט איר זען? וועמען, מיין מאַן? ער איז היינט נישטאָ. ער...

די קליינע פרוי האָט מער נישט געהערט, זי האָט מיט אַ ווילדער שרעק זיך געריקט צו דער טיר. זי האָט געזען אויף אַ טישל דעם פּאָטליאַר פון אַ פידל, אַ הוט פון אַ מאַן, דעם הוט קען זי, געזען אין פענצטער אויף דעם מאַנס קאָפּ. זי איז שנעל אַראָפּ די טרעפּ, אַרויס אין גאַס און געבליבן שטיין אַ פאַרבליפטע, פון אַלעמען — אָפּגענאַרט. זי איז געווען זיכער, אַז ווער האָט איר אַרויסגעשעקט אַ צונג. אַלץ אַרום איר איז חוזק, שפּיל...

# דריי פאַרדעקטע קעפּ

אין דער סטודיאָ מיט די ברייטע ווענעציאַנער פענצטער אויף אַ גאַס נעבן צענטראַל־פּאַרק איז אין דעם פאַרנאַכט געווען אומהיימלעך שטיל. פון צייט צו צייט האָט זיך אַריינגעריסן אַ גערויש פון אַ דורכלויפנדיקן אויטאָמאָביל, אַ גרילציק פּייפן פון אַ באַקאַנטער מעלאָדיע, אַן אָפּגעהאַקט געלעכטער, געשרייען פון אַ מחנה יונגוואַרג, וואָס האָט געשפּילט פוטבאָל און זיך געאַמפּערט אין צעיאַכמערטן לויפעניש — דאָס אַלץ האָט נישט אויפגעריסן די אומהיימלעכע שטילקייט פון אינעווייניק אין צימער, וואָס איז געלעגן דריקנדיק שווער.

די פאַרנאַכט ליכט פון אַ העלן בלוי איז געלעגן איבער די פענצטער און קוים באַלויכטן די אָנגעוואָרפענע סקולפּטור־אַרבעטן: דריי קעפּ אין ליים צעשטעלט אין די ווינקלען פון דעם פינף־עקיקן צימער, פאַרדעקטע מיט נאַסע טיכער און פאַר אַ פרעמדן אויג אויסגעזען ווי סטראַשידלעס צו שרעקן וועמען. פון די ווענט האָבן אַראָפּגעקוקט פאָטאָגראַפיעס פון סקולפּטור־ווערק און אויף אַ צוויי הילצערנע טישלעך — צוויי אויסגעפּערטיקטע קאָמפּאָזיציעס אין בראָנדז.

דער סקולפּטאָר מנחם בוים, אַן אַלטער מאַן מיט אַ שניי־ווייסן קאָפּ האָר איז געזעסן אין אַ טיפער שטול און געבלעטערט אַ דיקן אַלבום־בוך, ווו אויף די בלעטער זיינען געווען פאָטאָגראַפיעס פון זיינע ווערק, וואָס ער האָט אַ לעבן לאַנג געשאַפן, ווערק וואָס האָבן אים באַרימט געמאַכט און אים אָוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי פון פּלאַסטישע קינסטלער אין דעם דור.

דאָס דאָזיקע אַלבום־בוך מיט די הונדערטער פאָטאָגראַפיעס רעפּראָדוקציעס פון ווערק, וואָס זיינען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע לענדער, מוזעאומס, איז געווען דאָס איינציקע, וואָס איז אים געבליבן פון אַ גאַנצן שעפערישן לעבן; דאָס איינציקע וואָס ער האָט געראַטעוועט פון זיין רייכער סטודיאָ אין פּאַריז, אַנטלויפנדיק צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער יידן פון פראַנקרייך, ווען די דייטשן

האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם לאַנד. נאָך דעם דורך אַלערליי גיהנום־סכנות געלאָפן איבער לענדער, ימים און אַן עלנטער, אַ צעווייטיקטער, אַ צעבראָ־כענער אָנגעקומען אין ניו־יאָרק און דאָ געפונען אַ מקום־מנוחה. מכלומרשט איינגעשטעלט אַ שטיקל סטודיאָ, כדי צו לינדערן די עלנטקייט און דעם יום־טוב פון נעכטן נישט פאַרטרייבן מיט אַ מאָל, אָנהאַלטן זיך כאָטש אין דעם שאָטן פון זיין אַמאָליקער גלאָררייכער וועלט.

זיין פּנים איז געווען איינגעראַמט אין אַ ווייסער קליינער באָרד און פון דעם פּנים האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר ליכטיקע גרוילעכע, בלויע אויגן. זיין שיינער קאָפּ איז געווען איצטער אָנגעשפּאַרט אויף איין האַנט־פלאַך און די ליכט אין צימער איז געוואָרן טונקעלער, געדעמפּטער — בין־השמשות.

ער האָט זיך געקווענקלט: אָנצינדן ליכט, אָדער נישט? די אַליינקייט קען דער מענטש בעסער פאַרטראָגן אין דער טונקלקייט אַרום, דאָס געמיט ווערט פאַרוויגט אין דרימל און די ברויזנדיקע געדאַנקען ווערן איינגעשטילט אין אייגענעם טרויער. דאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און אָנגע־צונדן ליכט. אַ גאַלדיקער פלאַם איז געפאַלן איבער די ווענט, איבער די פאַר־הילטע קעפּ אין ליים. עס איז אים נישט געוואָרן היימלעכער. פאַרקערט גאָר, אַ שרעק איז אים באַפאַלן, און לעצטנס קומט עס זייער אָפט. ער האָט איצטער געאָנט דעם טויט. עס קומט דער סוף, עס דערנענטערט זיך דער סוד פון אייביקייט און פאַרגיין. דער נעכטן ליגט פאַר אים אַ צעברעקלטער, אַ צע־שטויבטער, דער נעכטיקער רום פאַרשווינדט אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און ער האָט נאָך אַזוי פיל אויפצוטאָן, ווייל די אמתע דערגרייכונג ליגט נאָך ווייט, ווייט פון אים און ווו נעמט מען כוחות פאַר אַ ביסל ווילן אָנצוכאַפּן די דערגרייכונג?...

ווידער האָט ער געמישט די בלעטער מיט די פאָטאָגראַפיעס פון זיינע ווערק און אַרויסגעלייענט קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל פון זיין פאַרגאַנגען שטורמישן לעבן: קעפּ פון שיינע פּרויען, האַרמאָניע און גראַציעזקייט, אין בראָנדז און מאַרמאָר זיינען זיי ערגעץ פאַראַן: ביוסטן, קאָמפּאָזיציעס, געשטאַלטן און פי־גורן, געקנאָטן, געהאַמערט, אויסגעהאַקט. אַלע מיט שווונג, שטאַרקייט, ברוּ־טאַל און איידל, דינע שטריכן, ליניעס און רויע גבורה. ווי אין אַ יום־טוב פאַראַד איז פאַר אים איצטער פאַרביי זיין וועלט פון רעאַלן שאַפן און האָט אין דער מינוט אויסגעזען ווי אַן אויסגעחלומטע וועלט. האָט ער דאָך אין ליים, אין מאַרמאָר, אין שטיין אַריינגעאָטעמט לעבן, קינסטלעריש אויסגעפּו־רעמט און איצטער איז אים געבליבן פון אַלעם אַן אַלבום מיט פאָטאָגראַפיעס און ווער ווייסט, וואָס עס איז געוואָרן פון זיינע ווערק? אָט קוקן אַראָפּ פון אַ פאָטאָגראַפיע: צוויי קעפּ, צוויי יידישע קעפּ, אַ מאַן און אַ פרוי אין זייער צער

און עלנט, אין טיפן עלטער און טרויער. דאָס האָט ער געשאַפן נאָכן קישעגעווער פּאָגראָם. און אָט איז אַ געשטאַלט פון אַ מאַן מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז פאָרויס און פאַרגליווערטער טרייסט אויף די ליפּן. ער האָט דאָס ווערק גערופן „דער נביא“, באַקומען אַ פּרייז דערפאַר. אין אַ מוזעום ערגעץ געפינט עס זיך. אָט קוקט ער אויף אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ קרעפטיק מוסקולירטן מאַן, מיט שטאַרקייט און ווילן אויפן פּנים, דאָס איז „ספּאַרטאַקוס“, געבליבן אין פּאַריז; און ווידער אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ פרויען שיינקייט און אַ קאָפּ פון טאָלסטאָי, אַזוי פיל צייכענונגען געמאַכט פון אים, שוין אַזוי פיל צענדליקער יאָרן פאַרביי, ווען ער, מנחם בוים, איז געווען אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און דאָרט דעם גרויסן שריפטשטעלער געצייכנט, און אָט אַ פאָטאָגראַפיע: דאָס איידעלע פּנים פון פּאַסטעור אין טונקל־ברוינלעכן בראָנדז.

אַזוי כסדר זייען זיי פאַרביי זיינע ווערק אויף פּאַפּירענע פאָטאָגראַפיעס, שטומע, פאַרשטיינערטע, אין אַ גרויסער צאָל זיינען זיי און געפינען זיך אין פאַרשיידענע לענדער ווו ער האָט נאָר אַ מאָל אָנגעשפּאַרט צווישן ייִדישע ישובים, וואָס זיינען איצטער אונטערגעשניטן און ייִדיש לעבן איז דאָרט אויסגעלאָשן.

ער איז דאָ אין דעם גרויסן ניו־יאָרק אַ פרעמדער, אַ פאַרגעסענער. אַ לעבן לאַנג געלעבט אין פּאַריז, די שטאָט מיט וועלכער ער איז געווען באַהאַפטן, דורך אירע גייסטיקע שיינקייטן און קונסט־גיטער, זיין סטודיאָ איז אין פּאַריז געווען אָפן פאַר אַלערליי קינסטלער, שרייבער, וואַנדערער, דערשלאָגענע, עלנטע. מען איז געקומען צו אים נאָך אַ גוט וואָרט, טרייסט, אַן עצה. ער האָט אַלעמען אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און זיין סטודיאָ איז געווען די היים פאַר הילפלאָזע קינסטלער, פאַר אַלעמען. הייַנט איז ער אַליין אין דער פרעמד און מיט יעדן טאָג ווערט ער אַלץ מער פאַררוקט אין שאָטן, אין עפּעס אַ פאַרגעסנקייט.

יעדן טאָג קומען אָן ידיעות פון חורבן און אונטערגאַנג פון ייִדישן לעבן, די היימישע ייִדן, וואָס האָבן אים געגעבן גייסטיקע כוחות אַלע זיינע יאָרן פאַר זיינע ווערק, הגם ער איז געזעסן אין פּאַריז, ווייט פון זיי. ווען ער קען נאָך כאָטש עפּעס שאַפן, איבערגעבן דעם געשריי פון גבורה, אַ ברעקל כאָטש איבערגעבן פון דעם מוראדיקן חורבן, ווייל דאָס אַלץ, די הונדערטער פיגורן אין ליים, בראָנדז, מאַרמאָר זיינען גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס ער וואָלט געקענט איצטער מיט די הענט אויסקנעטן. אַ טיילעכל פון דעם צער, געוויין, קללה, אָדער תּפילה אויף די ליפּן פון אַ ייִד געטריבן צו אונטערגאַנג. אָבער ווי אַזוי? ער שטייט שוין אַליין ביים ראַנד פון פאַרגיין, די עלטער שווערט אַראָפּ און דער עלנט דאָ צעטרייסלט. וואָס האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט

זיך געראַטעוועט, געלאָפן פון דעם דייטש, אין אַ פישער שיפל איבער אַ צעשטורעמטן ים, אָנגעקומען אין פּאָרטוגאַל און פון דאָרטן — ניו־יאָרק? נישט געבליבן פּאָר אים, מנחם בוים, גאָרנישט. דער נעכטן ליגט אין שטויב, דער היינט — אַליינקייט, אָרעמקייט און דער מאָרגן — דער טויט...

ער האָט אַוועקגעשליידערט פון זיך דעם דיקן בוך מיט די פאָטאָגראַפיעס. ער איז צוגעגאַנגען צו די פּאַרהילטע קעפּ, פון איינעם אַראָפּגענומען דאָס נאַסע טוך — ליים, אַ קאָפּ פון אַ נעגער אין ניו־יאָרק.

ער האָט אַראָפּגענומען דאָס נאַסע טוך פון צווייטן קאָפּ אין רויען ליים. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פּנים כמעט אויסגעפּערטיקט, אַ פּנים פון אַ מאַן, וואָס האָט אויסגעדריקט תמימות און גוטסקייט. דער קינסטלער איז געבליבן שטיין ביי דעם קאָפּ מיט די אויגן איינגעשפּיזט, אין מוח איז אים אויפגעגאַנגען אַ געשעעניש, וואָס איז ערשט געווען מיט אַ קורצער צייט צוריק: אַ פּאָרט ביים אַטלאַנטישן אָקעאַן, אויף דער פראַנצויזיש־שפּאַנישער גרענעץ. אַ מוראדיקער רעגן און שטורעם־ווינט, ביים פּאָרט שטייען טויזנטער יידן, מענער, ווייבער, קינדער. די מענטשן נישט דערגעסענע, נישט דערשלאָפענע, שוין טעג און נעכט ווי זיי לויפן פונעם דייטשן רוצח, וואָס פּאַרפּלייצט גאַנץ פראַנקרייך, די גאַנצע צייט אויסגעשטעלט צו סכנות. דייטשע באָמבעס באַוואַרפן דער אויס־געמאַטערטער מאַסע לויפנדיקע יידן. ער, מנחם בוים, איז אויך צווישן דער מאַסע צוזאַמענגעדרענגטע אומגליקלעכע וואָס וואַרטן דאָ ביים פּאָרט אויף אַ נס. אפשר וועט זיך באַווייזן אַ שיף און אַרויסרייסן פון טויט־געפאַר. פון הינטן — דער דייטש, פון ביידע זייטן די פּירעניייען־בערג, פון פּאָרנט — אַ שטורעמדיקער ים. די ענגשאַפט איז דערשטיקט צו ווערן. נעבן אים שטייט אַ ייד, אַ צעוויייטיקטער פון לויפן, פון מידקייט. ער קוקט אויף מנחם בוים מיט רחמנות. דער ייד קריגט אַריין די האַנט אין אַ הויזן־טאַש, שלעפּט אַרויס אַ שטיקל ברויט און דערלאַנג עס מנחמען.

— נעמט דאָס שטיקל ברויט, דערכאַפּט אייך דאָס האַרץ.

אַ שיף איז צום ברעג נישט אָנגעקומען. מנחם בוים איז מיט חדשים שפּעטער אָנגעקומען אין אַמעריקע. עס איז מער נישט אַרויס פון קאָפּ, דאָס געשטאַלט פון יענעם אויסגעמאַטערטן ייד, וואָס האָט זיין לעצט שטיקל ברויט — אָפּגעגעבן אַ צווייטן יידן אין אַ שעה פון רחמנות בלויז צו זיך אַליין.

איצטער קוקט ער אויף דעם קאָפּ אין ליים, וואָכן לאַנגע געקנאָטן און געקנאָטן אַרויסצובאַקומען דעם אויסדרוק פון יענעם וווּנדערלעכן ייד און יע־נעמס גרייטקייט צו העלפן אַן אַנדערן.

אין די פענצטער האָט די נאַכט זיך סאַמעטדיק־בלוי פּאַרשפּרייט.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג ביי דער טיר. דער אַלטער מייסטער האָט

אויפגעציטערט. ער האָט דערוואַכט פון אַ דריקנדיקן קאָשמאַר. ווער קען דאָס זיין? ער האָט זיך גענומען דערמאָנען: היינט האָט אָפּגערופן עפּעס אַ באַקאַנטע, ווייטע שטימע פון אַ פרוי. זי האָט גערעדט אין טעלעפאָן און געבעטן דערלויבן באַזוכן זיין סטודיאָ. ער האָט איר געהייסן אין אָוונט צוקומען.

ער האָט איילִיק פאַרדעקט די ליים־קעפּ מיט די נאַסע טיכער. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און געעפנט.

אַ פרוי אין מיטעלן עלטער, באַגלייט פון אַ יונג שיין מיידעלע איז נישט דרייסט אַריינגעגאַנגען.

די פרוי האָט מיט אַ ציטערדיק קול זיך אָפּגערופן:

— איר דערקענט מיך ניט, מעטר (מייסטער) בוים? איך בין דאָך אסתר קירש, אייער פליייסיקע שילערין פון פאַריז. עס זיינען שוין טאַקע אַ סך יאָרן אָפּגעלאָפן, מיר זעט עס אויס ווי עטלעכע יאָרהונדערט, און דאָס איז מיין טעכטערל, מרים!

מנחם בוים האָט זיך פאַרטראַכט עטלעכע רגעס און עפּעס ווייטס, פריי־דיקס האָט אין אים אויפגעטויכט. די אויגן האָבן ביי אים אויפגעלויכטן און מיט פרייד אין קול האָט ער גענומען שטאַמלען:

— אַך, יאָ, איך דערמאָן זיך, אסתר, פון דער וואַזשיראַר גאַס. איך האָב נישט געוווּסט, אַז איר... איך האָב דאָ דערהאַלטן טרויעריקע ידיעות וועגן דיר און דיין משפחה.

דער אַלטער סקולפּטאָר האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין אַמאָליקער שי־לערין. אין מוח האָבן אים גענומען ראַיען געדאַנקען, זכרונות, געשעענישן. ער האָט געקוקט אויף דער מוטער און אויף דעם פערצן־פופצן יאָריקן מיידעלע. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז גאָר די שילערין זיינע. יענע איז דע־מאָלט אַלט געווען אַכצן־ניינצן יאָר און איצטער אַ מיטל־יאָריקע פרוי, דאָס פּנים מיט קנייטשן, וואָס פאַרוועלקן די אַמאָליקע שיינקייט, קנייטשן און מיד־קייט. זי האָט אַמאָל זיך געשניטן צו זיין אַ קינסטלערין מיט טאַלענט, אַפילו אַן אויסשטעלונג פון אירע ווערק האָט זי געהאַט אין פאַריז און די קריטיק איז געווען פול מיט לויב און איצטער אַ שאָטן פון דעם אַמאָל, בלויז דאָס טעכטערל מיט גלײַכע אויגן, פולע ליפּן, די האָר — גאָלדיקע און...

— אמת, טייערער מנחם בוים, — האָט די פרוי איבערגעריסן זיינע גע־דאַנקען — איידער זיי האָבן אונדז פאַרשיקט, מיך און מיין מאַן, איז אונדז געלונגען אויסצובאַהאַלטן מרימען ביי אַ גוטער פראַנצויזישער משפחה. מיין מאַן איז אומגעקומען און מיט מיר האָט געטראָפן עפּעס פון ניסים, אַלע גיהנומס דורכגעגאַנגען, דורך אַלע פייערן פאַרברענט געוואָרן, אין אַלע טויטן אָפּגע־שטאָרבן און בין געבליבן לעבן.

דער אַלטער סקולפּטאָר האָט נישט געוווסט, וואָס צו טאָן פאַר גרויס שמחה און איבערראַשונג. ער האָט פון ערגעץ אַרויסבאַקומען אַ פלאַש ווייַן, קיכלעך, אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, דעם מיידעלע געגלעט די האָר, געקושט די האָר, דער מוטער געטרייסט, גערעדט מיט פלייצעניש, נישט געקענט דערכאַפּן די אייגענע ווערטער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג.

די פרוי האָט געקוקט אויף אים אפשר אויך איבערגעלעבט דעם אַמאָל:

— צוריקקומענדיק — האָט אסתר גערעדט — האָב איך נאָך פיל זוכע־ניש אויך מיין טעכטערל געפונען ביי דער גוטער פראַנצויזישער משפחה, זיי האָבן מיר צוריקגעגעבן מיין קינד. עס ווייסט זייער ווייניק פון יידישקייט, זייער ווייניק. קוים איך געוואָרן צוריק אַ מאַמע און דאָס איז מיין פאַרגיטיקונג. מיינע פריינט אין אַמעריקע האָבן זיך באַמיט און מיר זיינען אָנגעקומען. איך האָב געוווסט אַז איר זיינט דאָ, זיינען מיר געקומען אייך זען.

אין די אָפענע גרויסע פענצטער האָט אַריינגעציטערט אַ בינטל שטערן, מנחם בוים האָט געקוקט אויף דעם שיינעם יידישן מיידעלע, וואָס איז עטלעכע יאָר געוווען אָוועקגעריסן פון אַ מאַמען.

אין מוח ביי אים האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק: ער וועט שאַפן דאָס גע־שטאַלט פון אַ יידיש קינד וואָס איז אַרויסגעקומען גאַנץ פון דעם חורבן, אַרויס־געקומען פון אַלע פייערן. דאָס וועט זיין דאָס ווערק אויף וועלכן ער וואַרט דאָ פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אין זיין איינזאַמקייט ביים ראַנד פון זיין לעבן.

זיי האָבן איצטער אַלע דריי גערעדט. דער מייסטער און זיין תלמידה האָבן זיך דערמאָנט אין די טעג און יאָרן פון אַמאָל. אַלץ פון נעכטן, פון אייערנעכטן איז צוריקגעקומען מיט אַ פרישער צאַפּלדיקייט, אויפגעבליצט און אַט, אַט וועט עס זיך ווידער אויסלעשן...

ווען זיי האָבן געהאַלטן ביים אָוועקגיין, האָט מנחם בוים געבעטן, אַז זיי זאָלן מאָרגן ווידער קומען, טאַקע שוין מאָרגן.

— איך וויל אַז מרימל זאָל פאַר מיר פאָזירן עטלעכע מאָל — האָט ער געזאָגט דער מוטער — איך וועל איר מאַכן אַ מתנה.

ווען מנחם בוים איז נאָך דעם געבליבן אַליין, האָט ער מיט אַ פיבערהאַפ־טער אומרויִקייט גענומען צוגרייטן אַלץ וואָס איז נייטיק פאַר אָנהייבן זיין נייע אַרבעט. עס האָט אים שוין נישט געלאָזט רוען. אויף דעם וואַרט ער דאָך: אַ געראַטעוועט יידיש קינד. אַ סך קינדער־קעפּלעך האָט ער שוין גע־מאַכט. זיין סטודיאָ אין פּאַריז איז געווען פול מיט אַלע געשטאַלטונגען פון קינדער, אין ווייסן מאַרמאָר, איצטער פילט ער, אַז ער איז אין שטאַנד אַרויס־צוברענגען אַ גרויס ווערק.

***

עטלעכע טעג דורכאַנאַנד האָט מנחם בוים געאַרבעט אין אַ פּיבערדיקער אָנשטרענגונג. ער האָט געקנאָטן, געפורעמט, געגלעט, געשניצט מיט די פינגער און מכשירים אַ שטיק נאַסע ליים. קעגנאיבער אים איז געזעסן דאָס מיידעלע מרים מיט צעפלאָמטע בעקלעך, אַ צעפלאַפלט, שיין געשניצט מיילעכל און ליכטיק צעלאַכטע אויגן. אַזוי האָט די מאַמע אירע אַמאָל אויסגעזען, נאָר אַ ביסעלע עלטער, זי איז דעמאָלט געווען אין אַכצנטן יאָר, די באַקן, די האָר, די אויגן...

דאָס מיידעלע האָט קוים געקענט איינזיצן, זי האָט דעם מייסטער באַוואָרפן מיט פראַגעס, מיט חנדלעך און אויפצאַפּלדיקע געלעכטערלעך. דער שלאַנקער, שוין איינקורטשענדיקער קערפּער פונעם קינסטלער האָט זיך געוויגט אַהין און אַהער און אַרומגעפּאַדיעט אַרום דעם אָנגעהויפטן שטיק ליים אויף דעם דריי־פיסיקן הילצערנעם געשטעל. דער שניי־ווייסער קאָפּ זיינער האָט זיך געטראָגן אין אומרויִקע באַוועגונגען, די אויגן ביי אים האָבן געפלאַמט מיט ליבשאַפט און ווילן און די הענט און פינגער האָבן זיך באַוויגן אין דעם ריטמישן פּראָצעס פון מאָדעלירן, פורעמען, אַריינגעבן לעבן אין דעם רויען ליים און עס איז פּאַמעלעך אַרויסגעקומען לעבן, צאַרטקייט, פרייד פון אַ קינד, אַ געראַטעוועט ייִדיש קינד, פון אונטער דעם רוצחס האַק אַרויסגעריסן.

די ברכה פון שאַפן האָט איבער אים גערוט. ער האָט זיך ווידער פּאַרמאָסטן, אַזוי ווי אַמאָל מיט זיין טאַלענט און ווילן. די איינזאַמקייט האָט אים נישט אַזוי שטאַרק געפּייניקט, די כוחות האָבן נישט נאָכגעגעבן די מידקייט, וואָס שלעפּט אַראָפּ, אַראָפּ צום ראַנד פון פאַרגיין. ער האָט פאַרענדיקט דאָס ווערק, ער איז אַליין געבליבן פאַרגאַפט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געשאַפן קיין בעסערע זאַך, און אין דער אמתן זיינען דאָך אַלע זיינע קינדער־קעפּלעך ענלעך צו דעם דאָזיקן: דער זעלבער חן, דער זוניקער שמייכל, די תמימות פון פרייד; אָבער מנחם בוים האָט אין זיין לעצטער שאַפונג געזען בלויז דאָס ייִדישע קינד, וואָס איז דורך אַלע יסורים אַרויס געלייטערט.

ווידער איז געווען אַ פּאָר נאַכט, אין מנחם בוימס סטודיאָ זיינען די פענצטער געווען פאַרמאַכט, די ליכט אין צימער — בלווילעך, טונקל. דריי קעפּ אין ליים, פאַרדעקטע מיט נאַסע טיכער איבער דריי־פיסיקע הילצערנע שטענדערס. אַן אָנגעוואָרף: גיפּס, ליים, פלעשלעך, פּאַפּיר, אַפּטייק־שעכטלעך, אַ קאָפּ פון אַ מיידל, אַן אָפן בוך, פאָטאָגראַפיעס פון פיגורן, קעפּ, ביוסטן, קאָמפּאָזיציעס, אויף אַ וואַנט הענגט קרום אַ שפּיגל,נעמט אַריין דעם פּאָר נאַכט מיט די שאָטנס און די שטילקייט.

משה דלוזשנאָווסקי

אַלץ אין דער סטודיאָ האָט געדרימלט. די שטילקייט און דער אָוונט האָבן געניִדערט איבער דעם פאַרשטאַרטן קערפער פון מנחם בוים. דאָס האַרץ זיינס האָט אין דעם פאַרנאַכט אויפגעהערט קלאַפּן.

די דריי קעפ אין ליים, פאַרדעקט מיט נאַסע טיכער, האָבן געגאַפט אין זייער אייגענער ערדישער שטומקייט, מענטשלעכע פינגער וועלן זיי נישט באַרירן און מער נישט פרווון אָנציינדן אין זיי אַ פונק פון יצירה.

# שטויב

## א

ברוך קאַרלין — אַ הויכער, פעסט־געבויטער מאַנספאַרשוין, חשיבותדיק אין געשטאַלט און אויסזען, אַ סוחר פון הייזער אין ניו־יאָרק איז געשטאַנען איבער אַ צעעפנטער וואַליזע און מיט גרויס פאַרזיכטיקייט אַרויסגענומען פאַרשיידענע אַנטיק חפצים אין געהאַמערטן, געשניצטן זילבער און זיי צע־שטעלט איבער אַ טיש פון זיין רחבותדיקן אויפנאַם־צימער. אין דער פאַר־טאָגנקייט האָט ער זיך נישט פאַרגינען רעכט אַרומצוקוקן איבער דער שטוב, ווו ער איז נישט געווען פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים, זינט זיין נסיעה אין אייראָפּע אין פאַרשיידענע לענדער און שטעט.

די ברייטע פענצטער זיינען געווען אָפן צום האָדסאָן־טייך, וואָס האָט זיך איצטער געוויגט אין אַ שטיפעריש גרינלעך־בלויער כוואַליעדיקייט און דאָס פלאַקערנדיקע גאָלד פון דער זון האָט זיך געלאָשן אין דער ברייט און ווייט פונעם שפּיגל־פלאַך איבערן טייך.

ברוך קאַרלין האָט זיך געשפּיגלט אין אַ זילבער פיליגרין געשניצטן בשמים־ביקס, באַטראַכט פון אַלע זייטן און זיך נישט געקענט פשוט זאַט אָנקוקן. אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ ברייטער שמייכל פון הנאה: פיר גע־שניצטע טורעמלעך האָבן זיך געהויבן איבער אַ געביידעלע מיט אַ טירעלע, די ווענטלעך — אַ געפלעכט פון דעם דינסטן געוועבטן זילבער, זיינען געווען בלומען, רינגעלעך, אותיות. דאָס געביידעלע איז געשטאַנען אויף אַ פיסל מיט אויסגעקריצטע פסוקים פון הבדלה. ער האָט אַרויסגענומען פונעם טשעמאָדאַן אַ זילבער געהאַמערטע מגילה־שייד, אַ פּרעציזע אַרבעט פון אַ מייסטער, די באַקאַנטע מגילה־פיגורן האָבן אַראָפּגעטאַנצט פונעם זילבער אין מיניאַטור סצענעס. אַ געשניצטער בעכער האָט געקילט זיינע פינגער, עס האָבן זיך צו אים געשטרעקט אותיות, פסוקים געקריצטע אין אַ ריטמישער גלייכקייט. ער

האָט די אַלע חפצים אָוועקגעשטעלט אויפֿן טיש דערוויייל און די שיינקייט פֿון די קליינע מייסטער־ווערק האָבן אָנגעשלאָגן איבער דער רייכקייט פֿון שטוב מיט שטילע איינגעהאַלטענע טענער.

ער האָט געוואָלט צו וועמען ריידן וועגן זיינע אַנטיקן און די אַלטע ייִדישע חפצים, וואָס האָבן שוין איבערגעטראָגן חורבן און שמחות, טרויער און פֿריידן, די חפצים וואָס ער האָט דאָס מאָל איינגעהאַנדלט אין איטאַליע, אין פֿראַנקרייך, אַפֿילו אין דער אַלטער שטאָט פּראָג, אָפּגעראַטעוועטע אַלטע ייִדישע אוצרות פֿון רוצחימס הענט, חפצים וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט מי־יודע וויפֿל גילגולים און ווער ווייסט וויפֿל רוצחים האָבן זיך איינגעטיילט מיט דעם זאַק־רויב, מייסטער זאַכן זיינען דאָס פֿון אַנאָנימע ייִדישע קינסטלער ערגעץ מיט דורות צוריק. ברוך קאַרלין האָט זיך פּלוצלינג געכאַפּט, אַז ער האָט פּשוט נישט צו וועמען אַ וואָרט אַרויסצורייד, אין הויז איז דאָ בלויז די נעגערשע דינסט, אַחוץ איר זיינען די אַכט צימערן אין דעם גרויסן הויז אויף ריווערסייד־דרייוו אויסגעליידיקט פֿון אַ מענטשלעך נפֿש, נישטאָ ווער עס זאָל אים זאָגן אַ ברוך־הבא און ער האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע צו דער טאָכטער זיינער, אַז ער קומט היינט.

די האַנט מיט דעם זילבערנעם חפֿץ האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט, עס איז אים באַפֿאַלן אַ טרויער און שרעק פֿון דער אַליינקייט. די פֿרייד וואָס ער האָט ערשט איבערגעלעבט ביים אויספּאַקן די זעלטענע ייִדישע אַנטיקן, אַ פֿרייד וואָס אים איז געלונגען אָפּצוקויפֿן ייִדישע חפצים וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט גילגולים אָן אַ שיעור, דייטשע רוצחים האָבן צוגענומען ערגעץ אין בכבודיקע ייִדישע שטיבער און נאָך דעם זיי פֿאַרקויפֿט צו גיריקע אַנטיק־הענדלער — האָט זיך אין אים גענומען לעשן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער גרויסער שטוב: דאָ און דאָרטן בילדער אויף די ווענט, אַ פֿריילעכער, פּערסישער טעפּיך אויפֿן דיל, אַ שאַפֿע מיט טייערע קרישטאָל און אַ געשניצטע שאַפֿע מיט זילבער־שטיקער, ווענט מיט ספֿרים און ביכער, לאָמפּן מיט זעלטענע אַבאַזשורן צעשטעלט אויף טישעלעך אין די ווינקלען.

ער איז האַסטיק צוגעגאַנגען צו אַ טיר, געעפֿנט און אַ רוף געטאָן:

— ען!

אַן עלטערע נעגערטע מיט אַ געריינצלט, וויאַנענדיק פּנים איז צוגעקומען.

— יעס, מיסטער קאַרלין...

— ווו איז דינה? אַ טעלעגראַמע געשיקט מיט צוויי טעג צוריק... פֿאַר וואָס זאָגסטו מיר נישט?

— אַז איר פֿרעגט נישט, באָס. איר זיינט דאָ אין הויז באַלד אַ האַלבן טאָג און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

— ווו איז זי?

— קומט זעלטן אַהיים. שוין אַ וואָך צייט דאָ נישט געווען.

איבערן פּנים האָט זיך אים געלייגט אַ בלייכקייט און קוים געקענט אַרויס־ברענגען ווייטערדיקע רייד:

— וואָס הייסט נישט געווען דאָ אַ וואָך צייט? ווו דען איז זי? דאַרפסט דאָך וויסן, אַז מיר האָבן דיר אָנגעטרויט די גאַנצע ווירטשאַפט, ביסט שוין מיט אונדז עטלעכע יאָר, אָנגעזאָגט דיר איידער איך בין אַוועקגעפאָרן וועגן דינהן.

די אַלטע נעגערטע האָט אויסגעשפּרייט אירע הענט ווי זיך צו פאַרטיי־דיקן פון די שטרענגע רייד פון באַלעבאָס, איר קנייטשנדיק פּנים איז געוואָרן נאָך מער גערינצלטער.

— איך היט דאָס הויז, רוים די צימערן, אַלץ איז ריין. איר זיינט דער באָס... איר גיט ניט אָפּ פיל צייט דינהן, איר זיינט פאַרנומען מיט די שמאָכטעס טויטע זאַכן און איר גיט זיי אָפּ אייער צייט, פאַר דער טאָכטער קיין איבעריקע מינוט נישט! איר זיינט דער באָס, מיסטער קאַרלין, איר ווייסט וואָס איר טוט...

— און די טעלעגראַמע?

— נאָך נישט געעפנט, ליגט אין קיך.

— וואָס טוט זיך דאָס? געמיינט זי וועט מיך אָפּוואַרטן, אפשר, חלילה עפּעס געטראָפן?

— איך גלייב נישט, אָבער, אַז זי קומט נישט אַהיים קלערט מען איבער — די נעגערטע האָט ווידער געשטרעקט די הענט ווי פאַר באַשיצונג — ביי־טערע צייטן, באָס, מענטשן זיינען זינדיק און שלעכט...

ב

נאָכן טויט פון זיין ווייב, האָט ברוך קאַרלין אויפגעגעבן צו ביסלעך זיינע געשעפטן מיט די הייזער, דאָס הייסט, נישט געיאָגט זיך אַזוי איבער שטאָק און שטיין אַריינצוכאַפּן נאָך אַ בילדינג, נאָך אָפּקויפן אַ מאַרגעדזש און זיך פאַרנומען מיט זיין גאַנצער ענערגיע זאַמלען אַלטע יידישע חפצים. ער האָט געהאַט עטלעכע הייזער אין ניו־יאָרק און דאָס געציג פון זאַמלען פאַרמעגנס האָט זיך אין אים איינגעשטילט. ער האָט איצטער יעדעס יאָר געמאַכט רייזעס קיין אייראָפּע, געניסטערט אין די פאַרוואָרפענסטע ווינקלען פון פאַריז, רוים, פּראָג, ראָטערדאַם, אין די אָפּגעלעגנסטע אַנטיק־געשעפטלעך, אין די קינסט־לער קוואַרטאַלן האָט ער געזוכט. בשמים־ביקסן, חנוכה־לאָמפּן, בעכערס, אתרוג־פּושקעס. דאָ און דאָרט האָט ער יעדעס מאָל געפונען אַ זעלטן חפץ, וואָס

אַ ייִדישער קינסטלער, אַ זילבער, אָדער גאָלדשמיד האָט מיט דורות צוריק גע־האַמערט און אַריינגעלייגט אַרבעט און אויספּאַנטאַזירטע שיינקייט.

ערגעץ האָט אַ דייטשער מערדער, אַ פּוילישער פּאָגראָמשטשיק פאַרקויפט דאָס זאַק־רויב, וואָס ער האָט ביי אַן אויסגעמאָרדעטער ייִדישער משפּחה צו־גענומען און די קונסט־שטיקער האָבן געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט, אַריינ־געפאַלן צו דעם אַמעריקאַנער ברוך קאַרלין און באַקומען אַ תיקון.

ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ סך יאָרן צוריק, גענומען זיך צו מסחר און עס איז אים גוט אַוועק. דאָס ווייב זיינס האָט אים געבוירן אַן איינציקע טאָכטער, וואָס זיי האָבן אָפּגעהיט ווי' אַן אויג אין קאָפּ, געגעבן איר די בעסטע דערציִונג. ברוך קאַרלין, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ רבנישער משפּחה, האָט אין זיין רייכער וווינונג געפירט אַ פרום הויז מיט איינגעוואָרצלטער טראַ־דיציע. עס האָט זעלטן געטראָפן, אַז געשעענישן אָדער שטורעמס זאָלן אויפ־רודערן דאָס שטילע הויז, אָדער דאָס געמיט. ביי די שוועלן פון דעם הייזער־סוחר קאַרלין איז געלעגן דאָס מזל און די שפע און נישט אָפּגעטראָטן אויף אַ שריט.

ער איז געווען אַ הויכער פעסט־געבויטער מאַן, מיט אַן ענערגיש פּנים, טיפע קלוגע אויגן, מיט אַ פעסטן טראָט פון איינעם וואָס גייט אויף אַ זיכערן וועג. ער האָט זיך געצירט אין טייערע ספרים, אַלטע כתב־ידן, ווערטפולע אַנטיקן, קונסט־ווערק און דער עיקר אַלטע געהאַמערטע און געשניצטע חפצים, ער האָט זיך אַזוי' אַריינגעטאָן אין זאַמלען די זאַכן, אַז איין מאָל האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף זיינע מסחרים און אין גאַנצן זיך איבערגעגעבן דאָס זאַמלען אַלטע חפצים. ער האָט זיך אַזוי' אַריינגעלאָזט אין דעם, אַז ער האָט פאַרקוקט דער טאָכטערס דערציִונג, אירע יאָרן, אירע בענקשאַפטן, איר טרויער און געמיט־צושטאַנד. ער האָט אויך פאַרקוקט די ווייב זיינע, וואָס האָט מיט אַלע כוחות געקעמפט קעגן דער אָנקומענדיקער עלטער און שעהן לאַנגע אָפּגעזעסן ביים שפּיגל מיט אַ געשטעלעכץ פון אַלערליי זאַלבן, שמי־רעכצן, קרייטעכצער, וואַסערלעך, וואָס האָבן מיקלוימערשט אַנגעהאַלטן די יונגקייט אויף איר פּנים. דאָס איז געווען איר קליינע כישופדיקע וועלט, ווו זי האָט געמוזט זיין אין אייביקער מלחמה, ווייל ברוך, האָט געבליט אין זיין עלטער, אין זיין אויסזען.

די מלחמה מיט איר אויסזען האָט נישט געקענט פאַרטרייבן אַ שווערע קראַנקייט וואָס האָט זיך איינגעפרעסן אין איר גוף.

נאָך איר טויט איז אין דער שטילער וווינונג געוואָרן נאָך שטילער. די נעגערשע דינסט האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט, ברוך קאַרלין האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען, די טאָכטער איז שוין געווען אין די הויכע

צוואַנציקער יאָרן, נאָך מיט יאָרן צוריק געענדיקט איינעם פון די בעסטע אוניווערסיטעטן אין לאַנד, געווען אַלע מאָל פאַרבענקט און פאַרליבט, יעדעס מאָל נישט געטראָפן דעם ריכטיקן מאַן, צעגאַנגען זיך און ווידער — בענק־שאַפט און דערוואַרטונג.

זי האָט געהאַט דעם געבוי און אויסזען פון טאַטע־מאַמע, געהאַט קאַפּריזן און אויסברוכן פון היסטעריע, פיינט געהאַט דעם פאָטערס רייכקייט, פיינט געהאַט די וווינונג, מיט דעם פאָטערס רייכע קאָלעקציע. דעם פאָטער האָט זי ליב געהאַט מיט עפּעס אַ קרענקלעכער ליבשאַפט. אַכטונג געגעבן ער זאָל זיין געקליידט עלעגאַנט און זי אַליין איז געווען אָפּגעלאָזן, אָפּגעהיט זיין געזונט און אַליין האָט זי זיך באַנוגנט מיט שוואַרצער קאַווע. אַריינגעלאָזט זיך אין לערנען קבלה, אין ביכער וועגן מיסטיציזם. זי האָט אויך גענומען מאַכן ספּי־ריטיסטישע סעאַנסן, געגאַנגען אין פאַרשיידענע קלובן און קליידלעך, ווו מען פראַוועט ספּיריטיסטישע שטיק און מען רופט אַרויס טויטע פון יענער וועלט.

ברוך קאַרלין האָט פון דעם געהאַט גרויס צער און נישט געקאָנט פאַר־געמען דער טאָכטערס פירונג און נישט אירע איבערגעטריבענע צערטלעכ־קייטן צו אים. ער האָט זי געוואָלט מיטנעמען אויף זיינע רייזעס אין אייראָפּע, זי האָט נישט געוואָלט, איז ער אַוועקגעפאָרן האָט זי געהאַט אָנפאַלן פון היס־טעריע, נישט געוואָלט ער זאָל פאָרן, אָבער ביי אים איז געווען די תאווה פון זאַמלען אַלטע יידישע חפצים, אויפזוכן די אָנגערויבטע שטיקער און זיי געבן אַ תיקון, פיל שטאַרקער אַפילו ווי די ליבשאַפט צו דער אייגענער טאָכ־טער.

ער האָט אָנגעשלאָגן ביי די גרעסטע שדכנים אין ניו־יאָרק, צוגעזאָגט אַ פאַרמעגן נדן אַבי צו קריגן אַ לייטישן מאַן פאַר דינהן, פון דעם איז אויך גאָרנישט געוואָרן, זי האָט נישט געוואָלט זיך צוהערן אַפילו, באַפאַלן דעם טאַטן פאַר וואָס עס ליגן אים אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקייטן.

ער איז געווען אין די הויכע פופציקער און גערעכנט אַז נאָך דער טאָכ־טערס חתונה וועט ער זיך אומקוקן, עס איז נישט גוט אַז אַ מענטש איז אַליין מיט אַכט חדרים, מיט עטלעכע הייזער און מיט קאָכעדיקע געבליטן, וואָס שלאָגן צום קאָפּ, מיט אומרויקייט אין די טיפע נעכט, וואָס פייניקט און טרייבט צו ווילדע מחשבות.

פון זיין לעצטער צוויי־חדשימדיקער נסיעה איז ער געווען זייער צופרידן. ערשטנס האָט ער איינגעהאַנדלט אמתע זעלטענע חפצים, וואָס זילבער־שמידן, קינסטלער האָבן געהאַמערט מיט אַ סך דורות צוריק, צווייטנס האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ פרוי, אַן אייגנטימערין פון אַן אַנטיק קראָם אין פאַריז, אַ שיינע, דער קערפּער בוי ווי אַ גרויסער פידל, אַ גלאַטן פּעכלדיקן האַלדז,

דערצו אַן אמתע אשת חיל, צו גאָט און צו לייט. ער האָט איר פאָרגעשלאָגן זי זאָל ליקווידירן איר קראָם און פאָרן קיין אַמעריקע, דאָרטן וועלן זיי חתונה האָבן כדת וכדין. זי איז באַשטאַנען.

איז ער טאַקע געקומען אַ צופרידענער. ער וועט איבעררײדן מיט דינהן, פשוט זי צווינגען צו טאָן אַ שידוך און נעמען פירן אַ ייִדיש הויז מיט אַלע פּרטים, עס מוז געשען. ער וועט וועלטן אײנלײגן און פאַר איר געפינען דאָס טעלערל פון הימל...

ברוך קאַרלין איז געווען זיכער אין זײַנע חשבונות, אַזוי זיכער ווי אין זײַנע געשעפט־דערפאָלגן, זיכער ווי אין זײַן אײַנגעשטעלטער וועלט.

ג

דער טאָג האָט שוין געהאַלטן בײַם פאַרגײן און דינה איז נישט געקומען. די אומרו האָט זיך אין אים געשטאַרקט, צוזאַמען מיט עפּעס אַ באַהאַלטענער שרעק: זײַן וועלט האַלט בײַם אײַנפאַלן. ער האָט געבויט, געבויט, אַרומגע־רינגלט זיך מיט ווילטאָג, הנאה פאַרן לײַב און פאַר דער נשמה. עס זײַנען אים עפּעס מער נישט געלעגן אין קאָפּ די זעלטענע אַנטיקן, נישט די געשטאַלט פון דעם שײנעם ווײַבל וואָס ער האָט אָנבאַגעגנט אין פראַנקרײַך, וואָס וועט באַלד זיך דאָ אַרומדרייען אין די רײַכע שטיבער. ער איז איצטער אײַנגעגאַנ־גען אין שרעק און צער — דינה איז נישטאָ, ער האָט שוין געדופן פּרײַנט, אַפילו אין דער פּאָליציי געלאָזט וויסן. ער האָט אײַנגעזען, אַז עס וועלן פאַלן אויף אים קלעפּ, אפשר פאַרדינטע, אָט זײַן נעגערשע דינסט זאָגט אים מוסר, אַז ער גיט אָפּ מער צייט פאַר טויטע זאַכן ווי פאַר זײַן אײנציק קינד. זי איז דאָך געדרעכט: פאַר אים איז דאָך וויכטיקער אויפצוזוכן אין אַ ווײַטן לאַנד אַן אַלטן חפץ, ווי פאַרנעמען זײַן טאָכטערס טרויער, געוויין און פרייד.

עס זײַנען אַוועק נאָך צוויי טעג. עס איז געווען אָוונט. קעגן איבער די אָפענע פענצטער פון זײַן וווינונג איז דער האָדסאָן געווען בלוילעך־שוואַרץ אַרומגענומען מיט אַ שנור לעמפּלעך, ווי אַ ברענענדיקע קרעלן און טאַנצנדיקע פײַער־רעקלאַמע. אַ שלעפּ־שיף האָט געברומט אָפּגעהאַקט און מיט געיאָמער. ברוך קאַרלין איז געשטאַנען בײַם פענצטער, אַ קילבלעך ווינטל האָט געגלעט זײַן צעהיצטן פּנים.

ער האָט געהערט קולות. ער האָט אויפגעצאַפּלט און קוים זיך געקענט רירן פון אָרט. דינה איז אַרײַנגעקומען, צוגעלאָפן צו אים אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע אָרעמס. איר פּנים איז געווען צעפלאַמט און אויפגערעגט. אַן אויסדיק־טעניש געהאַט אַז זי איז שענער געוואָרן, ווײַבלעכער. די אויגן ברענען בײַ

איר, די האָר צעשויבערט, זי איז געקליידט אין איר אָפּגעטראָגענעם רעגן־מאַנטל, אַפּילע אירע ליפּן זיינען פולער געוואָרן.

— דינה, שוין עטלעכע טעג זוך איך דיך אַרום, רבונו של עולם, איך קען דאָך נישט אויסהאַלטן, איך בין דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, האָסט דאָך געוווּסט, אַז איך קום.

— עס איז גוט וואָס ביסט אַהיימגעקומען, טאַטע, וואָס מאַכסטו? — איר קול איז געווען קלינגענדיק, פריילעך, אַזוי האָט ברוכן אויסגעדוכט — אָט איז מאַרק, באַקענט זיך!

ערשט איצטער האָט ברוך זיך געכאַפּט, אַז עס איז דאָ אַ מאַן אין צימער און געזען אַ פּנים מיט אַ בערדל פון אַ מאַן אין מיטעלן עלטער, צעקנייטשטע מלבושים, איין פּלייצע אַ קרומלעכע, אין די אויגן עפּעס ווי שפּאָט און רחמנות און אַזוי קוקן טאַקע די אויגן אויף אים, ברוכן.

ברוך קאַרלין האָט געמאַכט אַ שריט פאָרויס מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. ער האָט געזאַגט: דאָס אומגליק איז געקומען אין שטוב אַריין. דינה האָט אָפּגעטאָן אַ בייז שפּיצל ווּעמען...

— טאַטע, דאָס איז מיין מאַן, מאַרק העמילטאָן, אַ מאָלער. מיר האָבן מיט עטלעכע טעג צוריק חתונה געהאַט. אַ שאָד ביסט נישט געווען הי, האָסט עפּעס איינגעהאַנדלט נייע אַנטיקן? נו, זיכער...

זי האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער נישט געזען זיין בלייכקייט איבערן פּנים, אַפּילו נישט באַמערקט ווי ער האָט מיט בײדע הענט זיך אָנגעשפּאַרטביים ראַנד פון אַ געשניצט אַנטיק־טישל. דאָס בלוט האָט אין אים געגומען פרירן און דאָס לשון האָט זיך אים פאַרהאַקט, זי האָט זיך אַ קער געטאָן צום מאַן מיט דער קרומער פּלייצע, וואָס הייסט מאַרק העמילטאָן און קלינגענדיק געזאָגט:

— מיין פאָטער איז אַ גרויסער קאָלעקציאָנער. אַליין אַלץ איינגעשאַפּט, אין דער גאַנצער וועלט דאָס אויסגעזוכט.

מאַרק האָט שנעל מיט זיינע שפּאָטישע בליקן אַרומגענומען אַלץ: די ביל־דער, דאָס זילבער, דעם קרישטאָל, די סקולפּטורן, די ספרים, די בשמים־ביקסן, חנוכה־לאָמפּן, אתרוג־פּושקעס, ידן, מזוזות און זייטיק, אַפּילו נישט קוקנדיק אויפן בעל־הבית, אַרויסגעברומט צו דינהן און צו דער ליידיקייט.

— אַ שיינע קאָלעקציע, נאָר עס איז אַלטוואַרג, שטויב, אָפּשטאַרבנדיקע קונסט, בלויז פאַר דער גאַס, פאַר סנאָבן און פאַר מיסט, הוילע דעקאַדענץ...

די ווייסקייט איבער ברוכס פּנים איז געוואָרן נאָך ווייסער, דאָס בלוט אין לייב — אייז, אין מוח געמישטע געדאַנקען: ווען ער האָט איצטער כוח אָנצוכאַפּן דעם בערדלדיקן קריפּל,ביים קאָלנער און אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער,

אָבער אַלץ אין אים איז געשטאָרבן, אָט דאָס איז עס: זה חלקי מכל עמלי, די טאָכטער האָט זיך פאַרבונדן מיטן טייוול און מען שטעקט אים אַרויס אַ צונג. זי האָט אים, דעם טאַטן אָפּגעצאָלט. די הענט זיינע האָבן שטאַרקער געקלאַמערט דעם ראַנד פון טיש. דינה האָט זיך צעלאַכט פון מאַרקס רייד און אַרויסגעהילכט קלינגענדיק:

— מאַרק איז נישט קיין ייִד, טאַטע, קען ער נישט אָפּשאַצן דעם ווערט, נישט די קינסטלערישע מייסטערשאַפט פון אַלטע ייִדישע חפצים, עס איז אים אַלץ פרעמד און וועסט אים מוזן מוחל זיין. ער איז אַ מאָלער מיט אַנדערע אי־דייען, זיין וועלט איז אַבסטראַקטע קונסט, פאַרשטייסט דאָך וואָס איך מיין — אַבסטראַקט און ניי, פון די זאַכן, אָט א דאָ אין דיינע שענק, די אַנטיקן, זיל־בער־חפצים — לאַכט ער... וואָס ביסטו אַזוי בלייך? זעץ דיך צו... מיר האָבן אַ וווינונג אין ווילעדזש. ביסט בלייך און אויפגערעגט, וואָס ער רעדט אַזוי וועגן דיינע קונסט־זאַמלונגען? פילסט נישט גוט?

— עס וועט איבערגיין. איך פאַרשטיי... — זיין קול איז געוואָרן הייזעריק, אַ כריפּ פון אַ צעבראָכענעם פידל — עס איז אים פרעמד.

— גיב אונדז אַפּ מזל־טוב, מאַרק איז זייער אַ ווילער. דו ביסט זיכער מיד פון דער רייזע. וואָס ער איז נישט קיין ייִד — וועגן דעם דאַרפסטו נישט זאָרגן, אָפּגעלעבטע אַלטע זאַבאָבאָנעס.

ברוך האָט נישט געענטפערט, נישט געקענט ענטפערן. אין האַרצן ביי אים האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן, די קעלט אין לייב האָט אים פאַרטויבט. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו שרייען, נאָר ער איז געוואָרן אין גאַנצן פאַרשטומט, ער וועט שטאַרבן, אָדער פאַראַליזירט ווערן — האָט ער געטראַכט — דער מאַרק העמילטאָן וועט דאָס אַלץ אַרויסוואַרפן, צעטרעטן, עס איז ביי אים מיסט און שטויב. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צום אָפענעם פענצטער. דער טונקעלער בלוי פון טייך האָט זיך געוויגט פאַר זיינע אויגן און געזען שטורעמ־דיקע כוואַליעס וואָס וועלן אים פאַרשלונגען. די שטומקייט אין אים איז גע־וואָרן נאָך טיפער. אַ דראָענדיקע בייזקייט גייט אויף אים, צוזאַמען מיט אַ געלעכטער פון חוזק און רחמנות.

# די חיה

דער הויף פון דער פּאָליציי אין דעם אַראַבישן פּאָרט־שטעטל האָט אויס־געזען ווי אַ פיר־עקיקער קאַסטן. פיר ווייסע נידעריקע געביידעס מיט פלאַכע דעכער און אין פראָנט ביי יעדער געביידע צו צוויי מאַרמאָרנע פילאַרן, קליינע פענצטער אין די מויערן, דאָס האָט געשאַפן דעם חלל פון הויף. פון אַ מע־טאַלענעם שלאַנגען־מויל האָט געשפריצט אַ פאָנטאַן קלאָרע וואַסער צום הימל און דער געפורעמטער שפריץ איז געווען דאָס אויסזען פון אַן אָפענער רויז. אַרום — בלומען, אָפענע בעכערלעך, געבראָכענע, שלאַנקע פיסעלעך, איידע־לע צווייגעלעך אין אַ געמיש פון גאַמעס קאָלירן. די בלומען האָבן געציטערט אין ווינט און אונטער דער שטענדיקער זון געהאַט גענוג וואַסער, וואָס העגט האָבן באַגאָסן. אַרום די בלומען האָבן דאָ אויך געוואַקסן פאַרשיידענע מינים עקזאָטישע פלאַנצן: קאַקטוסן, נידעריקע פּאַלמעס, שטאַנגען לולב־בלעטער, ני־דעריקע ביימלעך מיט לאַנגע צווייגן ווי הענט און פינגער, צעוואָרפענע בלע־טער אויסטערליש ברייטע, וואָס קענען באַשיצן אַ מענטשלעך געשטאַלט מיט זייער שאָטנדיקייט, קילעכדיקע און לויטן קוק אויך זאַפטיקע, סמיקער זאַפט.

דער פּאָליציי־שעף פון דעם פּאָרט־שטעטל אין צפון־אַפריקע האָט גוואַל־דיק ליב געהאַט בלומען, פלאַנצן, קאָלירן, שפריצנדיק וואַסער און נאַטור פאַרשפילעכצן. ער איז געזעסן אין איינעם פון די פיר ווייסע געביידעס אין זיין גערוימער קאָלירפולער און צוגעפוצטער ביוראָ־שטוב צוזאַמען מיט זיין הונט. דער פּאָליציי־שעף איז געווען אַ מיטל־וווקסיקער, פעסט־געבויטער מאַנס־פאַרשוין, מיט אַן אויסגערונדיקטן פולן, בלוט־שפּראָצנדיקן פּנים אין וועלכן עס זיינען געזעסן צוויי שטאָל־גרויע אויגן שאַרפע, דורכדרינגלעכע. זיינע ברייטע פּלייצעס אינעם געפּאַסטן מונדיר, אָדער ציווילן אַנצוג האָבן אויף זיך געטראָגן אַ גוט־געפּלעגטן קאָפּ, וואָס איז געווען פאַרריסן און די האָר אויפן קאָפּ — זאַרגפעלטיק פאַרקעמט, אַנגעשמירט מיט אַ גלאַנציקער פּאָ־מאַדע. ביי זיינע פיס איז געלעגן אַ ריזיקער הונט, אַ ווייסער מיט שוואַרצ־לעכע פלעקן, אַ ראַסאָווער מיט אַ קורץ געשוירענער פעל, אַזש עס האָבן זיך

אַרויסגעזען די ריפּן ווי דורך אַ דינעם פּלוש און זיך געצייכנט אין קרומע שוואַרץ־ווייסע ליניעס.

דער הונט איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דעם פּאַרביקן טעפּיך, די צווײ פּאָדערשטע פיס — פּאַרויס, די אויערן, שטיקער ווייכע לעדער אַראָפּגעלאָזטע. די פאַרמאַכטע אויגן זיינע האָבן ביים מינדסטן גערויש זיך אָן עפן געטאָן מיט צוויי פייכטע שפּעלטלעך און די אַראָפּהענגענדיקע אויערן האָבן לייכט אונטערגעציטערט. די אונטערשטע מאָרדע פונעם הונט האָט געכאַפּט דעם אָנבליק און פורעם פון דעם פּאָליציי־שעף — אַרויסגערוקט, בייזלעך, אויסגעפּולט. קוים האָבן די צוויי אויגן־שפּעלטלעך דערכאַפּט די שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך פונעם באַלעבאָס זיינען זיי שוין פאַרזונקען איינס אינעם אַנדערנס ראיה.

דער פּאָליציי־שעף האָט מיט איין האַנט פון צייט צו צייט אַ גלעט געטאָן דעם הונט איבערן קאָפּ, צווישן די אויערן. אין דער אַנדערער האַנט געהאַלטן אַ סיגאַרעט און נערוועזש געגרויכערט. האָט ער אויסגעפרעגט וועמען פון דער מחנה פליטים, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין צפון־אַפריקע און אַ סך פון זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין דעם פּאָרט־שטעטל ווי סתם נישט־געוווּנטשענע. אָדער ער האָט אויסגעפאָרשט פאַרברעכער, טרעמפּס, גאַסן־פּרויען, גנבים איז זיין פּנים דעמאָלט געווען אומהיימלעך רוי. די גלאַט ראַזירטע באַקן, די הינטישע מאָרדע, דער קין, די נאָז־פּליגל — פלאַמיק גערויטלט, ווי אָט צינדט זיך די הויט אָן אין אַ העליש פייער. ער האָט געוואָלט וואָרפן רייד, פירן אַ שמועס צווישן אים און דעם באַשולדיקטן, איז אָבער אַלע מאָל אויסגעקומען, אַז ער אַליין האָט גערעדט און דעם באַשולדיקטן אַפילו נישט געלאָזט עפענען דאָס מויל.

— וואָס האָט איר געטאָן ביז איצט?

— פאַר וואָס זיינט איר אַנטלאָפן פון אייער היים? פאַר וואָס זיינט איר גראָד געקומען אין די קאָלאָניעס? ווער האָט אייך געבעטן? אַנטלאָפן פון די דייטשן? קריג? פאַר וואָס דאַרפט איר זיך גראָד ראַטעווען? מיט וואָס זיינט איר בעסער? ווי לאַנג קלערט איר דאָ צו בלייבן? בעסער איז פאַר אייך איר זאָלט אַוועק קיין אַמעריקע צו אייערע רייכע אָנקלס, אָדער פאַרשווונדן ווערן אין דער סאַהאַראַ, אָדער פאַר וואָס נישט העלפן בויען די סאַהאַראַ־באַן, פון אַלזשיר קיין סענעגאַל? מען דאַרף מענטשן. די זון און די הייסע זאַמדן? וואָס איז דער אונטערשייד ווו דער מענטש שטאַרבט?

נאָך דעם מבול פראַגעס, ווי אַ שטראָם מיט קלעפּ, איז דער אויסגעפרעגטער פּליט געבליבן שטיין און נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. יעדער ענטפער קען ברענגען אַ גרעסער אומגליק.

אָדער דער פּאָליציי־שעף האָט געהאַט פֿאַר זיך אַן אַראַבישן פֿאַרברעכער:

— פֿאַרוואָס האָסטו געגנבעט דעם אייזל ביי דעם גראָבן סאָלעם?

— דו האָסט אים אויפֿגעמאַכט דעם קאָפּ מיט אַ מעסער, אָדער מיט אַ האַק?

— זי איז ערשט אַלט געווען דרייצן יאָר און דו ביסט שוין באַלד זעכ־ציק, געקענט צערייסן איר דאָס לייב. אין גאָס באַפֿאַלן, אָדער אין שייער? וועסט שוין פֿוילן אייביק אין תפיסה. אייביק!

— האָסט נישט וואָס צו ענטפֿערן? די ליפּן זיינען ביי דיר פֿאַרהאַקט, אַ געגנבעטן שעפּס האָסטו געקענט אויפֿפֿרעסן פֿון זון־אונטערגאַנג, ביז זון־אויפֿ־גאַנג, איצטער האָסטו דיר אָנגעהאַנגען אַ שלאָס אויפֿן מויל, דו אויסוואורף!

דער דערשלאָגענער אַראַבער, צי סתם אַן אַנדערער, שולדיק אָדער נישט, איז צעמישט געוואָרן פֿון דעם מבול פֿראַגעס און ווערטער, וואָס האָבן זיך אויף זיין קאָפּ אַ גאָס געטאָן. ער האָט עפּעס געשטאַמלט, געוואָלט אויפֿמאַכן דאָס מויל, די אייגענע צונג שאַרפֿן, נאָר איז גאָר געוואָרן פֿאַרהיפּנאָטיזירט פֿונעם פּאָליציי־שעפֿס שאַרפֿע שטאָל־אויגן און פֿון דעם הונטס אויגן פֿון צוויי דינע שפּעלטלעך אַרויס, וואָס האָט פּונקט אַזוי ווי דער באַלעבאָס זיינער גע־האַלטן דעם קרבן טאַקע מיט דער שאַרפֿקייט פֿון זיינע אויגן.

דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי־שעף אין דעם מאַראָקאַנישן פֿאַרט־שטעטל איז געווען אַ געבוירענער דייטש מיט אַ טונקעלער פֿאַרגאַנגענהייט — אַזוי האָט מען וועגן אים גערעדט — וואָס האָט זיך מיט אַ סך יאָרן צוריק אָנגע־שלאָסן אין דעם פֿרעמדן לעגיאָן, כדי דאָרטן צווישן טויזנטער אויסגעשפּיגענע, פֿאַרגעסענע, אַזעלכע וואָס האָבן אַלע בריקן פֿאַרברענט הינטער זיך — באַ־גראָבן זיינע פֿאַרברעכנס. ער האָט דאָרטן געדינט אַ צוויי צענדליק יאָר, אויס־געוואַנדערט טויזנטער מיילן אין די ברענענדיקע זאַמדן פֿון דער סאַהאַראַ. ער איז געווען אַ מאַן מיט סאַדיסטישע נייגונגען און זיך דערדינט אין ציווילן לעבן צו אַ פּאָליציי־שעף, אַ קאָמיסאַר אין דעם אַראַביש־יידישן פֿאַרט־שטעטל אין מאַראָקאָ.

יעדן פֿאַר נאַכט האָט דער פּאָליציי־שעף שפּאַצירט מיט זיין ווייב, אַ פֿליישיק צעוואַקסענע פֿרוי מיט אַ לענגלעך באַשמינקטן פּנים, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט אַ קינסטלעכער גאָלד־געלאָקטער פּריזור. זיי זיינען געגאַנגען שווייגנדיקע ווי אַלע קוואַלן רייד וואָלטן שוין געווען אויסגעשעפּטע. אין לאַץ פֿון זיין ציווילן ראָק האָט געשטעקט אַ פֿרישע רויז. מאַן און ווייב זיינען גע־גאַנגען געאָרעמט און זיי ביידן האָט מיט שטילע געמאָסטענע טריט באַגלייט דער וויס־געפּלעקטער הונט. מיט דריי טריט הינטער זיי איז ער געגאַנגען און אויסגעזען ווי אַ פֿוילע קאַלב קריכט נאָך דער מוטער.

די אַראַבער — געהילטע אין ברייטע, פלאַטערנדיקע אַבאַיעס; די פרויען פאַרשלייערט פון קאָפּ ביז די פיס אין ווייסע ליילעכער, און די ייִדן אין די צעפלאַטערטע כאַלאַטן מיט רונדע שוואַרצע היטעלעך אויף די קעפּ. האָבן מיט גרויס דרך־ארץ אָפּגעטראָטן דעם וועג פאַר דעם פּאָליציי עלטסטן, זיין ווייב און זייער הונט. זיי האָבן אים באַגריסט מיט געבויגענע קעפּ, אונטער־טעניק און שטיל.

ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט און אַרויסגעשפּאַרטער ברוסט, אויף אַלעמען געקוקט מיט בליקן פון אַ הערשער, וואָס באַוויליקט צו טרעטן אויפן זעלבן וועג ווו די מאַסע באַוועגט זיך און טוט דאָס מיט איינזען, ער מינערט אַ ביסל פון אייגענעם חשיבות פאַר אַנדערע.

איין מאָל אַ טאָג איז דאָ אָנגעקומען אַ יונגערמאַן וואָס האָט זיך אַרויס־געריסן פון ערגעץ אַן אייראָפּעיִש לאַנד, אַרויסגעראַטעוועט דעם קאָפּ פון הינטער דער האַק פון אַ דייטשן רוצח און דאָ געוואָרן איינגעגלידערט צווישן דער קליינער מחנה ייִדישע פליטים. ער איז געווען אַ שטיק קוועקזילבער, נישט געקענט איינרוען אויף אַן אָרט, אַ גוטמוטיקער, מיט אַ צעשויבערטער טשופּ־רינע שוואַרצע האָר, בלויע אויגן און געהייסן האָט ער: שאול ביין. אין זיין נעכטן איז ער געווען אַ מאָלער, אַ מוזיקער, אַ וואַנדערער, אַ קלאָון אין אַ צירק, אַ טרעמפּ, אַ פּאָעט...

באַלד דעם ערשטן טאָג אַזוי ווי ער האָט זיך געמאָלדן אין דער פּאָליציי, האָט אים דער שעף גענומען אויף אַ שטרענגן פאַרהער. זיינע שטאָל־קאַלטע אויגן איינגעשפּיזט אין שאולס גוטמוטיקן פּנים און אַרויסגעזייט ווערטער צווישן די ציין.

— פאַר וואָס זיינט איר געקומען אַהער? אַלע ייִדן לויפן קיין פראַנקרייך ראַטעווען זייער לעבן און פון דאָרטן קומען זיי היינט קיין נאָרד־אַפריקע? ווער שיקט נאָך אייך? איר ווייסט נישט, אַז איך קען אייך פון דאַנען פאַרשיקן יעדע צייט קיין סענעגאַל אַרבעטן ביים לייגן די באַן־ליניע? פון דאָרטן יונגערמאַן, קומט מען זעלטן צוריק. די זון פאַרברענט דאָס בלוט אינעם לייב, די זאַמדן טרוקענען אויס דעם מאַרך פון מענטש, די בענקשאַפט פרעסט אויף דאָס האַרץ, און די מדבר־ליכטיקייט נעמט צו אַלע טראָפּנס ליכט פון די אויגן.

דאָס איז געווען זיין אַריינפיר צו שאולס ווייטערדיקער עקסיסטענץ דאָ, אויב עס וועט זיין אַן עקסיסטענץ, קודם זאָל ער וויסן, דער דאָזיקער יונגער־מאַן מיט די שוואַרצע האָר, מיט די ליידנשאַפטלעכע ליפּן, מיט זיין יונגקייט, וואָס עס קען פון אים ווערן, ווען ער, דער שעף, וועט נאָר געבן בלויז איין פינטל מיטן אויג.

שאול ביין האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, למשל — אַ פאַרמשפּטער, וויל אַרויס־

ברענגען חרטה, ווידוי, חוזק, אַרויסרופן רחמנות, אָבער דער פּאָליציי־שעף האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דער הונט ביי זיינע פיס, האָט געעפנט די קליינע אויגן־שפּעלטלעך, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איר זיינט געקומען אַהער, ווייל איר מיינט אַז מען וועט אייך דאָ נישט געפינען, ווייל איר ווילט דאָ פאַרטשעפּען פרויען און ווייל איר וועט קענען דאָ אַרומשפּאַצירן. ניין, מיין הערר — האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט דריי ווערטער אין דייטש — איר מעגט זיין גרייט יעדן טאָג אָפּגעשיקט צו ווערן אין דער סאַהאַראַ און דאָ זיך נישט אַרומדרייען אַן אויסגעפּוצטער, אַ צעשמייכלטער. יעדן טאָג וועט איר זיך מעלדן ביי מיר! איר הערט!

דער פּאָליציי־שעף האָט ווידער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז די אויספאָרשונג איז דערווייל געענדיקט און שאול ביין איז אַרויס פון דער פּאָליצייסקן צימער. ביים פאַנטאַן מיטן שלאַנגען־מויל האָט ער אַ שלוק געטאָן אַ ביסל וואַסער און אַרויסגעברומט:

— ברעך דעם קאָפּ, הענט און פיס, לייב און לעבן. איך האָב דיך אין דר'ערד מיטן קאָפּ! שוין איבערגעלעבט גרעסערע רשעים ווי דו, אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!

דעם טאָג ווען שאול האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ ביסל הינטער דער שטאָט, האָט ער אָנגעטראָפן ביי אַן אַראַבער אַ קליינטשיק ראַסאָווע הינטעלע, אַ זעלטן שיינס מיט אַ ציטערדיק, פּיכט, ראָזלעך נעזל, מיט קלוגע ברוינע אויגן און האָט אויסגעזען ווי אַ מיניאַטור־פיגורל געהאַמערט, אָדער געשניצט פון אַ מייסטערס האַנט. שאול האָט די אויגן נישט געקענט אָפּרייסן פון דעם פּיצל באַשעפעניש, נישט דערפאַר ווייל ער האָט ליב געהאַט הינט; פאַרקערט, ער האָט אויסגעוויכט הינט ווי אַ שד ווייריויך. עס האָט אים אָבער געגלוסט צו האָבן אַ פריינט, עס זאָל אים זיין אַ ביסל היימלעכער אין די טעג וואָס ער דאַרף זיין אַזוי גוט ווי אַלע פּליטים אונטער דער אויפזיכט פון דעם היגן פּאָליציי־שעף, וועלכער זאָגט אים צו בלויז געציילטע טעג נאָך צו זיין אויף דער פריי און דאָס באַשעפענישל איז אַ קליין קונסט־ווערק.

— ווילסט עס פאַרקויפן, ברודער? — האָט שאול געפרעגט דעם אַראַבער?

— אויב דו ווילסט, פרעמדער ברודער קען איך עס דיר פאַרקויפן.

שאול האָט פּאָר עטלעכע מטבעות געקויפט דאָס חיהלע, געהאַלטן עס אין האַנט. די צאַרטע פעל האָט ביי דעם באַשעפענישל געציטערט. דאָס הינטל האָט צו זיין פּנים געשטרעקט די פּייכטע נאָז, מיט אַ דינינקן צינגל און זיך פריילעך צעבילט.

ער האָט עס אַ נאָמען געגעבן „שטיפער" און עס איז געוואָרן דער ליבלינג

פון דער קליינער מחנה פליטים מיט דער שטיפערישער און שפּילעווודיקער צוגעלאָזנקייט.

איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען דער פּאָליציי־שעף, מיט זיין אויסגעפּוצ־טער, באַשמינקטער ווייב און מיט דעם באַגלייטער זייערן, דעם ריזיקן הונט, האָבן אַראָפּגענידערט פון זייער רעזידענץ אויף אַ שפּאַציר איבערן שטעטל, האָבן די צוויי הינט, די ריזיקע געפלעקטע חיה פונעם פּאָליציי־קאָמיסאַר און דאָס פּיצעלע שטיפערישע הינטל — זיך צונויפגעשמעקט און געשלאָסן באַ־קאַנטשאַפט פאַר די אויגן פון אַלע פאַרבייגייער.

יונג און אַלט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דעם געסל און גוטמוטיק געלאַכט פון דער אויסטערלישער סצענע, ווי אַזוי דער גרויסער הונט, ענלעך צו אַ יונג פערד, אָדער צו אַ קאַלב, האָט מיט ליבשאַפט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צום שוואַרצן פינטל הינטעלע, וואָס האָט דערגרייכט קוים אַ טראָפּן העכער פון זיינע קנעכלעך און עס געצערטלט, געקושט, געגלעט און זיך געשפּילט. דאָס קליינע באַשעפענישל איז אַרומגעשפּרונגען די גרויסע חיה צווישן די פיס, אַרויפגעדראַפּעט זיך אויפן רוקן, צוגעטעצלט צו דער גרויסער נאָז צווישן מוראדיק אַראָפּהענגענדיקע אויערן. די גרויסע חיה איז געוואָרן שטיפעריש, ווייזט אויס — פאַרליבט, אַ כאַפּ געטאָן דאָס קליינע חיהלע מיט דער נאָז, געקיצלט עס אין בייכל און דערביי האָט דער גרויסער הונט אַרויסגעלאָזט ווילדע קולות פון פרייד, וואָס האָבן פאַרהילכט די גאַס און „שטיפער״ האָט געבילט קלינגענדיק, ווי אַ פּייקל מיט זילבערנע קלאַנגען צווישן טראָמבאָנען, פּויקן, באַסן.

דער בייזער פּאָליציי־שעף און זיין ווייב, באַשמינקט דאָס פּנים, אויפן האַלדז — פּערל, אויף די פעטע אָרעמס — בראַסלעטן — האָבן זיך צעלאַכט. באַלד האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געזען, אַז דאָ שטייט דער ייד, וועמען ער וועט אָט די טעג פאַרשיקן אין דער מדבר אַריין און ער איז גאָר דער אייגנטימער פון דעם שטיפערישן באַשעפענישל, איז זיין פּנים געוואָרן ווידער ערנסט, אַנגעצויגן ווי אַ קאַלטע מאַסקע, די נאָז־לעכער האָבן געגומען פלאַטערן מיט כעס, די פולע באַקן — רויטער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ הערשער. ער האָט עפּעס אַרויסגעוואָרפן עטלעכע ווערטער אין דער שטיל צום ווייב, ביידע האָבן זיי אַ צי געטאָן דעם לעדערנעם רימען און געפּרוווט אָוועקשלעפּן זייער הונט. עס איז זיי גאָרנישט לייכט אָנגעקומען. דער הונט האָט אַרויס־געלאָזן אַ הילכיקן בילן צום הימל, אַ טאַנץ געטאָן צום קליינעם חיהלע און זיך נישט געלאָזן אָוועקשלעפּן פון זיינע באַלעבאַטים. זיין זכרשער שטאָלץ האָט נישט געלאָזן. ער האָט אין ווילדער עראָטישער אומרויקייט געטאַנצט אַרום דעם קליינעם הינטל און עס צוגעדעקט מיט זיין ציטערדיק הייסן קער־

פּער, אין קאָנוווּלסיוועד פֿאַרכלינענדיקייט. „שטיפער“, ווי אַ קאַקעטיש שיין מיידל, וואָס ווייסט איר ווערט און קען שפּילן איר ראָלע און דעם זכר ברענגען צו משוגעת, האָט זיך אַרויסגעגליטשט פֿון הינטער דעם שווערן קערפּער און מיט אַ קלינגענדיקער בילעריי זיך געלאָזן לויפֿן איבער דער גאַס.

נאָך אַ געוואַלדיקער שלעפּעניש, מאַטערניש און קונצן אַלערליי איז דעם פּאָליציי־שעף מיט זיין ווייב געלונגען אָוועקצושלעפּן דעם הונט אין אים פּשוט שלעפּן ווי אַ קאַלב — אַהיים.

זינט דער ערשטער באַגעגעניש האָט זיך כמעט יעדן פֿאַרנאַכט אָפּגעשפּילט אַ סצענע צווישן די צוויי פֿאַרליבטע הינט, וואָס האָבן פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַס אויסגעלאָדן זייער בענקשאַפֿט און זיך געלאָזן אויף שפּילעוודיקע ליבע אַוואַנטורעס.

דער פּאָליציי־שעף האָט איינגעזען אַז ער איז פֿאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ מיאוסן שפּיל. דאָס הייסט, אַז צוליב דער הינטישער פֿאַרליבעניש, וועט ער מוזן איינגיין אויף הנחות צו דעם ייִד ביין, וועמען ער האָט שטאַרק פּיינט און וואַרט נאָר אויף אַ באַפֿעל אים אַוועקצושיקן פֿון דאַנען אין דער מדבר אַריין, אַז זיין געביין זאָל מער דאָ נישט זיין. דאָס פֿאַרליבעניש האָט אים אויך נישט געשמעקט, ווייל ווי קומט עס, ער דער הערשער פֿון שטאָט, זאָל זיין גענייט זיך אָפּצושטעלן אין מיטן גאַס און מוזן לאַכן, שמייכלען מיט אַלעמען גלייך?

אין די פֿאַרנאַכטן האָט „שטיפער“ גענומען אַרומלויפֿן ווילד און זיך געריסן צו לויפֿן און שפּרינגען, אַזוי ווי די זון האָט נאָר אַ נויג געטאָן צו מערב, האָט עס אויך באַקומען ציטער־קאָנוווּלסיעס. איר קליין קערפּערל האָט אין עקסטאַז געשווידערט. זי האָט אָנגעשטעלט די פּיצלעך אויערן און מיט פּייכטע אויגן געקוקט אַרויף צום בערגל, פֿון וואַנען דער שעף מיטן ווייב און הונט קומען אַראָפּ און ווו די לעצטע זונען־שטראַלן האָבן אין צעשמאָלצן פֿלאַקערנדיקן גאָלד געפֿלאַמט איבער די ווייסע ווילעס, ווו עס ווינען די רייכע אייראָפּעיִשע איינגעוואַנדערטע נאָך מיט יאָרן צוריק.

אַ האַלבע וועלט איז געשטאַנען אין פֿלאַמען, מאַראָקאָ איז איינציקווייז באַזעצט געוואָרן פֿון דייטשן און דאָ אין דעם פּאָרט־שטעטל, ווו עס האָט אין טויט־שרעק און סכנה זיך אויסבאַהאַלטן אַ בינטל פּליטים, האָט געשאַלטעוועט אַ דייטש, וואָס איז געווען פֿראַנצויזישער פּאָליציי־שעף און זיך געשראָקן, אַז ער וועט נישט קענען דורכפֿירן זיין פּלאַן צוליב אַ פּיצל הינטל, אַן אָנשיקעניש.

איין מאָל ווען „שטיפער“ האָט אין שפּילערישער צעלאָזנקייט זיך אַרויס־

געריסן פון שאול ביינס הענט און גענומען לויפן אין אַ הפקר־טאַנץ איבערן שטעטל און אויסער דעם שטאַרק באַוווינטן געגנט, איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל און צעבענדיקט דאָס קליינע באַשעפעניש.

עס האָבן זיך געהערט גוואַלדן, האַלדז־טענער, אַ וואָרפעניש מיט די הענט, צעשראָקענע פּנימער. שאול ביין איז געוואָרן אומרויִק און גענומען לויפן אַהין. עס האָט אים געשטיקט אין האַלדז, געעקט די וועלט. ער האָט דאָס צעריסענע קערפּערל גענומען אין זיינע הענט און זיך צערעוועט:

— פאַרוואָס?

אַ באָרוועס אַראַביש יינגל איז געקומען אָנצולויפן און אַרויסגעשטאַמלט:

— דער בלויער אויטאָמאָביל האָט איבערגעפאָרן, דאָרט ווו דעם בלינדן איזמאַילס קעמלען שטייען. איך האָב אַליין געזען!

אַלע האָבן געוווסט צו וועמען עס געהערט דער בלויער אויטאָמאָביל. צום הערשער פון דער שטאָט.

פאַר נאַכט, עטלעכע שעה נאָך דעם ווען „שטיפער" איז אומגעקומען, איז דער שעף מיטן ווייב און מיט דעם הונט אַראָפּגעקומען פון דעם בערגל, פון זייער ווילע אויף זייער געוויינלעכן פאַרנאַכט־שפּאַציר, ווען ער, דער שעף באַווייזט זיך פאַר זיינע אונטערטאַנען אין זיין גלאָררייכער חשיבות. ביי אים אין לאַץ האָט געציטערט אַ ווייסע רויז. ביי איר האָבן אין די גאָלדענע אויערינגען זיך געשפּיגלט שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון.

זיי זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט אין געסל, ווו די צוויי הינט האָבן זיך ערשט נעכטן באַגעגנט. איצטער האָט דער גרויסער געפלעקטער הונט אַן אומרויִקער זיך גענומען וואַרפן און צאַפּלען אויף דער לעדערנער קייט. נישט זעענדיק די שטיפערישע קליינע געליבטע האָט ער אַרויסגעלאָזן אַזאַ געוואָי און געיאָמער, אַז די גאַנצע גאַס האָט זיך אַ וויג געטאָן אין שרעק. באַלד האָט ער זיך גענומען וואַרפן אין קראַמף־קאָנווולסיעס און אָנגעהויבן בילן מיט אַ ווילדן געוויין. ער האָט זיך געריסן אויף דעם לעדערנעם רימען, אומגעשליידערט דעם פּאָליציי־שעף און מיט די פיס און פּיסק איבער אים געטראָטן. די איינע האַנט וואָס האָט געהאַלטן דעם לעדער־רימען איז געוואָרן איינגעקרעמפּט פון דעם הונטס פּיסק און די צווייטע האַנט האָט באַשיצט דאָס פּנים נישט צעריסן און צעביסן ווערן פון דער חיה. אויך דער פּאָליציי־שעף איז געוואָרן צעיושעט ווי די חיה, זייערע פּרצופים זיינען צונויפגעגאָסן געוואָרן אין אַן ענלעכקייט פון צעיושעטער רציחה. דאָס ווייב האָט געשריגן מיט ווילדע קולות, גערופן הילף, ווייל אָט ווערט איר מאַן דער הערשער צעריסן און צעפּיצלט פונעם הונט וואָס איז משוגע געוואָרן. מענטשן זיינען אָנגעלאָפן,

עטלעכע פּאָליציי־לייט מיט שטעקנס און דרענגער, מען האָט דעם הונט גע־בונדן, אַריינגעוואָרפן אין אַ וואָגן און מיט אים אַוועק.

דאָס ווייב אין איר צירונג האָט געהאָלפן דעם מאַן און עטלעכע שטאַרקע הענט האָבן אונטערגעהויבן זיין קערפּער. זיין פּנים איז געווען צעדראַפּעט, ריטשקעס בלוט האָבן געררונען ביז אַראָפּ דעם ווייסן העמד, איבער דער ווייסער רויז, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן. דאָס פּנים איז געווען — מאַסקע, אַ צעריסן שטיק פלייש.

דער הונט איז געלעגן אין אַ קאַמער. מען האָט פון דאָרטן געהערט כסדר אַ ווילדן וואָיען, אַ געיאָמער, אַ קלאָג, אַ געוויין וואָס האָט אויפגעריסן די שטילקייט צווישן די רייכע באַפּוצטע ווילעס פון די איינוווינער. אָממיינסטנס אין די פּאָר נאַכטן האָט דאָס געיאָמער פּשוט אָנגעשפּאַרט אין אַלע אויערן פון די איינוווינער. דער קאָמיסאַר איז געלעגן אין בעט, דאָס פּנים אין גאַנצן באַנדאַזשירט, ער האָט געקראָגן אָנפאַלן פון מרה־שחורה און משוגעת און אויך גענומען בילן און וואָיען ווי דער הונט אין קאַמער.

איין מאָל אין אַ מינוט ווען ער האָט זיך געפילט געזונט, די מרה־שחורה האָט אַ טראָפּן אָפּגעלאָזט, איז ער אַראָפּ פון בעט, אַ כאַפּ געטאָן דעם רעוואָל־ווער זיינעם, אַרויס צו דער קאַמער און דערשאָסן דעם הונט, איבערגעהאַקט דעם צעצויגענעם טאָן פון אַ געוואָי.

מען האָט איצטער נישט געזען דעם שעף מיטן ווייב אויף די פּאַרנאַכט־שפּאַצירן איבערן שטעטל און דערווייל האָט מען נישט געטשעפּעט די מחנה יידישע פּליטים, נישט געדראָט מיט פאַרשיקונג אין דער סאַהאַראַ פאַרלייגן אַ באַן־ליניע, נישט געדאַרפט זיך מעלדן יעדן צווייטן טאָג אין דער פּאָליציי. דאָס שטיפערישע לעבן פון דעם פּיצל הינטל האָט אויף אַ שטיקל צייט אויס־געלייזט אַ גרופּע מענטשן פון צרות און פּיין.

נאָך לאַנג האָט זיך אין דעם אַראַבישן פּאַרט־שטעטל געהערט דער אָפּ־קלאַנג פון דעם דינעם קוויטשיקן בילן און דאָס זילבער פייקל פון דער קליי־נער „שטיפערקעס" העלדזל און אויך אַן עכאָ פון דעם ווילדן וואָיען, געוויין, שדים־געיאָמער פון דער גרויסער פאַרליבטער חיה און אירע יסורים פון משוגעת און בענקשאַפט. דאָס וואָיען פון דער קאַמער האָרט ביים קאָמיסאַרס רייכער ווילע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. פון אינעווייניק אין דער ווילע האָבן זיך אויך געהערט ווילדע געשרייען, וואָס האָבן שטאַרק דערמאָנט אין דעם שדים־געיאָמער פון הונט און ביי איינעם פון די פענצטער אין דער ווילע האָט מען אין פאַרשיידענע מינוטן פון טאָג געזען דאָס פּנים פון דעם שעף, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק ענלעך, צווילינגדיק ענלעך צום פּרצוף פון זיין הונט, וואָס איז אויסגעגאַנגען אין בענקשאַפט.

# פאַרנאַכט־געזאַנגען

פון דער גאַס האָבן זיך דורך דעם אָפענעם פענצטער אַרײַנגעריסן קלאַנגען פון מאַנדאָלינעס, פון פלייטלעך און אַראַביש־שפּאַנישע פּייקלעך. צוזאַמען מיט די קלאַנגען זײַנען אויך אַרײַן פליגן, זומפּ־אינזעקטן און שטויב פון דעם זאַמדיקן וועג, וואָס האָט פאַרמאַטערט דעם קראַנקן רבי שלמה אבן גבירול. ער איז געזעסן אין אַ הילצערנער וויג־שטול, זײַן אויסגעבלייכט פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַ שטיק טיול־לייוונט, כדי זיך צו באַשיצן פון די פליגן און אינזעקטן וואָס האָבן געזשומעט אין דער קליינער, ענגער שטוב און געזוכט זיך אַרײַנצובײַסן אין אַ זיסקייט, אָדער אין מענטשלעכן בלוט זיך אײַנבײַסן.

דער דיכטער האָט ערשט אָנגעשריבן אַ ליד. די ווערטער האָבן נאָך געקלונגען אין זײַנע אויערן מיט דער מוזיקאַלישער ריטמישקייט פון דער העברעישער שפּראַך, דורכגעפלאָכטן מיט אַראַבישע ווערטער. אין דעם ליד האָבן די אותיות געזונגען מיט ליבשאַפט צו גאָט דעם באַשעפער פון אַלע וועלטן, אַ ליבשאַפט צו ארץ־ישראל, צו דעם לאַנד וואָס ער, רבי שלמה אבן גבירול, האָט געגאַרט מיט גרויס בענקשאַפט, און אויב נישט ביים לעבן, זאָל זײַן ווען ער וועט שטאַרבן זאָל דער גוף זײַנער באַגראָבן ווערן אין די זאַמדן פון ייִדישן לאַנד.

ע ר איז געווען קראַנק און אויסגעדאַרט, צעווייטיקט פון אַ הוסט, וואָס האָט געריסן זײַנע לונגען. ער איז געווען מיד פון דער שווערער אַרבעט פון שרײַבן, פון שאַפן לידער און פילאָזאָפיש־עטישע ווערק, ווו ער האָט אויף פאַרמעטן אַרויסגעבראַכט געדאַנקען וועגן גאָט, וועלט און דעם זין פון מענטשנס לעבן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער וויגשטול, צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט צו די רויטע און ווײַסע ציגלנע הײַזער, מיט די פלאַכע ווײַסע דעכער פון דער אַראַביש־שפּאַנישער שטאָט וואַלענסיאַ, וואָס הייבט זיך באַרגיק, טרעפּנאַרטיק, הויז איבער הויז, דער דאַך שפּאַרט איבער דעם קוימען

און די קעסטלעך בלומען ביי די ראַנדן פון מויערן. עס איז אַ געמיש פון קאָלירן און טענער: גרין, רויט, גאָלד, ברוין, באַרג און גראָז.

איבער דער בערגיקייט שפרייט זיך אויס אַ שפיגל פון בלוי און גרין — דער שפיגל פון מיטללענדישן ים און זעט אויס ווי אָט־אָט וועט ער זיך אַ בויג טאָן און פאַרגיסן די גאַנצע שטאָט מיט די הייזער, מיט די בלומען און מיט דעם געזאַנג פון מאַנדאָלינעס און פייקלעך צוזאַמען.

באַלד וועט די זון נידערן איבער די בערג און אין דער אומענדלעכקייט פון ים. עס וועט צופאַלן די נאַכט און די שטילקייט וועט איינשלינגען די וועלט און ער איז אַזוי אַליין מיט טרויער, מיט דער בענקשאַפט, וואָס צערייסט דאָס האַרץ, די שרעק וואָס מאַטערט און פאַרוואָגלט דעם שלאָף פון די אויגן. וואָס איז דאָס אַלץ? נאָכדעם וועט קומען דער סוף. וועלכער סוף? צי איז דען געווען אַן אָנהויב? ער וועט פאַרטראָגן ווערן ווי אַ שטויבעלע צוזאַמען מיט זיין ליבשאַפט צו גאָט, דעם באַשעפער און עס וועט זיין אויס.

איבערן טיש, אויפן בעט, אויפן דיל זיינען גלעגן צענדליקער פאַרמעט־בויגנס באַשריבענע אין העברעישן לשון און אין אַראַבישן, דער טינט איז איבער זיי געווען פאַרטריקנט. ער האָט אין טיפע נעכט און צעוויטיקטע טעג זיין אָטעם אַריינגעהויכט אין זיי, זיינע געדאַנקען אַריינגעשפינען. דאָרט ליגן צוזאַמענגעוויקלט עטלעכע פאַרמעטן, איבער זיי שוועבן די אותיות: „כתר מלכות" לויב־געזאַנגען צו דער וועלט, וואָס איז פול מיט גאָטס חסד און גענאָד...

פּלוצלינג האָט אויפגעשאַלט אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן העכער און העכער און אַריינגעריסן זיך מיט דער שטאַרקייט פון אַ וואַסערפאַל אין די בערג. ער האָט דערקענט די קלינגענדיקע פרויען־שטימען פון די שפּאַנישע ווייַן־פּליקערינס, וואָס קומען פון די פעלדער און גערטנער באַלאָדענע מיט קוישן ווייַנטרויבן, בלוט־רויטע און גאָלדיג־גרינע. רבי שלמה האָט אויפגעציטערט פון דעם געזאַנג, עס האָט אים דערמאָנט אין זיינער געבורט־שטאָט מאַלאַגאַ, ווו ער מיט זיין לערער און דערציער יקותיאל אבן־חאַסאַן האָבן שפּאַצירט אויף די דאָרטיקע ווייַן־פעלדער, אין די דאָרטיקע גערטנער אין די פּרימאָרגנס, ווען די פּערלדיקע טוי־טראָפּנס האָבן געגאָלדיקט און געזילבערט אויף די ווייַן־בלעטער און עס איז אים, דעם קליינעם שלמה, געווען פריילעך אויף דער נשמה, זיין געמיט איז געווען צעזונגען.

פיל יאָרן זיינען אָפּגעלאָפן פון יענער צייט, אַ גרויסע צאָל לידער האָט ער אָנגעשריבן, אַ גרויסע צאָל פאַרמעטן מיט געדאַנקען און האַרץ באַשריבן און ער איז געבליבן אַליין, איז קראַנק, האָט ווייניק פריינט, אַ פרעמדער מענטש, בלויז מיט גאָט אַליין.

די ווייַן־פּליקערינס זיינען פאַרביי זיין פענצטער, טייל האָבן געשמייכלט

צו אים, אַנדערע האָבן אים מיט די הענט צוגעוואָרפן לופט־קושן אויפן שפּאַ־נישן אופן, אַנדערע זיינען געווען מיט פאַרהילטע פּנימער, ביי וועלכע מען האָט בלויז אַרויסגעזען די שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן און שטיקלעך געשניצטע נע־זער, דאָס זיינען געווען אַראַבישע פרויען, וואָס האָבן נישט געזונגען, נאָר זיך געאיילט צו דער אָוונט־תפילה. אַלע האָבן געקוקט דעם דיכטער מיטן בלייכן פּנים, ער איז אַלע מאָל פאַרטראַכט.

ער האָט צוריק געענטפערט אויף די באַגריסונגען און דער טרויער האָט זיך נאָך מער צעוואַקסן אינעם געמיט און לייב און לעבן.

די זון נידערט שוין אין מערב. אַ קיל ווינטל טראָגט זיך פון ים מיט גע־זאַלצענע שאַרפע ריחות. די ווייך־פליקערינס זיינען פאַרבייגעגאַנגען, זייער געזאַנג ווערט שטילער און לעשט זיך אויס און פאַרגייט. ער האָט אַרויסגעקוקט צום וועג און זיך אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט פון ווייטנס דערקענט די שלאַנקע געשטאַלט פון נעמי, דניאל מודינא דעם רופאס טאָכטער, דאָס לאַנגע קלייד האָט צוגעדעקט איר שיינעם קערפּער, די כוואַליענדיקע האָר זיינען באַדעקט מיט אַ קאָלירעק טיכל און די פראַנזן פאַלן איבער די אויערן, דעם נאַקן, דעם האַלדז. הינטער איר — אַ פאַרשלייערטע, אַ פאַרהילטע גייט די אַראַבישע דינסט. נעמי גייט איצטער אַרויס איבער די גאַסן פאַר דעם פאַרנאַכט־שפּאַציר.

זי האָט זיך דערנענטערט צום הויז, ווו ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצ־טער. זיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּן האַסטיקער און אין די שלייפן אַ מורא־דיקער ווייטיק און קלעמעניש, די פּיס ברעכן זיך איין, אַ פייערדיקע היץ אי־בערן לייב.

— פרידן אויף אייך, רבי שלמה — האָט זי געזאָגט און געהאַלטן אַראָפּ־געלאָזט די אויגן — יעדן פאַרנאַכט איז אייער פּנים אין פענצטער און איר קוקט צום זון־אונטערגאַנג.

— יאָ, גנעדיקע נעמי. עס איז אמת. עס איז אויך מעגלעך, אַז איך דער־וואַרט אייער אָנקומען, די טריט פון אייער פאַרנאַכט־שפּאַציר.

איר שיין פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון אַ צונטער רויטקייט, אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן איצטער שוין געקוקט אויף אים מיט צער און פאַרשעמט־קייט. זי האָט שטיל געזאָגט:

— אייערע רייד דערפרייען מיך, עס איז אַ גרויסער כבוד פאַר מיר דאָס צו הערן.

— וואָס מאַכט אייער פאָטער דניאל?

פאַרנומען מיט קראַנקע און אומגליקלעכע אין שטאָט. ער שפּאָרט אָן פיל צייט צו ריידן וועגן אייערע שירים, די רייכקייט פון אייערע געדאַנקען, די שיינקייט פון לשון.

— איר זײַנט אײדל, קלוג, שײן, נעמי.

זי האָט אויסגעגלעט דאָס טיכל איבער די האָר פון קאָפּ און געזאָגט:

— איך האָב אײך געוואָלט אָנזאָגן די בשורה פון מײַנע תנאים מיט סעדיה דעם גאָלדשמיד.

אין זײַן לײַב האָט גענומען פרירן, ווי אַ וויסטע קעלט וואָלט אָנגעשפּאַרט.

— תנאים מיט סעדיהן?

— יאָ, רבי שלמה, אַזוי איז דער ווילן פון גאָט.

— זאָל אַ ברכה אויף אײַך אַראָפּנידערן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס פּנים איז באַצויגן געוואָרן מיט אַ בלײַכקייט. זי האָט געמאַכט אַ טריט אַוועקצוגײן פונעם פענצטער און געזאָגט:

— קומט אַרײַן צו אונדז אין הויז, מײַן פאָטער וועט דערפרײט ווערן, זײַן מויל איז פול מיט לויב פאַר אײַך. קומט פרײַטיק צו דער שבת־סעודה.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט. נעמי איז מיט שטילע טריט אַוועק ווײַטער אינעם געסל, נאָך איר האָט געשפּאַנט די אַראַבישע דינסט. אין אים האָט די קעלט געשפּאַרט, עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ הוסט.

— פאַרשפּעטיקט — האָט ער געטראַכט — נעמי און סעדיה. און ער דערשטיקט אין זיך די בענקשאַפט צו איר. זי וועט שוין געהערן אַן אַנדערן און ער וועט אין די נעכט זיך אײַנהערן אינעם אײגענעם געוויין.

ער האָט געהאַלטן בײַם פאַרמאַכן דאָס פענצטער און עס איז אָנגעקומען דער אַראַבישער משורר אַלאַמין. יענער האָט זיך געאײַלט צו באַגריסן ר׳ שלמהן. ער האָט צוגעלײגט אַ פינגער צום שטערן, אַ סימן פון אײביקער פרײַנטשאַפט.

פרידן אויף דיר, אבן־גבירול, מײַן פרײַנט און ברודער — האָט דער אַראַבישער דיכטער געזאָגט — איך בין ווי אַ דורשטיקער אין דער מדבר געקומען הערן דיך לײענען דײַנע נײַע לידער. שוין עטלעכע טעג אין שטאָט נישט געווען, האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך מײַן פרײַנט און זײַנע פערלדיקע, קלוגע רײד און דאָס געזאַנג, וואָס ער ברענגט אַרויס אויפן פאַרמעט.

— איך בין געשמײכלט פון די לויב־רײד, ברודער און פרײַנט אַלאַמין. איך וועל מיט גרויס דאַנקבאַרקייט לײענען עטלעכע לידער, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, מײַן געמיט איז פול מיט טרויער און נאָר גאָט האָט דיך צוגעשיקט צו טײלן מיט מיר די פרײד פון זײַן נישט אַלײן אין דעם הײַנטיקן פאַרנאַכט.

שלמה אבן־גבירול האָט אַראָפּגענומען פון טיש אַ פאַרמעט־בויגן, די שריפט איז נאָך געווען פריש. ער האָט נישט געוואָלט פאַרבעטן דעם אַראַבישן דיכטער אין זײַן אָרעם צימער אַרײַן, האָט ער בײַם שײַן פון דער טאָגליכט, וואָס דער פאַרנאַכט האָט גענומען לעשן, גענומען לײענען דאָס ערשטע ליד. דער

אַראַבער האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרמאַכטע אויגן פאַר גרויס הנאה. ביי רבי שלמהן האָט דאָס קול געקלונגען, די אויגן האָבן ביי אים געגליט מיט אינער־לעכער פרייד פון שאַפונג.

עטלעכע לידער האָט ער געלייענט, דער אַראַבער האָט פאַר גרויס הנאה זיך געוויגט אויף ביידע פיס. די ליכט איז געוואָרן בלויער און איבער די ווײַ־סע דעכער פון די הייזער האָט די בלויקייט זיך געלייגט ווי טיולענע שלייערן.

עס איז שוין געוואָרן טונקל. דער ייִדישער פּאָעט האָט געדאַנקט דעם אַראַ־בער פאַר אויסהערן אים. דער אַראַבער האָט נישט געהאַט קיין ווערטער פאַר גרויס התפעלות, ער האָט ווידער צוגעלייגט אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט צום שטערן, זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען. אבן גבירול האָט געפילט אַ מידקייט איבערן לייב, אויפן שטערן שווייס־טראָפּנס, דער הוסט האָט אים איצ־טער געמאַטערט, דער שטויב פון דער גאַס איז געוואָרן שווערער און די פּלײ־געלעך האָבן זיך געטראָגן כמאַרעסווייז. ער האָט פאַרמאַכט דעם לאָדן, זיך אַרייַנגעזעצט אין דער וויגשטול און פאַרמאַכט די אויגן.

ער איז איינגעשלאָפן. אַ קלאַפּן ביים לאָדן אין פענצטער האָט אים אויפ־געוועקט. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט מיט שרעק צו צום פענצטער, אויפגעמאַכט דעם לאָדן און געזען דעם אַראַבישן פּאָעט מיט אַ שמייכלדיק פּנים און פייערדיקע אויגן.

— וואָס איז געשען, פריינט מיינער? — האָט אבן־גבירול געפרעגט אַ דערשטויינטער — איך בין איינגעשלאָפן. די נאַכט האָט זיך געלייגט שווער איבער מיר.

— דיינע לידער, ייִדישער פּאָעט, האָבן מיך פאַרשיכורט, האָב איך נישט געקענט איינרוען און בין געקומען צו דיר, זאָלסט מיר אָנטאָן דעם כבוד און קומען מאָרגן פאַרנאַכט אין מיין גאָרטן, מיר וועלן טרינקען צוזאַמען וויין און דו וועסט נאָך לייענען פון דיינע לידער און שריפטן.

— איך נעם אָן דיין פאַרבעטן מיט דאַנק און כבוד. זאָל געבענטשט זיין די רגע, ווען דער גוטער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן אין דיין מוח.

צומאָרגנס פאַר זון־אונטערגאַנג האָט רבי שלמה אבן גבירול גענומען אַ פּעקל פּאַרמעטן און אַוועק צום הויז און גאָרטן פון דעם אַראַבישן פּאָעט. ער איז געוואָרן אויפגענומען מיט גרויס גאַסטפריינטלעכקייט פון באַלעבאָס אַליין. אַלאַמין האָט דעם ייִדישן פילאָסאָף און דיכטער אַריינגעפירט אין דעם גע־דיכט באַביימערטן גאָרטן. ער האָט געבראַכט וויין, טייטלען, פייגן, מאַנדלען און געטריקנטע פלעצלעך און געבעטן ר׳ שלמהן צו לייענען זיינע שריפטן.

רבי שלמה אבן גבירול האָט געלייענט די פּאַרמעטן וואָס ער האָט מיטגע־בראַכט. דאָס געמיט איז אים געווען אויפגעלייגט פון דער הנאה און באַגייס־

